דר. יואל זינגער

# דער מענטש און זײַן געזונט



ל ז כ ר ו ן :

מיין פאָטער ר׳ משה

מיין מוטער גיטל

מיינע ברידער חיים און דוד

ע״ה

„און אייך, ליבע לייענער און לייענערינס, וואָס איר לייענט מיין חיבור, קומט דער אמתער יישר־כוח צוליב דעם, וואָס אַז איר לייענט מיין חיבור, בין איך זיך מתקשר מיט כמה מנשמות ישראל. וואָס מער מען איז זיך מתקשר מיט יידן, איז דאָס אחדות־ישראל און דער כוח־ישראל זיך מתגבר, און אַז דער כוח ישראל איז זיך מתגבר מכוח־האחדות איז עס שיין און גוט הן למטה והן למעלה. אמת כן יהי רצון.״

**ש. י. עגנון**

(„אַ פשוטע מעשה״)

קאַפּיטל I

# וועגן דאָקטער און דער מעדיצינישער פּראָפעסיע

מען זאָגט אַז אַן אמתער דאָקטער איז דער, וואָס זיין זיידע איז געווען אַ דאָקטער און זיין פאָטער איז עס אויך געווען... מען וואָלט געזאָגט אַז איין לעבן איז נישט גענוג צו דערלערנען די דאָזיקע וויסנשאַפט־קונסט, וואָס הייסט מעדיצין.

וואָס מער דער מענטש און זיין לעבן ווערן קאָמפּליצירט — און ער ווערט עס בפירוש מיטן גאַנג פון די יאָרהונדערטער — ווערט אַלץ מער קאָמפּליצירט די מעדיצין וואָס דאַרף אָפּהיטן זיין געזונט.

„עס איז שווער צו ווערן אַ דאָקטער, אָבער נאָך שווערער איז צו זיין אַ דאָקטער", ווייל דאָס פאָדערט ביי אים אַ גענצלעכע ווידמונג, אַ פּערמאַנענטע וואַכזאַמקייט און אַ טעגלעכן חשבון הנפש במשך זיין גאַנץ לעבן.

די מעדיצינישע פּראַקטיק נעמט דעם דאָקטער אַריין ווי אין אַ קלעם און לאָזט אים קיינמאָל נישט אָפּ. איך האָב אַמאָל געשריבן צו אַ פריינד, וועלכער האָט מיך פאַרבעטן אויף אַ לענגערער רייזע, אַז מיינע פּאַציענטן האַלטן מיך ביים נאַקן און לאָזן מיך נישט אָפּ.

דערפאַר דאַרפן לערנען מעדיצין נאָר די ביי וועמען עס איז אַ טיפער, איך וואָלט געזאָגט, אַן אָרגאַנישער באַרוף.

מעדיצין איז אַ שווערע וויסנשאַפט, ווייל דער היינטיקער דאָקטער מוז לערנען אַ סך קעגנשטאַנדן וואָס זענען פאַרבונדן מיט זיין פּראָפעסיע און ווייל ס'איז נישט מעגלעך צו דערקענען און פאַרשטיין דעם מענטשן אויב מען באַזיצט נישט קיין ברייטע בילדונג. ווייל דאָס מענטשלעכע באַשעפעניש איז אַ צאַרט וועזן, וועמענס לעבן און געזונט הענגט אָפּ נישט נאָר פון דעם דאָקטערס וויסן, נאָר אויך צומאָל פון דעם דאָקטערס אַ וואָרט...

דער דאָקטער מוז זיין דער באַשיידנסטער פון אַלע מענטשן, ווייל ער דאַרף זיך צופּאַסן צו פאַרשידענע סיטואַציעס און מענטשן כדי צו קענען דעראָבערן זייער אַבסאָלוטן צוטרוי, ווייל אָן דעם איז נישט פאַראַן קיין דערפאָלגרייכע מעדיצינישע באַהאַנדלונג.

דער דאָקטער דאַרף זיין אַ נאָבעלער מענטש. ער איז דאָך דער „גרויסער פּראָטאַגאָניסט פון דער טעגלעכער דראַמע פון דער קראַנקייט און פון טויט". און דאָס פאָדערט ער זאָל באַזיצן אַ ריי מעלות: טריישאַפט, קרבנות־גרייטקייט,

געדולד און צאַרטקייט, אָן וועלכע ער קען נישט זיין קיין אמתער דאָקטער. ער דאַרף האָבן אַ „ליטערע, דורכזיכטיקע און צומאָל העראָישע נשמה״.

ער קומט נאָכאַנאַנד אין קאָנטאַקט מיט פרעמדע מענטשן, וואָס דאַרפן שנעל ווערן נאָענט צו זיין האַרצן, ווייל די ערשטע באַגעגעניש פון פאַציענט מיטן דאָקטער דריקט זיך אויס אין אַ דיאַלאָג, ביי וועלכן נישט נאָר דער דאָקטער דרינגט אַריין טיף אין דער נשמה פון פאַציענט, נאָר אויך דער לעצטער דאַרף פילן אַז ער האָט באַקומען אַ שותף און אַ באַשיצער צו זיין גורל.

דער פאַציענט דאַרף דערשפירן אין זיין דאָקטער אַלע העכערע מעלות און מידות, און דאַן זאָגט ער, פול מיט בטחון: „מיין דאָקטער״ און דער דאָקטער זאָגט „מיין פאַציענט״, ווייל ער קען אים און קען אַלע זיינע פּראָבלעמען, אָרגאַנישע און זעלישע.

„די מעדיצינישע פּראַקטיק איז אַ שולע פון ליבע צום מיטמענטש״, שרייבט מיט רעכט א ס וו א ל ד א ל ו ד ע ט, צו וועמען עס געהערן אויך די פריערדיקע ציטאַטן, ווייל אָן ליבע צום מענטשן איז נישטאָ קיין מעדיצין וואָס זאָל ווירקן.

„די דאָקטוירים וויסן פון אַ סך קראַנקייטן, ווייל זיי האָבן געלערנט, אָבער כדי אויסצוהיילן אַ קראַנקן דאַרף מען אים באַטראַכטן מיטן אינסטינקט, וואָס נעמט זיך פון אַ גרויסער גוטסקייט. די גוטסקייט איז שטאַרקער פון דער מענטשלעכער וויסנשאַפט. מעדיצין וואָלט באַדאַרפט זיין אַ גאָטעסדינסט און די דאָקטוירים וואָלטן באַדאַרפט פּראַקטיצירן זייער פּראָפעסיע ווי מען פירט דורך אַ גרויסע אויפגאַבע. דער דאָקטער וואָלט זיך יעדן טאָג באַדאַרפט פאַרשפאַרן אין זיין געדאַנק און אין זיין האַרץ, ווייט פון די פאַרגעניגנס פון דער וועלט. דער מוח נוצט צו דערקענען די קראַנקייטן, אָבער אַ מוח און אַ האַרץ צוזאַמען קאָנען באַווייזן וווּנדער״. (שאַרל לואי פיליפּ: „די מוטער און דאָס קינד״, 33-55-54).

דער דאָקטער פאַרברענגט זיין לעבן פון „שטילן קאַמף קעגן ווייטיק און קעגן טויט״, באַוווּנדערנדיק דאָס מענטשלעכע באַשעפעניש, די פּערפעקטע האַרמאָניע צווישן די פאַרשידענע אָרגאַנישע אַפּאַראַטן, די באמת וווּנדערלעכע קאָאָרדינאַציע פון זיינע פיזיאָלאָגישע פונקציעס און די אומצאָליקע סודות וואָס ער באַהאַלט אין זיך, די סודות פון לעבן און פון טויט... און די ענגע פאַרבינדונג צווישן גייסט און קערפּער.

טיף אין זיך, אין זיין נשמה, לעבט דער געוויסנהאַפטיקער דאָקטער אין פּערמאַנענטן קאָנפליקט מיט די בלויזן אין זיין בילדונג, סיי מעדיצינישער, סיי אַלגעמיינער. ער מוז תמיד נאָכפאָלגן די נייע מעדיצינישע ליטעראַטור און מוז אויך וויסן וועגן לעצטן ליטעראַרישן בוך, ווייל זיין פּראָפעסיע פירט אים אַריין אין פאַרשידענע קרייזן און גאַרנישט דאַרף אים זיין פרעמד. נאָר אַזוי קאָן ער

אַנהאַלטן זיין פּערזענלעכן פּרעסטיזש וואָס איז אומבאַדינגט נייטיק צו קענען ווירקן אויף זיינע פּאַציענטן. ער דאַרף דאָך היילן נישט נאָר דעם קראַנקן אבר, נאָר אויך דעם מענטש וואָס ליידט.

מיר האָבן געזאָגט, אַז דער דאָקטער דאַרף שטענדיק זיין וואַכזאַם און איצט גיבן מיר צו, אַז ער דאַרף תמיד זיין אויף דער וואַך. ווייל דער פּאַציענט, דער וואָס ליידט, איז טיראַניש און וויל האָבן דעם דאָקטער צו זיין דיספּאָזיציע טאָג און נאַכט. דערפאַר ווייסט געוויינלעך נישט דער דאָקטער ווען עס ענדיקט זיך זיין אַרבעטס־טאָג.

ווייל די פּראַקטיק איז אַ שווערע און אַ ברייטע, יעדער פּאַציענט פאָדערט אַ גענצלעכע ווידמונג, מיט אַלע חושים. דער דאָקטער איז עס אים מחויב.

די מאַסע ליידנדיקע ווענדט זיך נאָך הילף צומאָל נישט אַזוי צו דער מע־דיצין ווי צום דאָקטער — שרייבט מיט רעכט פּראָפ. ע ס ק אַ ר ד אַ — ווייל מעדיצין, דאָס זענען טויטע בוכשטאַבן און דער דאָקטער איז די מעדיצין, אַ לעבעדיקע.

* * *

עס זענען פאַראַן פאַלן אין וועלכע, ווען דער דאָקטער זאָל קענען קומען אַ רגע נאָכדעם ווי דער אַקצידענט, אָדער אַטאַקע, אָדער קראַנקייט דערשיינט, וואָלט אַ לעבן געקאָנט אַרויסגעריסן ווערן פון מלאך־המוות׳ס הענט.

עס זענען זיכער פאַראַן אַזעלכע פאַלן, אָבער נישט קיין סך. דער מענטשלע־כער אָרגאַניזם איז געבויט מיט אַזויפיל חכמה און דער אַרכיטעקט האָט דער־ביי באַוויזן אַזאַ גראַנדיעזן חוש פּאַראויסצוזען אַקצידענטן, אַטאַקעס וכדומה, אַז ער האָט באַוואָרנט דעם אָרגאַניזם מיט אַלערליי מיטלען און אַלערליי מעג־לעכקייטן ניצול צו ווערן פון אַ סך עווענטועלע קאַטאַלאָגישע צושטאַנדן און אַקצידענטן.

דאָס באַלדיקע קומען פון דעם דאָקטער איז מערסטנס וויכטיקער צו באַ־רואיקן די משפּחה פון פּאַציענט ווי דעם פּאַציענט אַליין.

איך זאָג גאַנץ אָפט, אַז ווען די לאַגע איז בערך אַזעלכע, אין וועלכער דער דאָקטער מ ו ז קומען די זעלביקע מינוט פון אַקצידענט אָדער אַטאַקע, איז זיין קומען מערסטנס סיי־ווי אומזיסט. די גרויסע מערהייט פון די פּאַציענטן ק אָ ן וואַרטן די שעה אָדער מער ביז דער דאָקטער קומט.

גאַנץ אָפט דאַרף דעם דאָקטער מער דרינגענדיק די פאַמיליע פון פּאַציענט ווי דער לעצטער זעלבסט. די פאַמיליע רוט נישט, ביז דער דאָקטער קומט.

מיין לאַנגיאָריקע פּערזענלעכע עקספּעריענץ האָט מיך איבערצייגט, אַז כמעט אַלע פּאַציענטן צו וועלכע מען האָט מיך גערופן זייער דרינגענדיק, האָבן

געקאָנט וואַרטן, גאַנץ אָפט אַ טאָג און עס וואָלט זיי קיין שלעכטס נישט געשען.

טעאָרעטיש וואָלט דער דאָקטער באַדאַרפט שטיין אויף דער וואַך טאָג און נאַכט. ער וואָלט באַדאַרפט זיין אַ לעבעדיקע „גיכע הילף״ ווי די וואָס זענען פאַראַן אין די שטעט, בייטאָג און ביינאַכט.

די פאַציענטן פאַרשטייען עס נישט אַנדערש. און זיי זענען גערעכט. און אַזוי וואָלט עס טאַקע באַדאַרפט זיין. מעדיצין איז פון אַלע פרייע פּראָפעסיעס די שווערסטע, די פיינלעכסטע און די גוזעלשאַפט פאָדערט פון דאָקטער אַ טאָטאַלע ווידמונג. און נאָך אַמאָל — מיט רעכט.

און עס זענען פאַראַן ספּעציאַליטעטן אין דער מעדיצין, וואָס פאָדערן פון דאָקטער ער זאָל זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון פּריוואַטן לעבן, פון פריינד און אַפילו פון משפחה. צום ביישפּיל די אַקושאָרן. ביי זיי איז די פּראָפעסיע אמת־שוואַרצע אַרבעט און חוץ דעם, דאָפּלטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט: זיי שפּילן מיטן לעבן פון צוויי מענטשן: מוטער און קינד. די אַקושאָרן אַרבעטן מערסטנס ביינאַכט, אַלס אַ צוגאָב.

אַ געוויסער פּראָצענט דאָקטוירים ווידמען טאַקע, גיבן טאַקע אַוועק זייער גאַנץ לעבן, זייער גאַנצע צייט דער פּראָפעסיע, די פּאַציענטן. זיי פאַרלירן דעם אינטערעס פאַר אַלץ און לעבן אַ חוץ זייער פּראָפעסיע. זייער לעבן ווערט אָבער פאַרוואַנדלט אין אַ באַגרענעצט לעבן. און דאָס איז נישט געזונט פאַר זייער גייסט און אפשר אויך פאַר זייער געזונט. מעדיצין ווערט ביי זיי פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָפעסיע, כמעט אין אַ מלאכה, און זיי קאָנען נישט ווערן קיין געביל־דעטע מענטשן, זיי קאָנען נישט לייענען קיין ליטעראַטור און אַפילו נישט קיין מעדיצינישע ליטעראַטור.

### קאַפּיטל II

## דער מענטש, ווען ער איז געזונט

דער געזונטער מענטש ווערט דעפינירט אין אַלע טראַקטאַטן מער־וויי־ניקער אַזוי: אַ ווען, ביי וועלכן אַלע טיילן פון זיין קערפּער פילן־אויס די פונק־ציעס, פאַר וועלכע זיי זענען באַשאַפן געוואָרן.

דער נאָרמאַלער געזונט־צושטאַנד דריקט זיך אויס אין אַ באַזונדער וויל־זיין וואָס עס פילט דער מענטש וואָס איז פיזיש און גייסטיק געזונט.

אַזוי אַרום, אַז טעאָרעטיש איז נישט צו באַגרייפן אַ געזונטן גייסט אין אַ נישט־געזונטן קערפּער. דאָס איז די אַלטע קלאַסישע פאָרמולע: „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע סאַנאַ״.

יעדער איינער ווייסט אָבער, אַז די דאָזיקע פאָרמולע קלינגט צומאָל ווי חוזק: בעטהאָווען האָט געשאַפן די ניינטע סימפאָניע זייענדיק גענצלעך טויב און ליידנדיק פון שרעקלעכער מאָגן־יאָגעניש... שאָפען איז געווען געפערלעך קראַנק אויף זיינע לונגען און האָט קראַנקערהייט געשאַפן זיינע באַלאַדן און אַנדערע ווערק, וואָס וועלן אויף אייביק בלייבן אין דער מוזיקאַלישער ליטעראַטור. יעדנפאַלס וואָלט איך געזאָגט, אַז די גאונים דאַרפן נישט קיין געזונטן קערפער כדי זייער גייסט זאָל זיין שעפעריש.

די פראַקטיק צעגייט זיך צומאָל מיט דער טעאָריע, ווי דאָס לעבן צעגייט זיך מיט די וויסנשאַפטלעכע דעפיניציעס!... צום ביישפּיל די דיכטער, וואָס האָבן געשאַפן אומשטערבלעכע ווערק — באָדעלער, עדגאַר אַלאַן פּאָע און אַ סך אַנדערע זענען פיזיש זייער ווייט געווען פון געזונט און אפשר אַפילו גייסטיק אויך... און דאָך האָבן זיי פאַרשריבן וווּנדערבאַרע בלעטלעך אין דער מענטשלעכער קרעאַציע.

עס זאָגט זיך אויך אין די טראַקטאַטן, אַז אַ מענטש איז באמת געזונט, ווען ער פילט אַ באַזונדער פאַרגעניגן אין יעדער איינער פון זיינע פיזיאָלאָגישע פונקציעס.

דער מענטש, צום ביישפּיל, וואָס באַזיצט אַ בליִענדיק געזונט, פילט אַ פאַרגעניגן, וואָס דערגרייכט ביז תאווה ביים שפּאַצירן אויף דער פרייער לופט, ביי וועלכן וועטער עס זאָל נישט זיין, מיט דעם נאַטירלעכן אויסנאַם פון די טעג, ווען עס רעגנט שטאַרק, עס איז זייער קאַלט אָדער שטורמיש.

אַ געזונטער מענטש, ווען ער שטייט־אויף אינדערפרי, פילט ער די נויטווענדיקייט צו עפענען ברייט די פענצטער פון זיין שטוב און אַריינלאָזן די פרישע לופט פון פרימאָרגן. ער האָט נישט מורא פאַר פאַרקילונגען און זיינע געזונטע לונגען פאָדערן עס ביי אים.

דער אמתער געזונטער מענטש פאַרטראָגט נישט די פאַרמאַכטע צימערן, וווּ די לופט איז נישט ריין און האָט שוין פאַרלוירן איר נאָרמאַלן צוזאַמענשטעל פון 16 פּראָצענט אָקסיכען. ער וועט זיך תמיד באַזאָרגן מיט נאָרמאַלער לופט, ווען ער שלאָפט, לאָזנדיק עָרגעץ אַ פענצטער אָפן אין זיין הויז.

ער זוכט מיט ליידנשאַפט די זון און די נאַטירלעכע ליכט, ווייל זיין וווּנדערלעך געזונט קאָן נישט פאַרטראָגן די פינצטערניש און דעם שאָטן. ער פילט זיך וווּנדערבאַר אין דער דאָזיקער באָד פון ליכט און לופט, ווייל זיינע פאַרשידענע אָרגאַנישע אַפּאַראַטן פונקציאָנירן אין אַ ווונדערלעכער האַרמאָניע. נאָר אַזוי בלייבט זיין געמיט און זיין גייסט נאָרמאַל און איז אימשטאַנד צו זיין אַ נאַטירלעכע דערגענצונג צו זיין פיזיש געזונט.

די ים־ אָדער טייך־בעָדער זענען אַ נויטווענדיקייט פאַר געזונטע מענטשן.

זיי פילן אין דעם אַ באַזונדער פאַרגעניגן און זייער קערפּער באַקומט יענע ווונ־דערבאַרע בייגיקייט און עלאַסטישקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם מענטשן.

די דאָזיקע מענטשן פילן אויך אַ באַזונדערע נויטווענדיקייט זיך אָפּצוגעבן מיט ספּאָרט. און דער גייסטיק־נאָרמאַלער מענטש וועט קיינמאָל נישט נעמען פון דער דאָזיקער מתנה פאַר דער מענטשהייט מער וויפל ער באַדאַרף, מער וויפל זיין קערפּער פאָדערט.

איבערטרייבן אין ספּאָרט מיינט אומזיסטע אָנשטרענגונגען פאַרן קערפּער. מיינט דאָס זעלביקע ווי אַרבעטן איבער־שעהן, מיינט אומזיסטיקע און שעד־לעכע פאַרשווענדעניש פון כוחות. דערפאַר איז געזינטער צו פּראַקטיצירן נאָר א י י ן מין ספּאָרט פון די פאַרשידענערליי, וואָס מיר קאָנען אויסקלייבן.

פון אָפּגעבן זיך מיט ספּאָרט ביז שיינקייט פון קערפּער איז שוין נישט ווייט. די שיינקייט פון פּנים איז אַ מתנה פון באַשאַפער, אָבער די שיינקייט פון קערפּער קאָן זיך יעדער איינער שענקען...

דאָס זיין אַ מבין אויף מענטשלעכער שיינקייט און אויף שיינקייט אין אַלגעמיין איז אפשר די אייגנשאַפט פון דער באַוווּסטזיניקייט, מיט וועלכער דער מענטש איז באַשאָנקען געוואָרן פון דער נאַטור.

דער באַזונדערער געניוס, דאָס אייגנאַרטיקע פאַרגעניגן, וואָס אַ מענטש שפּירט, ווען ער באַוווּנדערט אַ שיין געשטאַלט אָדער די שיינקייט פון דער לאַנד־שאַפט, אָדער ווען ער הערט אַ ווונדערלעכן קלאַנג פון אַ מוזיקאַלישער שאַפונג, איז אַזוי שטאַרק און צו דער זעלבער צייט אַזוי סובטעל, אַז זיין גייסט ווערט געשטאַרקט. שיינקייט איז די נאַרונג פון גייסט. דער גייסט איז אַ טייל פון אונזער פּערזאָן, ווי אַ טייל פון אונזער לעבן. און דאַרף אויך אָפּגעהיט און גע־נערט ווערן...

דער פּולקאָם געזונטער מענטש פּילט, אין אַ געוויסן זין, אַ מאָראַלישע גרויסקייט אין זיך.

כדי אויפצוהאַלטן דאָס לעבן, דאַרף דער מענטש עסן. די נאַטור האָט אונדז באַשאָנקען מיט צוויי עלעמענטאַרע אָבער ווונדערבאַרע נויטווענדיקייטן, וואָס הייסן הונגער און דורשט.

דאָס באַפרידיקן די דאָזיקע צוויי באַדערפענישן זענען צו דער זעלבער צייט איינע פון די פיינסטע פאַרגעניגנס פונעם מענטשן.

מיר וואָלטן באַדאַרפט דאַנקען דעם באַשעפער פאַר דער דאָזיקער מתנה עסנדיק „ווי מענטשן״. נאָר געזונטע מענטשן קענען הנאה האָבן פון עסן און זיך באַהערשן, כדי נאָר צו זעטיקן דעם הונגער און נישט מער...

פון טיש דאַרפן פאַרטריבן ווערן אַלע דאגות און דיסקוסיעס. די אַטמאָ־ספער דאַרף זיין אַ געמיטלעכע. עסן דאַרף מען לאַנגזאַם, צעקייען גוט די שפּייזן...

ווייל נאָר די מענטשן, וואָס עסן אַזוי, קאָנען זיך פילן באַרעכטיקט צו האָבן אַ געזונטן מאָגן, אַ געזונטע לעבער און קישקעס, וואָס זאָלן „אַרבעטן". און דער טעגלעכער שטול־גאַנג ביי אַ געזונטן מענטשן איז די באַדינגונג „סינע קוא נאָן", אַז דעם קומענדיקן טאָג זאָל דער פאַרדייאונגס־אַפּאַראַט זיין אימשטאַנד באַקאַמאַל אַריינגעמען אין זיך די טעגלעכע שפּייז און זי פאַרדייען אין אָרדענונג.

דאָס זיין וואַך און דאָס שלאָפן, די באַוועגונג און די רו, דאָס זענען נויט־וועגדיקייטן, וואָס אַ געזונטער מענטש דאַרף זיי מקיים זיין און ווען ער טוט עס, פאַרוואַנדלען זיי זיך אין אַ פאַרגעניגן. נאָך דער אַרבעט דאַרף קומען די רו, ד"ה דער שלאָף, וואָס מיינט צייטווייליק דאָס אָפּשטעלן די פונקציעס און די פאַרבינדונג מיט דעם אַרום.

בשעת דער געזונטער מענטש שלאָפט, ווערן פאַרגעזעצט אַלע פונקציעס פון דעם אָרגאַניזם, וואָס זענען נישט פאַרבונדן מיט דעם ווילן, גלייך ער וואָלט געווען וואַך: דאָס אָטעמען, די בלוט־צירקולאַציע, די פאַרדייאונג און די אַסי־מילאַציע פון די שפּייזן און אויך די סעקרעציעס פון די פאַרשידענע אינערלע־כע דריזן.

דער שלאָף איז מער־ווייניקער טיף, לויט דער נאַטור פון יעדן מענטשן. ער מוז נישט זיין טיף און ער מוז נישט זיין גרינג. דער עיקר איז דער שלאָף, ווי אַזוי ער זאָל נישט זיין. ווי באַוווסט, איז דער מוח נישט אינגאַנצן פּאַסיוו בשעת דעם שלאָף. דער אונטערבאַוווסטזיין האָט אָבער די אויבערהאַנט און די חלו־מות זענען דער אויסדרוק פון זיין טעטיקייט. אַ געזונטער מענטש האָט אַ רו־איקן שלאָף, וואָס ווערט נישט איבערגעריסן במשך דער גאַנצער נאַכט און וואָס חלומט נישט קיין נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע חלומות.

פאַר אַ געזונטן מענטשן איז נישט אומבאַדינגט נייטיק, עס זאָל זיין פינצ־טער און שטיל, ווען ער שלאָפט. נישט די גערוישן, נישט דאָס ליכט זענען בכוח צו שטערן זיין שלאָף נאָך דער טעטיקייט פון אַ טאָג.

אַ געזונטער מענטש, וואָס אַרבעט, באַדאַרף שלאָפן פון 7 ביז 8 שעה אָן איבעררייס.

אַ פולקאָם־געזונטער מענטש פילט אַן אינטערעס צו אַלע דערשיינונגען פון לעבן.

ער פילט דעם גוטן, דעם געזונטן טעם פון לעבן, וואָס האָט די ווערט גע־לעבט צו ווערן.

זיין כאַראַקטער האָט אַ נייגונג צום גוטן און ליידט נישט קיין פלוצלינגע אומבייטן. ער וועט תמיד דן זיין יעדנעם לכף זכות. ער וועט גרינג פאַרגעבן יע־נעמס פעלערן און מ'וועט אים גרינג ליב באַקומען. ער איז תמיד אָפּטימיסטיש געשטימט און איז נישט באַזאָרגט וועגן דער צוקונפט.

## קאַפּיטל III

# דער מענטש, ווען ער איז קראַנק

דער באַרימטער ווינער פּאַטאָלאָג ר י כ ע ר ט האָט געזאָגט: „דאָס וואָרט קראַנק קאָן מען אָנווענדן נאָר אויף דעם גאַנצן מענטשן און נישט אויף איין אבר זיינעם, וואָס איז נישט אין אָרדענונג. מען קאָן קיינמאָל נישט זאָגן, אַז דער אָדער יענער אבר איז קראַנק. מען קען זאָגן, אַז ער איז נישט אין אָר־דענונג מיט זיינע פונקציעס אָדער אַז עס איז געשען אַן ענדערונג אין זיין גע־בוי. דער קראַנקער קאָן נאָר זיין דער מענטש, דער אינדיווידואום, וואָס ליידט אַ שטערונג אין איינער פון זיינע וויטאַלע פונקציעס״.

דער דאָזיקער געדאַנק גיט די בעסטע און עקזאַקטסטע דעפיניציע פון דער קראַנקייט. די מינדסטע שטערונג אין דער נאָרמאַלער און האַרמאָנישער פונק־ציע פון אונדזערע רמ״ח אברים רופט זיך גלייך אָפּ אויף דער גאַנצער פער־זענלעכקייט פון דעם מענטשן. עס דערשיינען באַלד פאַרשידענע ענדערונגען אין זיין כאַראַקטער, אין זיין הומאָר, אין זיין געדאַנקענגאַנג. דאָס פאָלק מיט זיין געזונטן חוש האָט עס שוין לאַנג באַמערקט: די „פאַרביסענע״ זענען גע־ווינלעך ליידנדיקע מענטשן, די מרה־שחורהדיקע — דעסגלייכן אאַז״וו.

אַלע גלייכווערטלעך און פאַרגלייכונגען בנוגע קראַנקע באַציען זיך צום מענטש גופא און נישט צום קראַנקן אבר: „ער (אַ קראַנקער) זעט־אויס ווי אַ מת״, „ווי אַ בר־־מינן״, „ווי אַ צעבראָכענער לולב״, „ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה״, „ווי אַ נעכטיקער״, „ווי אַ מויז נאָך ערדציטערניש״, „ווי אַ בינטל צרות״, „ווי אַ בייזער יאָר אויף דער לינקער זייט״, „ווי אַ שעה פאַר טאָג״, „ווי אַן אויסגעקוועטשטער הערינג״, ווי אַן אָפּגעריבענער זעקסער״ אאַז״וו. (סטוטש־קאָוו: „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך״).

מיר האָבן אין פריקן קאַפּיטל אָנגעוויזן עטלעכע שטריכן פון דעם גע־זונטן מענטשן. דער קראַנקער מענטש איז דער היפוך פונעם געזונטן.

יענע, וועלכע האָבן אַ גאַנץ געזונטן גייסט — און זיי זענען נישט די מערהייט — פּאַסן זיך צו מער־ווייניקער שנעל צו זייער קראַנקייט אָדער פע־לער און פירן ווייטער זייער לעבן, אין וועלכן עס מערקט זיך קוים, אַז עפּעס ביי זיי איז נישט אין אָרדענונג. אָבער די מערהייט ווערן „אַנדערע מענטשן״ און זיי טראָגן אייביק דעם שטעמפּל פון דער קראַנקייט אויפן פּנים זייערן און עס דערשיינען אַזוי פאַר אונדז די משונהדיקסטע כאַראַקטערן, פול מיט אומ־געלומפּערטע קאַפּריזן און אָפּנייגונגען פון דעם נאָרמאַלן מענטשלעכן דרך. עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז נישט אַלע קראַנקע מענטשן ליגן אין די שפּיטעלער. די

וועלט איז פול מיט קראַנקע, וואָס נעמען אָנטייל אין אַלע מענטשלעכע טעטי־קייטן, אין אַלע פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע באַשעפטיקונגען.

די פאַרלענגערטע קראַנקייטן, די כראָנישע (איך וויל באַטאָנען, אַז כראָ־ניש מיינט נישט אומהיילבאַר) לייגן ממש אַוועק אַ שטעמפּל אויפן פּנים פון דעם מענטשן. מען ווייזט אונדז אַמאָל אין קינאָ אָדער אין טעאַטער אַזעלכע טיפּן מיט אויסגעדרייטע פּנימער עפּעס אַזוי ווי מיט אַ פּערמאַנענטער גרימאַ־סע, מיט נישט־סימעטרישע שטריכן אויפן פּנים, איין אויג העכער ווי דאָס צווייטע, צומאָל דער גאַנצער קאָפּ אויף אַ זייט, און מיר מיינען, אַז דאָס זענען פאַנטאַזיעס פון טעאַטער. עס איז אָבער נישט אַזוי. איך האָב אַזעלכע פּינצ־טערע פּנימער געזען אין דערווירקלעכקייט. דאָס ליידן ווייטיק אָן אַ סוף, די שלאָפלאָזע נעכט, די פאַרשידענע מאָראַלישע און פיזישע ליידן קענען ענדערן ראַדיקאַל דאָס אויסזען פון מענטשן. דאָס אויסערלעכע אויסזען און די גאַנצע פּערזענלעכקייט, ד״ה אויך דאָס אינערלעכע אויסזען.

ווי זאָגט דאָס פאָלק: מען זאָל גאָרנישט געפּרוווט ווערן! באָרימטע מענטשן האָבן זיך געוווּנטשן צו שטאַרבן יונג — איינער פון זיי איז געווען דער אָר־גענטינער דענקער כאָסע אינכעניעראָס, וועלכער איז טאַקע געשטאָרבן יונג, זיי ווילן נישט די עלטער, וועלכע קומט צומאָל באַגלייט מיט די פאַרשידנסטע מחלות און די אומגעוויינלעכסטע ליידן. עס לויערן אויף דעם מענטשן אין די עלטערע יאָרן די פאַרשידנסטע קראַנקייטן און צערודערונגען. דערפאַר דאַרף מען אַריין אין די דאָזיקע יאָרן באַלאָדן מיט אַ פילאָזאָפישן און סטאָאישן קוק אויפן לעבן, כדי צו קענען מקבל זיין מיט רעזיגנאַציע אַלע באַגרענעצונגען, וואָס די עלטערע יאָרן ברענגען ביי אַ גאַנץ גרויסן פּראָצענט פון די מענטשן.

מיר גייען צוריק צום מענטש, ווען ער איז קראַנק אָדער קרענקלעך. פּונקט אַזוי ווי דער געזונטער זוכט די פרייע לופט און דאָס ליכט, וויל זיי דער קראַנ־קער אויסמיידן. די תירוצים זענען פאַרשידענע, אָבער דער וויכטיקסטער איז — די פאַרקילונג. ער האָט מורא פאַר פאַרקילונגען, אָן אַ זין און אָן אַ באַ־שטימטער סיבה. דאָקטוירים קומען אַלע טאָג איבער אַזעלכע מענטשן. איך האָב נישט לאַנג געהאַט ביי מיר אין קאַבינעט אַ פּאַציענט, וואָס האָט געטראָגן שיך, וועלכע האָבן געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. זיי זענען געווען פאַרקנעפּלט ביז העט אויבן. כמעט קיינער טראָגט שוין נישט אַזעלכע שיך. איך האָב ביי אים געפרעגט, פאַרוואָס ער נוצט אַזעלצע פאַרצייטיקע שיך, האָט ער מיר גלייך געענטפערט מיט אַ טאָן פון זיכערקייט: „כדי איך זאָל זיך נישט פאַר־קילן״. הימל און ערד און מורא פאַר פאַרקילונגען. און כדי כלומרשט צו פאַר־מיידן דאָס לעצטע, זעען מיר די אומגעלומפּערטסטע בגדים. צ״ב: אַ וועסטל מיט אַ שעפּסענער פעלעכל צוגענייט צו דער אינעווייניקסטער זייט. דער ברוסט־

קאָסטן ווערט פאַרפאַנצערט מיט אַ דיקער באַריערע פון פאַרשידענערליי סוועטערס און דיקע לייבלעך. צו דער הויט פון די דאָזיקע מענטשן דערגרייכט נישט במשך פון גאַנצן ווינטער און אויך אַ שטיק פון די אַנדערע דריי סעזאָנען פון יאָר אַ סימן פון לופט אָדער ליכט. די הויט ליידט פון דעם. זי ווערט טרוקן און שיילט זיך און דער באַטרעפנדיקער ווערט פון דעם אַ קראַנקער מענטש, מחמת דערווייל פונקציאָנירט שוין נישט אין אָרדענונג ביי אים אָן אבר, די הויט, וואָס איז פונקט אַזאַ אבר ווי די לעבער אָדער די נירן.

איז איבעריק צו זאָגן, אַז די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן מורא, אַז זיי וועלן זיך פאַרקילן — עס ווערט ביי אייניקע פון זיי אַזאַ מין אידעע פיקס — האָבן מורא פאַרן וואַסער ווי פאַר פייער. ווען מען באָדט זיך, זאָגן זיי, איז דאָך טאַקע פאַראַן די גרויסע געפאַר זיך צו פאַרקילן. איך בין זיכער, אַז אַ גרויסע צאָל פון מיינע חשובע לייענער מיט היגיענישע געוווינהייטן וועלן טראַכטן, אַז איך האָב זיך דאָ אַנגעטשעפּעט אין אַ זאַך, וואָס האָט נישט קיין זין, ווייל וואָס הייסט מורא האָבן זיך צו באָדן! וויל איך זיי בעטן, אַז זיי זאָלן זיך נישט וווּנדערן. עס איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל מענטשן — היינטיקע צייטן, ווען מען מוז נישט גיין יעדן פרייטיק אין מקווה — וואָס האַלטן, אַז ווינטער דאַרף מען זיך נישט באָדן!

לאָמיר נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו פאַרזיכערן, אַז דאָס גיין פרייטיק אין מקווה איז געווען איינע פון די פיינסטע פון די תרי״ג מצוות, די פיינסטע און די וויסנשאַפטלעכסטע. הלוואַי וואָלטן היינטיקע אַפּיקורסים כאָטש שטרענג אָפּגעהיט די דאָזיקע מצווה.

ווינטער האָט מען מורא פאַר דעם דרויסן, כדי זיך נישט צו פאַרקילן און זומער האָט מען מורא פאַר דער זון, ווייל עס פעלן נישט קיין תירוצים, אַז מען קאָן באַקומען אַ זונשטאָך אאַז״וו. חוץ דעם האָט עמיצער אויסגעטראַכט אַ זון־פאַרקילונג. וויפל מענטשן טרעפט מען אינמיטן זומער אַנגעטאָן כמעט ווי אין ווינטער. מען דאַרף דאָך פאַרמיידן די כלומרשט אומפאַרמיידלעכע פאַרקילונג... דער אָרגאַניזם פאַרלירט ביי אַזעלכע מענטשן די צופּאַסונגס־פעאיקייט צו די פאַרשידנסטע טעמפּעראַטורן פון יאָר.

אַ מענטש, וואָס באָדט זיך נישט אָפט, איז שוין אַליין אַ קראַנקער מענטש. דער, וואָס האַלט נישט ריין דעם קערפּער, וועט שוין אויך נישט אָפּהיטן זיינע ציין, נישט די נעגל, נישט זיינע האָר אויפן קאָפּ, וועלכע דאַרפן אויך „געבאָדן״ ווערן, פונקט ווי די הויט. עס איז אַ מין פאַרכישופטער קרייז. איין פעלער שלעפּט אַריין אין אַ צווייטן, ביז עס דערגרייכט דעם גייסט, וועלכער ווערט אויך אומריין...

דער מענטש, וואָס האַלט נישט ריין זיין קערפּער, איז אַ קראַנקער.

דאָס עסן איז ביים געזונטן מענטשן אַ יום־טוב; ביים קראַנקן איז עס צו־מאָל אַן אָפּקומעניש. עס קומט ביי אים אויס, אַז ער מעג נאָר עסן דאָס, וואָס ער האָט נישט ליב, דאָס, וואָס ער קאָן נישט פאַרטראָגן. דערפאַר עסט ער נישט אין גוטן געמיט און אין אַזאַ פאַל, אָדער מען ברעכט־אויס די שפייזן, אָדער די פאַרדייאונג איז אַ שווערע און פיינלעכע.

אין אַ סך פאַלן ענטפער איך מיינע קראַנקע, אַז זיי זאָלן עסן דאָס, וואָס זיי האָבן מער ליב. אַז מען עסט אַ מאכל, וואָס מען האָט ליב, איז עס שוין אַ האַלבע רפואה. אָבער עס איז פאַראַן אַ באַזונדערע מורא פאַר „שווערע" שפייזן. די מורא נעמט־צו דעם אַפּעטיט. די מורא פאַרשווערט — אויב זי האַלט נישט אָפּ אינגאַנצן — דעם קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון פאַרדייען און אַסימילירן די שפּייזן. אין אַ געוויסן זין דאַרף דער מענטש זיין אַליין אַ מבין אויף די שפּייזן, וואָס זענען פאַר אים צוגעפּאַסט. אָבער די סעלעקציע דאַרף געמאַכט ווערן קאַלט־בלוטיק, אָן פּחד.

דער אַפּעטיט דאַרף זיין אַ נאָרמאַלער. צופיל אַפּעטיט איז אויך נישט גע־זונט. אַזעלכע, וואָס האָבן אַן אומגעוויינלעכן אַפּעטיט, האָבן צומאָל אַ זיבן־טעטערדיקן גייץ אין דער קישקע, אָדער ליידן פון פאַרשידענע נערוועזע קראַנ־קייטן אָדער זענען דיאַבעטיקער.

קרענקלעכע מענטשן שלאָפן צומאָל מער ווי מען דאַרף. דאָס קאָן ברענ־גען צו פוילקייט, פעטקייט און אַפילו דערגרייכן ביז אַ פאַרמינערונג פון די גייסטיקע אייגנשאַפטן. שלאָפלאָזיקייט, אין קעגנטייל, איז געוויינלעך אַ סימן, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג מיטן מענטשן.

אַ קראַנקער מענטש מיידט אָפּט אויס די געזעלשאַפט פון אַנדערע מענטשן און ווען נישט, איז ער אָפטמאָל אומדערטרעגלעך אין די דיסקוסיעס אַפילו וועגן באַנאַלע קעגנשטאַנדן. אַנדערע מאָל פאַרלירט ער דעם אינטערעס פאַר נאָענטע און ווייטע פריינד. אַלץ איז פאַר אים גלייכגילטיק. ער איזאָלירט זיך אַליין און דאַן פילט ער זיך גליקלעך.

זיין כאַראַקטער בייט זיך אָפּט און עס ווערט צומאָל שווער מיט אים אויס־צוקומען. אָבער זיינע נאָענטע דאַרפן דאָס פאַרשטיין און אים אַרומרינגלען מיט דער געהעריקער אַכטונג און פאַרשטענדעניש, נישט פאַרגעסנדיק דערביי, אַז דאָס איז נישט זיין נאָרמאַלער צושטאַנד. ווי זאָגט פורנאַל: לאָמיר זיי אָפּהיטן, אַנשטאָט זיי צו שעלטן...

## קאַפּיטל IV
# די קראַנקייטן

## 1

לויט דער אָפטקייט פון די קראַנקייטן ביים מענטשלעכן מין וועט מען אפשר אַמאָל באַשליסן, אַז זיי זענען נאָרמאַלע דערשיינונגען. עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז מיר מיינען דאָ נישט אַלע קראַנקייטן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען.

איינער פון די שענסטע אַספּעקטן פון דעם לעבן פון מענטשן איז דער פאַקט, וואָס ער ווייסט געוויינלעך נישט, ווען עס וועט זיך ענדיקן; נישט באַר ער ווייסט נישט, נאָר דער לעבנס־אינסטינקט מאַכט שוין אַזוי, אַז ער זאָל דאָס אויך נישט וועלן וויסן.

אפשר דערפאַר איז מיר תמיד דערווידער, ווען משפּחה־מיטגלידער פון אַ געפערלעכן, אַ האָפענונגסלאָזן קראַנקן, פרעגן מיר וויפל טעג ער וועט נאָך לעבן. איך ענטפער כמעט תמיד, אַז ס׳איז נישט מיין עובדא צו ציילן יענעמס טעג.

דער זעלביקער לעבנס־אינסטינקט מאַכט, אַז ווי אַלט דער מענטש זאָל נישט זיין, באַטראַכט ער זיין טויט, הגם אַן אומפאַרמיידלעכן, ווי אַ ענין פון דער ווייטער צוקונפט.

דאָס איז לעבנס־אינסטינקט און דאָס איז אויך נאַטירלעכער, איינגעבוירענער אָפּטימיזם.

אָפּטימיזם איז איינס פון די געפילן פון דעם נאָרמאַלן, געזונטן מענטשן.

דער דאָזיקער אָפּטימיזם, דאָס נישט וויסן און נישט וועלן וויסן, ווען מען וועט שטאַרבן זענען די פּסיכישע יסודות, וואָס האַלטן־אויף דאָס נאָרמאַלע לעבן פון געזונטן מענטשן און פאַרוואַנדלען עס אין אַ פריידיקער רייע פון אַרבעט און שאַפן. זאָגט דאָך דאָס פאָלקסווערטל מיט קאָנצענטרירטער חכמה: אַז מען דערמאָנט זיך אין טויט, באַקומט נישט דאָס לעבן . . .

דאָס וואָלט געמיינט אַז דער אייביקער פּעסימיסט, דער הבל־הבלניק, איז טאַקע נישט קיין פולקאָם געזונטער מענטש. עפּעס אַ שרייפל איז ביי אים נישט אין אָרדענונג. דאָס דאָזיקע שרייפל קאָן זיין אומזיכטבאַר, עס מוז זיך נישט געפינען אין אַ באַשטימטן אבר, האַרץ אָדער לעבער, עס קאָן זיך געפינען אין זיין גייסט, וועמענס אַנאַטאָמישער „סובסטראַקטום" געפינט זיך אין נערוון־סיסטעם. מיר ווייסן, אַז דער גייסט „וווינט" אין מוח, אָבער מיר ווייסן נישט

פינקטלעך, אין וועלכן פון זיינע טיילן, אין וועלכן פון זיינע מיליאָנען נערוון־צעלן.

די אַלטע לאָזונג „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע סאַנאָ" דאַרפן מיר נישט באַטראַכטן בלויז ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונג פון ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, נאָר ווי אַ וויסנשאַפטלעכן אמת.

מיינער אַ זייער חשובער פריינד, אַ דענקער און פּובליציסט איבער פילאָזאָפישע טעמעס, שרייבט מיר מיט רעכט, אַז איך האָב, ביי אַ געלעגנהייט, אָפּגעפּטרט דעם דאָזיקן ענין נאָר מיט אַ פּאָרביישפּילן. ...„געניאַליטעט — שרייבט ער — האָט זיך קיינמאָל נישט רעקרוטירט צווישן אַטלעטן, און די שאַפונגען פון גייסטיקע ווערטן האָבן געגעסטעט גראָד אין קערפּערס וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ביז גאָר „אַנגעבראָכענע" קערפּערלעכע קאָנסטרוקציעס און צומאָל אַפילו ביז פיזישע קריפּלס. אונדזער „קלאַסיש־יידישער געבויגענער רוקן" איז אין דעם זין געווען אַ גאָר נישט שלעכטער צושטעלער פון גאַנצע פּלעיאַדעס גרויסע גאונים — אויף אונדזערע אויסגעפּיעשטשעטע וויטאַמינען־שלינגערס געזאָגט געוואָרן"...

מ'יין פריינד ציטירט ווייטער קאַרעלס באַקאַנטע טרעפלעכע פראַזע: „ביים מענטשן זענען די זאַכן (אייגנשאַפטן) וועלכע מען קאָן נישט מעסטן וויכטיקער ווי די וואָס זענען באַקאַנט, די וואָס מען קאָן אָנטאַפּן" און ער ענדיקט זיין בריוו מיט דעם טשיקאַווען געדאַנק, אַז „אפשר איז גאָר דער קראַנקער דער אמתער געזונטער, אין פּסיכישן זין, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען?!".

איך בין זיך מודה און מתודה: איך פיל זיך נישט בכוח אויסצופּלאָנטערן די דאָזיקע סתירה, איך בין נישט גענוג געלערנט דערצו. דאָס איז מער אַ פילאָזאָפישער־פיזיאָלאָגישער ענין. אָבער אויף פּאַראַדאָקסן קאָן מען נישט בויען קיין וויסנשאַפט. דער פּאַראַדאָקס דאַ דאַרף באַטראַכט ווערן ווי די באַוווסטע א י ס נ אַ מ ע ן וואָס באַגלייטן און ב אַ ר ע כ ט י ק ן אַפילו יעדן נאַטירלעכן געזעץ, וואָס באַציט זיך צו אַזאַ אייביק בייטנדיקער און אייביק אומגלייכער באַשעפעניש, ווי דאָס איז זיין מאַיעסטעט דער מענטש, ווי איך רוף אים.

דערפאַר האַלטן מיר נאָך נישט פאַר אָפּגעשריגן דעם „מענס סענא"... לעבן געטען, וואָס איז געווען אַ גיבור, און פרוידן, וואָס האָט דערגרייכט אַ טיפע עלטער, קאָנען מיר אַוועקשטעלן נאָך אומצאָליקע גאונים (דעם ווילנער גאון בתוכם), וואָס האָבן דערלעבט זייער אַ טיפע עלטער. און אויב מען וועט זיך נעמען די טרחה צו מאַכן דעם באַלאַנס וויפל וועלט־גאונים זענען געווען פולקאָם געזונטע און וויפל זענען געווען שוואַכע און קראַנקע, וועט מן־הסתם אויסקומען אַז די לעצטע זענען געווען נישט מער ווי אויסנאַמען צום געזעץ פון „מענס סאַנאָ"...

עס האַנדלט זיך בלויז פון די אומצייליקע געזעצן פון דער נאַטור, מיט אויסנאַמען. און די אויסנאַמען קאָנען נישט צונישט מאַכן אַ געזעץ. און עס איז נישט אַ מ ו ז אַז אין י ע ד ן פאַל, אָן אויסנאַם, זאָלן די פיזישע שטערונגען און אַפילוליידן „נישט דערלויבן די פרייע אַנטוויקלונג און די פרייע פונקציע״ פון גייסט.

און איצט „נידערן״ מיר צוריק אַראָפּ צו די קראַנקייטן.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז פרויד איז געשטאָרבן אין אַ טיפער עלטער. זיין טויט איז געקומען דורך אַ קאַנסער אויפן קינביין. לויט דער טעאָריע פון די פאָרשער, וואָס האַלטן אַז קאַנסער איז אַ „נאַטירלעכע״ קראַנקייט, וואָלט עס געהייסן אַז פרויד איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. די דאָזיקע טעאָריע זאָגט אַז קאַנסער, פּונקט ווי סקלעראָז, איז אַ נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון דער עלטער: די קעמערלעך פון אונדזער געוועב האָבן אַ טבע אין די עלטערע יאָרן (דער קאַנסער ביי יונגע מענטשן איז דאָך זעלטן און וואָלט נישט געווען אין סתירה צו דער דאָזיקער טעאָריע) צו אָנהייבן וואַקסן אין אַן אַטיפּישער פאָרמע, נישט לויט די געזעצן פון דער נאַטור, נאָר כאַאָטיש. די צעלן וואַקסן אָן אַ סדר און אָן אַ מאָס און בילדן אַזוי דעם טומאָר, וועלכער שעדיקט און דריקט אויף נאָענטע וויכטיקע אברים און ברענגט אַזוי דעם טויט נישט „דירעקט״ דורכן קאַנסער, נאָר דורך זיינע פאָלגן, מעכאַנישע פּועל־יוצאס אויפן אָרגאַניזם. איך ציטיר נאָר די דאָזיקע טעאָריע לשם אינפאָרמאַציע; איך דאַרף אויך נישט זאָגן, צי איך בין איינשטימיק מיט איר, ווייל כ׳בין דאָך נישט קיין מומחה אין דער דאָזיקער פלאָג פון דער מענטשהייט. אָבער עס דאַרף דערמאָנט ווערן דערביי אַז דער קאַנסער פאַראורזאַכט דעם טויט נישט נאָר איבער די מעכאַנישע שטערונגען, וואָס ער ברענגט, נאָר איבער זיינע טאָקסישע אייגנשאַפטן. די דאָזיקע אַטיפּישע, בייזע צעלן, וואָס מערן זיך כאַאָטיש, האָבן מן הסתם אין זיך אַזאַ מין שעדלעכן סם, ווייל זיי ברענגען בלוט־אָרימקייט אַלס איינעם פון די ערשטע סימפּטאָמען. דער דאָזיקער סם צעשטערט די רויטע צעלן פון בלוט. דאָס מיינט נישט, אַז מען דאַרף אונטערשעצן די מעכאַנישע שטערונגען, ווייל ווען אַזאַ ווילדע צעל קומט געוויינלעך אַריין אין דער בלוט־צירקולאַציע, דרינגט זי אַריין אין אברים, פאַרמערט זיך דאָרטן אין אַ מוראדיקער צאָל. ווען זי קאָלאָניזירט זיך אין די לונגען, ווערט דער מענטש דערשטיקט, ווייל די נייע קעמערלעך באַזעצן אַזוי שטאַרק די גאַנצע לונגען, אַז עס בלייבט פּשוט נישט מיט וואָס צו אָטעמען. אַן ענלעכע זאַך קומט פאָר, ווען דאָס דאָזיקע קעמערל באַזעצט זיך אין דער לעבער.

דער דאָזיקער טויט איז אפשר „נאַטירלעך״, אָבער ער איז זייער גרויזאַם.

איז פאַראַן אַ נאַטירלעכער טויט? לויטן ריינעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט

איז נישטאָ אַזאַ זאַך. די מענטשן שטאַרבן תמיד פון עפּעס. די גאָר טיפע זקנים, די וואָס האָבן זיך „אויסגעדרייט" פון די טויזנט און איינס מחלות פון דער יוגנט און פון די עלטערע יאָרן, דערגרייכן די אַכציקער אָדער נייַנציקער און מער יאָרן און פון וואָס שטאַרבן זיי?

איך וועל דאָ נישט באַשרייבן דאָס גאַנצע מעדיצינישע בילד פון דער טיפער עלטער. אָבער דער נאַטירלעכער צושטאַנד, וואָס הייסט ע ל ט ע ר, נעמ'ט אַרום אַלע אברים, אַלע אָרגאַנישע סיסטעמען, פון דער הויט ביז דער טיפעניש פון דעם גאַנצן אינגעווייד. אַלץ ווערט טרוקן. איך וואָלט געזאָגט, אַז דער אָרגאַניזם פאַרלירט זיין נאָרמאַלן פּראָצענט וואַסער פון די געוועבן. דער זקן ווערט איינגעצויגן און איינגעבויגן. זיין קערפּער ווערט נידעריקער. די געלענקען און אַפילו די ביינער ציען זיך איין. די אַרטעריעס (אָדערן) ווערן האַרטער. זיי באַקומען צומאָל די האַרטקייט פון דראָט (איך האָב אַזאַ זקן צווישן מיינע פּאַציענטן). דער אַלטיטשקער ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, ער קאָן נישט מער גיין, ער מוז אָנהייבן „ווינען" אין בעט. ער איז אָבער נאָך נישט קראַנק, ער איז נאָר אַלט, און דער מלאך־המוות האָט נאָך נישט קיין שליטה איבער אים. וואָס זשע קומט דאָ פאָר? ווי אַזוי קומט דאָך דער טויט?

די אַלטיטשקע וואָס שטאַרבן פון „נאַטירלעכן" טויט, שטאַרבן געווייינלעך פון איינער פון די פאָלגנדיקע צוויי „קראַנקייטן": אָדער דאָס האַרץ שטעלט זיך פּשוט אָפּ ביי אַ מינדסטער באַוועגונג און דאָס האָט, אגב, אַ נאָמען: האַרץ־שלאַג אָדער „סינקאָפּע", אָדער אַלס פּועל־יוצא פון דער האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע אין בעט הייבט ער אָן ליידן פון דער אַזוי גערופענער „פּאַסיווער קאָנגעסטיאָן" פון די נידעריקע טיילן פון ביידע לונגען. דאָס קומט געווייינלעך פון האַרץ־שוואַכקייט וואָס שטויסט דאָס בלוט מיט ווייניק כוח, מיט ווייניק אימפּעט. דאָס איז די צווייטע סיבה פון נאַטירלעכן טויט. די דאָזיקע „קאָנגעסטיאָן" וואָס איז נישט די טייטש אַנטצינדונג, שטערט די פונקציע פון האַרצן, וואָס בלייבט סוף־כל־סוף שטיין. דאָס זאָל זיין דער נאַטירלעכער טויט אָן דעם געצאַפּל, אָן דעם קאַמף פאַר דער ענדע!

די פּראָנצויזן מיט זייער פיינעם ספּריט האָבן זיך זייער פּראַזע: דער מאַן — זאָגן זיי — האָט די עלטער פון זיינע אָדערן. און די פרוי — דאָס איז די געבער־מוטער. דאָס וואָלט געמיינט: דער מענטש איז אַזוי לאַנג אַ מענטש. ווי לאַנג ער האָט זיינע אָדערן ווייכע, אָן סקלעראָז און די פרוי וואָלט אַזוי לאַנג געווען פרוי, אַזוי לאַנג איר געבער־מוטער איז אימשטאַנד צו זיין טעטיק...

## 2

וועלכע איז אייגנטלעך די דעפיניציע פון דער קראַנקייט? און ווו ענדיקט זיך דער געזונט־צושטאַנד און עס הייבט זיך אָן די קראַנקייט?

אין די טראַקטאַטן ווערט די קראַנקייט דעפינירט אַזוי:

„אַ צושטאַנד פון אַ מענטש, ביי וועלכן די באַשטאַנדטיילן פילן נישט אויס די פונקציעס, פאַר וועלכע זיי זענען באַשאַפן געוואָרן״.

מען מיינט דאָ איינעם אָדער מער פון די פאַרשידענע אברים פון קערפּער.

אָבער מען קאָן זיין בלויז אַזוי „נישט מיט אַלעמען״, וואָס איך נעם אָן פאַר דעם מינדסטן אויסדרוק פון דער מינדסטער קראַנקייט, ביז געפערלעך קראַנק.

אַ צווייטע זייער אינטערעסאַנטע זאַך איז, ווען דער מענטש פילט זיך נישט גוט, איז „נישט מיט אַלעמען״, און דער דאָקטער געפינט ביי אים גאָרנישט אויס. דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ גרויסע צאָל קראַנקייטן האָבן ביי זייער אָנהייב נישט קיין סימפּטאָמען; האָבן נישט קיין קלינישן אויסדרוק, אַזוי צו זאָגן, און דערפאַר קאָן דער דאָקטער גאָרנישט פעסטשטעלן.

זייער אַ סך קראַנקייטן האָבן אַ פּעריאָד, ביים אָנהייב, אָן סימפּטאָמען. דער מענטש פילט זיך פולקאָם גוט, אָבער ער איז שוין קראַנק. די סימפּטאָמען קו־מען צומאָל שפּעט, און די ווירקזאַמע באַהאַנדלונג ווערט אָן איר בעסטן שאַנס.

ווען מען זאָל קאָנען פעסטשטעלן דעם קאַנסער ביים סאַמע אָנהייב, ווען ער איז נאָך אַ קליין, כמעט מיקראָסקאָפּיש טומאָרל, וואָלט ער דאָך נישט גע־ווען קיין פּראָבלעם און נישט קיין פּלאָג פאַר דער מענטשהייט. אין דעם זין איז טובערקולאָז זייער ענלעך צום קאַנסער. די דאָזיקע קראַנקייט הייבט זיך אויך אָן מיט אַ קליינינקן, כמעט מיקראָסקאָפּישן פלעק אויף די לונגען. דאָס איז די גרויסע פּראָבלעם פון דער היינטיקער מעדיצין: דערטאַפּן, דערשנאַפּן די קראַנ־קייט אין די גאָר ערשטע מאָמענטן, ווען זי איז שוין באַשטימט פאַראַן, אָבער נישט עס זענען פאַראַן סימפּטאָמען און נישט דער מענטש פילט עפּעס.

און דאָס קומט פאַר אַזוי, ווייל אונדזער אָרגאַניזם האָט אַ קאָלאָסאַלן רע־זערוו פון כוחות, פון פעאיקייטן זיך צו אַדאַפּטירן צו קלענערע שטערונגען אָדער אומנאָרמאַלקייטן אין די פונקציעס פון די פאַרשידענע אָרגאַנישע אַפּאַראַטן.

צום ביישפּיל: מיר האָבן צוויי לונגען, אָבער מען קאָן גאַנץ באַקוועם, גאַנץ אומגעשטערט אָפּלעבן אַ לעבן נאָר מיט איין לונג. און דאָס זענען גאַנץ אָפטע פאַלן. מען נעמט אַמאָל אַרויס אַ גאַנצע לונג ביי אַ פּאַציענט. די אָפּעראַציע פון אַרויסנעמען די לונג איז דערווייל אַ גאַנץ וויכטיקע אָפּעראַציע. דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן בנוגע נירן. די אָפּעראַציע פון אַרויסנעמען אַ ניר איז שוין אַ סך אַ לייכטערע.

אַ האַרץ האָבן מיר טאַקע נאָר איינס, אָבער דער געוויינלעכער מענטש ווײס זיך קיינמאָל נישט פאָרשטעלן ווי געשעדיקט, ווי קראַנק אונדזער האַרץ זאָל נישט זיין, דאָך קאָנען מיר פירן כמעט אַ נאָרמאַל לעבן, אַפילו צומאָל אַ לעבן מיט אַ גאַנץ באַדייטנדיקער טעטיקייט, במשך זייער אַ סך יאָרן.

דאָס געזאָגטע וועגן האַרץ קאָן אָנגעווענדט ווערן אויף כמעט אַלע אַנ־דערע אברים און אַפּאַראַטן.

און נישט נאָר איז באַוואָרנט אונדזער אָרגאַניזם מיט גרויסע רעזערוו־כוחות, נאָר אויך מיט אַ קאָלאָסאַלער קאָמפּענסאַציע־פעאיקייט. צום ביישפּיל: ווען איין לונג הייבט אָן צו אַרבעטן ווייניקער, ווייל עפּעס איז ביי איר נישט אין אָרדענונג, הייבט די צווייטע אָן זיך צו פאַרגרעסערן (היפּערטראָפיע). אויף דער ראַדיאָגראַפיע באַמערקט מען די געזונטע לונג פאַרגרעסערט, צעצויגן, אין היפּערפונקציע. די געזונטע לונג קאָמפּענסירט אַזוי, גאַנץ לאָיאַל, קאַמאַראַד־מעסיק, די אַרבעט פון דער צווייטער, וואָס איז געשטערט אין איר פונקציע, אָדער איז קראַנק.

דאָס האַרץ רעאַגירט גלייך אויף אַ שטערונג, אָדער קראַנקייט, פאַרגרע־סערנדיק די דימענסיעס. עס ווערט איבערהויפּט ברייטער. ווען מען נעמט אַרויס איין ניר, באַמערקט מען, אַ קורצע צייט שפּעטער, אויף דער ראַדיאָגראַפיע, ווי די איבערגעבליבענע איז גרעסער געוואָרן, איז עפּעס אַזוי ווי געוואַקסן, כדי צו קאָנען קאָמפּענסירן דעם „בלויז“, וואָס די אַנדערע האָט געלאָזט נאָך זיך.

נו, אַז דער מאָגן קאָן זיך צעציען מער און מער, כדי אַריינצונעמען דעם סכום שפּייזן לויט די גאַסטראָנאָמישע קאַפּריזן פון זיין אייגנטימער, דאָס איז דאָך אַן עלעמענטאַרער באַגריף.

די נאַטור האָט אונדז באַשאַפן נישט נאָר מיט גרויס חכמה, נאָר אויך מיט אַ „ווייטן קוק“. גלייך די מאַמע־נאַטור וואָלט געוווּסט, אין ווען׳מענס הענט זי גיט אָפּ אַזאַ צאַרטע זאַך ווי אונדזער אָרגאַניזם. האָט זי אים דערפאַר געמאַכט סיי צאַרט, סיי, צו דער זעלבער צייט, ווידערשטענדיק און „עלאַסטיש“, כדי דער קאַפּריזנער מענטש זאָל זיך קאָנען לאָזן ווילגיין אויף זיין חשבון און ער זאָל דאָס קאָנען איבערטראָגן.

משמעות, אַז די קאָמפּענסאַציע־פעאיקייט איז נישט נאָר פון איין ניר צו דער צווייטער, איין לונג צו דער צווייטער, נאָר אין אַן אַנדער הינזיכט פון אונ־דזער פיזישן געבוי צום גייסט.

אפשר דערפאַר קומט אויס אַזוי אָפט, אַז ווען אַ מענטש איז פיזיש נישט זייער באַגאַבט, ווערט דאָס קאָמפּענסירט דורך דעם מוח, דורך דעם גייסט, וואָס באַדאַרף נישט קיין שטאַרקע מוסקולן צו זיין טעטיק, צו שאַפן סאָלידע ווערטן...

אַז מיר וועלן זוכן, וועלן מיר דאָך געפינען אַ סך אַנדערע קאָמפּענסאַציעס.

זאָל מיך גאָט און מיינע חשובֿע לייענערנס נישט שטראָפֿן פֿאַר דעם וואָס איך וועל דאָ זאָגן: צום ביישפּיל: פֿאַרוואָס זאָגט מען, אַז שיינע פֿרויען זענען זעלטן קלוג? און פֿאַרוואָס זענען די אַזוי גערופֿענע מיאוסע (אין דער אמתן, דענק איך, זענען נישטאָ קיין מיאוסע פֿרויען, עס ווענדט זיך אין אויג, וואָס קוקט) גאַנץ אָפֿט קלוג און אינטעליגענט? איז דאָס נישט קיין קאָמפּענסאַציע? וואָס מיינט דען דאָס פֿאָלק מיט דעם ווערטל: „גאָט בענטשט מיט איין האַנט און שטראָפֿט מיט דער אַנדערער״? האָט דאָך דאָס קלוגע פֿאָלק געזאָגט מיט איין פֿראַזע דאָס, וועגן וועלכן גרויסע חכמים דאַרפֿן אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך!

און אפֿשר איז אין דעם פֿאַל פֿון די פֿרויען דער באַשאַפֿער אינגאַנצן גאָט די נשמה שולדיק? אפֿשר איז דאָס גאָר געווען אַ צו־להכעיס־שפּיל פֿון יצר־טובֿ מיטן יצר־הרע?... אָבער דאָ וויל איך זיין פּאָרזיכטיק און וועל ווייטער נישט גיין מיט מיינע השערות, ווייל איך פֿאַרשטיי, אַז איך בין דערגאַנגען צו די גרענעצן פֿון דער מעדיצין און וועל נאָך אַריינפֿאַלן, ווער ווייסט, וווהין.

די קאָמפּענסאַציע צווישן פֿיזישן געבוי און גייסט, פֿון וועלכער מיר האָבן פֿריער גערעדט, מוז בפּירוש נישט זיין קיין איינגעבוירענע. דאָס הייסט, אַז נישט נאָר דער, וואָס ווערט געבוירן מיט אַ שוואַכן גוף, איז אַ קאַנדידאַט פֿאַר אַ גאון. ניין. די גאונות אָדער דער טאַלאַנט קאָן זיך אַנטוויקלען אָדער געבוירן ווערן בהדרגהדיק אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, אין וועלכער דער גוף ווערט אָפּ־געשוואַכט אָדער די פֿיזישע טעטיקייט מוז ווערן פֿאַרמינערט איבער געזונט־סיבות.

דאָס וואָלט געהייסן אויף אונדזער לשון, אַז די חכמה קומט מיט די יאָרן. דאָס וואָלט געווען נישט מער ווי איינער פֿון די אַספּעקטן פֿון אונדזער קאָמפּענ־סאַציע־אייגנשאַפֿט. אָבער זאָל מען, חלילה, נישט מיינען, אַז דאָס דאַרף פֿאַר־שריבן ווערן אויפֿן חשבון פֿון אונדזער „מאָדערנער״ וויסנשאַפֿט. פֿאַר עפּעס זענען די 70 זקנים פֿון סנהדרין געווען זקנים... די, וואָס משפּטן דאָס פֿאָלק, דאַרפֿן דאָך לייזן די האַרבסטע שאלות!

וואָס־זשע בלייבט פֿאָרט פֿון דעם „מענס סאַנאַ״... פֿון אונדזער פֿאַריקן קאַפּיטל? שטייט ער שוין אויף הינערישע פֿיסלעך?

עס פּירט זיך ביי הויך־געבילדעטע מענטשן, אַז ווען זיי קאָנען נישט דער־קלערן אָדער לייזן אַ שווערע סוגיא, כאַפּן זיי זיך אָן אין מיטלפּונקט...ביידע צדדים זענען גערעכט. „מענס סאַנאַ״... איז איין אמת, און די אויסנאַמען צו דעם געזעץ זענען נישט קיין אויסנאַמען, נאָר זיי פֿאַלן אַרונטער אונטער אָן אַנ־דער געזעץ פֿון דער נאַטור — דעם קאָמפּענסאַציע־געזעץ...

איך וויל האָפֿן, אַז איך האָב זיך מער־ווייניקער אויסגעפּלאָנטערט...

**
*

אָבער, ווייזט אויס, אַז אַפילו דער קלוגער באַשאַפער אונדזערע איז אויך נישט פּערפעקט.

די רעזערוון און קאָמפּענסאַציע־פּעאיקייט, מיט וועלכע ער האָט אונדז באַשאָנקען, באַהאַלטן אין זיך דעם שונא פון מענטשלעכן מין, ווי דאָס זענען די קראַנקייטן.

די ערשטע פּעריאָדן פון אַ גרויסער צאָל קראַנקייטן בלייבן פּאַרמאַסקירט, אָפּגעווישט, אָפּגעמעקט דורך די דאָזיקע אייגנשאַפטן אונדזערע. דאָס מאַכט, אַז די קראַנקייט זאָל קאָנען פראַנק און פריי מאַכן פּאַרשריטן און מען זאָל עס נישט וויסן, און אַפילו, ווען מיר דערפילן שוין עפּעס, קאָן עס דער דאָקטער נאָך נישט באַשטעטיקן, ווייל עס פעלן די סימפּטאָמען.

נאָר איין אויסוועג איז פאַראַן קעגן דעם, און דאָס זענען די פּ ע ר י אָ ד י ש ע א ו נ ט ע ר ז ו כ ו נ ג ע ן פ ו ן ג ע ז ו נ ט ע מ ע נ ט ש ן.

געזונטע מענטשן דאַרפן זיך פּעריאָדיש לאָזן באַטראַכטן, און גאַנץ גענוי, פון אַ דאָקטער.

משמעות, אַז די דאָזיקע באַטראַכטונגען קאָנען אויך נישט זיין די געוויינלעכע סגולה קעגן די קראַנקייטן. אָבער זיי האָבן אַ גרויסן ווערט. די אונטערזוכונגען דאַרפן זיין, אַזוי צו זאָגן, דרייפאַכיקע: אַלגעמיינע זוכונג, ראַדיאָגראַפישע און פאַרשידענע אַנאַליזן.

אין אַ סך לענדער ווערט דאָס שטאַרק פּראַקטיצירט. ב. אַמעריקע איז איינס פון די דאָזיקע לענדער. ווען איך בין דאָרט געווען, פלעג איך אָפט הערן פון מ'ײנע באַקאַנטע: „קומענדיקע וואָך דאַרף איך גיין מאַכן מיין „קאָמפּליט". קאָמפּליט האָט געמיינט אַ קאָמפּלעטע אונטערזוכונג, וואָס מען לאָזט זיך מאַכן יעדע זעקס חדשים, מער־ווייניקער.

## 3

## כי בעל כרחך...

דער מענטש קומט אויף דער וועלט באַוואָפנט און באַגאַבט מיט כל המינים באַוואָרענישן, וואָס אַ געטלעכער מוח האָט נאָר געקענט צוטראַכטן.

ראשית־כל קומט ער מיט זיינע פינף חושים: די אויגן צו זען און דערזען די געפאַר, וואָס לויערט אָדער קאָן לויערן אַרום אים און צו זען די שיינקייט פון דער וועלט מיט אַלע מינים, וואָס דער זעלביקער באַשאַפער האָט געלאָזט דאָרטן אָנפּלאָדיען. אָבער — און דאָ האָט זיך מסתמא אַריינגעמישט דער יצר־

הרע — מיט די זעלביקע אויגן זעט ער אויך אַלע מיאוסקייטן און אַלע מיאוסע מעשים פון דער וועלט. די אויערן צו הערן דאָס געזאַנג פון דער נאַטור, די סימפאָניע פון לעבן און די שיינע קלאַנגען און פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פון קלאַנגען, וואָס דער מענטשלעכער גייסט האָט געשאַפן. אויך די שמיעה איז צו דערהערן אַ מעגלעכע געפאַר, וואָס לויערט פון דערווייטנס; דער געשמאַק, כדי די עסנס זאָלן נישט זיין קיין טרוקענע עסנס און כדי דער זאַטער מענטש זאָל ווען נאָך און נאָך... די נאָז אָדער דער שמעק־אַפּאַראַט, כדי דער מענטש זאָל דערשפּירן דעם געטלעכן גערוך פון די בלומען, וואָס זענען דאָך זיכער גאָטס אַ וווּנדערלעכע קרעאַציע, וואָס פאַראייניקן שיינקייט מיט דעם וווּנדערלעכן גערוך; דער טאַקט, וואָס איז אפשר דער פּראַקטישסטער און פּראָזאַיִסטישער פון אַלע חושים, אַבער וואָס איז אַ וויכטיקער פאַרטיידיקונגס־מיטל קעגן די געפאַרן.

אַחוץ די חושים איז נאָך דער מענטש באַוואָרנט מיט דער עמפּינדלעכקייט צו דערפילן קעלט אָדער היץ אין די פאַרשידענע רעפלעקסן, וואָס וואַכן אַפילו דעמאָלט, ווען דער מענטש שלאָפט.

מיר דאַרפן קוים דערמאָנען נאָך אַ „קלייניקייט", מיט וועלכער דער מענטש — אין קאָנטראַסט צו די אַנדערע חיות — איז באַשאָנקען געוואָרן, נעמלעך — די אינטעליגענץ. אין מעדיצין זאָגט מען אויף געוויסע רפואות, אַז זיי זענען אַ מעסער מיט צוויי שאַרפן אָדער אַ שטעקן מיט צוויי עקן. דאָס זענען די רפואות, וואָס קאָנען ברענגען סיי נוצן, סיי שאָדן. נו, מען דאַרף נישט זיין קיין גרויסער חכם, כדי צו זאָגן דאָס זעלביקע וועגן דער אינטעליגענץ אָדער, בעסער געזאָגט, פאַרשטאַנד, — מיר דאַכט זיך, אַז דאָס לעצטע וואָרט איז עקזאַקטער.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין סברות, פאַרוואָס דער פאַרשטאַנד איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן. מיר ווילן עס דאָ נישט מער ווי אָנמערקן.

און דאָך, ווען דאָס קינד ווערט געבוירן און די אַקושאָרקע אָדער אַקושאָר הייבט עס אויף פאַר די פיסלעך מיטן קאָפּ אַראָפּ — דאָס איז נישט קיין סגולה, נאָר אַ נויטווענדיקייט, כדי עס זאָלן אַרויס די פליסיקייטן פון די לופט־רערן, — איז דער ערשטער קלאַנג, וואָס גייט־אַרויס פון זיין קעל — אַ געוויין.

דער מענטש קומט אויף דער וועלט מיט אַ געוויין. דער ערשטער קלאַנג, וואָס ער גיט אַרויס, איז אַ קלאָג. אָבער מיר זענען נאָך נישט איינשטימיק צווישן זיך, צי איז עס טאַקע אַ געוויין, צי פּשוט אַזוי אַן אויסגעשריי, אַן „עקסקלאַמאַציע" — פאַריידשנדיק דאָס שפּאַנישע וואָרט „עקסקלאַמאַסיאָן". דאָס וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז מיט דעם דריקט־אויס דאָס קליינינקע נפש זיין איבעררעאַשונג זיך צו געפינען פלוצלינג אויף דער גרויסער, ברייטער וועלט. און אפשר איז עס גאָר אַ געמיש פון געוויין מיט געשריי, אַ געמיש פון פרייד און טרויער. דאָס

בפשל האָט דאָך ערשט אַ רגע פריער געוווינט אין זיין מאַמעס טראַכט, ווו עס איז געווען אַזוי וואַרים און עס האָט זיך „געלעבט" אַזוי זיכער און זאָרגלאָז...

אָבער טרוקענע דאָקטוירים האָבן זיך זייער אייגענעם פירוש. דער אויס־געשריי אָדער געוויין איז גאָר אַן אויטאָמאַטישע זאַך: דאָס קערפּערל איז גע־וווינט צו דער זייער וואַרימער טעמפּעראַטור פון דער מאַמעס בויך און ווען עס קומט אין קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער לופט, וואָס איז אַ סך קעלטער ווי אין בויך, פּאַסירט, אַז איבער אַ געוויסן רעפלעקס פון דער קעלט אויף דער הויט הייבן זיך אָן באַוועגן די לונגען און דאָס קינד הייבט־אָן אָטעמען און דער ערשטער שטראָם לופט, וואָס גייט־אַרויס פון זיינע לונגען, קומט מיט אַ געשריי, וואָס איז ענלעך צו אַ געוויין אָדער, פאַרקערט, מיט אַ געוויין, וואָס איז ענלעך צו אַ געשריי און דאָס וואָלט געווען די גאַנצע תורה...

אָבער מיר יידן ווייסן דאָך, אַז מען ווערט געבוירן אויף כוח: „כי בעל כרחך אתה נולד", — מיר ווערן אַריינגעשליידערט אין דער וועלט, אין לעבן, צי מיר ווילן יאָ, צי מיר ווילן נישט. קיינער פרעגט עס נישט ביי אונדז.

און ווען אַ דאָקטער גיט זיך אַ פאַרטראַכט אין די טויזנט און איינס צרות און קראַנקייטן, וואָס וואַרטן ממש אויף דעם מענטשן, כדי אים אַריינצופּאַקן אין זייערע לאַפּעס, וואָלט זיך געוואָלט פאַראַפראַזירן שלום עליכמען: „נישט מען לעבט, נאָר מען ראַטעוועט זיך...

דאָס לעבן פון דעם מענטשן אַמאָל — פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער היינטיקער מעדיציניש ער וויסנשאַפט — איז געווען גאַנץ אַנדערש ווי דאָס לעבן פון היינטיקן מענטשן, פאַר ווענען די מאָדערנע מעדיצין איז אַ מעכטיקע פּראָ־טעקציע און זיין לעבן איז אויסגעשטעלט צו אַ סך ווייניקער געפאַרן.

אַמאָל פלעגן מענטשן שטאַרבן אין אַ פּיל גרעסערער צאָל ווי היינט. עס איז געווען אַ גרויסע צאָל קראַנקייטן, וואָס פלעגן אומברענגען אַן אַ שיעור מענטשן און וואָס זענען שוין היינט פאַרשוווּנדן. אין דער ציוויליזירטער וועלט זענען דאָך שוין היינט כמעט נישט פאַרבליבן קיין עפּידעמיעס. ווען עס וואָלט נאָר אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט פּראַקטיצירט געוואָרן אונדזער היינטיקער „בעד־רום־קאָנטראָל", דאָס הייסט די באַגרענעצונג פון געבורט, וואָלט אפשר נישט געגרייכט קיין קאַנאָנען־פלייש פאַר די לעצטע צוויי מלחמות. אָבער אַמאָל זענען די געבורטן נישט געווען באַגרענעצט; ס׳זענען נישט געווען זעלטן די פאַ־מיליעס פון 18 און אַפילו מער קינדער. די שטערבלעכקייט איז טאַקע געווען זייער אַ גרויסע ביי די דאָזיקע קינדער, אָבער תמיד פלעגן זיך ביי יעדער משפחה „אויסדרייען" מער ווי צוויי קינדער, וואָס איז די צאָל ביי דער היינטיקער אי־בערוועגנדער מערהייט משפחות.

צו וואָס עס וועט פירן דער היינטיקער סיסטעם פון די צוויי קינדער איז

נישט שווער פאַראויסצוזען אין אָנבליק פון דעם פאָרשריט פון דער מעדיצין, וואָס איז ממש אַ גיגאַנטישער. היינט דערגרייכן צו אַ פיינעם עלטער כמעט אַלע קינדער, וואָס ווערן געבוירן, אַזוי אַז דער באַלאַנס וועט זיך אפשר אויסגלייכן... עס וועט ב״ה נישט פעלן קיין קאַנאָנען־פלייש פאַר די קומענדיקע מלחמות, ווייל ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיטן לויף פון אפשר נאָר יאָרצענדליקער וועט מען שטאַרבן אָדער אין דער טיפער עלטער, אָדער — אין מלחמה־קאַטאַסטראָפעס.

די לעצטע שורות מיינע זענען שוין גאָרנישט קיין גוזמא.

אויף יעדן מעדיצינישן קאָנגרעס דערוויסן מיר זיך פון אַזעלכע קונצן, וואָס דאָקטוירים — איבערהויפּט כירורגן, — באַווייזן, אַז זיי דערמאָנען אין די פאַנטאַסטישע וויזיעס פון זשול ווערן.

אין ריאָ דע זשאַנייראָ איז נישט לאַנג פאָרגעקומען אַ פאַנאַמעריקאַנער קאָנגרעס פון דאָקטוירים פון ברוסט־קראַנקייטן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַזעלכע ווי פּראָפ׳ אָווערהאָלט, וואָס באַווייזט אמתע מופתים ביים אָפּערירן אָדער אַרויסנעמען לונגען. ביי אים איז שוין כמעט קיין אָפּעראַטיווע שטערבלעכקייט נישטאָ. ביז נישט לאַנג פלעגן שטאַרבן כמעט אַלע, ביי וועלכע מ׳פלעגט אַרויס־נעמען אַ לונג אָדער אַ טייל פון איר. אָבער די איבערראַשונגען אַ לאַ זשול ווערן פון קאָנגרעס זענען געווען ד״ר גאָלדמאַן פון לאָס אַנזשעלעס און ד״ר טשעמ־בערליין פון ניו־יאָרק. דער ערשטער אָפּערירט קראַנקע אָדער דעפעקטיווע הער־צער מיט אַזאַ מייסטערהאַפטער האַנט, וואָס מען האָט נאָר געקענט אַמאָל חלו־מען וועגן דעם, און דער צווייטער דרינגט אַריין מיט זיינע פלינקע לאַנגע פינ־גער און מיט זיין מעסערל אין דער טיפעניש פון די לונגען און שניידט אויס די קראַנקע טיילן, — די „טובערקולאָז־אינפילטראַטן", פאַרבייט דערנאָך די לונג און — שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן איז דער פּאַציענט פולקאָם געזונט און באַ־פרייט פון אַ קראַנקייט, וועמעס קוראַציע וואָלט מיט אַ צייט צוריק, אין בעסטן פאַל אין מיט אַלע פאָרשריטן פון דער טיזיאָלאָגיע, באַדאַרפט דויערן אַ פּאָר יאָר...

ביידע באַרימטע כירורגן זענען נאָך גאַנץ יונגע מענטשן. זיי האָבן נאָך פאַר זיך אַ גאַנץ לעבן פון אַרבעט און מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וווהין זיי וועלן דערגרייכן.

נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז די אַמעריקאַנער זענען די טעכנישע גאונים פון דער מענטשהייט.

איך האָב דאָ דערמאָנט אַ טייל פון דעם ווונדערלעכן פאָרשריט, וואָס די מעדיצין מאַכט־דורך אין אַ כמעט פיבערהאַפטן טעמפּאָ. דאָס אַלעס מיינט דורכ־אויס אַ כסדרדיקע פאַרמינערונג פון דער מענטשלעכער שטערבלעכקייט.

אָבער דאָך! דערווייל שטאַרבט מען נאָך אין אַ פיינער פּראָפּאָרץ! דער

זעלביקער פאַרשריט פון דער וויסנשאַפט האָט פאַרפלאָנטערט דאָס לעבן. עס זענען פאַרשוואונדן אַ סך עפּידעמיעס, אָבער עס זענען דערשינען נייע קראַנקייטן און עס האָבן זיך פאַרמערט קראַנקייטן, וואָס זענען פריער געווען זעלטענער.

נייע זאָרגן און נייע טעטיקייטן האָבן געבראַכט מיט זיך נייע ליידן און נייע סיבות פון פיזישע און גייסטיקע קראַנקייטן. די וועלט איז נאָך ווייט נישט קיין גן־עדן און מען איז שוין אַזוי ווייט אַוועק פון דעם נאַטירלעכן און אידיי־לישן לעבן פונעם ווייטן זאָרגלאָזן אַמאָל, אַז די מענטשהייט וועט שוין נאָכאַמאָל צו דעם קיינמאָל נישט דערגיין.

אַזוי אַרום, אַז דער ווי־געשריי פון קליינעם נפשל, וואָס קומט אויף דער וועלט אָן דעם מען זאָל אים האָבן געפרעגט, איז אפשר נאָך דערוויילי באַרעכ־טיקט... וועלט, צו וואָס דאַרף איך דיך! — מיינט אפשר דער אויסגעשריי זיי־נער. אָבער עס שטייט דאָך בפירוש געשריבן: „כי בעל כרחך"...

# 4

## די פאַרטיילונג פון די קראַנקייטן

ווער פירט־אָן מיט דער „פאַרטיילונג" פון די קראַנקייטן צווישן דער מענטשן־מאַסע? צי טוט עס בכלל עמיצער? גייט די קראַנקייט בלינדערהייט און פאַלט־אָן אויף דעם ערשטן בעסטן מענטשן, וואָס שטעלט זיך איר אין וועג? דאָס איז איינע פון די גרויסע מיסטעריעס אין דער מעדיצין און אין דעם מענטשלעכן גורל.

אַוודאי זענען פאַראַן אַ סך קראַנקייטן און צרות, וואָס דער מענטש נעמט זיך ממש מיט די אייגענע הענט. וואָס דען מיינט דאָס פאָלקס־ווערטל: „ווער האָט אים געהייסן זיך לייגן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט?"

דאָס פאָלק לעבט מיט דעם באַוווסטזיין, אַז די קראַנקייט לויערט אומע־טום אויף דעם מענטשן. און דער מענטש איז אין דעם זין פאַטאַליסטיש: „אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק!"...

דערפאַר ווינטשט מען זיך ביי יעדער געלעגנהייט: „זיי געזונט", „פאָר געזונט". און וואָס זאָגט מען אַ קינד? — „אַ געזונט אין דיינע ביינדעלעך!" — הימל און ערד און געזונט־ווינטשעוואַניעס. מענטשן נעמען דאָס צומאָל גאַנץ נאַיִוו. איך דערמאָן זיך אַ מיידל, וועלכעס האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „זעט, דאָקטער, איך פאַרקויף אַזוי פיל בילעטן צו די באַלן פון דער ליגע קעגן טו־בערקולאָז און מיין שוועסטער איז קראַנק געוואָרן אויף די לונגען"... מצוה

ושכרה... מ׳ענטשן ווילן באַלד באַלוינט ווערן פאַר די מעשים טובים. זיי ווילן נישט וואַרטן ביז יענער וועלט...

זיך לייגן מיט אַ געזונט קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין, אַוודאי איז עס אַ גרויסער אמת! דער וואָס גייט אַרום אַ טיפוס־קראַנקן, צ״ב, און בייט זיינע אונטערוועש און יילעכער אין דער מינדסטער פּאַרזיכטיקייט, אַזעלכער האָט זיך געלייגט מיט אַ געזונטן קאָפּ... און קען אַפילו צום רבש״ע נישט האָבן קיין טענות. אַ קינד, וואָס ווערט דערצויגן אין אַ שטוב, ווו אַ לונגען־קראַנקער הוסט און שפּייט פראַנק און פריי — דאָס דאָזיקע קינד האָט מען געלאָזט טאָן דאָס זעלביקע, וואָס ס׳האָט געטאָן דער פון פאַריקן ביישפּיל.

אַ געניער פאַקט איז, אַז נישט אַלע קראַנקייטן אַטאַקירן אָן דיסקרימינאַציע דעם ערשטן מענטשן, וואָס זיי טרעפן אָן. עס איז יאָ פאַראַן אַ געוויסער סדר אין דעם, אָבער נישט ביי אַ ל ע קראַנקייטן. עס זענען פאַראַן אָן אַ שיעור פאַלן, אין וועלכע עס איז אוממעגלעך צו דערקלערן פאַרוואָס אַ באַשטימטער מענטש איז אַטאַקירט געוואָרן פון אַ באַשטימטער גרויזאַמער קראַנקייט. עס בלייבט ריינער אַזאַרט. אָדער עס איז נישט אַזאַרט און די סיבות, די טיפע סיבות פון דעם, זענען אונדז אינגאַנצן אומבאַקאַנט. אַ, וויפל זאַכן זענען נאָך אומבאַקאַנט אין דער אַזוי באַקאַנטער כמעט היימישער וויסנשאַפט, וואָס הייסט מעדיצין!

איך האָב זיך נישט לאַנג געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן, וועמ׳ען איך האָב עטלעכע יאָר נישט געזען. דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זיך מיט אים געטראָפן איז ער געווען אַ יונגער, שיינער און שלאַנקער מענטש. היינט האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ פאַרעלטערטן יונגן מענטשן, וואָס וועגט העכער הונדערט קילאָ, באַוועגט זיך שווער, עס שלעפּערט אים אין געזעלשאַפט. ער איז אַן אַלט־יונגער מענטש, וואָס ליידט פון אַן אכזריותדיקער פעטקייט. פעטקייט מיט אַלע סימפּטאָמען: טעמפּ, שלאָבערדיק, געוואָרן אַן אַנולירטע פערזענלעכקייט. ווער האָט עס געקענט פאָראויסזען? ווער ווייסט דעם סוד פון דעם גורל? אַז ס׳איז באַשערט אַן אומגליק!... ביישפּילן זענען פאַראַן אין די טויזנטער. דער מעדיצינישער גורל פון אַ סך מענטשן איז נאָך דערווייל אַן ענין פול מיט סודות.

דער וויסנשאַפטלעכער געוויסן רעוואָלטירט קעגן דער טעאָריע פון אַזאַרט אין דער פאַרטיילונג פון די קראַנקייטן ביים מענטשן. דער דאָזיקער דעטערמיניזם פון די מחלות מוז האָבן אַ זין, אַ סדר, ערגעץ מ׳וז זיך געפינען דער סוד פון דעם אַלעמען. אָבער די וויסנשאַפט איז אוממעכטיק מיט איר גאַנצער מאַכט, מיט איר גאַנצן אַפּאַראַט, מיט אַלע אירע גאונים, מיט אַלע אומדערמידלעכע פאָרשער... און דער קאַמף פון דעם מענטשן צו דערגיין די אַ ל ע סודות פון דער נאַטור, וועט זיך מסתמא קיינמאָל נישט ענדיקן.

מיט די אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן איז עס גאַנץ קלאָר, אָבער נישט אינ־גאַנצן. פאַרוואָס טרעפט מען זיך אָן ביי יעדער עפּידעמיע, אַפילו ביי די גע־פערלעכסטע, מיט מענטשן, וועמען די קראַנקייט האָט אויסגעמיטן? די טראַק־טאַטן ריידן פון ווידערשטאַנד, פון אימוניטעט. קאָן מען אַקצעפּטירן אַזאַ טעאָ־ריע ביי קראַנקייטן ווי די שוואַרצע פּעסט אָדער כאָלערע? און דאָך זענען אַ סך מענטשן געשטאַנען אין סאַמע מיט פון אַזעלכע עפּידעמיעס און זיך נישט אָנ־געשטעקט; ניצול געוואָרן. דאָס איז נישט גרינג צו דערקלערן; דאָס בלייבט דער־ווייל אַ סוד; אפשר, מיט דער צייט, וועט מען זיך דערוויסן וועגן דעם, אָבער דערווייל זענען די אמתע סיבות אַרומגערינגלט מיט מיסטעריע.

עס וואָלט אויך אויסגעקומען מער־ווייניקער קלאָר מיט די ירושה־קראַנ־קייטן. אָבער פאַרוואָס זענען תמיד פאַראַן מיטגלידער פון די דאָזיקע משפחות, וועלכע פאַרבלייבן אומבאַרירט? וואָס זענען אַבסאָלוט געזונטע מענטשן?

פאַרוואָס מאַכט זיך אַזוי אָפט, אַז ביי עלטערן, ביידע פולקאָם געזונטע און אַפילו שיינע מענטשן־עקזעמפּליאַרן, זאָלן קומען שוואַכע און קרענקלעכע קינדער, ווי מיר זעען עס יעדן טאָג? תמיד וועלן מיר זיך טרעפן מיט אויסנאַ־מען, וואָס מיר וועלן נישט דערקלערן.

דער מענטש וועט תמיד לעבן אין שויס פון דער נאַטור, וואָס איז מילד און גוט, און אָנגרייפעריש און צומאָל גרויזאַם צו דער זעלביקער צייט. די נאַ־טור איז פול מיט צעשטערערישע עלעמענטן און באַשעפענישן, וואָס לויערן איינס אויפן אַנדערן. אויסערלעכע און אינערלעכע שונאים, וואָס וואַכן טאָג און נאַכט און זוכן די געלעגנהייט אָנצוגרייפן, צו אַטאַקירן; און דאָס לעבן פון די באַשעפענישן, דער מענטש אַריינגערעכנט, איז אַ שטענדיקער אָפענסיווער און איבערהויפּט דעפענסיווער קאַמף.

די שאַרפע קראַנקייטן מיינען די אויבערהאַנט פון דעם שונא; די כראָני־שע קראַנקייטן באַדייטן קאַמף, ווידערשטאַנד פון לעבעדיקן באַשעפעניש...

די ערשטע וויקלען זיך אויס אין אַ קורצער צייט און דערגרייכן שנעל זייער סוף אין איינער צי אין אַ צווייטער ריכטונג — קוראַציע אָדער טויט.

די כראָנישע קראַנקייטן כאַראַקטעריזירן זיך מיט אַ פאַרלויף, וואָס דויערט לאַנגע מאָנאַטן אָדער יאָרן, אָבער די קוראַציע איז נישט אויסגעשלאָסן, הגם דאָס פאָלק זאָגט, אַז „אַ לאַנגע קראַנקייט איז אַ זיכערער טויט". דאָס מאָל האָט די פאָלקס־חכמה געמאַכט אַ טעות. דאָס איינציקע, וואָס איז זיכער, איז טאַקע דער טויט, אָבער לאַנגע כראָנישע קראַנקייטן ענדיקן זיך גאַנץ אָפט אויך מיט קוראַציע.

די מיקראָבן און פּאַראַזיטן זענען גורם די גרעסטע צאָל קראַנקייטן. הגם די מעדיצין ווייסט שוין, ווי אַזוי אומשעדלעך צו מאַכן אַ גרויסע צאָל פון זיי, זענען נאָך אָבער פאַראַן אַזעלכע ספערן, אין וועלכע מען איז אוממעכטיק.

די קראַנקייטן, וועמעס סיבות געפינען זיך אויסער אונדזער קערפּער, זע־נען דאָך נישט אויסצורעכענען.

נאָך די מ׳קראַבן קומען מן־הסתם די קראַנקייטן, וואָס נעמען זיך פון אונ־זער אַרבעט. דאָס מיינט פון אונדזער אַרט לעבן. נאָך אַלעמען איז דאָך די אַר־בעט דאָס לעבן זעלבסט. און די, וואָס אַרבעטן ביי פאַרשידענע גיפטיקע מעטאַלן: בליי, קוועקזילבער, שוועבל, אד״גל, באַצאָלן די קאָנסעקווענצן דערפון; און איצט די לאָקאַלן, אין וועלכע מען אַרבעט: שטויב, שמוץ, דאָס איז אויך נישט קיין מינדערוויכטיקע סיבה פון שלאַפקייטן. און ווייטער: די מינען־אַרבעטער ביי קוילן אָדער שטויב פון „סיליסע״; די, וואָס אַרבעטן ביי די פּראַשיקעס, מיט וועלכע מען רייניקט דאָס געפעס — דאָס אַלץ איז אַ מוראדיק קאַפּיטל פון לונגען־קראַנקייטן, וואָס ווערט אָנגערופן „נעומאָקאָניאָסיס״.

אָט דאָס קאַפּיטל — וואָס איז אגב גענצלעך אומבאַקאַנט צווישן די נישט־דאָקטוירים, איז אַ שרעקלעכע היסטאָריע פון פּיין און ליידן פון אַ גרוי־סער צאָל אַרבעטער אין זייער בליענדיקסטער עלטער. דער דאָזיקער שטויב פון „סיליסע״ (דאָס גיים אַריין אין דער גלאָז־פאַבריקאַציע) אָדער פון קוילן ווערט אַריינגעאָטעמט צוזאַמען מיט דער לופט. ער באַדעקט די לונגען אינעווייניק און ביסלעכווייז ווערט אומנוצלעך אַן אַנדער שטח לונג. די דאָזיקע אַרבעטער שטאַרבן אַלע פולקאָם געזונט, וואָלט איך געזאָגט. אַלע זייערע אברים בלייבן גענצלעך אומבאַרירט, נאָר די לונגען ווערן וואָס אַמאָל עפּעס אַזוי ווי פאַר־שטאָפּט און זיי פאַרלירן די קאַפּאַציטעט פאַר זייערע ספּעציפישע פונקציעס — פאַרן אָטעמען. די מענטשן שטאַרבן געזונטערהייט — זאַדושעט.

דאָס איז אַ מוראדיקע פּלאָג פאַר די מינען־אַרבעטער און פאַר די, וואָס אַרבעטן אין די פאַבריקן פון דעם שטויב, וואָס מען געברויכט אין יעדער שטוב צום רייניקן געפעס און אַנדערע קעגנשטאַנדן. אַפילו די פיינסטע מאַסקעס זע־נען נישט אימשטאַנד צו פאַרהאַלטן דעם דאָזיקן שטויב, — אַזוי דין איז ער, און אויך די מעדיצין האָט נאָך ביז היינט נישט אויסגעפונען די רפואה.

מער באַקאַנט און ווייניקער געפערלעך זענען די קראַנקייטן, וואָס קומען פון די מעטאַלן, וואָס מענטשן מאַניפּולירן. בליי ביי די מאָלער און דרוקער־אַרבעטער וכדומה. דאָ איז פאַראַן אַ פּראָפילאַקטיק, וואָס ווען זי ווערט אָפּגע־היט, ווערן די דאָזיקע קראַנקייטן אויסגעמיטן.

דאָס גרויסע קאַפּיטל פון דעם קאַנסער־קראַנקייט, פון דעם מוראדיקן און שרעקלעכן קאַנסער! מען דאַרף אָבער וויסן, אַז אַ גרויסע צאָל ליידנדיקע אויף אָט־דער מחלה ווערן פולשטענדיק אויסגעקורירט.

מיט אָט־דער מחלה געשעט עטוואָס ענלעכס ווי מיט טובערקולאָז. מען שעמט זיך אַביסל מיט קאַנסער. עס איז אַ שעמען זיך אויסגעמישט מיט אַנגסט.

אָבער אַ פאַקט איז, אַז דער עולם — פונקט ווי עס געשעט מיט טובערקולאָז — דערוויסט זיך נאָר פון די פאַלן, אין וועלכע דער פאַציענט שטאַרבט פון דער קראַנקייט, אָבער נישט פון דער גרויסער צאָל, וואָס האָבן זיך געגנצלעך אויסגעקורירט. די קרבנות און זייערע משפחות פאַרשווייגן עס. מיט טובערקולאָז שעמט מען זיך. עס האַנדלט זיך מערסטנס פון יונגע מענטשן און ס׳קאָן שאַטן צו אַ שידוך... און בנוגע קאַנסער וויל מען גלאַט אַזוי נישט דערמאָנען דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט.

יעדער איינער קאָן עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין שטימע. זיי רעדן מיט די ליפּן, מיט דער צונג, מיט די ציין און מיט דער צייט לערנען זיי זיך אויס אַרויסצובריינגען עפּעס אַ קלאַנג (די מעכטיקע קאַפּאַציטעט פונעם מענטשן זיך צוצופּאַסן!). דאָס זענען אַלץ מענטשן, וועמען מ׳האָט אָפּערירט אויף אַ קאַנסער אין קעל (לאַרינקס). דער דאָזיקער קאַנסער פון דער קעל איז אַביסל אייגנאַרטיק. ערשטנס האָט ער אַ טבע זיך נישט אויסצושפּרייטן אויף די דריזן אַזוי געשווינד ווי אַנדערע מינים, און צווייטנס האָט ער אַ פריען סימפּטאָם: דאָס קול ווערט שנעל פאַרענדערט. ער רעדט מיט צוויי קלאַנגען (ביטאָנאַל). דאָקטוירים דערקענען עס באַלד און אויף וויפל מיר איז באַוווסט, שטאַרבט שוין היינט קיינער נישט פון קאַנסער פון לאַרינקס. אַלע מינים קאַנסער פון דער הויט ווערן אויסקורירט אָדער דורך אויסשניידן, אָדער דורך ראַדיום, אָדער ראַדיאָטעראַפּיע. און וויפל בייזע טומאָרן פון מאָגן און לונגען ווערן אָפּערירט אין צייט מיט אַ פולקאָמער קוראַציע. און וויפל מיטליאָריקע יונגע דאַמען „טראָגן״ איין ברוסט אַ גומענע, אַ געקויפטע אין דער אָרטאָפּעדישער קראָם, וועלכע איז אַזוי פּערפעקט, אַז — קיין (בייז) אויג... דאָס זענען פרויען, וואָס זענען אין צייט אָפּערירט געוואָרן מיט געגנצלעכן דערפאָלג פון אַ קאַנסער אויף דער ברוסט. דאָ מוז די אָפּעראַציע זיין אַ פריע און פרויען דאַרפן וויסן, אַז די מינדסטע אומנאָרמאַלקייט אויף זייער ברוסט, ווי נישטיק דאָס זאָל זיך זיי אויסווייזן, מוז אונטערזוכט ווערן פון אַ דאָקטער כירורג.

מיר וועלן נישט אויסרעכענען היינט אַלע אַנדערע לאָקאַליזאַציעס פון קאַנסער, וואָס ווערן קורירט מיט דערפאָלג. זיי בילדן שוין אַ פיינעם פּראָצענט. און פּראָצענטן אין מעדיצין זענען נישט ווי פּראָצענטן ביי סוחרים. דאָ האַנדלט זיך אין לעבנס, אין מענטשלעכע לעבנס...

אָבער מיר וועלן דאָך דאָ נישט אויסשעפּן די טעמע. עס האַנדלט זיך דאָך נישט מער ווי וועגן דער גאַנצער מעדיצין...

דאָס קאַפּיטל טעראַפּעוטיק (רפואות) פאַרברייטערט זיך ב״ה פון טאָג צו טאָג און מיר מעגן האָפן, אַז שפּעטער מיט אַ צייט, וואָס איז נישט גרינג אויסצורעכענען, וועט די מעדיצין זיין אימשטאַנד צו באַהערשן אַלע, אָדער די גרעס־

טע צאָל קראַנקייטן. מיר זאָגן בפירוש: די מעדיצין און נישט די כירורגיע, ווייל אין תוך געמומען איז יעדער פאַל, ווו דער מעדיקער מוז אָנקומען צום כירורג, אַ דורכפאַל און אַפילו אַ בזיון פאַר דער מעדיצין. עס מיינט זיך מודה זיין, אַז קיין רפואה איז נישטאָ. כירורגיע קאָן נישט אָנגערופן ווערן מעדיצין. דאָס איז אַ קונסט פאַר זיך, אָבער אין בעסטן פאַל איז עס אַ פאַרשוועכונג פון דער הייליקייט פון מענטשלעכן גוף. אין בעסטן פאַל איז עס מוטילאַציע, איז עס שניידן, איז עס די שאַרף פון אַ מעסער אין אונדזערע צאַרטע געדערים.

# 5

## די מיקראָבן

איך וועל זיך אומקערן אַביסל צו די מיקראָבן. אַז די מיקראָבן זענען אונדזערע שונאים איז אַ וויסנשאַפטלעכער אמת (כאָטש עס זענען נישט פאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע „אמתן״, וואָס זאָלן זיך בייטן אַזוי אָפט ווי די וויסנשאַפטלעכע). טאָ לאָמיר זיין פאָרזיכטיק און זאָגן, אַז ד ע ר ו ו י י ל איז עס אַ וויסנשאַפטלעכער אמת.

פילאָזאָפן זאָגן: „דערקען זיך אַליין״. מיליטערישע סטראַטעגן, להבדיל, זאָגן: „דערקען דיין שונא, וועסטו אים קענען באַקעמפן!״. זענען טאַקע אונטערגעקומען פאָלקס־חכמים און האָבן געזאָגט: „היט מיך גאָט פון מיינע פריינד, ווייל פון מיינע שונאים וועל איך זיך אַליין היטן״...

הכלל, די מיקראָבן זענען, לויט אַלע באַווייזן, אונדזערע שונאים און מיר וועלן זיך היינט באַקענען מיט זיי אַביסעלע נעענטער.

עס איז נישט איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַ וו ע ל ט פון מיקראָבן, וואָס ווערן געבוירן, פרוכפערן זיך און שטאַרבן אין די מילי־מיליאָסן. און זאָל מיך דער השי״ת נישט שטראָפן פאַר דעם פאַרגלייך: זיי, די מיקראָבן, זענען בוכשטעבלעך דאָ אומעטום, פונקט ווי גאָט... און זיי קאָנען דערגרייכן און שטראָפן אומעטום, פונקט ווי...

זיי געפינען זיך אויף דער אויבערפלאַך און אין דער טיפעניש פון דער ערד; אויף דער אויבערפלאַך און אין די טיפענישן פון די וואַסערן; אין אַלע הויכקייטן פון דער לופט, אין רוים, הייסט עס, און מסתמא אַפילו אין הימל, פונקט... אָבער די פון הימל זענען פאַר אונדז נישט געפערלעך; זיי דערגרייכן נישט צו אונדז...

און אַחוץ די מילי־מיליאָסן מיקראָבן, וואָס מיר קענען, זענען פאַראַן נאָך... די אַנדערע זענען אַזוי קליין, אַז דאָס גלאָז פונעם מיקראָסקאָפּ איז נישט גענוג שטאַרק, כדי מיר זאָלן זיי קאָנען זען. אָט־די דאָזיקע מחבלים, וואָס מיר קענען

זיי נאָר דורך די קראַנקייטן, וואָס זיי זאָלן דאָס זיין די פּאַראַוורזאַכער, אַזעלכע ווי מאַזלען, שקאַרלאַטין, קינדער־פּאַראַליז און נאָך און נאָך, מיט זיי האָט די מעדיצין געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס זי טוט מיט אַלע אַנדערע קראַנקייטן, וואָס זי קאָן נישט דערקלערן אָדער היילן: זי האָט זיי אַ נאָמען געגעבן... דער דאָזיקער נאָמען איז גוט באַקאַנט: „ווירוס" הייסט ער. ווירוס איז זייער אַ פּאָפּולער און באַקאַנט וואָרט צווישן דאָקטוירים. דאָקטוירים זאָגן עס אַרויס מיט אַזאַ היי־מישקייט, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט אַ שטייגער פון מערידן. אָבער עס איז דאָס אומבאַקאַנטסטע וואָרט אין דער מעדיצין... כמעט גאָרנישט ווייסט מען וועגן ווירוס. בלויז דעם נאָמען זייַנעם ווייסט מען.

מיט פּ אַ ס ט ע ו ר ן, אין דער צווייטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט דער מענטש אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן די דאָזיקע קליינע באַשעפענישן. און זינט דעמאָלט איז זיי נישטאָ וואָס מקנא צו זיין, די דאָזיקע באַשעפענישן. נישט נאָר האָט דער כיטרער מענטש אויסגעפונען ווי אַזוי זיי צו פאַרניכטן אין אַ קאָלאָסאַלער צאָל, נאָר ער נוצט אויס זיי אַליין צוצוגרייטן וואַקסינען און סערומס זיי אַליין צו צעשטערן. זיי אַליין האָבן געגעבן דעם מאַטעריאַל זיי צו קאָנען פאַרניכטן.

דורכן מיקראָסקאָפּ זעט מען זיי ווי קליינינקע שטעקעלעך די לענג ווי אַ האַלב טויזנטל פון אַ מילימעטער. עס זענען אויך פאַראַן „גרויסע" מיקראָבן, וואָס האַלטן גאַנצע צוויי טויזנטל פון אַ מילימעטער. אַנדערע זענען קיילעכ־דיקע. זיי ווערן אָנגערופן „קאָקאָס" (גאָנאָקאָקן, נעומאָקאָקן). געוויינלעך זענען זיי קאָלירלאָז. מען מוז זיי פאַרבן מיט אַנילין־קאָלירן, כדי זיי צו קאָנען זען אונטערן פאַרגרעסער־גלאָז. זיי באַוועגן זיך אין זייער סביבה מער אָדער ווייניקער לויט די מינים.

זיי מערן זיך ווי די געוויינלעכע צעלן אָדער קעמערלעך. די יונגע פאָרמען (ספּאָרן) האָבן אַ גרויסע רעזיסטענץ. זיי לעבן אַ לאַנגע צייט און אַ סך פון זיי זענען אימשטאַנד אַרויסצורופן די קראַנקייט נאָר אין אַ באַשטימטער צייט פון יאָר. דערפאַר האָבן מיר די סעזאָן־קראַנקייטן. די מיקראָבן געהערן נישט אַלע צו דעם קעניגרייך פון די בעל־חי. אַ סך פון זייערע מינים געהערן צו די פלאַנצן. דער קאָך־באַציל (טובערקולאָז) געהער צו די לעצטע.

מיקראָבן קאָנען בלייבן לעבן אין די אומגלויבלעכסטע באַדינגונגען. עס איז באַוווסט, אַז פון דער זריעה פון ווייץ, וואָס איז געפונען געוואָרן אין די עגיפּטישע סאַרקאָפאַגן (ווו עס ליגן די מומיעס), האָבן געקאָנט אַרויסשפּראָצן ביי זאַנגען, נאָכדעם ווי זיי זענען טויזנטער יאָרן געווען באַגראָבן. ס'זענען באַ־קאַנט שרעקלעכע עפּידעמיעס פון כאָליערע און פּאָקן נאָכדעם ווי אין געוויסע שטעט האָט מען איבערגעפּירט אַלטע בית־עלמינס, ווו די לייכעס זענען גע־

לעגן ביי די הונדערט יאָר און האָבן געהערט צו מענטשן, וואָס זענען געשטאָרבן ביי אַזעלכע עפּידעמיעס.

עס זענען פאַראַן מיקראָבן, וואָס קאָנען נישט לעבן אָן דער לופט. אַנדערע ווערן פאַרניכטעט אין קאָנטאַקט מיט דער לופט.

אין דער לופט, וואָס מיר אָטעמען, געפינען זיך אָן אַ שיעור מיקראָבן. זיי לעבן אין גרויסע צאָלן אין די פייכטע ווינקלעך, פייכטע און פינצטערע. זיי ווערן זעלטענער אין די העכערע געביטן פון דער לופט, צ״ב אויף די הויכע בערג, אָדער אין די ווייטערע שטראָמען פון ים. אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד לעבן די מיקראָבן פונעם באַקאַנטן קאַרבונקל, טעטאַנוס. כמעט יעדע ווונד, וואָס ווערט פאַראומרייניקט מיט שטויב, רופט אַרויס דעם שרעקלעכן טעטאַנוס. פון דער אינפעקציע ביז צום מאָמענט ווען די קראַנקייט באַווייזט זיך (אינקובאַ־ציע), געדויערט אַ וואָך. פאַר דער תקופה פון דער אַנטיסעפּציע פלעגן קראַנק ווערן אויף טעטאַנוס די ניי־געבוירענע קינדער, ווייל ביים געבורט פלעג דער נאָפּל פאַראומרייניקט ווערן מיט שטויב. דערפאַר פלעג מען די קראַנקייט רופן „על מאַל דע לאָס סיעטע דיאָס״ (די קראַנקייט פון די זיבן טעג). אַמאָל פלעגן אַלע טעטאַנוס־קראַנקע שטאַרבן. היינט היילט זיך אויס אַ גרויסער פּראָצענט.

אין וואַסער (אומריינעם) לעבן די באַצילן פון טיפוס. אין די אָנגעזאַמלטע וואַסערן אויף די נידעריק־ליגנדיקע פעלדער לעבט דער שרעקלעכער „אַנאָפעלעס״, וואָס טראָגט איבער מאַלאַריע (קדחת) פון איין מענטש צום צווייטן.

אַ סך מיקראָבן קענען לעבן אין אַזאַ קאַלטער טעמפּעראַטור ווי 120 גראַד אונטער נול. אַנדערע קאָנען איבערטראָגן זידיקע וואַסער.

עס איז אַ סברה, אַז אַ היץ פון 140 גראַד צעשטערט די מערהייט פון זיי, אָבער נישט אַלע.

ווייזט אויס, אַז די גרעסטע שוועריקייט צו פאַרניכטן דעם קאָך־באַציל באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז איינגעוויקלט אין אַ דינינקער הויט פון וואַקס און די אַנטיסעפּטישע מיטלען קאָנען צו אים נישט צוקומען. אַלע שפּייזן: די מילך, די שאָלעכץ פון די פּרוכטן אַנטהאַלטן אין זיך באַצילן. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן די מעבל, טעפּיכער און אַלע שטוב־קעגנשטאַנדן. אין די נאָזלעכער און אין מויל; ביי די קראַנקע ציין — אומעטום זענען זיי דאָ.

אָבער דער מיקראָב איז גאָרנישט. דער עיקר איז דער באָדן, דער אָרגאַ־ניזם, האָט עמיצער געזאָגט.

דאָס איז כמעט אַ קיילעכדיקער אמת.

ווען דער אָרגאַניזם איז אין אָרדענונג: ריין, געזונט, גוט דערנערט, אויס־געערוט, קלעפּן זיך שווער צו אים די קראַנקייטן. משמעות, אַז דאָ געפינט זיך דער סוד דערפון, פאַרוואָס תמיד טרעפט מען זיך אָן מיט מענטשן, וואָס האָבן

זיך „אויסגעדרייט" פון פאַרשידענע עפּידעמיעס. די גריפּע אַריינגערעכנט. גריפּע איז דאָך די פאַרשפּרייטסטע פון אַלע עפּידעמיעס.

די מיקראָבן דרינגען אַריין אין אונדזער קערפּער דורך פאַרשידענע „טירן", ווען די דאָזיקע עפענונגען ווערן פאַרנאַכלעסיקט, נישט געהאַלטן זויבער. דורך אַ געזונטער הויט אָדער אַ געזונטער שליימהויט קאָנען זיי נישט אַריינדרינגען.

די דאָזיקע „אַריינגאַנגס־טירן" זענען די הויט, די וואָרצלען פון די האָר, נאָזלעכער, מויל, געשלעכטס־אָרגאַנען (ביי פרויען און מענער) אאַז"וו. דאָס האַלטן פולקאָם ריין די דאָזיקע אַלע געביטן איז אָן צווייפל די בעסטע פּראָפי־לאַקטיק קעגן די קראַנקייטן. אַ געקליבענע, ריינע און גוטע באַשפּייזונג איז אַ גרויסער צוגאָב דערצו.

מענטשן האָבן אָפט מורא פאַר אַביסל ווייַן, פאַר פליישׁ וכדומה, ווייל זיי ווילן זיך „אָפּהיטן". דאָס זענען נייטיקע שפּייזן. מען דאַרף זיי באַנוצן, אָבער מיט אַ מאָס.

אַ צווייטער צומאָל פאַטאַלער פעלער ווען מען איז שוין קראַנק, איז זיך איינצורעדן, אַז „עס איז גאָרנישט"; „עס וועט איבערגיין". דער גרינגסטער קאַמף קעגן אַ שלאַפקייט איז דער, ביי וועלכן דער מיקראָב ווערט אַטאַקירט גלייך נאָכדעם ווי ער איז אַריינגעדרונגען אין קערפּער, ווען ער האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו פּרוכפּערן און צעשפּרייטן. וויפל „חכמים" אַזעלכע באַצאָלן מיט זייער לעבן פאַר אָפּלייגן, ווייל זיי „האַלטן נישט פון דאָקטוירים". פון די דאָק־טוירים מעג מען טאַקע נישט האַלטן, אָבער פון דער מעדיצין... דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. דערווייל שטייט נאָך איין די מעדיצין ביי דאָקטוירים... און באין ברירה...

די מערסטע טייל אַנטימיקראָביאַנישע מעדיקאַמענטן (פּעניסילין אאַז"וו) פאַרניכטן נישט דירעקט דעם מיקראָב (באַקטעריאָליסיס), נאָר זיי מאַכן דעם באָדן (אָרגאַניזם) אומגינסטיק פאַר זיין עקזיסטענץ (באַקטעריאָסטאַטיק) און אַזוי ווערט ער פאַרניכטעט. די ווייסע צעלן פון אונדזער בלוט (פאַגאָציטן) נעמען אין זיך אַריין די מיקראָבן און צעשטערן זיי. אָבער דאָס קאָן געשען, ווען די מחבלים זענען נישט פאַראַן אין אַ זייער גרויסער צאָל. ד י ק ל אָ האָט דערפאַר אָנגערופן די ווייסע צעלן „די אינערלעכע פּאָליציי פון אונדזער אָר־גאַניזם". אָבער נאָר ביי אַ געזונטן מענטשן, אַזעלכער, וואָס היט אָפּ אַלע הי־גיענישע כללים. נאָר ביי אים זענען די ווייסע קייקעלעך אימשטאַנד אויסצו־פירן בשלימות זייערע פּאָליציי־פונקציעס.

הכלל, דער באָדן, דער אָרגאַניזם און נאָכאַמאָל דער אָרגאַניזם.

אַ גוטער ערדאַרבעטער, וואָס וויל האָבן אַ גוטן שניט, היט אָפּ זיין באָדן,

זיין ערד, זיין גאָרטן. אונדזער אָרגאַניזם איז אונדזער אומאָפּשאַצבאַרער גאָרטן...

אפשר ליגט דאָ דער גאַנצער סוד פון אונדזער געזונט.

לאָמיר אויך נישט פאַרמאַטערן דעם באָדן פון אונדזער גאָרטן. לאָמיר פון אים נישט פאָדערן מער וויפל ער קאָן אונדז געבן.

הכלל, לאָמיר נישט פאַרמאַטערן אומזיסט און אומנישט אונדזערע מוס־קולן, אונדזער מאָגן, לעבער, מוח...

## קאַפּיטל V

# די ערשטע הילף

## 1

עס זענען פאַראַן קראַנקייטן, וואָס פאָדערן מעדיצינישע הילף באַלד, די ערשטע מינוט.

דאָס לייזן די דאָזיקע שווערע פּראָבלעם פון שנעלער הילף פאַר דער באַ־פעלקערונג פון שטאָט אָדער פון פעלד איז די גרויסע זאָרג פון די סאַניטאַרישע באַהערדן פון יעדן לאַנד. אין די שטעט איז די „שנעלע הילף״ מער־ווייניקער אָרגאַניזירט. אָבער עס פעלט נאָך אַ סך ביז זי זאָל זיין פולקאָם און זאָל קאָנען טאָן וואָס ס׳איז נייטיק צו דער ריכטיקער צייט. אָבער תמיד וועט בלייבן אַ מער־ווייניקער קורצער צייט־אָפּשניט ביז די מעדיצינישע הילף וועט קומען ביז דער היים פון פּאַציענט וואָס איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אָדער האָט געליטן אַן אַקצידענט.

איך וועל פּרוּוון אויסרעכענען אַלע, אָדער כמעט אַלע, געלעגנהייטן ביי וועלכע עס איז נייטיק אַ שנעלע מעדיצינישע הילף און וואָס מען קאָן טאָן ביז דער מעדיקער אָדער „די גיכע הילף״ קומט.

איך וועל עס מאַכן אָן אַ באַשטימטן סדר, אָבער די קענטעניש וואָס יע־דער מענטש דאַרף באַקומען פאַר אַזעלכע מאָמענטן וועלן דערפאַר נישט זיין קלענער.

ראשית כל, עטלעכע אַלגעמיינע כללים: דאָס וויכטיקסטע איז **זיך נישט פאַרלירן** אין אַזאַ מאָמענט, נישט פאַרלירן די רואיקייט, כדי נישט צו פאַרערגערן די לאַגע. אין דער זעלביקער צייט, ווען עמיצער לויפט צום טעלעפאָן כדי צו רופן דעם דאָקטער אָדער אַ סך, אַ סך בעסער „די שנעלע הילף״ (ביי אונדז — די „אַסיסטענסיאַ פּובליקאַ״, וועמענס טעלעפאָן־נומער עס דאַרף זיך געפינען צו דער האַנט אין יעדער שטוב און נאָך מער אין יעדער שטוב,

ווו עס געפינט זיך אַ קראַנקער — אַ כראָנישער צי אַ שאַרפער), מחמת די לעצ־טע ברענגט מיט זיך אַלע מעדיקאַמענטן און מכשירים וואָס נייטיקן זיך ביי פאַלן פון שנעלער הילף און דער פריוואַטער דאָקטער האָט זעלטן ביי זיך אַ גרעסערע צאָל אַזעלכע מעדיקאַמענטן. מ׳דאַרף אויך צוגעבן, אַז עס זענען שוין לאַנג אַוועק די צייטן אין וועלכע עס פלעגן זיין מעדיצין־סטודענטן די וואָס קומען מיט דער שנעלער הילף, איצט קומען דורכאויס דאָקטוירים און אָפּטמאָל גאַנץ דערפאַרענע. עס דאַרף פאַרשווינדן ביי דער באַפעלקערונג דער רעלאַטי־ווער פאַראורטייל קעגן דער אָפּיציעלער שנעלער הילף.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז די פאַציענטן זאָלן האָבן מער צוטרוי צו זייער פריוואַטן דאָקטער, אָבער אין דרינגענדיקע פאַלן און איבערהויפּט ביי־נאַכט נייטיקט זיך צומאָל דער קראַנקער אין שנעלער מעדיצינישער הילף און נישט אין אַ באַשטימטן דאָקטער. די דאָזיקע הילף מעג מען אַפילו באַקומען דורך אַ קראַנקן־שוועסטער אָדער אַן אַפּטייקער וואָס וווינען אין זעלבן הויף. ביז דער דאָקטער וועט קומען קאָן זייער הילף זיין פונדאַמענטאַל און דעצידירנד צווישן לעבן און טויט. די דאָזיקע געהילפן פון דער מעדיצין — אַפּטייקערס און קראַנקן־שוועסטער — ווייסן תמיד, מער־ווייניקער, וואָס מען דאַרף אָדער מען קאָן טאָן ביז דער דאָקטער וועט קומען. זיי קאָנען נאָר זיין נוצלעך און קיינמאָל נישט שעדיקן. זיי האָבן דערצו די געהעריקע קענטענישן.

אָבער וואָס דאַרף מען דאָך טאָן ביז דער דאָקטער אָדער אַן אנדער מעדי־צינישע הילף קומען אָן?

דערווייל וועל איך זאָגן זאָגן וואָס מען דאַרף נ י ש ט טאָן. מען דאַרף נישט געוואַלדעווען, מען דאַרף נישט שרייען און נישט יאָמערן און נישט אָנ־פילן מיט מענטשן דעם צימער ווו דער קראַנקער ליגט. דאָס מוז ווירקן זייער שלעכט אויף אים. מען דאַרף זיך אָנשטרענגען צו ווייזן דעם פאַציענט אַ רואיק פנים און אים מונטערן מיט די געהעריקע ווערטער. ווען דער קראַנקער באַמערקט אַז אַרום אים איז רואיק, מונטערט עס אים. עס באַרואיקט און שטאַרקט אים.

וואָס מען דאַרף יאָ טאָן וועל איך פרווון אָנווייזן ביי יעדן פאַל באַזונדער.
איך וועל אָנהייבן מיט זייער אַ געוויינלעכן פאַל:

ח ל ש ו ת : חלשן איז זייער אַ געוויינלעכע זאַך. עס חלשן ווייבער ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. עס חלשן אויך מענער, אָבער ווייניקער. חלשן איז אַזאַ היימישע זאַך, אַז דער עולם נעמט עס צומאָל נישט ערנסט. און עס פעלן נישט קיין גלייכווערטלעך אויפן חשבון פון די וואָס האָבן אַ טבע צו חלשן: „חלש נישט, ווייל איך האָב נישט קיין קאַלט וואַסער". דאָס וואָרט חלשן איז בכלל אַריין טיף אין דער שפּראַך: „עס חלשט מיר דאָס האַרץ", וכדומה. אָבער גע־ווינלעך חלשט מען גאַנץ זעלטן. איך מיין באמת חלשן. ווייל עס זענען פאַראַן

פרויען, נערוועזע, וואָס חלשן זייער אָפט, אָבער דאָס איז נישט געחלשט. עס איז נאָר אַן אָנשטעל. אַנדערע מיינען באמת, אַז זיי חלשן, אָבער עס איז נישט אַזוי.

חלשן האָט צו טאָן מיט אַ נערוון־שאָק און קיינמאָל נישט מיטן האַרץ, ווי דער עולם מיינט. דאָס קאָן קומען ביי זייער פאַרשידענע געלעגנהייטן: ביי באַנקעטן, ווען מ׳טרינקט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען אָדער אַ געמיש פון די זעלביקע ביי מענטשן, וואָס זענען נישט געוווינט דערצו; נאָך אַ שרעק: ביי אַ קריגעריי, בפרט ווו די נערוון ווערן זייער אָנגעשטרענגט. ס׳פאַרשטייט זיך, אַזאַ אַזאַ זאַך קומט פאָר אָפטער ביי מענטשן, וואָס ליידן פון פאַרשידענע כראָנישע קראַנקייטן: בלוט־אָרעמקייט, באַדייטנדיקע שוואַכקייט דורך אָנשטרענגונגען, שלעכטע ידיעות, גוטע ידיעות, וכדומה.

די דאָזיקע פּערזאָן פּילט זיך פּלוצים נישט גוט, ווערט בלייך — דאָס איז דער וויכטיקסטער אויסערלעכער סימן. דאָס דערשיינט נישט אַזוי פּלוצלינג, אַז דער מענטש זאָל אומפאַלן. ער זעצט זיך אָבער גלייך אַוועק. מען קאָן אים לאָזן זיצן און אָנבייגן זיין קאָפּ שטאַרק, בשעת מען באַשפּריצט זיין פּנים מיט קאַלט וואַסער. אויב מ׳לייגט אים אַריין אין בעט, דאַרף ער ליגן אָן אַ קישעלע צוקאָפּנס. דער מענטש ליגט אַזוי אומבאַוועגלעך, בלייך, באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס און עס איז אים זייער שווער צו רעדן. מען דאַרף אים נישט מאַטערן מיט קיין געוואַלדן און געשרייען. אויב מעגלעך אים געבן אויסטרינקען אַביסעלע הייסע קאַווע און אַ 30 אָדער 40 טראָפּנס קאַראַמין. עס איז נישט איבעריק, אויב מעגלעך, עטלעכע טראָפּן אַלקאָהאָל (קאָניאַק, וויסקי, רום אָדער אַן אַנדער משקה). מען דאַרף דעם מענטשן אָנוואַרעמען שנעל מיט אַלע מעגלעכע מיטלען.

געוויינלעך קומען די מענטשן צו זיך גאַנץ שנעל, איידער דער דאָקטער אָדער די גיכע הילף קומען. זיי מאַכן אין אַזאַ פאַל אַן אינזשעקציע פון קאַפעין אָדער קאַראַמין. אַזאַ עפּיזאָד שוואַכט אָפּ דעם פּאַציענט אויף עטלעכע טעג. ער דאַרף אַלזאָ בלייבן אין בעט אַ פּאָר טעג און זיך לאָזן גענוי אונטערזוכן פון זיין דאָקטער צו באַשטעטיקן צי ער ליידט נישט אויף עפּעס אַ קראַנקייט.

ווייטיקן: אַן אַ שיעור קראַנקייטן הייבן זיך אָן מיט אַ ווייטיק. איך וועל זיך אָבער דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף אַ געוויסער צאָל כאַראַקטעריסטישע ווייטיקן און באַזונדער שטאַרקע. די מילדע ווייטיקן פאַרשווינדן דאָך מיט אַ פּשוטער אַספּירין.

עס איז פאַראַן אַ ווייטיק אין ברוסטקאַסטן, אין דער נידעריקער טייל. אַ ווייטיק וואָס גייט פון דער פּלייצע צו דער פאָדערשטער זייט פון ברוסטקאַסטן. דאָס זענען די ווייטיקן מיט וועלכע עס הייבן זיך אָן די קראַנקייטן פון

דער פלעוורע (יידיש־דייטש אָדער דייטש־יידיש — ריפנפעל), ד״ה ווען עס דאַרף דערשיינען וואַסער אין דער זייט. נאַטירלעך אַז דאָס „וואַסער״ איז נישט קיין וואַסער. דער זעלביקער ווייטיק דערשיינט ביי די וויכטיקערע לונגען־אָנט־צינדונגען (פנעומאָניע). דאָס זענען צומאָל זייער שרעקלעכע ווייטיקן, כמעט אומדערטרעגלעכע און עס איז זייער שווער פאַרן פּאַציענט צו וואַרטן אויפן דאָקטער.

עס איז נישט פאַראַן קיין ווייטיק צו וועלכן מען זאָל נישט טאָרן נעמען קיין אַספּירין אָדער בעסער קאַפּיאַספּירין. מען דאַרף נאָר האָבן אין זינען זי נישט נעמען אויף אַ ליידיקן מאָגן און נישט מישן מיט סאָדע (ביקאַרבאָנאַט). מיט די דאָזיקע צוויי פאַרזיכטס־מיטלען איז אַספּירין די אומשולדיקסטע פון אַלע מעדיקאַמענטן. ס׳איז נישט אמת, אַז האַרץ־קראַנקע טאָרן זי נישט איינבעמען אָדער אַז זי שוואַכט אָפּ דאָס האַרץ. דאָס איז איינע פון די טויזנט און איינס זאַכן, וואָס דער דאָקטער דערוויסט זיך פון זיי דורך די פּאַציענטן.

נאָך איין איינרעדעניש, וואָס צירקולירט, איז צ״ב, אַז פּעניסילין ברענגט אַנעמיע. דאָס איז אויך נישט אמת.

אַספּירין איז נישט קיין מעכטיק מיטל קעגן אַ ווייטיק און איז איבער־הויפּט אוממעכטיק קעגן אַזאַ שטאַרקן ווייטיק ווי דער פון וועלכן עס רעדט זיך דאָ. אָבער עס איז נוצלעך צו נעמען איינע אָדער צוויי טאַבלעטן ביז דער דאָק־טער וועט קומען און שטעלן אַ אינזשעקציע פון מאָרפין, וואָס איז אָנגעוויזן אין אַזאַ פאַל. אָבער ביז די אינזשעקציע וועט קומען דאַרף מען נעמען אַספּי־רין, דערהאַלטן די כוחות מיט משקה און הייסע קאַווע.

די דאָזיקע ווייטיקן זענען זעלטן געפערלעך, דער קראַנקער ליידט זייער אָבער ער טראָגט זיי איבער.

אַן ענלעכער ווייטיק אין דער ברוסט דערשיינט פּלוצלינג ביים ספּאָנטאַנעם נעומאָטאָראַקס, באַגלייט מיט לופט־נויט אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס.

אַן אַנדער ווייטיק איז דער, וואָס דערשיינט אַביסל העכער, איבערהויפּט פון פאָרנט און דערגרייכט ביז דער לינקער האַנט. דאָס זענען די ווייטיקן פון ברוסט־אַנגינע. זיי זענען זייער שווערע ווייטיקן, אַנגסטלעכע און פּיינלעכע. דאָס באַרואיקונגס־מיטל דאַרף דאָ קומען שנעלער. אַזעלכע קראַנקע דאַרפן תמיד האָבן אין שטוב אַ קעסטעלע „ספּאַסמאַלגינע״ און ווען דער ווייטיק איז נאָר אַביסעלע שטאַרקער, דאַרף עמיצער שנעל אים מאַכן די אינזשעקציע. אין די דאָזיקע פאַלן איז וויכטיק, צומאָל דעצידירנד, דאָס שטילן דעם ווייטיק אומ־פאַרזאַמט.

## 2

אונדזער ברוסטקאַסטן איז אַ גרויסער טייל פון אונדזער קערפּער. די ריפּנ־בויגנס גיבן אים זיין קיילעכדיקע פאָרם. אונטן, דער רוקנביין, וואָס איז טאַקע דער „רוקנביין" נישט נאָר פון ברוסטקאַסטן, נאָר פון גאַנצן קערפּער, ד״ה פון גאַנצן סקעלעט. פון פאָרנט שליסן זיך די ריפּן דורך אַ ביין וואָס הייסט „עס־טערנאָן", (ברוסטביין). דער דאָזיקער ביין ענדיקט זיך אונטן מיט אַ קיילעכדיקן שפּיץ וואָס יידישע פּאַציענטן רופן אָן „דאָס לעפּעלע". דאָס דאָזיקע „לעפּעלע" ווערט אָפט דערמאָנט ווען די קראַנקע ווילן אָנווייזן ווו עס טוט זיי וויי ווען עס האַנדלט זיך פון מאָגן־ווייטיקן. „עס טוט מיר וויי אונטערן לעפּעלע", אָדער „עס שפּאַרט מיך אונטערן לעפּעלע".

פאַרשטיין די פאַרשידענע און צאָלרייכע אויסדרוקן וואָס יידן פון פאַר־שידענע לענדער באַנוצן ביים פאַרציילן זייערע ליידענישן, דאַרף מען זיין אַ גאון אין יידישע דיאַלעקטן. די בעסאַראַבער זאָגן: עס מילייעט מיר אונטערן האַרצן. אונטערן האַרצן מיינט מען ביים מאָגן. עס איבלט אים, וואָלט דאָס גע־הייסן, ביי די פּוילישע יידן הייסט עס: עס גייט מיר קאַפּויר ביים מאָגן. די רוסישע יידן זאָגן „מיליאָשטשעס". איך האָב „מיליאָשטשעס" ביים האַרצן. דאָס האַרץ איז תמיד דער רעפערענץ־פּונקט: ביים האַרץ, אונטערן האַרץ. דער מאָגן געפינט זיך באמת אַביסעלע נידעריקער פון דעם האַרץ, איז אָפּגעטיילט פון אים דורך אַ מוסקול, דער „דיאַפראַגמע", וואָס איז די ווייכע און באַוועגלעכע וואַנט, וואָס טיילט אָפּ דעם ברוסטקאַסטן פון בויך. ווען דער מאָגן ווערט צע־צויגן פון גאַזן, שטויסט ער אַרויף דעם שפּיץ פון האַרץ. די פּאַציענטן פילן דערביי פאַרשידענע שטערונגען — דאָס מאָל שוין „ביים" האַרצן. דאָס זענען די אַזויגערופענע פאַלשע ברוסט־אַנגינעס. פאַרבייגייענדיק: דער מאָגן ווערט פול מיט לופט אָדער גאַזן, אָפטער מיט פּשוטער לופט. אַ סך נערוועזע מענטשן שלינגען לופט אינאיינעם מיט די שפּייזן, פאַרשטייט זיך אַז דאָס קומט פאָר אומ־באַוווסטזיניק, אָבער נאָכן עסן פילן זיי זיך זייער פול און נישט גוט „אונטערן לעפּעלע" ביז דער גרעפּץ, וואָס איז דאָס מאָל אַ אמתדיקער דערלייזער, קומט אָן און די לופט גייט אַרויס פון מאָגן דורכן מויל. דער גרעפּץ איז די איינציקע פאָרמע זיך צו באַפרייען פון דער לופט וואָס פילט אָן דעם מאָגן. פּאַציענטן מיי־נען געווייינלעך אַז עס האַנדלט זיך פון אַן ערנסטער זאַך.

דער גרעפּץ איז אַן אומאַנגענעמער סימפּטאָם און האָט אויך אַ מין סאָ־ציאַלן אַספּעקט. אַ סך מענטשן וואָס גרעפּצן נאָך דעם עסן ווילן בשום אופן נישט עסן אין געזעלשאַפט. זיי שעמען זיך מיט דעם דאָזיקן סימפּטאָם און אין אַ געוויסן זין איז דאָ מיט וואָס זיך צו שעמען. עס גרעפּצן געווייינלעך די מענטשן

וואָס עסן שנעל און שלינגען גרויסע פּאָרציעס שפּייז. עס איז אָנגענומען אַז אַזוי עסן נישט דערצויגענע מענטשן אָדער זייער נערוועזע. מען וואָלט געקענט זאָגן אַז עסן אין אַלגעמיין איז אַ זאַך וואָס נישט יעדער קאָן. אַז מיר וועלן זיך גוט צוקוקן וועלן מיר גרינג אויסגעפינען, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן, גאַנץ געבילדעטע, וואָס עסן ווי חזירים, אַנדערע אין קעגנטייל, פיינשמעקערס, פאַרוואַנדלען דעם אַקט פון עסן אין אַ פיינעם, אַפילו עסטעטישן ספּעקטאַקל. עס איז נישט נייטיק זיך אָפּצושטעלן לענגער דערביי. מען דאַרף זיך נאָר דער־מאָנען אין די מענטשן וואָס ביים עסן בילדן זיי אַ גאַנצן אָרקעסטער. זיי זופּן די יויך אָדער די קאַווע מיט גרויס גערויש, יעדער שלונג זייערער איז מיט אַ קלינג. זיי שלוקערצן און גרעפּצן נאָכן עסן. און דאָס קומט פאָר מערסטנס אפשר ביי גאַנץ געבילדעטע מענטשן. די פאָרמען, דאָס אויסערלעכע לעבן איז ביי זיי גאָרנישט, דער עיקר איז דער תוך. די דאָזיקע מענטשן, די אינטעלעק־טואַלן, זענען כלומרשט אַזוי אַריינגעטאָן אין טיפע ענינים אַז זיי האָבן נישט קיין צייט צו וויסן אַז עסן איז אַ קונסט, אַז דער גאַנצער טיש מיט קאָלירפולע שפּייזן, גלעזער, סאַלפעטקעס, טישטוכער אאַז״וו בילדן אַ שיין ספּעקטאַקל וואָס איז אַ וויכטיקער טייל פון לעבן און איז, אין תוך, אַ צוגרייט און אַן אָנ־רעגונג פאַר גוטער און געגנצלעכער פאַרדייאונג פון די שפּייזן.

אַ פיין־געגרייטער טיש, מיט מענטשן וואָס ווייסן ווי אַזוי צו עסן איז אַ הויכער אויסדרוק פון ציוויליזאַציע. אַן אינטעלעקטואַל, וואָס עסט ווי אַ „חזיר״, איז אַ סינאָנים פון קולטור אָן ציוויליזאַציע...

ווייזט אויס, אַז מיין טבע זיך צו פאַרלירן אין זייטיקע טעמעס וועט שוין קיין רפואה נישט האָבן. מיר האָבן אָנגעהויבן מיטן ברוסטקאַסטן און זע־נען פאַרפאָרן צו דער אכילה, אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער וואָלט אויסגעטראַכט אויף מיר ווער ווייסט וואָס...

ביי די פאַרשידנסטע געלעגנהייטן און אַקצידענטן באַקומען מיר קלעפּ אין ברוסטקאַסטן. און די דאָזיקע קלעפּ טוען זייער וויי. און זיי טוען ווי וואָכנ־לאַנג, און דער עולם האָט מורא, שרעקט זיך און גייט מיט דעם אָפּט צום דאָקטער.

עס גייען אַרום ביים עולם פאַרשידענע השערות. משמעות, אַז איינעמס אַ באַקאַנטער האָט געקראָגן אַ קלאַפּ אין דער זייט, ד״ה אין ברוסטקאַסטן, און דער־נאָך האָט ער באַקומען אַ קאַנסער אויף דער לונג. אַ צווייטנס קרוב האָט גע־כאַפּט אַזאַ קלאַפּ און עס איז דערשינען טובערקולאָז אויף דער לונג פון דער זעלביקער זייט...

„וואָקס פאָפולי״... אַז מען קלינגט איז מן־הסתם חגא... אַביסל אמת איז פאַראַן דערביי. אין אונדזער לאַנד צ״ב זענען פאַראַן אַ סך יורידישע פּרעצע־

דענטן ביי וועלכע די ריכטער האָבן געמשפּט, אַז אין געוויסע פאַלן פון טובער־קולאָז ביי אַרבעטער, וואָס זענען דערשינען נאָך אַ קלאַפּ אין ברוסטקאַסטן ביי אַן אַרבעט־אַקצידענט, דאַרף דער אייגנטימער פון דער פאַבריק אים באַלוינען גלייך ער איז קראַנק געוואָרן אַלס אַ דירעקטע קאָנסעקווענץ פון אַן אַרבעט־אַקצידענט.

נאַטירלעך, אַז די דאָזיקע משפּטים ווערן אַרויסגעגעבן נאָך גרינטלעכע מעדיצינישע אויספאָרשונגען אין יעדן פאַל באַזונדער.

אָבער מען דאַרף צוגעבן: אַ קלאַפּ אויף דער ברוסט קען אַרויסרופן טו־בערקולאָז בעיקר אָבער נאָר ביי מענטשן, וואָס האָבן אַ באַדן דערצו. אָבער דאָס וואָלט געמיינט, אַז דער משפּט איז אַן אומגערעכטער, ווייל ווען נישט דער אַקצידענט וואָלט מן־הסתם דער מענטש נישט קראַנק געוואָרן, כאָטש זיין אָרגאַניזם איז אַזאַ, וואָס שאַפט אַ גינסטיקן באָדן.

עס איז, חוץ דעם, גאַנץ באַוווּסט און עס איז אַ קלאַסישער באַגריף אין מעדיצין, אַז ווען אַ קינד אין שולעלטער (די עלטער פון טובערקולאָז אין די ביינער און שלעסער) קריגט אַ קלאַפּ אין אַ קני, דערשיינט דאָרטן זייער אָפט טובערקולאָז אין דעם זעלביקן שלאָס.

די זאַך איז אַזוי אַרום נישט מאַטעמאַטיש באַשטעטיקט, ווי אַ סך זאַכן אין מעדיצין, אָבער עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך די דערשיינונג פון טובערקולאָז אַלס קאָנסעקווענץ פון אַ קלאַפּ.

מיטן קאַנסער אין קעגנטייל האַלט עס נאָך נישט אַזוי ווייט. קיין יורי־דישע פּרעצעדענטן זענען נאָך נישט פאַראַן. עס בלייבט אַ השערה, אַ מעדיצי־נישע השערה.

קיינער שטעלט זיך נישט פאַר ווי אָפט מענטשן פאַלן אום אין דער „באַ־ניאַדעראַ״ בשעת זיי באָדן זיך. עס גייט כמעט נישט אַוועק אַ וואָך, אַז עמיצער זאָל נישט קומען מיט צעקלאַפּטע זייטן, ווייל ער איז אומגעפאַלן אין דער וואַנע ביים באָדן זיך. דער קלאַפּ פאַלט דירעקט אויף די ריפּנבויגנס, וואָס זענען עלאַסטיש ווי יעדער בויגן. די ריפּ טראָגט איבער סיי דעם קלאַפּ, סיי אַ בייג. ביידע זאַכן טוען זייער וויי. ווען דער קלאַפּ איז אַביסעלע אַ שטאַרקערער, אַנט־שטייט אין דער ריפּ אַ בראָך. אָדער אין מינדסטן פאַל האָט די ריפּ „געפּיקעט״: אַ טיילווייזער בראָך, אַ בראָך וואָס האָט נישט געבראָכן די גאַנצע גרעב פון בויגן. דאָס טוט זייער וויי, הגם ס׳איז געוויינלעך נישט געפערלעך. געוויינלעך, אָבער נישט תמיד. ווייל ווען דער בראָך פאַרנעמט דעם גאַנצן בויגן, קאָן איין עק לע־כערן די פּלעוראַ און אַמאָל די לונג, און די לאַגע קאָן ווערן ערנסטער.

דער שטאַרקער ווייטיק, אין אַזעלכע פאַלן, דערשיינט געוויינלעך אַ דריי־פיר טעג נאָך דעם קלאַפּ. דאָס קומט פאַר אין די מילדע פאַלן און געוויינלעך דערפילט מען אים אין בעט ווען מען וויל זיך איבערדרייען. דער דאָזיקער ווײַ־

טיק דאַרף געשטילט ווערן מיט אַספּירין. מען קאָן נעמען ביז זעקס טאַבלעטן אין טאָג. אין דער מערהייט פאַלן דאַרף מען באַזוכן דעם דאָקטער. אַ ראַדיאָ־גראַפיע וועט באַווייזן צי עס האָט נישט געפּלאַצט אַ ריפּ. דאָס איז אויך נישט געפערלעך. עס איז אַ סך ווייניקער ערנסט ווי דער עולם מיינט. די באַהאַנדלונג פון אַ צעבראָכענער ריפּ באַשטייט אין שטילן דעם ווייטיק מיט אַספּירין און אין אַ באַנדאַזש פון דעם האַלבן ברוסטקאַסטן מיט קלעפּיקע באַנדאַזשן, וואָס נאָר דער דאָקטער אָדער אַ געניטע קראַנקן־שוועסטער קאָן מאַכן.

## 3

איך האָב אין פאַריקן קאַפּיטל געשריבן וועגן קלעפּ (טראַומאַ) אין די ריפּן־בויגנס, בשעת דעם באָדן זיך. ווען די ראַנד פון דער וואַנע וואָלט געווען אַ שאַרפע, וואָלט זיך תמיד געהאַנדלט פון ערנסטע שעדיקונגען פון די ריפּן. מען גליטשט זיך אויס אין דער וואַנע ביים אויפשטעלן זיך אָדער מען פאַלט אום גלאַט אַזוי — זי איז דאָך פול מיט זייף בשעת דעם באָדן זיך.

אין די מערסטע פאַלן ליידט די ריפּ אַ בייג און מען קומט אָפּ מיט אַ פּאָר וואָכן ווייטיק, מיט שרעק און מיט אַ לעקציע אין וועלכער מען וועט גאַנץ גיך פאַרגעסן: זייף איז צומאָל ווי פייער. שפּילט זיך נישט מיט זייף, ווייל אייערע ריפּן אָדער אייערע זייטן זענען אין געפאַר...

אַז מיר רעדן שוין פון דעם טעגלעכן באָד: עס איז פאַראַן אַ פאָראורטייל קעגן דעם באָד. כ'באַשטעטיק עס יעדן טאָג. ביי דער מינדסטער שטערונג אין געזונט שטעלט מען אָפּ דאָס באָדן זיך. מער „קולטורעלע" פּאַציענטן פרעגן אַלנפאַלס דעם דאָקטער צי זיי מעגן זיך באָדן. אָבער אַנדערע פרעגן נישט און צעשיידן זיך מיט דער וואַנע אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אַזוי טרעפט מען זיך פון צייט צו צייט מיט אַ פּאַציענט, וואָס האָט זיך נישט געבאָדן אַ צוויי אָדער דריי חדשים. דער תירוץ איז תמיד די מורא פאַר פאַרקילן זיך. וויפל נאַרישע זאַכן מענטשן טוען אָפּ כדי זיך נישט צו פאַרקילן. אָבער מערסטנס האַנדלט זיך עס פון קינדער, וואָס הוסטן איבער אַ פאַרלענגערטן בראָנכיט, וואָס דויערט שוין אַ פּאָר חדשים און די מוטער האָט זיי מורא צו באָדן. פאַר דעם בראָנכיט האָט זי יאָ מורא און ברענגט אים צום דאָקטער, אָבער פאַר די פאָלגן פון נישט באָדן אים אַ פּאָר חדשים האָט זי נישט מורא.

די זאַך איז אַזוי פשוט אַז עס איז מיר בפירוש אַביסעלע פריקרע זיך אָפּ־צושטעלן אויף דער נויטווענדיקייט פאַר קינדער און דערוואַקסענע זיך צו באָדן יעדן טאָג. פאַר אַ מענטש אָדער קינד, וואָס איז פאַרקילט, איז אַ הייס באָד אַ שטיק רפואה. מען קען זיך פאַרקילן ביי אַ קאַלטן באָד, אָבער בשום אופן נישט ביי אַ הייסן באָד.

מען מוז לײדער אָנערקענען אַז אין די שטעט האָבן נישט אַלע אײנוווי־נער די געהעריקע באַקוועמלעכקײט צו נעמען אַ באָד יעדן טאָג. אָבער דאָס קאָן נישט זײן קײן תירוץ. די הויט פון גאַנצן קערפּער — נישט נאָר פון פּנים — פאָדערט יעדן טאָג אַ גענויע רײניקונג. די פונקציעס פון דער הויט זענען פונ־דאַמענטאַלע. אין מעדיצין זאָגט מען אַז מען אָטעמט מיט דער הויט. בוכשטעב־לעך קומט אַזאַ זאַך נישט פאָר, אָבער מיט דעם וויל מען זאָגן אַז אַ רײנע הויט איז אַזוי פונדאַמענטאַל פאַרן געזונט ווי דאָס אָטעמען.

די אַמעריקאַנער כירורגן פון ברוסטקאַסטן זאָגן האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט, אַז אין אַמעריקע איז אַזוי אַרײַן אין דער מאָדע דאָס אָפּערירן די לונ־גען און אַרויסנעמען גאַנצע און האַלבע און שטיקער פון זײ, אַז די פּאַציענטן וועלן דאַרפן אָטעמען מיט דער הויט.

דורך די פּאָרן (מיקראָסקאָפּישע לעכעלעך) פון דער הויט גײען אַרויס פון קערפּער פאַרשידענע שעדלעכע סובסטאַנצן און איבערהויפּט איז פונדאַמענטאַל די פונקציע פון שוויצן. די שווייס־דריזן וואָס געפינען זיך אין דער הויט, פילן אויס אַ זײער וויכטיקע פונקציע. איך וואָלט געזאָגט, אַז מען אָטעמט נישט מיט דער הויט, אָבער מען איז משתין דורך דער הויט. אַזוי אַז זי איז ווינציקסטנס אַזוי וויכטיק ווי די נירן. עס איז גרינג זיך פאָרצושטעלן וואָס עס וואָלט געשען מיט אונדז ווען די ליטערס וואַסער, וואָס מיר טרינקען אויס טעגלעך אין די זו־מער־חדשים, וואָלטן באַלד נישט אַרויס פון אונדזער קערפּער מיטן שווייס. דאָס שוויצן זומער־צײַט מאַכט, אַז אונדזערע נירן זאָלן רוען. יעדער אײנער האָט דאָך זיכער באַמערקט, אַז זומער לאָזט מען אַ סך ווייניקער השתנה ווי ווינטער. דאָס זענען אונדזערע שווייס־דריזן, וואָס זענען טעטיק.

אַוודאי וועלן זיך אַ סך פון מײנע לײענער דערמאָנען אין זײערן אַ באַ־קאַנטן אָדער קרוב, וואָס באָדט זיך זײער זעלטן און דאָך לעבט ער... דערפאַר וועל איך זיך פאַרטײדיקן. איך האָב אויך געקאָנט אײנעם אַזעלכן. עס איז כדאי אַז מײנע לײענער זאָלן זיך באַקענען מיט דעם דאָזיקן „פאַל״, ער איז סײ אינטע־רעסאַנט, סײ באַלערנד...

עס האַנדלט זיך פון אײנער פון מײנע ווײטסטע געדעכענישן. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד, אָבער איך געדענק עס גאַנץ גענוי. מײן פאָטער ע״ה האָט זיך געהאַט, ווי יעדער קאָלאָניסט, זײן גוי וואָס פלעג אַרבעטן בײ אונדז אין פעלד, איבערהויפּט אין שניט־צײַט. דאָן כאַימע האָט געהײסן דער דאָזי־קער אַלטער גוי. ער פלעגט זיך באַרימען מיט צוויי זאַכן:

ראשית, איז ער קײנמאָל נישט נאָכגעלאָפן נאָך אַ באַבאָרדטן קאָלאָניסט מיטן מעסער אין האַנט אים צו שטעכן, ווי עס פלעגט פאָרקומען נישט זײער זעלטן אין די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע, און צווייטנס — אַז ער האָט

זיך קיינמאָל נישט געבאָדן (ער איז אַלט געוועזן כמעט 80 יאָר). אָבער, ווי אַזוי האָט דאָן כאַיִמע געענדיקט זיינע לאַנגע יאָרן? ער איז נעמלעך דערטרונקען געוואָרן! איך געדענק עס, גלייך ווי עס וואָלט געוועזן אַ חלום: עס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, מען האָט געענדיקט די אַרבעט און ער האָט באַדאַרפט גיין אַהיים. ער האָט געוווינט אין אַ ביידל, ראַנטשאַ, בלע״ז, אַ פּאָר קילאָמעטער פון אונדז. אָבער צווישן אונדז און זיין כאַטקע איז געווען אַ טייכל. עס האָט יענעם טאָג שרעקלעך געשטורעמט און גערעגנט, דאָס טייכל האָט געקראָגן אַ סך וואַסער און ווען דער גוי האָט עס געוואָלט אַריבערגיין, האָט אים דער שטראָם מיטגעריסן און אַזוי האָט געענדיקט זיינע יאָרן אַ מענטש, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געהאַט געבאָדן...

איך גלייב אַז איצטער דאַרף איך שוין נישט זוכן נאָך אַרגומענטן צו באַווייזן אַז מען דאַרף נעמען אַ באָד יעדן טאָג...

עס טאָרן זיך נישט באָדן אָדער בעסער געזאָגט, עס קאָנען זיך נישט באָדן די קראַנקע, וואָס האָבן העכערע טעמפּעראַטור און די אַנדערע שווערע קראַנקע. אין אַזעלכע פאַלן דאַרף מען יעדן טאָג אויסרייבן דעם קערפּער מיט אַלקאָהאָל. האַרץ־קראַנקע דאַרפן זיין פאָרזיכטיק און נישט נוצן קיין זייער הייסע וואַסער. מען דאַרף זיי העלפן ביים באָדן זיך. די בעסטע באָד איז אַ וואַרימער טוש. די בעסטע און די ריינסטע.

מענטשן באָדן זיך צומאָל אין אַנדערע עלעמענטן. זיי נעמען די זון־בעדער. די זון־בעדער האָבן אפשר נישט קיין זין, עס איז אָבער פאַראַן אַ סך סנאָביזם דערביי. געוויסע מענטשן מאַכן עס כדי צו בלייבן מיט אַ סימן מובהק, אַז זיי זענען געווען ביים ים... מענטשן גלייבן זייער אין די זון־בעדער. „מען זאָגט", אַז זיי זענען גוט. עס באַשטייט ביי זיי אין ברענען די הויט אומבּרחמנותדיק און מיט צווייפלהאַפטן נוצן. אָבער, צוריקרעדנדיק: אַז מענטשן גלייבן אין טויזנטער נאַרישע זאַכן, ווי קאָן מען פאָדערן פון זיי אַז זיי זאָלן נישט גלייבן אין אַזאַ מעכטיקער און פאַרבלענדנדיקער זאַך ווי די זון?

אַנדערש איז עס מיט די קורערטער, אין וועמעס וואַסערן מענטשן גלייבן אויך זייער אַ סך, מסתמא מער ווי זיי זענען ווערט. אָבער דאָ זענען מיר שוין נאַיִווע קרבנות פון אַ געשיקטער פּראָפּאַגאַנדע. אין די דאָזיקע קורערטער ווערן אינוועסטירט געוואַלדיקע קאַפּיטאַלן אין האָטעלן און קאַסינאָס. און קאַפּיטאַל קען שוין די חכמה פון צוציען קליענטן, וואָס ווערן אַזוי באַאַרבעט, אַז זיי קומען צוריק יעדעס יאָר. אַ פאַקט איז, אַז עס מאַכט זיך זעלטן אַ פאַל אין וועלכן אַ רעאומאַטיש־קראַנקער זאָל צוריקקומען אָן זיין רעאומאַטיזם, אָבער ער קומט צוריק, אָן אויסנאַם, אָן זיין געלט.

גלויבן, סוגעסטיע, פּראָפּאַגאַנדע: אויף דעם רוט די היינטיקע וועלט. און אויך דער קאַפּיטאַל...

## קאַפּיטל VI

# דאָס האַרץ

(אַ ריינפּיר)

שרייבן וועגן האַרץ פאַר יידישע לייענער, וואָס געהערן צו אַזאַ ה אַ ר־צ י ק פאָלק, איז גאָרנישט קיין גרינגע זאַך. עס וועט זיך גלייך געפינען אַ לייענער אָדער זיכער אַ לייענערן, וואָס וועט זאָגן: „מיר וועט ער דערציילן וועגן האַרץ, אָדער האַרצווייטיק?!"...

אַ באַווייז אַז יידן זענען אויסערגעוויינלעך פאַמיליאַריזירט מיט האַרץ־ענינים איז טאַקע די יידישע שפּראַך אַליין. אין קיין אַנדערער שפּראַך אין דער וועלט איז נישטאַ אַזויפיל אויסדרוקן וועגן האַרץ, אָדער וואָס „באַנוצן" דאָס האַרץ.

איך האָב טאַקע אָן גרויסער מי, אין געציילטע מינוטן, צונויפגעזאַמלט אַ רשימה פון אַזעלכע געוויינלעכע פראַזן, וואָס מען הערט יעדן טאָג.

איך וויל נאָר צוגעבן, אַז די דאָזיקע אויסדרוקן האָב איך אָפטער געהערט פון פרויען, אפשר ווייל זיי זענען — אַזוי זאָגט מען — מער באַרעדעוודיק ווי די מענער.

אָט גייט מיין רשימה, וואָס איז ווייט נישט אויסשעפּנדיק. און זאָלן מיר אונדזערע לינגוויסטן מוחל זיין, ווייל איך נעם ביי זיי צו אַ שטיק פרנסה:

— איך בין שוין געבליבן אָן אַ האַרץ פון אים, דעם תכשיט מיינעם.
— עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרץ.
— ער האָט מיר שוין אויפגעגעסן דאָס האַרץ.
— ס׳איז מיר ליידיק דאָס האַרץ.
— אונדזערע הערצער פאַרשטייען זיך.
— איך האָב פון אים נאָר האַרצווייטיק.
— עס רייסט דאָס האַרץ.
— ער האָט אַ האַרץ פון אַ טאַטער.
— איך גיי אַרום מיט אַ שווער האַרץ.
— ער טראָגט אויף אים אַ האַרץ.
— איך האָב געמיינט דאָס האַרץ וועט מיר אַרויסשפּרינגען פון דער ברוסט.
— דברים היוצאים מן הלב.
— עס נאָגט מיך ביים האַרץ.
— ווען איך קאָן עפענען מיין ברוסט און דיר ווייזן מיין האַרץ!
— וואָס ביי מיר אויפן האַרצן...

— איך האָב אויסגעגאָסן פאַר אים מיין ביטער האַרץ.
— עס טוט מיר ווײ דאָס האַרץ.
— עס טוט מיר ווײ אונטערן האַרץ.
— עס טוט מיר ווײ דאָס ברעטל פונעם האַרץ.
— עס איז געווען אַן האַרצרײסנדיקע סצענע.
— דאָס האַרץ קאָן פּלאַצן.
— איך ווינטש דיר פון טיפן האַרצן.
— זי האָט אַ גוט האַרץ.
— זי האָט אַ גרויס האַרץ.
— איך האָב זי אויסגעהערט מיט האַרצקלאַפּעניש.
— עס דריקט מיר ביים האַרץ.
— אוי, מיין האַרץ!
— ער איז אַ מענטש אָן אַ האַרץ.
— אַ טיפער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונדזערע הערצער.
— ער האָט אַ וואַרעם האַרץ.
— עס איז מיר אַוועק דאָס האַרץ.
— ער איז אַ מענטש מיט אַ האַרץ און אַ נשמה!
— ער האָט אַ ברייט האַרץ.
— איך האָב שוין נישט קיין האַרץ.
— ער האָט דען אַ האַרץ?
— ער איז אַ מענטש מיט אַ ווייך האַרץ.
— ער האָט אַ יידיש האַרץ.
— אַ מאַמעס האַרץ.
— וואָס זאָל איך אים אַוועקגעבן, מיין האַרצוויײטיק?
— דאָס האַרץ איז מיר שיר אַרויסגעפאַלן פון שרעק.
— מיר זענען געזעסן מיט שווערע הערצער.
— אוי, ווי דאָס האַרץ טוט וויי.
— מיין האַרץ בלוטיקט.
— דאָס האַרץ טוט מיר ווײ פאַר אים.
— איך האָב פון אים נאָר האַרץ־קלעמעניש.
— דאָס האַרץ גייט מיר אויס נאָך דיר.

לאָמיר נאָך צוגעבן דעם פאַל מיט יענער פּאַציענטקע, וואָס האָט מיך אין אַ טאָג גערופן זייער דרינגענדיק. איך האָב אָפּגעשטעלט מיין אַרבעט און בין צו איר געפאָרן. איך קום אַריין — ס׳ליגט אַ פרוי אין בעט און זאָגט מיר, מיט אַן אויסדרוק פון אַנגסט אויפן פּנים:

— דאָקטער, איך פיל נישט דאָס האַרץ...

— מאַדאַם, — באַרויאיק איך זי — י ע נ ע מ ס האַלץ פילט מען, אָבער דאָס אייגענע — נישט...

נו, און וויפל יידן געבן אָן אַלס אַ תירוץ ביי די פאַרשידנסטע געלעגנהייטן:

— איך האָב אַ שוואַך האַרץ.

און יענער פּאַציענט וואָס וויל מיר זאָגן, אַז עס טוט אים ווי דער גאַנצער ברוסטקאַסטן, געפינט ער נישט קיין אַנדער אויסדרוק ווי:

— עס טוט מיר ווי דאָס גאַנצע האַרץ.

און יענע אַלטע לייט, אָדער כראָנישע קראַנקע, וואָס שטאַרבן, אַזוי צו זאָגן, קיינמאָל נישט, זאָגן תמיד:

— ווען איך האָב נישט קיין שטאַרק האַרץ, וואָלט איך שוין לאַנג געווען געשטאָרבן.

דאָס האַרץ איז ביים מענטשן אין אַלגעמיין און באַזונדערס ביי יידן, נישט נאָר אַ צענטראַלער לעבנס־אבר, נאָר מען האָט עס אין אַ געוויסער מאָס אַוועקגעשטעלט אינעם צענטער פון לעבן.

איז פיינט־האָבן — האָט מען פיינט מיטן האַרץ. פון ליב־האָבן, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. נעמט צו דאָס האַרץ ביי אַ פּאָרל, וואָס ליבט זיך, וועלן זיי נישט האָבן פון וואָס צו רעדן...

און אַז אַ בחור וויל זאָגן צו אַ מיידל אויף שטום־לשון, אַז ער האָט זי ליב, לייגט ער זיין רעכטע האַנט אויפן האַרץ. און וועלכעס מיידל פאַרשטייט נישט די דאָזיקע „שפּראַך״?

און אַצינד וועלן מיר נעמען אַביסל פון סטוטשקאָווס „אוצר״: עס פּאַרכאַפּט ביים האַרצן. עס לייגט זיך שווער אויפן האַרצן. עס ליגט ווי אַ שטיין אויפן האַרצן. עס טרעפט אין האַרצן. עס שניידט ביים האַרצן. עס פאַרקלעמט, עס נאָגט, עס גריזשעט אין האַרצן. עס רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. עס ווערן צען לעבער אין האַרצן. עס טריפט בלוט פון האַרצן. מיין האַרץ פון יאטקע. אַ הונט זאָל מיין האַרץ אויסכאַפּן (אויפעסן) וואָלט ער משוגע געוואָרן. מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אייזן דאָס אויסצוהאַלטן. כחרב פּיפיות: ווי אַ טעמפּער מעסער אין האַרצן אַריין. פּערל אויפן האַלדז, שטיינער אויפן האַרצן. איטלעך האַרץ ליידט זיין שמאַרץ. אַ האַלץ האָט אויך אַ האַרץ. דאָס האַרץ איז אַ זייגער, אָבער מיט צעבראָכענע ווייזערס. בעסער אַ לאָך אין קעשענע איידער אַ לאָך אין האַרצן. אַז דאָס האַרץ איז פול גייען די אויגן איבער. אַז מען וויינט זיך אויס ווערט גרינגער אויפן האַרצן. אַז מען רעדט זיך אויס דאָס האַרץ ווערט גרינגער. וויפל אַ מענטש זאָל זיך נישט אַראָפּרעדן פון האַרצן — דאָס געדיכטע בלייבט ביי אים. ציבעלע־טרערן רירן נישט דאָס האַרץ. אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ.

מן־הסתם איז דאָס האַרץ אַזוי חשוב, ווייל עס איז אַן איין און איינציקס... ווייל לונגען האָבן מיר דאָך צוויי, נירן — אויך צוויי. עס איז אמת, אַז מיר האָבן אויך איין לעבער, אָבער זי טוט אַזאַ פּראָזאַישע אַרבעט ווי פאַרדייען דאָס עסן. דאָס האַרץ אין קעגנטייל האָט צו טאָן מיט דעם בלוט, אַזאַ נאָבעלע פליסיקייט, און אַ וואַרעמס דערצו.

ביי יעדער קאָנטראַקציע פון שפּיץ האַרץ צעגיסט זיך איבערן גאַנצן קערפּער אַ שטראָם וואַרעם בלוט, אַ שטראָם וואַרעם לעבן...

אָבער כאָטש מיר האָבן נאָר א יי ן האַרץ, האָט די נאַטור דאָס באַגאַבט מיט אַזאַ כוח „איבערצוטראָגן" כלערליי צרות, ווייל ווי באַוווּסט, טראָגט מען איבער די צרות מיטן האַרצן...

אָבער דאָס האַרץ ווערט זיך אויך וווּנדערבאַר קעגן די פאַרשידנסטע קראַנקהייטן. מענטשן קאָנען לעבן מיט קראַנקע הערצער אַ סך יאָרן.

# 1

אין האָב אין מיין פאַריקן קאַפּיטל פון דער דאָזיקער סעריע „האַרציקע" מאמרים אָנגעמערקט, ווי אַזוי דאָס פאָלק „באַנוצט" דאָס האַרץ אין דער שפּראַך און האָב פאַרשריבן אַ גאַנצע רייע פראַזן, וועלכע, איך וויל האָפן, וועלן זיין פאַר מיינע חשובע לייענער אַ מין האַרץ־גימנאַסטיק. אָבער מיט מעדיצין האָט דאָס אַלעס גאָרנישט צו טאָן. דאָס געהערט מער צו פּאָעזיע; דאָס האָבן די דיכטער „דערפונדן" דאָס האַרץ, כדי צו קאָנען מאַכן שיינע פּערזן. די דיכטער און די פאַרליבטע. איך מוז היינט אויך מגלה זיין פאַר מיינע לייענער און איבערהויפּט פאַר מיינע לייענערנס, אַז נישט מען ליבט מיטן האַרץ, נישט מען האָט פיינט מיטן האַרץ. דאָס האַרץ איז פשוט אַ זייער גוטער חבר פון מענטשן און טאָקע ווי אַ גוטער חבר פאַראַט עס אַמאָל.

ליבן און האַסן און זיך עמאָציאָנירן און זיין טרויעריק אָדער אויפגעלייגט, דאָס אַלעס איז נישט מער ווי אַ מוח־זאַך. אַלע די היכע און פיינע געפילן און „דערהויבענע" מאָמענטן קומען פון און ווערן געבוירן א י ן מוח. וועט דאָך גלייך מיינע אַ יונגע (און קלוגע) לייענערן אַרויסשפּרינגען מיט דער קשיה: פאַרוואָס־זשע קלאַפּט מיר אַזוי דאָס האַרץ, ווען איך וואַרט אויף מיין חתן? איך רעד שוין נישט ווי דאָס קלאַפּט ווען ער דערקלערט זיך מיר צום ווייפלטן מאָל אין ליבע! וועל איך איר גלייך ענטפערן קורץ און שאַרף: דאָס האַרץ איז נישט שולדיק. עס באַקומט אַ באַפעל פון מוח. ווען דאָרטן אויבן קומט עפּעס פאַר, קלאַפּט דאָס האַרץ האַסטיקער. דאָס איז אַ פאַראָרדענונג פון מוח, וואָס געוועלטיקט איבער דער גאַנצער קאָמונע, וואָס דאָס טאָקע איז אונדזער אָרגאַניזם.

אָבער דאָס האַרץ איז איבערהויפּט אַ גוטער חבר צו אַלע אַנדערע אברים פון אונדזער אָרגאַניזם. עס איז תמיד גרייט צו קומען מיט זיין הילף ווו מען דאַרף עס נאָר. אַפילו אין די ווייטסטע מרחקים פון אונדזער קערפּער. צום ביי־שפּיל, ווען, — נישט פאַר קיין שום יידן און יידענע געדאַכט — מען באַקומט אַ היימישע לונגען־אַנטצינדונג אָדער ווי מיינע נייע פּוילישע „פּאַניענקאָס״ זאָגן — אַ „זאַפּאַלעניע ליאָכקע״, איז דאָס האַרץ „וואַך״ טאָג און נאַכט, הייבט אָן קלאַפּן שנעלער און האַסטיקער, כדי אַרום דער אַנטצינדונג זאָלן זיך קאָנען פאַרזאַמלען אַ סך ווייסע בלוט־קייקעלעך, וואָס שטעלן גלייך, אויפן אָרט, אַן ענער־גישן ווידערשטאַנד די מחבלים, די מיקראָבן, הייסט עס. אַמאָל איז נעבעך אויף זייערע פּלייצעס — אויף די ווייסע צעלן פון בלוט — אויסגעפאַלן צו טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער פאַרטיידיקונג, און, ווי באַוווסט, פּלעגט זיך אָפּטמאָל טרעפן, אַז זיי פּלעגן ליידן פּאַטאַלע נידערלאַגעס, אָבער זינט דער ענגלענדער פּ ל ע מ י נ ג איז זיי געקומען צו הילף מ׳יט זיין פּעניסילין, לאַכן זיי זיך אויס פון אַלע גריפּעס פון דער וועלט און דער ענדגילטיקער זיג איז תמיד אויף זייער זייט, און די נידערלאַגע איז תמיד פאַר די קליינינקע באַשעפענישן, וואָס מען רופט באַצילן אָדער מיקראָבן.

בדרך אגב: מיט די דאָזיקע באַשעפענישן — מן־הסתם אויך גאָטס באַ־שעפענישן — מוז איצטער, אין דער ערא פון פּעניסילין, סטרעפּטאָמיצין אאַז״וו פאָרקומען דאָס זעלביקע, וואָס מיט די פּאַסאַליעס אין לוצקיס זידנדיקער זופּ... נישט זיי לעבן, נאָר זיי ראַטעווען זיך.

איך האָב געהאַלטן אין שרייבן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ גוטער חבר דאָס האַרץ איז אונדז מענטשן און זיינע חברים, די אַנדערע אברים פון אונדזער מענטשלעכקייט. נאָך אַ ביישפּיל וויל איך געבן: ווען אונדזער מאָגן און קיש־קעס און לעבער און מילץ, צום ביישפּיל, זענען שטאַרק פאַרטאָן כדי זיך צו „איספּראַווען״ מיט דער פאַרדייאונג פון אַ באַנקעט, מיט וואָס זייער אייגנטימער האָט זיך פּאַסמאַקעוועט (עס איז געווען, צ״ב, אַן אַניווערסאַר פון זיין לאַנדס־לייט־פאַראיין), קומט גלייך אונטער דאָס האַרץ, קלאַפּט שנעלער כדי עס זאָל צירקולירן מער בלוט פאַרביי די דאָזיקע פאַרטייעטע אברים און זיי זאָלן קאָנען „פאַבריצירן״ מער פאַרדייאונגס־זאַפטן.

אָבער לאָמיר זיך אויף אַ רגע אומקערן צו אונדזער „זאַפּאַלעניע ליאָכקע״ אָדער „פלויץ״: דאָרטן קומט פאָר אַז אַ גרעסערע פּאַרציע לונג איז נישט אימ־שטאַנד צו „אַרבעטן״, ד״ה לאָזן דורכגיין דאָס בלוט דורך אירע אַזוי גערופענע „אַלוועאָלן״, ווו דאָס בלוט באַקומט מער „אָסמאָסיס״ (בעט מיך נישט איך זאָל אייך דערקלערן וואָס עס איז אַזוינס „אָסמאָסיס״, ווייל עס וועט מיר נישט קלעקן די שפּראַך) דעם זויערשטאָף: דאָס בלוט צירקולירט דאָרטן דורך אַזעלכע

דיגינקע אָדערלעך (קאַפּילאַרן) און, אָפּגעטיילט דורך אַ קליין הייטעלע שפּאַצירט זיך אַרום די לופט, וואָס מיר אָטעמען איין, באַלאָדן מיט זויערשטאָף. דער זויערשטאָף געפינט זיך שוין אַ וועג און דרינגט אַריין אין בלוט, וואָס צירקור־לירט פון דער אַנדערער זייט הייטעלע. דאָס איז איינע פון די וווּנדער פון דער נאַטור, וואָס האָט געמאַכט, אַז גרויסע געלערנטע זאָלן זיך דערביי אָפּשטעלן, זיך פאַרטראַכטן און באַשליסן, אַז עס איז פאַראַן עפּעס העכערס וואָס פירט אָן מיט דעם אַלעם, מיט דעם ווונדערלעכן אַפּאַראַט וואָס רופט זיך לעבעדיקער אָרגאַניזם. דאָס זענען די געלערנטע, וואָס גלייבן סיי אין גאָט, סיי אין דער וויסנשאַפט. גאָט — דאָס מיינען זיי די העכערע קראַפט, אָט דאָס, וואָס דער מענטשלעכער שכל קאָן נישט באַנעמען און איבערהויפּט נישט אויפקלערן.

אָבער איך בין נאָכאַמאָל ערגעץ פאַרפאָרן. איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז ווען אַ טייל פון דער לונג קאָן נישט אויספירן אירע פונקציעס, ווערט אויך דער פּע־לער פאַריכט דורכן האַרץ, וואָס קלאַפּט שנעלער, אַזוי אַרום גייט דורך מער בלוט דורך די געזונטע טיילן פון דער לונג און אין בלוט פעלט נישט דער זויער־שטאָף.

ווען דער מענטש שלאָפט, איז דאָס האַרץ וואַך, איך וואָלט געזאָגט, נישט נאָר וואַך נאָר וואַכזאַם. צום ביישפּיל: אַז יונג אַכצניאָריק מיידל שלאָפט און פאַר־גייט זיך אין חלומות נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע, אָדער צומאָלס יאָ געשטויגענע און יאָ געפלויגענע, אָבער ווען די זאַך דערגרייכט צו אַ באַשטימטן קלימאַקס, קומט דאָס הערצעלע אירס מיט אַ געקלאַפּעריי און אַ געשפּרינגעריי און דאָס מיידל וועקט זיך אויף. דאָס וואַכט דאָס האַרץ קעגן בייזע חלומות. אמת, דאָס מיידל דערשרעקט זיך שטאַרק פון דעם האַרץ־געקלאַפּעריי און לויפט אַמאָל צום דאָקטער, ווייל זי ווייסט נישט אַז דאָס איז איינע פון די נאָרמאַלע פונקציעס פון האַרץ. און ווען דער מענטש שלאָפט, דאַרף ער באמת, עמיצער זאָל איבער אים וואַכן, ער איז דאָך איינזאַם און אומבאַהאָלפן. אָבער וועגן שלאָפנדיקן מענטשן וועלן מיר ליבן לאָזן רעדן א. לוצקין. זיינע געציילטע שורות זענען געשריבן מיט מעדיצינישער אינטויציע, וואָלט איך געזאָגט:

אין שלאָף איז נישטאָ קיין געבאָט.
נישטאָ קיין פאַרבאָט.
אויף אַלעמען גנאָד.

אַ מענטש ווען ער שלאָפט —
אָרעם געביין.
איינער אַליין.
אַזוי ווי אַ שטיין. —

הפקר אַלציין.
נישטאָ צו פאַרשטיין.

ווען דער מענטש שלאָפט, רוען אַלע אברים, דאָס האַרץ רוט מן־הסתם אַביסל, כאָטש פון קיין אַבסאָלוטער רו ווייסט עס קיינמאָל נישט. עס קלאַפּט לאַנגזאַמער, קיין שום אַנדער אבר פון קערפּער פאָדערט נישט פון אים קיין הילף; קיין שום עמאָציעס אָדער אַנדערע טעטיקייטן פון קערפּער רודערן אים נישט אויף.

און איצט אַביסל חשבונות, האַרץ־חשבונות: דאָס האַרץ קלאַפּט 70 מאָל אין אַ מינוט. אָבער די 70 מאָל זענען נאָר טעאָרעטיש. טויזנטער אומשטענדן פאַרשנעלערן דעם דאָזיקן ריטם: כוהנים, כעסניקעס, וואָס ווערן אָפּט אין כעס; יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס שפּילן זיך מיטן האַרץ; שלעכטע געשעפטן, גוטע געשעפטן, ביי גרויסע רויכערער, אַלערליי עמאָציאָנעלע אומשטענדן, קראַנקייטן, פיבער וכדומה, אַזוי אַרום, אַז אויב מיר וועלן פאַרשרייבן אַן ערך 80 קלעפּ אין אַ מינוט, וועלן מיר קוים שטיין נאָענט צום אמת. אָבער ביי 70 מאָל אין מינוט האָבן מיר אין אַ שעה 4.200 מאָל; אין אַ טאָג, 100.800, אין אַ יאָר, 36.792.000 און אין 50 יאָר, 1.839.600.000 !

אונטער די ציפערן ליגט אַ קאָלאָסאַלע ענערגיע, אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט. ביי יעדן איינצי פון האַרץ שליידערט עס אַריין אין דער צירקולאַציע, אין אָדערן־סיסטעם אַ 130 קוביק־צענטימעטער בלוט, וואָס באַטרעפט 9 ליטער אין אַ מינוט, 546 ליטער אַ שעה, 13 טאָן אין אַ טאָג און 4.745 טאָן בלוט אין אַ יאָר. דאָס מיינט, אַז אין אַ יובל באַוועגט דאָס האַרץ 237.250 טאָן בלוט. און עס איז פאַראַן פון וואָס צו שטוינען. אָט די דאָזיקע ריזן־אַרבעט ווערט געטאָן דורך אַ באַשיידענעם, קיילעכדיקן מוסקול, וואָס איז אַזוי גרויס ווי אַ פויסט, אויסגעהוילט אינעווייניק, צעטיילט אינעווייניק אין פיר היילן: אין די אויבערשטע, די „אַוריקולאָס״ (אויערלעך), און אין די אונטערשטע, די „ווענטריקולאָס״ (בייכעלעך). די אַלע היילן זענען פאַרבונדן דורך טירלעך, וואָס עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך לויט אַ פּערפעקטן און אייביק דעם זעלביקן ריטם (סיידן ווען דאָס האַרץ ווערט קראַנק).

דאָס האַרץ אַרבעט זעלבסטשטענדיק. עס איז אומאָפּהענגיק פון דעם ווילן פון זיין באַלעבאָס, דעם מענטשן. עס קלאַפּט אַפילו ווען דער באַלעבאָס וויל נישט... אין דעם זין איז עס ענלעך צום לעבן זעלבסט. עס ענדיקט זיך אויך נישט ווען דער מענטש וויל... נאָר פונקט פאַרקערט, געוויינלעך בלייבט עס שטיין ווען מען וויל נישט...

דאָס בלוט, וואָס די האַרץ־פּאָמפּע שליידערט אַריין נאָכאַנאַנד אין די אָדערן, פירט מיט זיך די מאַטעריאַלן וואָס די קליינינקע צעלן פון אונדזער

אָרגאַניזם באַדאַרפֿן למען השם האָבן, כּדי צו קאָנען לעבן: פֿון די פּשוטסטע צעלן פֿון די נעגל פֿון די פֿיס ביז די זייער דעליקאַטע, פֿיינע און וווּנדערלעכע נערוון־צעלן פֿון אונדזער מוח. ראשית־כּל פֿירט דאָס בלוט דעם זויערשטאָף (אָקסיכענאָ), אויסערדעם פֿירט עס צוקער וואָס עס באַקומט פֿון דער לעבער ווען עס גייט דאָרט פֿאַרביי, וויטאַמינען, וואַסער, איי־ווייס (אַלבומינאַ), שמאַלץ, מינעראַלן און נאָך און נאָך וווּנדערלעכע און מיסטעריעזע פֿליסיקייטן־האָרמאָנען, וואָס עס באַקומט פֿון די אַזויגערופֿענע אינערלעכע אויסשייד־דריזן.

די אַרבעט פֿון האַרץ קלאַפּט ווי אַ וווּנדערלעכע מאַשין. ביי יעדן איינצי־אַרבעטן אַלע זיינע טיילן. אַנדערש איז עס אוממעגלעך. דער באַרימטער ענג־לישער פֿיזיאָלאָג סטאַרלינג האָט עס אָנגערופֿן דאָס געזעץ פֿון „אינגאַנצן אָדער גאָרנישט“.

דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן ווען דאָס, וואָס וועט שפּעטער זיין אַ מענטש־לעך וועזן, געפֿינט זיך נאָך אין דער מוטערס בויך, אַרום פֿערטן חודש פֿון שוואַנ־גערן. דאָס קלאַפּן איז ריטמיש און שנעל: 140 מאָל אין אַ מינוט. דאָס איז אַ באַזונדערער ריטם פֿון „פֿעטוס“ (נאָך נישט געבוירן קינד). ביידע געראַנשן זע־נען די זעלביקע: טאַ־טאַ־טאַ־טאַ... נאָכן געבוירן ווערט דער ריטם פֿאַרלאַנג־זאַמערט און ענלעך צו דעם פֿון דערוואַקסענעם מענטש, אָבער אַלץ שנעלער ווי ביי דעם דערוואַקסענעם.

דאָס האַרץ פֿון אַ דערוואַקסענעם מענטשן וועגט אַ 300 גראַם און די גרעב פֿון האַרץ־מוסקול גרייכט העכסטנס צו איין סענטימעטער.

דאָס האַרץ „לעבט איבער“ צוזאַמען מיט דעם מענטשן אַלע זיינע שווערי־קייטן אוןליידן. אין אַ געוויסער מאָס וואָלט געווען לאָגיש צו דענקען, אַז אַ האַרץ פֿון אַ מענטש, וואָס מאַכט דורך אַ שטורמיש לעבן, זאָל פֿון דעם ליידן. און אַזוי איז עס טאַקע איינגעבילדעט ביים פֿאָלק. אָבער אין די מערסטע טראַק־טאַטן זאָגט זיך, אַז ביי 90 פּראָצענט פֿון די האַרצקראַנקע נעמט זיך די מחלה פֿון:

א) רעאומאַטיזם;

ב) הויכן בלוט־דרוק;

ג) סקלעראָז פֿון אָדערן־סיסטעם.

אָבער דאָס האַרץ קלאַפּט דאָס גאַנצע לעבן, אָן אויפֿהער און אָן אָפּרו. ווען עס שטעלט זיך אָפּ, הייסט עס אַז דער טויט איז געקומען.

אָבער וואָס איז דער טויט?

אין אַ פֿאַרטאָג בין איך, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַרויסגעגאַנגען פֿון אַ סאַנאַטאָריע, ווו איך האָב געהאַט אַ שווערקראַנקע פּאַציענטקע. די קאַטוילישע באָטע, וואָס האָט מיך אַרויסגעלאָזט, האָט מיך געזען דערשלאָגן.

— וואָס מאַכט אייער פּאַציענטקע? — האָט זי מיך געפֿרעגט.

— זי איז געשטאָרבן.

— אָ, — מאַכט זי, — דער טויט איז דאָך דאָס גראַנדיעזסטע וואָס איז פאַראַן!

יאָ, דער טויט איז באמת — גראַנדיעז...

## 2

אַלע ווייסן, אַז דאָס האַרץ געפינט זיך ביים מענטשן אין דער מיט פון ברוסטקאַסטן. דאָס איז אַ מוסקולאַרער אבר, אויסגעהוילט, מיט פיר היילן, וואָס זענען פאַרבונדן צווישן זיך דורך עפענונגען, וואָס ווערן רעגולירט דורך אַזעלכע לעפצן (וואַלוולאַס), וואָס עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך ביי יעדער איינציאונג פונעם האַרצמוסקול.

הכלל, עס איז אַזאַ מין ווונדערלעכע פּאָמפּע, וואָס ביי יעדער קאָנטראַקציע צעשפּרייט זי אין קערפּער דאָס בלוט וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען דורך די דינינקע געפעסן (קאַפּילאַרן) פון די לונגען און האָט זיך שוין דאָרטן אָנגעזאַפּט מיט זויערשטאָף.

די פיזיאָלאָגיע, דאָס הייסט די פונקציע אָדער „אַרבעט" פון האַרץ, איז איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען פון אָט־דעם צווייג און איינע פון די ווונדערלעכסטע מיסטעריען פון לעבן.

מען זאָגט אין מעדיצין, אַז דאָס האַרץ איז „גענוגנדיק", ווען עס פירט־דורך פאַרן אָרגאַניזם די אַרבעט, וואָס פאַלט אויף אים אויס, דאָס הייסט, אַז עס טרייבט דאָס בלוט מיט גענוג כוח, אַז עס זאָל דורך די אַרטעריעס קאָנען צוקומען צו די ווייטסטע ווינקעלעך פון דעם מענטשלעכן קערפּער.

ווען דאָס האַרץ פאַרלירט אָט די דאָזיקע אייגנשאַפט, אָט די דאָזיקע קראַפט, ווערט עס „נישט גענוגנדיק".

עס איז אוממעגלעך און אויך אומנייטיק פאַר אונדזערע לייענער אַריינצוגיין אין מערער דעטאַלן וועגן דער פיזיאָלאָגיע פון דעם האַרץ. מיר וואָלטן זיך מן־הסתם אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן, ווייל די טעכנישע מעדיצינישע טערמינען זענען נישט פאַראַנען אין יידיש.

עס פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך האַרץ־קראַנקייטן וואָס ברענגען נישט דירעקט די פאָלגן פון „נישט גענוגנהייט". אָבער אַלע האַרץ־קראַנקייטן ברענגען סוף־כל־סוף דאָס האַרץ צו אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכן עס איז מער נישט אומשטאַנד צו שטויסן דאָס בלוט לענגאויס דעם קערפּער מיט דער געהעריקער ענערגיע. וואָס דאָס מיינט קאָן זיך שוין יעדער איינער פאָרשטעלן.

אָבער מיר ווילן צוגעבן, אַז די נאַטור האָט באַזאָרגט דאָס האַרץ מיט אַן

אומגעהויערן רעזערוו פון כוחות זיך צו פאַרטיידיקן. און אויסער די פאַלן פון פלוצלינגן טויט דורך אַ האַרצשלאָג, לעבן די האַרצקראַנקע לאַנגע יאָרן, אונ־טער דער ווירקונג פון די רפואות, וואָס זענען זייער ווירקזאַמע און זייער גרויס אין צאָל.

אָבער עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט זייער אַ סך האַרצקראַנקע. און דאָס איז דערפאַר, ווייל די סיבות, וואָס ברענגען צו דעם, זענען זייער גרויס אין צאָל און פאַרשידנדיקע.

ראשית־כל ווילן מיר דערמאָנען די גרויסע צאָל האַרץ־קראַנקע פון וועלכע מיר וואָלטן געזאָגט, אַז זיי זענען נישט קראַנק אויפן האַרצן. דאָס זענען די אַזוי גערופענע פונקציאָנעלע קראַנקע. דאָס האַרץ פונקציאָנירט ביי זיי אַבסאָ־לוט נאָרמאַל, אָבער זיי האָבן סימפּטאָמען, וואָס זיי שרייבן־צו צום האַרצן.

די דאָזיקע פאַלשע האַרצקראַנקע זענען אַ שווערע פּראָבלעם פאַר די דאָק־טוירים, עס איז צומאָל שווערער זיי אויסצוקורירן ווי די אמתע האַרץ־קראַנקע. דאָס זענען נערוועזע מענטשן פון דער נאַטור, וואָס האָבן איבערגעלעבט שווערע צייטן, צ״ב, יונגע לייט וואָס ווערן מאָביליזירט מלחמה־צייט, אָדער האָבן גע־האַט אַנדערע שווערע איבערלעבונגען אין פּריוואַטן לעבן. זיי בילדן לעגיאָנען אין אַלע שפּיטעלער און אַמבולאַטאָריעס. זיי געהערן מער צו די ספּעציאַליסטן אין נערוון ווי צו די פון האַרץ. זיי בילדן אויך אַ שווערע סאָציאַלע פּראָבלעם, ווייל פיל פון זיי זענען נישט אַרבעטספעאיק און ווערן אַ לאַסט פאַר דער פאַ־מיליע אָדער פאַר דעם אַרבעטגעבער איבער זייער צייטווייליקער אַרבעטס־אומ־פעאיקייט.

עס איז גוט אַז מען זאָל וויסן, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך „האַרץ־קראַנקע״, וואָס זענען עס נישט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ דיאַגנאָז דאַרף שטעלן אַ דאָקטער און נישט די משפּחה פון דעם כלומרשטן קראַנקן.

מיר גלייבן נישט, אַז דאָס האַרץ קאָן קראַנק ווערן פון אַ סך „האַרץ־וויי־טיק״, דאָס הייסט פון ליידענישן און שווערע איבערלעבונגען. אָבער עס שיינט, אַז ווען אַזעלכע מענטשן ווערן צופעליק קראַנק אויפן האַרצן, איז זייער קוראַ־ציע אַ שווערערע ווי ביי אַנדערע וואָס האָבן נישט געהאַט אַזויפיל איבערלע־בונגען. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַ פאַל וואָס איז מיר אויסגעקומען צו באַהאַנדלען צוריק מיט אַ סך יאָרן. עס האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט וואָס די אויסגעפּרוּווטע רפואות האָבן אויף אים קיין ווירקונג נישט געהאַט. עס איז געווען אַ קאָנסיליום מיט אַ פּראָפעסאָר, ווען איך האָב דאָס דערציילט. „האָט איר פאַרגעסן, אַז דער פּאַציענט האָט נישט לאַנג צוריק געהאַט אַ שווערן פאַר־לוסט?״ — דער מענטש האָט געהאַט פאַרלוירן אַ קינד, וואָס איז געשטאָרבן נאָך אַ קורצער קראַנקייט.

מיר האָבן געזאָגט פריער, אַז עס איז פאַראַן זייער אַ גרויסע צאָל האַרץ־קראַנקע. דאָס איז אַזוי פשוט דערפאַר, ווייל עס זענען פאַראַן זייער אַ סך סיבות וואָס פירן דערצו.

דאָס ערשטע איז, דאָס גרויסע קאַפּיטל פון האַרץ־קראַנקייטן ביי קינדער. דאָס איז אַ שווערע פּראָבלעם און אַ שרעקלעכע. דאָ האַנדלט זיך פון קינדער, וואָס ווען זיי פאַרלירן נישט דאָס לעבן ביי דער ערשטער אַטאַקע, בלייבן זיי זייער גאַנץ לעבן קריפּלס אָדער האַלבע קריפּלס. איבערהויפּט איז דאָך שייך די מיידלעך, ווייל ווען אַזעלכע מיידלעך ווערן פרויען, איז דאָס געבוירן אַ קינד פאַר זיי אַ שווערע איבערלעבעניש און זייער לעבן איז אין גרויס געפאַר ביי יעדער קימפּעט.

כמעט ביי יעדער אַנגינע (אַנטצינדונג פון די מאַנדלען), וואָס אַ קינד מאַכט דורך, איז עס אויסגעשטעלט, אַז דאָס האַרץ זיינס זאָל קראַנק ווערן.

עס איז נישט גענוי פעסטגעשטעלט צי די זעלביקע מיקראָבן, וואָס אינפעקטירן די מאַנדלען, פאַראורזאַכן דערנאָך די האַרץ־קראַנקייט, אָדער צי דורך דער אַנטצינדונג פון די מאַנדלען באַקומען אַנדערע מיקראָאָרגאַניזמען, וואָס גרייפן אָן דאָס אינערלעכע הייטל פון האַרץ (ענדאָקאַרדיטיס), אַ באַזונדער בייזאַרטיקייט (ווירולענץ) און צעשטערן אָדער שעדיקן די לעפצן, וואָס פאַרמאַכן און עפענען די קאָמוניקאַציעס צווישן די פיר היילן פון דעם אבר. די קראַנקייט איז אַ שווערע, דאָס לעבן פון קינד שטייט אין געפאַר, און אַפילו ווען עס לאָזט זיך אויסקורירן, בלייבט דאָס האַרץ געשעדיקט אויפן גאַנצן לעבן, וואָס דויערט צומאָל סיי־ווי נישט לאַנג. עס איז געווענדט וויפל לעפצן עס ווערן געשעדיקט און ווי גרינטלעך דער פעלער איז.

דאָס פּראָבלעם פון אויסמיידן די דאָזיקע קראַנקייט איז אַ פּראָבלעם פון יאָ אָדער נישט אָפּערירן די מאַנדלען ביי די קינדער. די פּראָבלעם איז שווער און קאָמפּליצירט. חוץ דעם שלאָגט מען זיך אָפּט אָן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד אַ סך עלטערן, וואָס ווילן נישט בשום־אופן לאָזן אָפּערירן זייערע קינדער. אָבער עס בלייבט אַ פאַקט: אָן אָן אַנטצינדונג פון די מאַנדלען קאָן נישט — אין דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון די פאַלן — קומען דער אָנגריף אויפן האַרצן.

קראַנקע מאַנדלען דאַרפן, אַלזאָ, אויסגעשניטן ווערן אומבאַדינגט. דער האַלדז־דאָקטער דאַרף באַשטימען וועלכע מאַנדלען עס זענען קראַנק און וועלכע נישט. עס איז אָן צווייפל, אַז נאָך יעדער אַנגינע פאַרבלייבן אין די קנייטשן פון די מאַנדלען פאַרשידענע מיקראָבן, נישט אינגאַנצן אומשעדלעכע. עס ווערט דאָרטן אַ רעזערוואואַר פון מיקראָאָרגאַניזמען וואָס זענען אַ געפאַר פאַר דעם גאַנצן אָרגאַניזם, נישט נאָר פאַרן האַרץ. דאָס איז דער פּראָבלעם פון די סעפּטישע נעסטן אין אונדזער קער־

פער, וואָס געפינען זיך נישט נאָר אין האַלדז, נאָר אויך אין אַנדערע ערטער פון קערפּער.

## 3

## האַרץ־קראַנקייטן ביי קינדער

נאָך אַ האַלדז־אַנגינע, צומאָל אַ מילדע, באַקלאָגט זיך דאָס קינד אויף ווייטיקן אין די שלעסער, אַמאָל זייער שטאַרקע, וואָס דויערן וואָכן, אַנדערע מאָל דויערן זיי נאָר אַ טאָג אָדער צוויי און זענען מילדע, אָבער ווען דער דאָקטער לייגט צו דאָס אויער צום האַרץ פון קינד, הערט ער שוין דאָס אַזויגערופענע בלאָזן; דאָס זענען די טירלעך פון די קאָמוניקאַציעס צווישן די פאַרשידענע היילן פון האַרץ, וואָס זענען שוין געשעדיקט געוואָרן פון דער אינפעקציע, וואָס האָט זיך אויף זיי לאָקאַליזירט. עס קומט פאָר, אַז איידער מען האָט זיך אומגעקוקט ביי אַ „נארישער" אַנגינע, באַשטעטיקט שוין דער דאָקטער דאָס בלאָזן; דאָס האַרץ איז שוין אָנגעגריפן און אין בעסטן פאַל וועט דאָס קינד בלייבן מיט אַ פעלער אויף זיין גאַנץ לעבן. די ווייטיקן אין די שלעסער זענען צומאָל זייער מילד, אַנדערע מאָל זענען זיי לגמרי נישטאָ און די אינפעקציע האָט זיך גלייך לאָקאַליזירט אין האַרץ. דערפאַר גייט אַרום צווישן די דאָקטוירים די פראַזע: „רעאומאַטיזם, אין אַ סך פאַלן, באַלעקט נאָר די שלעסער און בייסט דאָס האַרץ".

איך האַלט די דאָזיקע טעמע פאַר אַזוי וויכטיק, אַז איך געפין באמת נישט די ווערטער צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די עלטערן. יעדער דאָקטער איז אַ עדות פון אָפטע דראַמעס אַזעלכע, וואָס הייסן „רעאומאַטישע האַרצקראַנקייט ביי קינדער". מיר ווילן נאָר דערמאָנען איין איינציקן פאַקט: אונדזער המשך באַשטייט אין די קינדער. אַמאָל איז אונדזער המשך געווען געזיכערט דורך צאָלרייכע פאַמיליעס, היינט דאַרף ער זיין געזיכערט דורך פאַמיליעס פון איינס אָדער צוויי קינדער. אין מיינע פּערזענלעכע סטאַטיסטיקעס פון די לעצטע 15 אָדער 20 יאָר זענען די משפחות מיט איין אָדער צוויי קינדער די איבערוועגנדיקע מערהייט. מיר מוזן אַזוי אַרום פעסטשטעלן, אַז דאָס לעבן און דאָס געזונט פון אַ קינד היינטיקע צייטן מוז אָפּגעשאַצט ווערן פיל טייערער ווי אַמאָל. דאָס מיינט נישט, אַז דאָס לעבן פון אַ קינד איז אַמאָל געווען ביליק, אָבער פאַר אונדזער המשך איז עס דאָך נישט געווען אַזאַ גרויסער פאַרלוסט ווי היינט.

די סיסטעם פון איין אָדער צוויי קינדער איז אַ שווערער פּראָבלעם פאַר זיך און נישט נאָר פאַר אונדזער פאָלק אַליין; אָבער צרות רבים...

אגב מוזן מיר דערמאָנען אין דעם הינזיכט אַ פאַקט, וואָס איז אפשר אַן

אוניקום אין היינטיקע צייטן. איך האָב אַ פּאַציענט וואָס האָט 10 קינדער. ווען ער האָט דאָס מיר איבערגעגעבן בשעת איך האָב אים אונטערזוכט, האָב איך מיר געטראַכט: ער איז אפשר חסד־דעה? אָבער ניין. דאָס איז אַ געזונטער ייד, אַ 52־יעריקער, נישט קיין פרומער.

מיר האַלטן אין שרייבן וועגן די סיבות פון רעאומאַטישער האַרץ־קראַנקהייט ביי קינדער און יונגעלייט. זיך באַקענען מיט די סיבות פון אַ קראַנקייט מיינט זיך אויסלערנען ווי אַזוי זיך פון איר אויסצוהיטן, דאָס הייסט זיך באַקענען מיט דער פּ ר אָ פ י ל אַ ק ט י ק. און דאָ לערנען מיר צופעליק די פּראָפילאַקטיק פון 2 קראַנקייטן: פאַרשידענע פאָרמען פון רעאומאַ און זייער לאָקאַליזאַציע אין האַרץ. מיר דאַרפן אויך נישט זאָגן פאַרוואָס מיר מאַכן עס באריכות און נישט בצמצום, ווי אונדזער שטייגער איז.

אָבער נישט נאָר דורך די מאַנדלען דרינגט אַריין די רעאומאַטישע אינפעקציע. די קאַליעדיקע ציין ביי די קינדער זענען נאָך אַ טיר פאַר דער אינפעקציע. מיר מיינען דאָ אויך די אַזויגערופענע מילכציין, וואָס די עלטערן ווילן נישט לאָזן אַרויסרייסן, ווייל זיי וועלן דאָך „סיי־ווי אַרויספאַלן״. דאָס איז אַ גרויסער טעות. אַזעלכע ציין מוזן פאַרשווינדן. זיי זענען אַ מוראדיקער רעזערוו פאַר מיקראָבן און לויט דעם אויסדרוק וואָס מען געפינט אין אַלע מעדיצינישע ביכער, זענען זיי אַן אָ פ ע נ ע ט י ר פאַר דער אינפעקציע.

עס זענען אַלעמען באַקאַנט די צוויי מאַנדלען פון האַלדז, אָבער מען פאַרגעסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ דריטע מאַנדל, וואָס מיר קאָנען זי אַזוי לייכט נישט באַמערקן, ווייל זי געפינט זיך אויבן און איז פאַרשטעלט דורכן גומען. די דאָזיקע דריטע מאַנדל, וואָס מען רופט אויך „געוויקס״, (וועכעטאַסיאָן), טוט אָן זייער אַ סך צרות. זי איז זייער אָפט אינפעקטירט און שטאַרק פאַרגרעסערט. און חוץ דעם וואָס זי ברענגט דעם שאָדן פון יעדער סעפּטישער נעסט (סעפּטיש אינפעקטירט), טריפט פון איר אָפט אייטער גלייך אין די בראָנכן. און דאָס איז די סיבה פון די אומאויפהערלעכע בראָנכיטן ביי דערוואַקסענע און ביי קינדער. די דאָזיקע מאַנדלען באַטראַכטן די האַלדז־ספּעציאַליסטן מיטן שפּיגעלע.

דערווייל ווייסן מיר שוין ווי אַזוי רעאומאַ און רעאומאַטישע האַרץ־קראַנקהייטן דרינגען אַריין אין אָרגאַניזם דורך די „אָפענע טירן״ פון מויל און האַלדז. די ציין דאַרפן ביי קינדער געריינינקט ווערן, פּונקט ווי ביי דערוואַקסענע, צוויי מאָל אין טאָג און מען דאַרף זיך דערמיט נישט פאַרלאָזן אויפן קינד. ד י מ ו ט ע ר דאַרף עס טאָן. עס וועט זיין געזינטער, אַז עלטערן וועלן ווייניקער „רחמנות״ האָבן אויף זייערע קינדער און לאָזן באַזייטיקן געוויקסן, קראַנקע מאַנדלען און ציין. מיר געפינען זיך דאָ פאַר אַ מין פאַרכישופטן צירקל. טאַקע

דערפאַר, ווייל עס איז דאָס איין און איינציקע קינד, ווערט עס אַ קרבן פון אַ קאָנצענטרירטער ליבע, וואָס ביי נאָרמאַלע אומשטענדן פון קינדער־האָבן האָט די עלטערן־ליבע באַדאַרפט פאַרטיילט ווערן אויף 5 אָדער 6 קינדער, און דער־פאַר וויל מען דעם בן־יחיד אָדער בת־יחידה נישט „פייניקן“ און מ׳גיט זיי נאָך די שמד. און מיט וואָס עס ענדיקן זיך אַזעלכע אומשטענדן ווייסן מיר שוין. לאָמיר נאָר דערמאָנען ווי עס זעט היינט אויס דער אַמאָליקער כיבוד־אב... עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן דערמאָנען די אַמאָליקע שטרענגע טאַטעס, וואָס האָבן כלומרשט נישט אַזוי ליב געהאַט זייערע קינדער ווי מיר היינט. עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן זאָגן, אַז זיי זענען געווען גערעכט...

און איצט ווילן מיר דערמאָנען אונדזערע „מאָדערנע“ מאַמעס נאָך אַ וויכ־טיקן ענין: עס איז גאַנץ גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז פ ע ט ע ק י נ־ד ע ר זענען אַ סך מער אין געפאַר צו באַקומען די רעאומאַטישע האַרץ־קראַנק־הייטן ווי מאָגערע. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אַ סך מאַמעס וועלן מיר שווער גלייבן, ווען איך וועל זיי זאָגן, אַז מאָגערע קינדער זענען אַ סך געזינטער און ווייניקער אויסגעשטעלט צו פאַרשידענע חולאתן ווי די פעטע. אָבער אַזוי איז עס. אַ קינד איז געוויינלעך, אין דער הינזיכט, ווי אַ חיה: עס עסט נישט מער וויפל עס באַדאַרף, כדי צו שטילן דעם נאַטירלעכן הונגער. האָבן דאָך אונדזערע מאַמעס ליב זייערע קינדער, שטאָפּט מען זיי. ס׳זענען פאַראַן אַ סך קינדער, וואָס זייערע מאַמעס האָבן זיי אַזוי ליב, אַז זיי שטאָפּן זיי אַ גאַנצן טאָג ווי די גענדז פאַר פסח... און ווי אָפט זעט מען ביי אונדז פעטע קינדער! איך בין שוין מוחל די עסטעטישע זייט... אָבער פ ע ט ע ק י נ ד ע ר ק ע נ ע ן ז י ך ד אָ ך נ י ש ט ש פּ י ל ן! און דאָס גאַנצע לעבן פון די קינדער באַשטייט פון שפּילערייען און באַוועגונגען.

קינדער ווערן פעט ווען זיי טרינקען צופיל מילך און עסן אַ סך ברויט. זיי דאַרפן עסן פלייש, פיש, קעז און מען דאַרף זיי אומבאַדינגט צוגעוווינען צו עסן סאַלאַט, גרינוואַרג, צוגעגרייט מיט אַביסל זאַפט פון לימענע, זאַלץ אאַז״וו.

הכלל, אַזעלכע קינדער דאַרפן גענוי אונטערזוכט ווערן דורך אַ ספּעציאַ־ליסט פון האַלדז. עס איז דאָ כדאַי צו דערמאָנען אַז קינדער ליידן אויך — אגב נישט אַזוי אָפט ווי דערוואַקסענע — פון די אַזוי גערופענע „סינוסיטיס“, ד״ה, די אינפעקציע פון די היילן פון פנים.

מיר ווילן צולעצט אָנווייזן אַז נישט ב יי אַ ל ע קינדער מוז מען אָפּע־רירן די מאַנדלען. דאָס לעצטע וואָרט אין די פאַלן געהערט צום געוויסנהאַפטן האַלדז־דאָקטער. די „מאָדע“ פון אַרויסנעמען די מאַנדלען וואַקלט זיך אויף פלוס און מינוס פון צייט צו צייט. אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער אָפּערירט מען זיי מער ווי אין די לאַטיינישע. עס איז אין דעם נישט פאַראַן קיין אַלגעמיינער

כלל: יעדער פאַל דאַרף גענוי באַטראַכט ווערן. די פּאַציענטן זענען אָפּט קעגן אָפּערירן, ווייל זיי שטיצן זיך אויף זייערן אַ „באַקאַנטן״, וועלכער האָט אַ קרוב, וואָס האָט געלאָזט אָפּערירן זיין קינד און עס האָט זיך ווייטער פאַרקילט גאַנץ אָפט... אָבער דאָקטוירים שטיצן זיך אויף הונדערטער פאַלן, ביי וועלכע דאָס קינד האָט זיך מער נישט פאַרקילט און אויף אַן עקספּעריענץ פון צענדליקער און צענדליקער יאָרן.

## קאַפּיטל VII

# האַרץ־קראַנקייטן ביי דערוואַקסענע

## 1

ווען עלטערן ווערן אינפאָרמירט, אַז זייערס אַ קינד ליידט פון אַ האַרץ־קראַנקייט, איז עס פאַרשטענדלעך פאַר זיי אַ גרויסע טראַגעדיע, אָבער על־טערע מענטשן מאַכן פון דעם צומאָל אַ קליינעם ווען און זאָגן מיט אַ מינע פון רעזיגנאַציע: „נו, דאָקטער, מען רופט״... מיינע אַמאָליקע רוסיש־יידישע פּאַ־ציענטן פלעגן מיך אין אַזאַ פאַל פרעגן: „דאָקטער, דאַרף מען צוגרייטן דעם יאַשטשיק?״ מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז עלטערע מענטשן נעמען נישט ערנסט דאָס האַרץ. אַזאַ היימישער אבר!

אָבער מען ווערט אויך קראַנק אויפן האַרץ אין די מיטעלע יאָרן. וואָס רו־איקער אָט די מענטשן זענען, ליידן זיי ווייניקער און טראָגן איבער זייער קראַנק־הייט גרינגער און לעבן אויך אַ סך לענגער. אין אַלגעמיין — מיר ווילן עס שוין זאָגן — זענען די האַרץ־קראַנקייטן לאַנגדויערנדע, אַזעלכע פּאַציענטן לעבן לאַנגע יאָרן און ווען זיי היטן זיך אָפּ און פאָלגן דעם דאָקטער, קאָנען זיי דערגרייכן צומאָל אַ טיפע עלטער.

מען קאָן פאַרטיילן די האַרץ־קראַנקייטן אין צוויי גרויסע גרופּעס: די ער־שטע זענען יענע, ביי וועלכע עס ווערן געשעדיקט די טירלעך צווישן די האַרץ־חללים און פירן סוף־כל־סוף צו אַ צושטאַנד, אין וועלכן דאָס האַרץ קאָן מער נישט דערפילן זיינע פונקציעס אין אָרגאַניזם.

די צווייטע גרופּע איז די, ביי וועלכער עס ווערן געשעדיקט די קרוין־אַר־טעריעס, וואָס ברענגען דאָס בלוט, וואָס נערט דעם האַרץ־מוסקול.

ביידע גרופּעס האָבן זייער כאַראַקטעריסטישן סימפּטאָם וואָס איז דער אָנזאָג, אַז די קראַנקייט וועט דערשיינען.

די ערשטע גרופּע (קאַרדיאָפּאַטיאַס וואַלוולאַרעס״) צייכנט זיך אויס דער־מיט, וואָס די פּאַציענטן פאַרסאַפּען זיך גרינג, ס׳פעלט זיי לופט; אין שפּאַניש איז

פאַראַן זייער אַ באַקוועם וואָרט: „פאַטיגאַ“, אָדער אַן אַנדער וואָרט, וואָס איז ווייניקער באַקאַנט: „דיסנעאַ“. אין יידיש געפינען מיט נישט אַ וואָרט, וואָס זאָל עקזאַקט אויסדריקן דעם דאָזיקן געפיל. איין אַלטיטשקע פאַציענטין מיינע פון דער ליטע פלעגט מיר זאָגן, אַז זי באַקומט די „סאָפּקע“, אַנדערע, אַז זיי פאַרסאַפּען זיך. אין דייטש זאָגט מען „אָטעמונגסנאָט“. איך וואָלט עס גערופן אין יידיש לופט־נויט. הכלל, די דאָזיקע קראַנקע דערציילן, אַז עס פעלט זיי לופט. אָבער מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַ נאָרמאַלע לופט־נויט ביים מענטשן. אַרויפגיין אויף טרעפּ, לויפן, דאָס נאָכלויפן דעם אָמניבוס, איבערהויפּט, ווען מען האָט ערשט געגעסן, ברענגט לופט־נויט. דאָס איז נאָרמאַל, כמעט פיזיאָלאָגיש ביי געזונטע מענטשן. דאָס איז די נאָרמאַלע לופט־נויט ביי יעדער אָנשטרענגונג, אַריינגערעכנט די צייט, ווען דער פאַרדייאונגס־אַפּאַראַט איז אין פולער טעטיקייט, ווייל אין דעם מאָמענט איז דאָס האַרץ געוויינלעך באַלאַסטעט מיט אַ געוויסער נאָרמאַלער אָנשטרענגונג.

אָבער ביי די מענטשן, ביי וועלכע דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן „נאָכצולאָזן“, איז די לופט־נויט אין דיספּראָפּאָרץ מיט דער אָנשטרענגונג. דער דאָזיקער פאַציענט דערציילט, צום ביישפּיל, אַז געוויינלעך פלעגט ער גרינג אַרויפגיין צוויי שטאָק, איצט אָבער קאָן ער מער נישט שטייגן ווי איין שטאָק. יונגע מיידלעך דערציילן, אַז זיי קאָנען מער נישט טאַנצן ווי פריער, און ביי קינדער באַמערקט מען, אַז זיי שפּילן זיך נישט, ווי פריער, צוזאַמען מיט זייערע חברים.

דער דאָזיקער סימפּטאָם קאָן אויך דערשיינען בשעת אַן עמאָציע, ביים אויסטאָן זיך פאַרן גיין שלאָפן, אָדער ביים אָנטאָן זיך אינדערפרי.

די לופט־נויט אַלס סימפּטאָם פון האַרץ־שוואַכקייט קומט געוויינלעך באַגלייט מיט האַרץ־קלאַפּעניש. „דאָס האַרץ וואַרפט זיך“, דערציילן די פאַציענטן.

מיר האָבן געענוי באַשריבן דעם דאָזיקן ערשטן סימפּטאָם פון דער האַרץ־קראַנקייט איבער פונדאַמענטאַלע סיבות. דאָס דערשיינען פון אָט דעם סימפּטאָם באַדייט, אַ ז ד אָ ס ה אַ ר ץ א י ז ש ו י ן ק ר אַ נ ק. דאָס האַרץ איז שוין נישט אימשטאַנד צו דינען דעם אָרגאַניזם ווי עס טוט אין נאָרמאַלן צושטאַנד. אָבער עס קומט פאָר, אַז עלטערע מענטשן פילן דעם דאָזיקן סימפּטאָם און גייען נישט צום דאָקטער. עס קומט פאָר עפּעס ענלעכס ווי מיט דעם הוסט. מען נעמט אים נישט ערנסט. אָבער מיט דער לופטנויט איז די שפּיל אַ סך געפערלעכער ווי מיט דעם הוסט, ווייל דאָס זענען מענטשן, וואָס גייען אַרום אין גאַס מיט אַ קראַנק האַרץ און מאַכן פאַרשידענע אָנשטרענגונגען און זיי זענען אויסגעשטעלט צו פאַלן אין גאַס פון אַ האַרצשלאַג. אַלע די, וואָס שטאַרבן אין גאַס פּלוצלינג, זענען פונקט די דאָזיקע, וואָס האָבן געפילט דעם סימפּטאָם און זענען נישט געגאַנגען צום דאָקטער.

מיט האַרץ־קראַנקייטן קומט פאַר ווי מיט אַ סך אַנדערע קראַנקייטן: וואָס פריער מען לאָזט זיך אונטערזוכן, איז די קוראַציע אַ גרינגערע, אַ קירצערע און אין דעם פאַל אַפילו אַ זיכערע.

מיר ווילן נאָר דערמאָנען, אַז אויך אַסטמאַטיקער האָבן אָפט לופטנויט אַפילו מיט גאַנץ געזונטע הערצער. אָבער דאָס איז באַגלייט מיט הוסט, לייכעץ און „מוזיק״ אין דער ברוסט.

די צווייטע גרויסע גרופּע האַרץ־קראַנקייטן, וועלכע מיר האָבן פריער דער־מאָנט, האָט אויך איין און איינציקן פריען סימפּטאָם און דאָס איז דער ווייטיק אין ברוסטקאַסטן פון פאָרנט און ביי דער העכערער טייל פון קאַסטן. דעם ווײ־טיק פילט מען אין די פאַרשידנסטע פאָרמען: פון דעם מינדסטן ווייטיק, וואָס דויערט אַ פּאָר מינוט, ביז אַ שרעקלעכן ווייטיק, באַגלייט מיט אַ געפיל פון אַנגסט. דער כאַראַקטעריסטישסטער פאַל איז פאָלגנדער: אַ מענטש גייט אין גאַס, דערשפירט דעם ווייטיק און מוז זיך אָפּשטעלן אַ רגע, דאַן פאַרשווינדט דער ווייטיק און ער גייט ווייטער. דאָס זעט מען נישט זעלטן אין גאַס: אַ מענטש שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ און שפּאַרט זיך אָן אין אַ וואַנט. דעם זעלבן ווייטיק פילט מען צומאָל נישט פון פאָרנט נאָר אין פּלייצע, אונטן; אַן אַנדער מאָל טוט פּשוט פּלוצלינג וויי די לינקע האַנט. דאָס זענען די מענטשן, וואָס ליידן אויף דער אַזויגערופענער ברוסט־אַנגינע. אָבער מען דאַרף אויך וויסן, אַז נישט אַלע, וואָס ליידן אַזאַ ווייטיק, מוזן זיין קראַנק אויף ברוסט־אַנ־גינע. אָבער דאָס דאַרף שוין דורכאויס פעסטשטעלן דער דאָקטער.

איבעריק צו זאָגן, אַז מיט אַזאַ סימפּטאָם גייען שוין די פּאַציענטן אָפטער צום דאָקטער, אָבער נישט תמיד. די נאַכלעסיקייט פון מענטשן אין באַצוג צו דעם געזונט האָט נישט קיין גרעניץ. מענטשן פאַרלאָזן זיך אויף נסים און זאָגן זיך: ס׳איז גאָרנישט, עס וועט אַליין איבערגיין. און מען דאַרף עס נאָכאַמאָל זאָגן: דער פּלוצלינגער טויט געפינט זיינע קרבנות איבערהויפּט צווישן די דאָ־זיקע נאַכלעסיקע מענטשן.

איך זאָג אָפט מיינע פּאַציענטן, אַז זיי דאַרפן אויספירן דעם דאָקטערס אָנ־ווייזונגען מיט מיליטערישער דיסציפּלין. ווען מען זאָל קאָנען מאַכן, אַז דאָק־טוירים זאָלן זיין גענעראַלן און די פּאַציענטן סאָלדאַטן, וואָלטן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ סך, אַ סך לעבנס.

צו קורירן פאָדערט זיך אַ פעסטער ווילן, און דאָס לעצטע, ליידער, געפינט מען נישט אָפט ביי די מענטשן.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז האַרץ־קראַנקע לעבן געוויינלעך אַ סך יאָרן. זיי דאַרפן אָבער פירן אַ ספּעציעלן אַרט לעבן, דאָס וואָס מען רופט אַ היגיעניש לעבן.

## 2

מיר האָבן באַשריבן די צוויי פונדאַמענטאַלע פריע סימפּטאָמען פון די צוויי גרויסע גרופּעס האַרץ־קראַנקייטן.

עס איז נישט איבעריק נאָכאַמאָל צו זאָגן, אַז ווען מען פילט אַזעלכע סימפּטאָמען — אַ ווייטיק אין ברוסט בשעת אַן אָנשטרענגונג ווי גיין אָדער אויפהייבן אַ זאַך אָדער לופטנויט, ד״ה זיך פאַרסאַפּען ביי דער מינדסטער אָנשטרענגונג — דאַרף מען גלייך זיך לאָזן אונטערזוכן ביי אַ דאָקטער, סיידן דאָס לעבן איז נישט טייער. דאָס נישט גיין צום דאָקטער אין אַזעלכע פאַלן איז צומאָל עפּעס אַזעלכעס ווי זעלבסטמאָרד.

מיר ווייסן שוין גאַנץ גוט, פאַרוואָס מיר חזרן איבער אַזויפיל מאָל. אַז מען דאַרף גיין צום דאָקטער. דאָקטוירים זענען אָפטע עדות פון אַזעלכע פאַלן פון נאַכלעסיקייט און עס איז צום שטוינען; עס קלינגט אומגלויבלעך. דער מענטש איז אַ שוידערלעך נאַכלעסיקע באַשעפעניש און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם געזונט, שפּילט מען זיך מיט דעם ווי מיט אַ ליאַלקע פון שמאַטעס. מען פאַרגעסט, אַז מען שפּילט זיך מיטן לעבן.

לאָמיר דערמאָנען כאָטש איינעם פון די צאָלרייכע פאַלן פון מיין קאַרטאָטעקע: פּאַציענט פּ. (עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך טאָר נישט פאַרעפנטלעכן זיין פולן נאָמען; אַזוי וואָלט עס געבליבן מער איינגעקריצט אין זכרון פון מיינע לייענער), 48 יאָר, פאַרהייראַט, 2 דערוואַקסענע קינדער, באַקלאָגט זיך אויף ווידערהאָלטע ווייטיקן אין ברוסט פון פאַרנט. ווען עס טרעפט מיט אים אין גאַס, מוז ער זיך אָפּשטעלן. איך באַשטעטיק אַ ברוסט־אַנגינע, פאַראָרדן אים אַ שטרענגע באַהאַנדלונג און ער זאָל באַלד זיך לייגן אין בעט אויף אַ חודש צייט. פּונקט צו די 30 טעג קומט ער נאָכאַמאָל און דערציילט מיר שמייכלענדיק, אַז ער האָט זיך נ י ש ט ג ע ל י י ג ט אין בעט, ווייל ער האָט נישט געקענט (אָדער נישט געוואָלט) פאַרלאָזן די אַרבעט. די אינזשעקציעס האָט ער נישט גענומען. ער האָט נאָר איינגענומען די פּילן. בשעת איך באַטראַכט אים, הייבט ער אָן פילן זיין כאַראַקטעריסטישן ווייטיק, איך שטעל אים אַן אינזשעקציע און שיק אים געשווינד אַהיים.

אָבער ער איז נישט דערפאָרן; ער איז געשטאָרבן אין טאַקסי.

פון אַזעלכע פאַלן פון נאַכלעסיקייט און שפּילן מיט לעבן קאָנען דאָקטוירים דערציילן אין די הונדערטער.

דאָס איז נאָענט צו זעלבסטמאָרד.

וואָס פאַר אַ רפואות דער דאָקטער זאָל נישט פאַרשרייבן אַזעלכע האַרצקראַנקע, פאַראָרדנט ער זיי אַבסאָלוטע רו אין בעט אין משך פון אַ חודש

אָדער צווײ. דאָס רוען אין בעט איז בפירוש נישט ווײניקער וויכטיק ווי די־
פּילן אָדער אינזשעקציעס, וואָס מען פאַרשרייבט זיי. נאָך מער: ו ע ן
אַ זעלכע קראַנקע ליגן נישט אין בעט, ווירקן
נישט די אַנדערע רפואות. דער אומגליק באַשטייט אין דעם,
וואָס ווען די קראַנקע הייבן זיך אָן פילן בעסער און דאָס געשעט דאָך תמיד —
קענען זיי נישט באַגרייפן, פאַרוואָס זיי דאַרפן נאָך ליגן אין בעט, און זיי
פאַרלאָזן דאָס בעט קעגן דעם דאָקטערס פאַראָרדענונג. די פאָלגן פון אַזאַ אויפ־
פירונג זענען תמיד שלעכטע פאַרן קראַנקן.

די אַבסאָלוטע רו אין בעט איז אַ קלאַסישע קוראַציע אין מעדיצין; מען
רופט עס טאָקע „קוראַ דע רעפּאָסאָ״ — וואָס ווערט אָנגעווענדט ביי פאַרשי־
דענע קראַנקייטן, איבערהויפּט פון האַרץ און לונגען. צווישן דאָקטוירים איז
באַרימט די פאָרמע, ווי אַזוי אין אַמעריקע מאַכט מען די רו־קוראַציע. איך האָב
געזען די דאָזיקע פּאַציענטן אין די ניו־יאָרקער שפּיטעלער ביי זייער — ווי זיי
רופן עס „בעד־רעסט״. זיי ליגן אויסגעצויגן, אָן אַ צוקאָפּנס, ווי סטאַטועס און
באַוועגן אַפילו נישט מיט קיין פינגער. אַזוי ליגן זיי דעם גאַנצן טאָג, מיט די
קורצע הפסקות ביים עסן און די פערזענלעכע באַדערפענישן. זיי ליגן אַזוי און
קיין איין מוסקול פון קערפּער ווערט נישט אָנגעצויגן אָדער אָנגעשטרענגט. דאָס
הייסט אַבסאָלוטע רו מיט נאָכגעלאָזטע מוסקולן („רילאַקס״, אין ענגליש), און
די רעזולטאַטן זענען ווונדערלעכע, פון וועלכער קראַנקייט עס זאָל זיך נישט
האַנדלען. עס איז בעסער בשעת אַזאַ קוראַציע נישט לייענען אַפילו קיין צייטונגען.

מענטשן, וואָס ליידן אויפן האַרץ, דאַרפן לעבן לויט געוויסע כללים. מיר
וועלן זיך אָפּשטעלן אויף די וויכטיקסטע:

ש פּ ײ ז : זיי דאַרפן עסן ווייניק ביי יעדן מאָלצייט און די שפּייזן דאַרפן
זיין אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין גרינג צו פאַרדייען, כדי דאָס האַרץ זאָל זיך נישט
פילן באַלאַסט פון אַ שווערער פאַרדייאונג. זיי דאַרפן אויך נישט טרינקען קיין
סך וואַסער ביים עסן. און טרינקען דאַרפן זיי נאָר וואַסער מיט אַביסעלע וויין
אויסגעמישט. אויסמיידן אַלערליי סאָדע־וואַסערן און מינעראַל־וואַסערן. האַרצ־
קראַנקע דאַרפן זיך צוגעוווינען צו ווייניק זאַלץ, ווייל אין אַ געוויסן מאָמענט
קאָן זיך מאַכן, אַז מען זאָל עס ביי זיי אינגאַנצן צונעמען. קאַווע, טיי און טאַ־
באַק דאַרפן גענוצט ווערן מיט די גרעסטע באַשרענקונגען. אַזעלכע קראַנקע מוזן
אומבאַדינגט האָבן שטולגאַנג יעדן טאָג.

די קליידונג דאַרף זיין אַ לויזע, אָן אייגנגעצויגענע גאַרטלען אָדער קאָר־
סעטן.

האַרצקראַנקע טראָגן שווער איבער די גרויסע קעלטן און די גרויסע היצן.
די פּלוצלינגע אומבייטן פון דער טעמפּעראַטור זענען פאַר זיי אויך שעדלעך.

אויב מעגלעך דאַרפן זיי וווינען אין געגנטן, ווו די טעמפּעראַטור איז סטאַביל און וואַרעם. שטעט, וואָס געפינען זיך העכער פון 600 מעטער, זענען פאַר זיי נישט געוווּנטשן. דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן פון שטעט ביים ים־ברעג.

עס איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז זיי טאָרן נישט מאַכן קיין שום מינים ספּאָרט, קיין לאַנגע רייזעס מיט דער באַן אָדער אויטאָ. אין געוויסע עטאַפּן פון דער קראַנקייט, און אויב דער דאָקטער דערלויבט עס, מעגן זיי שפּאַצירן גייענדיק, אָבער נישט באַרג־אַרויף און נישט באַרג־אַראָפּ. בכלל טאָרן זיי נישט טאָן קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיי פאַרשאַפן לופטנויט אָדער האַרץ־קלאַפּעניש.

די באַשעפטיקונג פון די האַרצקראַנקע דאַרף זיין אַזעלכע, וואָס זאָל נישט פאָדערן קיין פיזישע אָנשטרענגונג און קיין עמאָציעס.

זיי דאַרפן זיך באָדן אין וואַסער מיט אַ טעמפּעראַטור צווישן 34 און 36 גראַד. ביי איבער 36 קאָן שטייגן דער בלוט־דרוק. דאָס זעלביקע קאָן פּאַרקומען אונטער 34 גראַד. בכלל טאָרן זיי נישט נעמען קיין ים־בעדער.

ביי יונגע מענטשן, וואָס ליידן אויפן האַרץ, שטעלט זיך נישט זעלטן אַוועק די פּראָבלעם פון חתונה האָבן. וואָס אָנבאַלאַנגט פרויען, האַלט מען שוין היינט פאַר צו שטרענג פּ ע ט ע ר ס אַלטע סכעמע: „אויב זי איז אַ בתולה, דאַרף זי נישט חתונה האָבן; אַ פאַרהייראַטע דאַרף נישט שוואַנגערן; און אויב זי האָט דאָך געבוירן אַ קינד, דאַרף זי אים נישט געבן צו זייגן". היינט פירט זיך, אַז מען דערלויבט חתונה האָבן אַ גרויסן פּראָצענט האַרץ־ליידנדיקע יונגע פרויען. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם ווערט זייער לאַגע גאַנץ גענוי אויסגעפאָרשט דורכן דאָקטער. אַ סך פון זיי קאָנען געבוירן אַפילו מער ווי איין קינד. דער דאָקטער דאַרף אָבער שטרענג אויפפּאַסן אויף זיי פאַר, בשעת און נאָך דער קימפּעט.

## קאַפּיטל VIII
# געהעכערטער בלוטדרוק

## 1

איך געדענק עס גאַנץ גענוי: עס איז געווען אומגעפער צוריק מיט אַ 20 יאָר. איך האָב שוין געהאַט הינטער מיר עטלעכע יאָר פּראַקטיק. אין יענע ווייטע צייטן פלעגן דאָקטוירים אויך מעסטן דעם בלוטדרוק, פאַרשרייבן, אָבער נישט זאָגן גאָרנישט דעם פּאַציענט; אים אָנווייזן אַ באַשטימטע דיעטע, אויספאָרשן גענויער דעם קראַנקן דורך מאַכן אַנאַליזן פון בלוט, השתנה, אאַז"וו און אים הייסן קומען נאָכאַמאָל, שפּעטער מיט עטלעכע חדשים. דער קראַנקער מיט

אַ געהעכערטן בלוטדרוק פלעגט זיך אָפּהיטן פּונקט ווי איצט און האָט פּונקט ווי איצט געלעבט אַזוי לאַנג — ביז, ביז מען האָט גערופן פון אויבן...

אָבער ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן דערשיינען פּאַציענטן, וואָס האָבן שוין געוווסט, וויפל בלוטדרוק זיי האָבן און וויפל זיי דאַרפן האָבן, און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז די דאָזיקע קראַנקייט אַריבער אין רשות פון די פּאַציענטן, וואָלט איך געזאָגט. זיי זענען געוואָרן די מומחים און נישט מיר.

די דעמאָלט עלטערע דאָקטוירים האָבן געשטוינט, ווייל ביז דאַן האָט זיך נישט געפירט, אַז מען זאָל דעם קראַנקן אויסזאָגן ווי הויך זיין בלוטדרוק איז.

און עס איז געקומען אַ צייט: הימל און ערד און געהעכערטער בלוטדרוק.

— דאָקטער, איך בין געקומען, איר זאָלט מיר נאָר אָפּמעסטן די „אַלטאַ פּרעסיאָן״.

און אַזוי ווי דאָס מיינט ווייניק „אַרבעט״, פלעגן מיר די קראַנקע אַריינשטופּן אין דער האַנט אַ דרייערל...

פון הויכן בלוטדרוק איז לאַנגזאַם געוואָרן „אַלטאַ פּרעסיאָן״; נישט בלויז „פּרעסיאָן״ אָדער בלוטדרוק, נאָר טאַקע גלייך „אַלטאַ״.

בייזע צינגער צווישן די דאָקטוירים פלעגן זאָגן, אַז דער יונגער דור דאָקטוירים האָט „אינדוסטריאַליזירט״ דעם בלוטדרוק.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ.

די לעצטע יאָרן האָב איך באַמערקט, אַז די פּאַציענטן האָבן געמאַכט גרויס פאָרשריט אין תורת המעדיצין. ווען איך מעסט אָפּ דעם בלוטדרוק ביי אַ פּאַציענט, פרעגט ער גלייך, וויפל ער האָט. ווען איך ענטפער צ״ב 12, מאַכט ער: „צו נידעריק״.

12 איז גראָד פּונקט נאָרמאַל. אָבער ווען פּאַציענטן ווערן מבינים, איז דאָך נישט שייך.

אַ סך מענטשן האָבן לעצטנס באַשלאָסן, אַז זיי האָבן צו נידעריקע „פּרעסיאָן״. פון וואַנען די אידייע האָט זיך ביי זיי גענומען, איז אוממעגלעך צו וויסן, אָבער 12 איז צו נידעריק. אַז 11 איז צו נידעריק, איז דאָך שוין אָפּגערעדט...

ווען דאָס איז אַריין אין דער מאָדע, די ערשטע צייטן פלעג איך זיך קווענקלען און נישט וועלן זאָגן מיינע פּאַציענטן, וויפל בלוטדרוק זיי האָבן. זייער אַרגומענט איז תמיד געווען דער זעלביקער:

— אַז איך וועל וויסן, וויפל איך האָב, וועל איך זיך אָפּהיטן.

— און אַז איך וועל אייך הייסן אָפּהיטן אַ דיעטע, וועט איר מיר נישט גלייבן אויפן וואָרט?...

עס האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן. דער פּאַציענט אָדער, בעסער און עקזאַקטער — די פּאַציענטקע איז געוואָרן אַזוי צודרינגלעך, אַז איך האָב אין יעדן

פֿאַל געמוזט סוף־כּל־סוף מגלה־זיין דאָס, וואָס איז ביים דאָקטער שטענדיק געווען אַ סוד פֿאַר אים אַליין.

איז היינט, ווען איך האָב באַשלאָסן צו „באַרירן" די טעמע פֿון בלוטדרוק, האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה: אפשר זאָל איך מאַכן אַ נאָטיץ און איינלאַדן איינע פֿון מיינע פּאַציענטקעס, אַז זי זאָל שרייבן וועגן בלוטדרוק?...

פֿאַר דער מלחמה איז געווען ביי אונדז אין שטאָט אַן אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר, אַ האַרץ־ספּעציאַליסט. וועגן אַפּאַראַטל צו מעסטן דעם בלוטדרוק האָט ער זיך אויסגעדריקט אומגעפֿער אַזוי: „עס איז נאָך אַ פֿראַגע צי דאָס דערפֿינדן דאָס עלעגאַנטע אַפּאַראַטל האָט נישט געבראַכט מער שאָדן ווי נוצן".

איך האָב געקאָנט אַ יונגן מענטש, וואָס איז „צו פֿרי" רייך געוואָרן. געווען אַ סוחר מיט דערפֿאָלג. האָט ער באַשלאָסן צו ליקווידירן זיינע געשעפֿטן און צו לעבן פֿון רענט. ער איז געווען ביי די פּערציקער. ער האָט אָנגעהויבן אַ לעבן פֿון ליידיק־גייערײ. אין אַ זונטיק זיצט ער ביי זיינעם אַ פֿריינד ביי אַ קערטל און עס גייט גראָד דורך זיין פֿריינדס יונגער בחור, וואָס האָט אָקאָרשט געענדיקט מעדיצין און צאַצקעט זיך מיט אַ ניי אַפּאַראַטל צו מעסטן דעם בלוטדרוק.

— מאַריאָ, — מאַכט ער, — פֿאַר אַ נאָווינע, פּרווו מיר אָפּ מיין „פּרעסיאָן".

— מיט פֿאַרגעניגן, דאָן ז.

דער יונגערמאַן לייגט זיך אַוועק. מיין יונגער קאָלעגע „טוט אים אָן" דעם אַפּאַראַט:

— איר האָט 19, דאָן ז. (עס איז דאָך גאַנץ איבעריק צו זאָגן אַז דער דיאַלאָג איז געפֿירט געוואָרן אין שפּאַניש...).

הכלל, איך וויל נישט מאריך זיין, אָבער ר' ז. האָט זיך גוט אַריינגענומען אין קאָפּ זיינע 19 סענטימעטער בלוטדרוק און אַזוי ווי ער האָט געהאַט דעם גאַנצן טאָג פֿריי, האָט דער קאָפּ אָנגעהויבן „אַרבעטן". יעדן טאָג האָט ער געוואָלט וויסן, וויפֿל ער האָט. ער איז געוואָרן זייער נערוועז; געוואָרן אומדערטרעגלעך אין שטוב. וואָס מער נערוועז ער איז געוואָרן איז דער בלוטדרוק געשטיגן און דער סוף איז נישט געווען קיין גוטער און האָט אויף זיך נישט געלאָזט וואַרטן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָט זיך דער געהעכערטער בלוטדרוק קאָמפּליצירט מיט אַ צווייטער צרה, וואָס הייסט אַרומגיין ליידיק. ווען דער מענטש וואָלט געווען אַ פֿאַרנומענער, וואָלט מן־הסתם דער סוף געקומען אַ סך, אַסך שפּעטער און זייער מעגלעך אַפֿילו אין דער טיפֿער עלטער.

ווען מען וואָלט דעם מענטשן גאָרנישט געזאָגט פֿון זיין געהעכערטן בלוטדרוק און מען וואָלט אים פֿאַראָרדנט אַ דיעטע מיט אַן אַנדער אויסרייד, וואָלט

ער גאַנץ זיכער נישט געוואָרן אין אַ קורצער צייט קיין געפערלעכער קראַנקער און דער פארלויף וואָלט גאַנץ מעגלעך געווען אַן אַנדערער.

אָבער איצט איז שוין שפעט. בלוטדרוק איז שוין אַריין אין רשות פון די פאַציענטן. זיי פאָדערן דורכאויס, דער דאָקטער זאָל זיי זאָגן וויפל זיי האָבן. און אַ גרויסע צאָל פון זיי, די ווייניקער רואיקע, שטייען אויף יעדן פרימאָרגן און פרעגן זיך: „וויפל האָב איך היינט?״ און קיין געזונט קומט נישט צו פון דעם...

איך זאָג צומאָל מיינע פאַציענטן, אַז פונקט אַזוי ווי יעדער מענטש האָט זיך זיין נאָז — אַ לאַנגע אָדער אַ קורצע — אַזוי האָט זיך יעדער איינער זיין בלוטדרוק.

12 איז, אַזוי צו זאָגן, די נאָרמאַלע מיט. אָבער נישט יעדער געזונטער מענטש האָט 12. עס איז אויך נאָרמאַל 11 און אַפילו 10 און ווייניקער. איך פאָלג נאָך מענטשן שוין צענדליקער יאָרן און באַשטעטיק תמיד, אַז זייער בלוטדרוק איז 9 און עס געשעט זיי גאָרנישט. זיי וויסן עס נישט. איך בין גאַנץ פאַרזיכטיק און זאָג זיי עס נישט אויס און זיי זענען גליקלעכע און גע־זונטע מענטשן.

אַנדערש וואָלט געווען, ווען זיי דערוויסן זיך, אַז זיי האָבן 9. עס וואָלט זיך שוין געפונען ווער עס זאָל זיי איבערצייגן, אַז 9 איז נידעריקע „פרעסיאָן״; זיי וואָלטן אָנגעהויבן וואַנדערן צו דאָקטוירים און עס איז איבעריק צו זאָגן, מיט וואָס אַזאַ זאַך קאָן זיך ענדיקן...

ביז 15 ווערט אָנגענומען אַז דאָס איז נאָרמאַלער בלוטדרוק. צווישן 9 אָדער 10 ביז 15 וואַקלט זיך די נאָרמאַלע ציפער.

## 2

מען קאָן זאָגן אָן גוזמא, אַז אַ „האַלבע וועלט״ ליידט אויף הויכן בלוט־דרוק און מען דאַרף זיך צוגעוווינען צו דער אידייע, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט פון קיין קראַנקייט נאָר פון אַ צושטאַנד אַזעלכן. ווייל עס איז פעסט־געשטעלט געוואָרן, אַז צווישן די 40 און 50 יאָר איז דער בלוטדרוק העכער פון דער נאָרמאַלער ציפער ביי 41 פראָצענט פון די מענער און ביי 51 פראָצענט פון די פרויען; ביי די 50 יאָר איז דער בלוטדרוק העכער ביי 50 פראָצענט פון די מענער און ביי 62 פראָצענט פון די פרויען; ביי די 60 יאָר איז די ציפער העכער פון נאָרמאַל ביי 60 פראָצענט פון די מענער און ביי 70 פראָצענט פון די פרויען און אַזוי ווייטער; דער פראָצענט מענטשן מיט אַ העכערן בלוטדרוק וואַקסט צוזאַמען מיט דער עלטער. דער עיקר איז נישט די ציפער, נאָר ווי אַזוי

דער דאַזיקער מענטש פילט זיך. טויזנטער מענטשן האָבן אַ געהעכערטן בלוט־דרוק און פילן זיך פולקאָם געזונט. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי פילן זיך נאָך בעסער, ווען זיי ווייסן עס נישט און נאָר זייער דאָקטער ווייס עס.

מיר האָבן געזאָגט, אַז דאָקטוירים זענען באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן אינדוסטריאַליזירט דעם הויכן בלוטדרוק: „אָ, סעניאָראַ, איר האָט 17!" עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט קיינער נישט באַשטעטיקט, און עס גייט נישט ווייטער פון די ראַמען פון „מען זאָגט". אָבער די פּאַציענטן און איבערהויפּט — זאָל מיר גאָט און זיי אַליין מוחל זיין — די פּאַציענטקעס האָבן אויך נישט „דערלייגט" ביי דעם „געשעפט". זיי האָבן צוגעקריגן אַ וווּנדערבאַרע טעמע פון וואָס צו רעדן. ווו אַ פאַרזאַמלונג, פון וואָס פאַראַ מין זי זאָל נישט זיין, רעדט מען פון דער „פּרעסיאָן". און עס איז באמת אַ קוריאָז: פון בלוטדרוק און פון לעבער־קראַנקייטן רעדט מען פריי און אָפן. מען רעדט ווייניקער פון האַרץ־קראַנקייטן; אָבער זייט זיכער, אַז קיינער וועט קיינעם נישט דערציילן, אַז זיי־נע לונגען זענען „אָנגעגרירט". מיט דעם שעמט מען זיך אויסערגעוויינלעך און מען באַהאַלט עס פאַר דער גאַנצער וועלט. אָבער מען רעדט זייער גערן פון גע־העכערטן בלוטדרוק און מען דערציילט פון די „אַטאַקעס", וואָס מען האָט גע־האַט אָדער מען דערוואַרט צו האָבן: „יענע וואָך האָב איך געהאַט 25", און עס גייט אַ לאַנגע רשימה פון פּרטים, צוגעפאַרבט און צוגעפּוצט. אַזוי איז שוין די מענטשלעכע נאַטור. עס ווילט זיך זיין אַ שטיקל „העלד", כאָטש מיט דעם, וואָס מען האָט „יענע וואָך געהאַט אַן אַטאַק" פון הויכן בלוטדרוק. עס איז אַ ליבלעכע טעמע און נישט קיין באַזונדער געפערלעכע. און זי איז נישט גע־פערלעך דערפאַר, ווייל עס האַנדלט זיך פון אַ קראַנקייט אָדער אַ צושטאַנד, וואָס איז נישט אַנשטעקנדיק. מען שעמט זיך איבערהויפּט מיט קראַנקייטן, וואָס זענען קלעפּיק אָדער גייען אַריבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, אָדער מען מיינט, אַז זיי גייען אַריבער.

כאָטש עס זענען שוין פאַרגאַנגען אַ סך יאָרן, געדענק איך גאַנץ גענוי יענעם נאָכמיטאָג: איך הייב אָן אויפנעמען מײַנע פּאַציענטן און באַמערק אין וואַרטצימער אַן עלטערן ייד מיט אַן ערנסטן פּנים. לעבן אים זיצט אַ בחורל מיט אַ ברוגזער מינע. עס איז געקומען זייער רייע, דער ייד קומט אַריין אַליין.

— דאָקטער, — זאָגט ער צו מיר זייער פאַרזאָרגט — דער יונגערמאַן, וואָס וועט באַלד אַריינקומען, שדכנט זיך צו מיין מיידל און אַזוי ווי איך ווייס, אַז איר האָט קורירט זיינעם אַ ברודער פון אַ לונגען־קראַנקייט, וויל איך וויסן, צי עס איז ביי זיי פונעם „קאָרין". ער האָט געמיינט צו זאָגן, צי עס איז נישט ביי זיי פונעם וואָרצל, ד"ה אַ משפּחה־קראַנקייט.

איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל דאָס אויספאָרשן, ווייל דער בחור קומט דאָך פרייוויליק.

דער יונגערמאַן קומט אַריין אַ ברוגזער. איך באַטראַכט אים גענוי, געפין אויס, אַז ער איז געזונט און זאָג צו אים:

— איר זענט פולקאָם געזונט! איך גראַטוליר אייך, ווייל איר וועט קענען חתונה האָבן מיט דעם מיידל, וואָס איר האָט ליב.

— אַזוי, — מאַכט ער, אַליין אַ ברוגזער, — איצטער וויל איך נישט חתונה האָבן!...

ער גייט אַרויס און דער עלטערער ייד קומט גלייך אַריין. איך פאַרזיכער אים, אַז דאָס ייִנגל איז געזונט און ער מעג טאָן דעם שידוך.

— ניין, דאָקטער, איך וויל נישט דעם שידוך... — ענטפערט ער מיר מיט אַן אויסדרוק פון גרויס פאַרלעגנהייט, און גייט אַרויס.

דער ייד האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם פאָראורטייל קעגן קלעפּיקע קראַנקייטן און דאָס בחורל האָט געזאָגט פאַר כעס, פאַרוואָס מען האָט אים אַזוי „באַליידיקט״ און אים געפירט צום דאָקטער.

ווי באַוווּסט, האָבן די סאַניטאַרישע באַהערדן פון אונדזער לאַנד כלומרשט געלייזט די דאָזיקע פּראָבלעם: פאַר דער חתונה מוז יעדער מאַן (די פרוי נישט) מאַכן אַ בלוט־אַנאַליז, אַזוי אַרום, אַז סיפיליטיקער קענען נישט חתונה האָבן, אָבער די באַהערדן האָבן פאַרגעסן אין איין „קליינקייט״: קיין ראַדיאָגראַפיע פון די לונגען פאָדערט מען נישט, און דאָס מיינט, אַז לונגען־קראַנקע קאָנען פראַנק און פריי חתונה האָבן און אָנשטעקן דאָס יונגע ווייבל און די קינדער, וואָס קומען אויף דער וועלט...

ביי דער פרוי פאָדערט מען נישט קיין בלוט־אַנאַליז מן־הסתם דערפאַר, ווייל דאָס איז נישט „דזשענטעלמעניש״...

אָבער מיר דאַרפן זיך אומקערן צו אונדזער טעמע. איך בין ערגעץ פאַרפאָרן. שולדיק זענען די אָנגעזאַמלטע אַנעקדאָטן פון דער וועלט וואָס הייסט דעם דאָקטערס קאַבינעט, אַ וועלט, ווו דער מענטש טוט זיך אויס „נאַקעט״ און דער דאָקטער זעט אים ווי ער איז. ער מעג אָבער דערציילן נאָר אַ הונדערטסטל...

הכלל ווייבער, איבערהויפּט טאַקע זיי, דערציילן פון זייערע קראַנקייטן און הייבן אָן רעקאָמענדירן מעדיקאַמענטן און קרייטעכצער ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע. די קרייטעכצער, די „זשוזשאָס״, זענען אַ שטענדיקע טעמע. דאָס זענען פאַרשידענע גראָזן מיט ווילדע נעמען, וואָס מען פאַרקאָכט מיט זיי אַ טיי און זייער ווירקן כלומרשט ווונדערבאַר. עס איז שווער דעם מענטשן זיך אָפּצוגעוווינען פון דער פרימיטיווער עמפּירישער מעדיצין פון מיטלאַלטער און פון נאָך פריער. דער קראַנקער איז זייער גענייגט צו גלייבן אין רפואות, וואָס זענען

פאַרבונדן מיט דער נאַטור, אַזעלכע ווי גראַזן, און איבערהויפּט מיט אַזעלכע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַ שטיקעלע מיסטעריע... מיט מופתים. נאָר אַזוי קאָן זיך דערקלערן דער פאַקט, וואָס אונדזערע יידעס און טאַטעס — אַט דאָ, נישט ווייט — פלעגן פאָרן צום רבין, אַנשטאַט צום דאָקטער; איך רעד שוין נישט פון אונדזערע מאַמעס און באבעס... דערפאַר זענען זיי דאָך געווען יידענעס און — וואָס ווייסט אַ יידענע?... אָבער ביי די אומות העולם איז נישט בעסער: גאַנץ געבילדעטע גויים קורירן זיך ביי דאָקטוירים און בגנבה טרינקען זיי געקאָכטע וואָרצלען און גראָזן, וואָס אַ פריינד האָט זיי צוגעשיקט פון פּראָווינץ.

די מאָדערנע מעדיצין איז טאַקע גוט און פיין, אָבער די נאַטור מיט אירע געוויקסן איז אויך עפּעס... מען פאַרגעסט דערביי, אַז אַ סך רפואות ווערן געמאַכט פון פאַרשידענע פלאַנצונגען...

הויכער בלוטדרוק איז דאָך נישט מער ווי דער סימפּטאָם, דער אויסערלעכער אויסדרוק פון אונדזערע פאַרהאַרטעוועטע אָדערן (סקלעראָז), אַ פּראָצעס, וואָס איז אַזוי אָפט, אַז ער דאַרף באַטראַכט ווערן ווי כמעט אַ נאַטירלעכער. ער איז אַ קאָנסעקווענץ פון לעבן זעלבסט. די סיבות זענען זייער פאַרשידענע, אָבער די פאָלגן זענען די זעלביקע: דאָס עלאַסטישע הייטל פון די אָדערן ווערט פאַרשוואונדן און זיין פּלאַץ פאַרנעמט אַזאַ געוועב, וואָס איז נישט עלאַסטיש, אַזוי אַז ביי יעדן האַרץ־איינצי, ווען די כוואַליע בלוט ווערט אַריינגעשליידערט אין אָדערן־צעצווייג, פאַרגרעסערן זיי נישט זייער קאַפּאַציטעט אַזוי ווי פריער, ווען זייערע ווענט זענען געווען עלאַסטיש; זיי קאָנען זיך נישט צעציען; דאַרף אַזוי אַרום דאָס האַרץ זיך איינציען מיט מער ענערגיע און אין אַט דער געהעכערטער ענערגיע געפינט זיך די אויפקלערונג פון דעם, וואָס עס איז אַזוינס דער געהעכערטער בלוטדרוק. די קראַפט, מיט וועלכער דאָס האַרץ ציט זיך איין, געמאָסטן מיט דער קוועקזילבער־קאָלום, ווייזט, אַז עס איז העכער ווי 15 סענטימעטער קוועקזילבער, (אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער לייענט מען מילימעטער, אַזוי אַז דאָרטן איז עס 150 מילימעטער). די ערשטע סיבה (כראָנאָלאָגיש) פון דער גרעסערער ענערגיע, וואָס דאָס האַרץ מוז אָנווענדן, איז די פאַרגרעסערונג פון האַרץ־מוסקול זעלבסט. עס איז אַ פּראָצעס, וואָס גייט פּאַראַלעל מיט דעם פּראָצעס פון געהעכערטן בלוטדרוק אַזוי, אַז ווען מען מאַכט אַ ברוסט־ראַדיאָגראַפיע אַ מענטשן, וואָס האָט שוין זייט יאָרן אַ געהעכערטן בלוטדרוק, באַשטעטיקט מען, אַז דאָס האַרץ איז באַדייטנדיק פאַרגרעסערט. אַזוי פאַרטיידיקט זיך און אַדאַפּטירט זיך דאָס דאָס האַרץ צו דעם פּראָצעס פון אָדערן־סקלעראָז.

די סיבות פון דעם געוויינלעכן געהעכערטן בלוטדרוק זענען פאַרשידענע,

אָבער די אמתע סיבה איז אומבאַקאַנט. דערפאַר האָבן מיר פריער געזאָגט, אַז אין דעם לעבן זעלבסט, אינעם פּראָצעס פון לעבן, וואָס איז עקסטרעם קאָמפּלי־צירט און נישט אינגאַנצן באַקאַנט, דאָרטן ווערן געזוכט די סיבות. וואַרשייַנ־לעך געפינט ער זיך אין עפּעס אַן ענדערונג פון די נירן. דאָס דאַרף אָבער נישט פאַרטוישט ווערן מיט הויכן בלוטדרוק, וואָס איז אַ קאָנסעקווענץ פון אַ באַ־שטימטער און באַקאַנטער נירן־קראַנקייט ווי די, וואָס עס פאַראורזאַכט שקאַר־לאַטין אָדער אַנדערע היץ־קראַנקייטן. דאָ געפינען מיר זיך פאַר אַ קאָנקרעטן פאַל פון נירן־אַנטצינדונג, וואָס העכערט דעם בלוטדרוק, וואָס איז צומאָל אַ שאַרפע און ערנסטע קראַנקייט און וואָס כאַראַקטעריזירט זיך מיט דעם וואָס זי דערשיינט מערסטנס ביי יונגע מענטשן.

הויכער בלוטדרוק איז אויך צומאָל אַ משפחה־קראַנקייט. מיר מיינען נישט צו זאָגן, אַז דאָס איז אַ ירושה־זאַך, וואָס גייט איבער דירעקט פון עלטערן צו קינדער; עס זענען פּשוט פאַלן פון פאַמיליעס — וואָס זענען געוויינלעך באַ־לאַסט אויך מיט פעטלייביקייט — ביי וועלכע עטלעכע מיטגלידער האָבן אַ געהעכערטן בלוטדרוק.

## 3

אַ גאַנצע רייע קראַנקייטן, צושטאַנדן און פעלערן קאָנצענטרירן זיך אין באַשטימטע משפחות. זייער צאָל איז אַ גרויסע. איינע פון די וויכטיקסטע איז געהעכערטער בלוטדרוק. אָבער עס איז נישט קיין מוז, אַז די קראַנקייט זאָל דער־שיינען ביי אַלע מיטגלידער פון דער משפחה.

די מענטשלעכע נאַטור וועט תמיד זיין פול מיט סתירות און מיסטעריעס. אין צייט פון מלחמה קוקן דעם טויט גלייך אין די אויגן הונדערטער טויזנטער מענטשן מיט אַ מין אומבאַוווסטזיניקער העלדישקייט און אַן דעם מינדסטן גע־פיל פון מורא. אָבער גאַנץ אַנדערש איז דער מענטש אין רואיקע צייטן.

אַט וועל איך אייך איבערגעבן וועגן אַ סצענע, וועלכע איז פאַרגעקומען פונקט אַזוי: אין אַ נאָכמיטאָג קומט צו מיר אַריין אַ יונגערמאַן פון אַ 35 יאָר, שטאַרק דערשראָקן און מיט אַן אויסדרוק פון אַנגסט אויפן פנים.

— דאָקטער — שרייט ער כמעט אַרויס — איך בין געקומען, איר זאָלט מיר אָפּמעסטן מיין בלוטדרוק! מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז ביי מיר גע־העכערט.

איך האָב דעם מענטשן זייער גוט געקענט, ווייל זיין פאָטער איז ביים לעבן געווען מיין פּאַציענט.

— וויפל בלוטדרוק האָט געהאַט דיין פאָטער? — פרעג איך אים מיט אַ געבייזער.

— 24, דאָקטער.

— ווי אַלט איז ער געווען, ווען ער איז געשטאָרבן? — פרעג איך ווייטער אין דעם זעלבן טאָן.

— 74 יאָר.

— טאָ גיי, וועסט אויך שטאַרבן צו די 74 יאָר. גיי אַהיים; איך וועל דיר דעם בלוטדרוק היינט נישט מעסטן; ווען דו וועסט זיך באַרואיקן, וועסטו קומען, וועל איך דיך אונטערזוכן.

דער מענטש ווערט באַהערשט פון פחדנות, ווען די געפאַר איז אַ ווייטע און אַפילו אַ פּראָבלעמאַטישע, אָבער ער האָט צומאָל נישט דעם מינדסטן גע־פיל פון מורא, ווען ער קוקט דעם טויט גלייך אין די אויגן.

די סיבות אָדער די סיבה פון די מערסטע פאַלן פון הויכן בלוטדרוק אָדער פון דעם פּראָצעס וואָס פאַרהאַרטעוועט די אָדערן (סקלעראָז) איז נאָך דערווייל אומבאַקאַנט, הגם עס זענען פאַראַן פיל טעאָריעס. עס איז אַ סברה, אַז ביי אַ געוויסער עלטער הייבן אָן פעלן אין בלוט געוויסע סובסטאַנצן, וואָס ווערן גע־וויינלעך אויסגעאַרבעט אין די נירן. עס איז מעגלעך, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַן ענלעכן צושטאַנד, וואָס רופט אַרויס צוקערקראַנקייט. ווי באַוווסט, דער־שיינט דיאַבעטיס דעמאָלט, ווען די מילץ הייבט אָן שיקן אין די בלוטן ווייניקער אינסולין ווי געוויינלעך. די קראַנקייט באַווייזט זיך און דער מענטש מוז דער־נאָך זיין גאַנץ לעבן באַקומען אינזשעקציעס פון אינסולין. אין אַן ענלעכער ריכטונג ווערט געפאָרשט אויף דעם געביט פון בלוטדרוק. מען וויל געפינען, וועלכע ס'איז די סובסטאַנץ אָדער האָרמאָן, וואָס פעלט אין בלוט ביי די, ביי וועלכע דער דרוק איז געהעכערט, און אויב זי וועט אויסגעפונען ווערן, וועט מען זי קאָנען איינשפּריצן דעם קראַנקן פונקט ווי דעם דיאַבעטיקער ווערט איינ־געשפּריצט די אינסולין.

עס בלייבט נאָך די אַלטע און נישט אינגאַנצן קלאָרע טעאָריע פון דער נער־ווועזער סיבה פון געהעכערטן בלוטדרוק. דאָס וואָלט געמיינט גאַנץ פּשוט, אַז ביי נערוועזע מענטשן שטייגט דער בלוטדרוק.

באַרירן אָט די טעמע — נערוון — דאָס איז אַריינדרינגען אין אַ ים פון באַגריפן און טעאָריעס; דאָס איז אַריינדרינגען אין לעבן פון מענטשן זעלבסט. פאַרשידענע נאַטורן און טעמפּעראַמענטן. אָבער נערוון האָבן דאָך אויך אַ סיבה. דאָ קומט מיר גלייך אויפן געדאַנק יענע אַלטעגלעכע סצענע, וועלכע איך וואָלט באַצייכנט: „ווי אַזוי דער דאָקטער פאַרטיידיקט זיך קעגן זיין פּאַציענטקע". אַ מיטליעריקע דאַמע איז ביים דאָקטער אין קאַבינעט; ער פרעגט זי אויס; זי באַ־קלאָגט זיך אויף די פאַרשידנסטע ווייטיקן און שטערונגען, וואָס על פּי מעדי־צין האָבן זיי נישט קיין שום לאָגיק און דערקלערונג און געהערן נישט צו קיין שום באַשטימטער קראַנקייט. דער דאָקטער וואָלט מיט זיין בעסטן ווילן געוואָלט

דערקלערן און אויפקלערן די דאָזיקע טויזנט און איינע ווייטיקן און שטערענישן, אויף וועלכע זיין פּאַציענטקע באַקלאָגט זיך. געוויינלעך האָבן דאָקטוירים איינעם און דעם זעלביקן תּירוץ:

— „סעניאָראַ״, דאָס זענען אייערע נערוון.

און ער מיינט, אַז מיט דעם האָט ער שוין אַלעס אָפּגעפּטרט און איז אַרויס פונעם פּלאָנטער. אָבער דאָ באַקומט ער יענעם ענטפער, וואָס טראָגט אין זיך דעם גאַנצן שטילן פּראָטעסט פון דער, וואָס ליידט, קעגן דער מעדיצין, וואָס „מוז״ אַלעס קענען... מוז האָבן אַ רפואה צו יעדער מכּה...

— גוט, דאָקטער, איך בין איינשטימיק, דאָס זענען מיינע נערוון, אָבער צו דעם מוז דאָך אויך זיין אַ רפואה!

די חשובע דאַמע, וואָס האָט אָנפּאַרטרויט איר געזונט און איר לעבן דער מעדיצין, וויל אַ רפואה צו אירע נערוון און זי ווייסט נישט, אַז די דאָזיקע רפואה האָט פאַרשידענע נעמען. איינמאָל הייסט זי: „דאָס גרויסע געווינס״; אַ צווייט מאָל הייסט זי: „אַ מאַן, וואָס זאָל זיין גוט און פאַרשטענדלעך״; אַן אַנדער מאָל: „גוטע קינדער״ און נאָכאַמאָל: „בעסערע לעבנסבאַדינגונגען אין אַלגעמיין״; אַן אַנדער מאָל: „האָבן קינדער און נישט מאַכן קיין אַבאָרטן״ אאַז״וו און זי וויל, די נאַאיווע גוטע פרוי, אַז דער דאָקטער זאָל איר „פאַרשרייבן״ די דאָזיקע רפואה און זי וועט זי „באַשטעלן״ אין אַפּטייק...

דאָס זענען אין גרונט די נערוון: דאָס שווערע און קאָמפּליצירטע לעבן. אַוודאי זענען פאַראַן מענטשן פוןביידע געשלעכטער, איבערהויפּט מענער, וואָס האָבן „אייזערנע״ נערוון. אָבער זיי זענען אַן אויסנאַם. דאָס „לעבן״ פאַרכאַפּט איטלעכן און די „קאַלטע לונג און לעבערס״, אָדער זיי האָבן טאַקע אייזערנע נערוון אָדער זיי לעבן נישט... זיי לאָזן דאָס לעבן פאַרבייגיין לעבן זיי און זיי אַליין „קאָמפּליצירן״ זיך נישט דאָס לעבן.

דאָס לעבן פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן איז אַ פּערמאַנענטע רייצונג פון די נערוון. מען מוז אָנערקענען, אַז די פרוי באַקומט די גרעסערע פּאַרציע... איר לעבן איז, איבער אַ רייע פאַקטאָרן און אומשטענדן, שווערער און דערפאַר טאַקע געפינט מען אין אַלע סטאַטיסטיקעס אַ גרעסערן פּראָצענט פרויען מיט אַ געהעכערטן בלוטדרוק. אַ דרוק פון אַן עמאָטיוון כאַראַקטער.

„פילאָזאָפן״ האַלטן, אַז דער מענטש האָט זיך אַליין קאָמפּליצירט דאָס לעבן. דער פּראָגרעס פון קולטור און ציוויליזאַציע האָבן קאָמפּליצירט דאָס לעבן און עס געמאַכט שווערער. צופיל קאַמף, צופיל דראַנג, צופיל טומל... אין די ווייטע צייטן, אין וועלכע מענטשן האָבן געפירט אַ פּרימיטיוו לעבן, אַ לעבן מיט דער נאַטור, נישט שטאַרק אַנדערש ווי די אַנדערע בעלי־חי, איז זיכער נישט געווען קיין פּאַציענטן מיט נערוון און מיט געהעכערטן בלוטדרוק.

צי הייסט אַלזאָ די רפואה: ענדערן דאָס לעבן, דערפירן עס צום אַמאָליקן ריטם און פשטות? איך גלייב נישט, אַז די ענדערונג מוז זיין אַזוי ראַדיקאַל, און חוץ דעם איז עס אויך אוממעגלעך זיך אָפּצוזאָגן פון די פּרעכטיקע דערגריי־כונגען פון יאָרהונדערטער קולטור און ציוויליזאַציע.

היגיענע, די צווייג פון מעדיצין, וואָס לערנט ווי אַזוי צו פּאַרהיטן דעם מענטשן פון קראַנקייטן, נעמט נישט אַרום, ווי אַ סך מיינען, נאָר די קלעפּיקע קראַנקייטן; זי פאַרנעמט  א ל ע  קראַנקייטן און ליידן פון מענטשן. היגיע־ניסטן האַלטן, אַז די מענטשהייט קאָן און דאַרף דערצויגן ווערן — איך וואָלט געזאָגט — נאָכאַמאָל דערצויגן ווערן — און זיך לערנען אָנהאַלטן אָן  א י־ נ ע ר ל ע כ ע   ר ו  אין דער מיט פון דעם געווירבל פון מאָדערנעם לעבן; זיך אויסלערנען לייטערן דאָס געמיט, דעם טעמפּעראַמענט און צוימען די באַ־גערן און דעם קאַמף נאָך מאַטעריעלע דערגרייכונגען.

## 4

איך וואָלט גלייך געזאָגט, אַז אַ מענטש מיט אַ הויכן בלוטדרוק דאַרף פירן אַ  ב א ג ר ע נ ע צ ט   ל ע ב ן.  דער מענטש לעבט דאָך געוויינלעך פראַנק און פריי, און אין ענין געזונט איז ער דער גרעסטער אויסברענגער. ער רעכנט צומאָל אויס גאַנץ גענוי וויפל געלט ער דאַרף און מעג און קאָן אויסגעבן, אָבער דאָס געזונט פאַרטאַכלעוועט ער אָן אַ שום חשבון, פּונקט ווי די לעביונגען טוען עס מיט זייער געלט, — און אויך מיט זייער געזונט. הכלל, מען לעבט געוויינ־לעך אָן אַ חשבון. און דער, וואָס האָט אַ הויכן בלוטדרוק, דאַרף לעבן  מ י ט  אַ חשבון... פּונקט ווי ער דאַרף לעבן מיט אַ חשבון אין ענין געלט, דאַרף ער דאָסזעלבע טאָן מיט זיין געזונט. ער דאַרף באַגרענעצן זיינע געזונט־אויסגאַבן. מיינע פּאַציענטן ווילן זיך צומאָל רעכטפאַרטיקן פאַר מיר. ווען זיי פאָלגן נישט מיינע אָנווייזונגען, באַנוצן זיי איין אַלטן אַרגומענט: „מען איך דאָך נישט מער ווי אַ מענטש". זיי זענען מודה, הייסט עס, אַז דער מענטש איז אַזאַ באַשעפע־ניש, וואָס רק עס גלוסט זיך אים פּונקט דאָס, וואָס ער טאָר נישט. אַ שוואַך באַשעפעניש. אַנדערע פּאַציענטן, געוויינלעך פּוילישע פאָלקסטימלעכע יידן, לאָזן צו רו דעם „מענטש" און באַגרענעצן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דעם יידישן פאָלק: „מען איז דאָך אַ ייד". מיט דעם וויל ער זאָגן: „מען איז דאָך אַ ייד — גלוסט זיך אַ שטיקל הערינג"... די דאָזיקע „רעכטפאַרטיקונג" הער איך נישט זעלטן.

די פּאַנאָראַמע וואָלט געווען אַזעלכע: די וועלט איז פול מיט פאַרגעניגנס, און דער דאָקטער, דער אכזר, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ קאַלטער גזלן צווישן דעם מענטש און דער גאַנצער קיילעכדיקער עולם־הזה און האָט איין איינציק

וואָרט: „לא״... און מען איז דאָך מער נישט ווי אַ מענטש, אַ שוואַך ווילנלאָז מענטשנקינד, לאָקט און ציט דווקא דאָס, וואָס מען טאָר נישט, דאָס, וואָס איז פאַרווערט.

עס וועט אפשר וווּנדערן אַ סך פון מיינע לייענער, ווען איך וועל זאָגן, אַז בנוגע אַ גרויסער צאָל פּאַציענטן קומט פאָר, אַז זייער דאָקטער נישט ער קורירט זיי, נאָר ער קעמפט מיט זיי...

און דער גורל פון מענטש איז דאָך אָפּטמאָל פול מיט איראָניע: פונקט די גרויסע פרעסער ווערן דאָך געוויינלעך קראַנק אויף אַזעלכע מחלות, וועמענס גאַנצע באַהאַנדלונג באַשטייט אין באַגרענעצן דאָס עסן. דאַרף טאַקע דער דאָקטער און די משפּחה קעמפן מיט זיי. ראשית כל לייקענען זיי. זיי זענען גאָט די נשמה שולדיק; זיי היטן אָפּ שטרענג די דיעטע און דאָך געפינט מען צוקער אין דער השתנה... אין דער הינזיכט בין איך אַ פּריווילעגירטער דאָקטער: איך טרעף זיך אָפּט מיט מיינע פּאַציענטן ביי די געזעלשאַפטלעכע באַנקעטן... דאַרף איך שוין נישט פרעגן.

עס פאַלט מיר איין, אַז עס איז שוין צייט צו רעווידירן געוויסע קלאַסישע באַגריפן. צום ביישפּיל: אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, טייטשט מען אויס דעם געבאָט „לא תחמוד״ אין דער הינזיכט, אַז מען זאָל נישט גלוסטן קיין אשת־איש, יענעמס ווייב. מען דאַרף דעם „לא תחמוד״ געבן אַ פיל ברייטערע אינטערפּרעטאַציע און אפשר, ווען ער איז אַרויסגעדונערט געוואָרן אויפן באַרג סיני, האָט מען טאַקע געהאַט אין זינען אַ סך מער, אים געגעבן אַ סך אַ ברייטערן אויסטייטש ווי די אשת־איש. מען האָט זיכער געמיינט: „זאָל זיך דיר נישט גלוסטן  אַ ל ע ס,  יעדע זאַך, וואָס איז דיר פאַרבאָטן, סיי דורך דעם געזעצגעבער, סיי דורך דעם דאָקטער. אַזוי אַרום וועלן מיר קאָנען איינבירגערן דעם „לא תחמוד״ אין דער מעדיצין און אים אַוועקשטעלן אויבנאָן אַלס איינעם פון די וויכטיקסטע היגיענישע כללים.

עפּעס ענלעכס קאָן געזאָגט ווערן בנוגע דעם אַזוי אָפּט באַנוצטן „שמח בחלקו״. וועלכער ייד — דאָ מוזן מיר, בעוונותנו הרבים, צוגעבן: וועלכער ייד פון „אונדזערע״ יידן, די יידישע יידן און אפשר די העברעאישע יידן אויך, איך ווייס נישט, צי די סבראס „האָקן״ אויך מיט פּסוקים — נוצט נישט כמעט יעדן טאָג יענע פּערל פון פּרקי אבות: איזהו עשיר, השמח בחלקו. דאָס ווערט אויסגעטייטשט, מן־הסתם אין אַ באַגרענעצטער פאָרם, נאָר בנוגע עשירות. אָבער עס איז מעגלעך, אַז אונדזערע אבות, וואָס האָבן „געזאָגט״ די פּרקים פון פּרק, האָבן אויך אינזינען געהאַט אַ ברייטערן אויסטייטש: „זיי צופרידן מיט דיין גורל, מיט דיין חלק לעבן, מיט דיין חלק עסן, מיט דיין מערכה, וואָס איז דיר אויבן צוגעטיילט געוואָרן. כאַפּ נישט, קריך נישט פון דער הויט; זיי צופרידן

מיט דיין חלק פאַרמעגן, מיט דיין חלק אישה, הכלל, זיי צופרידן מיט דיין חלק די וועלט...

אָבער איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב היינט געהאַט בדעה צו שרייבן עפּעס וועגן געזונט אויך... נעמלעך: ווי אַזוי ס׳דאַרף לעבן אַ מענטש מיט הויכן בלוט־דרוק.

אָבער איך וועל דאָס דאָזיקע קאַפּיטל אָנרופן מיט אַ נאָמען אַ מער קאָנ־קרעטן: ווי אַזוי דאַרף עסן אַ מענטש מיט אַ הויכן בלוטדרוק. איך וועל רעדן פון שפּייזן. „די תאווה צו דער שיסל״, ווי עס וואָלט געזאָגט אַ בעסאַראַבער ייד.

מען קאָן נישט לייקענען, אַז דער טיש, די שיסל, הייסט עס, איז אַ פונ־דאַמענטאַלע זאַך אין לעבן פון מענטש. אַ חוץ אַ סך אַנדערע זאַכן, איז עס צו־מאָל דער איינציקער שליסל צו שלום־בית... דאָס ווייסן דאָך מן־הסתם די ווייבער בעסער פון מיר. איך האָב אַמאָל געלייענט אַ בראָשור פון דער אלמנה פון פּרעזידענט ווילסאָן, האָט זי דאָרטן באַשריבן ווי אַזוי זי האָט „געפאַנגען״ און ווייך געמאַכט דיפּלאָמאַטן מיט אַ גוט געדעקטן טיש... זי באַשרייבט דאָרטן, ווי אַזוי די מאכלים דאַרפן רייצן די אויגן — זיי דאַרפן האָבן קאָליר; און דעם חוש הטעם — זיי דאַרפן האָבן אַ פיינעם גערוך. גאָלדע קרעמער באַשרייבט אין „מיין שטעטעלע יעדינעץ״, ווי אַזוי אַ בעסאַראַבער אַרענדאַר האָט באַדאַרפט אויפנעמען דעם פּריץ פון דאָרף. דאָס בלעטל, ווו זי מאָלט, ווי אַזוי דער אַרענ־דאַר האָט געדעקט דעם טיש און די מאכלים, וואָס ער האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט, וואָלט איך רעקאָמענדירט צו לייענען אַלע די מענטשן, וואָס ליידן אויף אַפּעטיטלאָזיקייט... זיי וועלן פאַרשפּאָרן צו גיין צום דאָקטער.

דאָס אויסזען פון געדעקטן טיש רופט אַרויס דעם אַפּעטיט; און וואָס שע־נער ער זעט אויס און וואָס בעסער ער שמעקט, אַלץ מער אַפּעטיט רופט ער אַרויס. דער געדאַנק, אַז אַט וועסטו עסן אַ געשמאַקן מ׳טאָג, מאַכט, אַז די שליימהויט פון מאָגן זאָל אַרויסגעבן דורך אירע גלאַנדן אַ סך מאָגנזאַפט, און אָט־דער זאַפט רופט אַרויס דעם אַפּעטיט, דעם חשק צו עסן. דער באַרימטער קלאַסישער עקספּערימענט פון פּראָפ׳ פּ אַ וו ל אָ וו באַווייזט עס גאַנץ קלאָר: ער האָט געעפנט דעם מאָגן ביי אַ הונט און צוגעפּאַסט אַ רערל פון גומע. ווען מען האָט געוויזן דעם הונט אַ געשמאַק שטיק פלייש, האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין מאָגנזאַפט דורכן רערל. אָן דעם האָט מען געזען גאָרנישט אָדער זייער ווייניק פליסיקייט אַרויסגיין פון גומענעם רערל.

און איצט בנוגע אונדזערע פּאַציענטן מיט הויכן בלוטדרוק.

איך שרייב דאָ פאַר זיי איבער אַ פּאָר שורות פון אַ קלאַסישן מעדיצינישן טראַקטאַט: „די קעלט, די פיזישע אָנשטרענגונגען, דאָס ע ס ן און ט ר י נ־ק ע ן אַ ס ך און די עמאָציעס העכערן דעם בלוטדרוק. די רו, די רואיקייט,

דער וואַרעמער קלימאַט אָדער אַמביענט און דאָס פּאַסטן (אָדער ווייניק עסן, י. ז.) פאַרמינערן דעם בלוטדרוק״. אין דער אמתן, האָבן מיר דאָ אין אַ פּאָר שורות פאָרמולירט די גאַנצע היגיענע און דעם גאַנצן „מאָדוס״ פון לעבן פון די מענטשן מיט הויכן בלוטדרוק.

איך ענטפער אַלע מיינע פּאַציענטן תמיד מיט די זעלביקע ווערטער: עסט פון אַלעם, אָבער בצמצום. זייט אַ קאַרגער, ווען עס האַנדלט זיך פון עסן. מענטשן מיט הויכן בלוטדרוק מעגן עסן אַלץ, איבערהויפּט ווען דער אַנאַליז פון דער השתנה איז נאָרמאַל און די „אורעאַ״ אין בלוט איז ביי זיי נאָרמאַל (אונטער 0,50 פּער טויזנט).

מענטשן מיט אַ הויכן בלוטדרוק דאַרפן האָבן — מער ווי אַנדערע — אַ נאָרמאַלע וואָג. יעדער איינער קאָן גרינג וויסן, וועלכע עס איז זיין נאָרמאַלע וואָג: אַ מענטש, וואָס זיין וווקס איז אַ מעטער 65, צ״ב, דאַרף וועגן 65 קילאָ. דאָס הייסט: יעדער נאָרמאַלער מענטש דאַרף וועגן אַזויפיל קילאָ, וויפל סענ־טימעטער ער האָט איבער דעם מעטער. דאָס איז די אידעאַלע וואָג, צו וועלכער יעדער מענטש דאַרף שטרעבן.

איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַז דער הויכער בלוטדרוק באַשווערט די אַרבעט פון האַרץ. פּעטקייט, ד״ה, איבעריקע וואָג, האָט די זעלבע ווירקונג. הכלל, מיר האָבן שוין דערלערנט, הייסט עס, אַז דאָס ערשטע, וואָס עס דאַרף טאָן אַ מענטש, וואָס דערוויסט זיך וועגן זיין הויכן בלוטדרוק, איז זיך שטעלן אין אָרדענונג מיט זיין וואָג לויט די אָנגעוויזענע כללים. דאָס צווייטע איז: נישט באַשליסן, אַז ער איז קראַנק, נאָר אַז ער איז אַריין אין אַ פּעריאָד פון זיין לעבן, אין וועלכן ער וועט דאַרפן לעבן לויט געוויסע כללים און וועט נישט קאָנען טאָן אַלץ, וואָס ער וועט וועלן.

דער פראַנצויזיש־יידישער שרייבער אַנדרע מאָרואַ איז דער מחבר פון אַ פּרעכטיק בוך, וואָס הייסט „דאָס לעבן פון מענטשן״.

דאָס דאָזיקע בוך דאַרפן לייענען געזונטע און קראַנקע. עס איז אַ וווּנדער־לעכע עקספּאָזע פון דער פילאָזאָפיע פון לעבן. מאָרואַ באַשרייבט דאָס לעבן מיט אַ באַזונדער ניכטערקייט. יעדעס יאָר, וואָס מען ווערט עלטער, באַדייט אַ באַ־גרענעצונג פון לעבן זעלבסט, און דער מענטש דאַרף זיך שטופּענווייז אָפּזאָגן פון באַוועגונגען, רייזעס, געזעלשאַפט, מאכלים אאַז״וו.

## קאַפּיטל IX

# ווי אַזוי עס דאַרפן לעבן מענטשן מיט אַ הויכן בלוטדרוק

## 1

היינט צו טאָג באַזיצט נאָך נישט די מעדיצין קיין מיטל צו היילן הויכן בלוטדרוק. הגם אַ סך מענטשן דערציילן, אַז זייער דאָקטער האָט זיי געגעבן אַזעלכע רפואות, וואָס האָבן ביי זיי „אַראָפּגעשלאָגן" דעם בלוטדרוק אויף 6 אָדער מער סענטימעטער.

די דאָזיקע מעשיות זענען קיינמאָל נישט ריכטיק. עס האַנדלט זיך געוויינלעך פון פאָלגנדע פאַלן: עס זענען מענטשן, וואָס געפינען זיך אין אַזוי גערופענעם צווייטן „פּעריאָד" פון דעם צושטאַנד, אין וועלכן דער בלוטדרוק „שפּרינגט" פון זיך אַליין אַראָפּ און אַרויף אויף 6 אָדער 7 סענטימעטער אָדער מער, און דאָס האָט נישט צו טון מיט קיין באַהאַנדלונגען אָדער רפואות. דער בלוטדרוק פירט זיך אַזוי אויף בלויז אין דעם דאָזיקן צווייטן פּעריאָד און נישט מער. עס זענען אויך פאַראַן פאַלן פון בלוטדרוק אין דריטן פּעריאָד, אין וועלכן די הויכע ציפער — 20 אָדער מער — איז פּערמאַנענט, מיט די נאַטירלעכע נאָרמאַלע וואַריאַציעס אויף 2 אָדער 3 סענטימעטער. ווען אין אַזאַ פאַל דערציילט דער פּאַציענט, אַז זיין דאָקטער האָט אים אַראָפּגעשלאָגן דעם בלוטדרוק ביז 14, צ"ב, איז עס תמיד פאַר דעם פּרייז פון אַ 10 אָדער 12 קילאָ פון זיין וואָג. אָבער דאָס איז נישט תמיד נאָרמאַל און נישט תמיד געזונט, סיידן דער פּאַציענט איז מיט דעם צוריקגעקומען צו זיין נאָרמאַלער וואָג. אָבער צומאָל פילט ער זיך דערביי אַזוי שוואַך, אַז עס באַקומט אים נישט דאָס לעבן און די רפואה... און דער סוף איז, אַז כדי ער זאָל זיך פילן גוט און קריגן צוריק אַביסל פון זיינע כוחות און פון זיין ענערגיע און ווילן צו לעבן, דאַרף ער צוריק אַרויף עטלעכע קילאָ און זיין בלוטדרוק דאַרף נאָכאַמאָל שטייגן אַ 4-5 סענטימעטער אָדער מער...

אַנדערע מאָל האַנדלט זיך פשוט פון אילוזיעס אָדער גאָר האַלוצינאַציעס. פּאַציענטן קומען און דערציילן, אַז דער בלוטדרוק איז ביי זיי „שוין" געפאַלן און ווען מען מעסט אים אָפּ, זעט מען, אַז עס איז נישט ריכטיק.

די איינציקע אמתע רפואה באַשטייט אין מאַכן שלום מיט דער אידייע און מיט דעם צושטאַנד, צו וועלכן מען איז בהדרגהדיק דערגאַנגען און זיך צופּאַסן, מיט רעזיגנאַציע, מיט געדולד און אויסדויער צו די נייע אומשטענדן, צו דעם נייעם פּעריאָד פון לעבן, וואָס וועט דויערן לאַנגע יאָרן, אָפט ביז צו דער טיפער עלטער.

דאָס איז דער צייטיקסטער פעריאָד פון לעבן, אין וועלכן דער מענטש איז מסוגל אַ סך אויפצוטאָן, לערנען און שאַפן. דאָס לעבן פון באַוועגונג און דינאַמיזם ווערט באַגרענעצט, דערפאַר אָבער ווערט דער מענטש טיפער, מיושבדיקער, קלוגער, געצאַמטער און דערפאַר — בעסער...

ער דערמאָנט זיך, אַז „מען לעבט נישט אייביק" און הייבט אָן לעבן אָן טומל, אָן רעש, כדי נישט עולה צו זיין דאָרטן, אויבן, מיט ליידיקע הענט...

דאָס איז דער נאָרמאַלער פאַרלויף פון לעבן און מען קאָן אים נישט אָפּשרייען...

און די, פאַר וועלכע עס וועט זיין אַ פאַרגרינגערונג, וועל איך זיי דערמאָנען, אַז דאָס זענען צרות רבים...

און איך וויל נאָכאַמאָל דערמאָנען אַז „אָפּהיטן" דעם הויכן בלוטדרוק מיינט אָפּהיטן, פלעגן דאָס האַרץ. עס איז דאָס האַרץ, וואָס „טראָגט־איבער" דעם הויכן בלוטדרוק.

דערפאַר איז דאָס ערשטע געבאָט: זשאַלעווען די פיזישע כוחות, אויסמיידן פיזישע אָנשטרענגונגען און דאָס בעסטע מיטל איז רוען מער ווי פריער. און רוען מער מיינט פאַרלענגערן די נאַכט, זיך לייגן אין בעט אַביסל פריער ווי אַמאָל און זיך צולעגן נאָך מיטאָג אויף אַ פּאָר שעה, נישט ווייניקער...

דאָס איז גאַנץ גענוג און די רעזולטאַטן זענען וווּנדערבאַרע.

ווען מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל באַרירט די דיעטע פון אַזעלכע מענטשן, האָבן מיר געזאָגט: עסן אַלערליי שפייזן אָבער ב צ מ צ ו ם; באַפרידיקן דעם הונגער און נישט מער; דער טיש קאָן שוין מער נישט זיין קיין פאַרגעניגן, קיין יום־טוב, נאָר אַ נויטווענדיקייט.

מען דאַרף אויך אויסמיידן זאָרגן און טיפע עמאָציעס. און רוען דאַרפן אַזעלכע מענטשן נישט אויף אַ שטול נאָר אין בעט מיט נישט קיין באַזונדער הויכן צוקאָפּנס.

עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז ליגנדיק האָט דאָס האַרץ אַ 20 פּראָצענט ווייניקער אַרבעט.

ביי פאַלן עטוואָס שווערערע דאַרף מען רוען אין בעט איין טאָג אין וואָך.

די דאָזיקע בעט־קוראַציעס דאַרפן נאַטירלעך רעגולירט ווערן דורכן דאָקטער, לויט די פאַרשידענע אומשטענדן פון יעדן פאַל באַזונדער.

מיר ווילן אָבער באַזונדער באַטאָנען, אַז מען דאַרף נישט בלייבן מיט דעם איינדרוק, אַז דאָס זענען מענטשן וואָס דאַרפן תמיד רוען. די טעטיקייט, וואָס איז זיי דערלויבט, בלייבט נאָך אַלץ אַ ברייטע און אַ פּילזייטיקע: אָנפירן די געשעפטן, שפּאַצירן, פאַרברענגען, אאַז״וו. אָבער אַלעס מיט אַ מאָס, מיט אַ גרענעץ.

די וואַקאַציעס ביי אַזעלכע מענטשן דאַרפן, אויב מעגלעך, זיין אַביסל לענגערע ווי געוויינלעך און די רו, דאָרטן, אַ שטרענגערע.

לוסטרייזעס אין אַלגעמיין ווירקן גוט אויף געזונטע און קראַנקע: די נייע לאַנדשאַפט, די נייע קיך, די נייע פאַרבינדונגען — דאָס אַלעס דערמוטיקט און באַנייט און חוץ דעם איז מען דאָרטן באַפרייט פון דאגות פרנסה — אַפילו די פאַרמעגלעכע האָבן דאָך דאגות פרנסה, כאָטש די אָרעמע מיינען, אַז די רייכע האָבן נישט קיין זאָרגן, אָבער די לעצטע ווייסן גאַנץ גוט ווי נישט ריכטיק דאָס איז. די פאַרצווייגטע און קאָמפּליצירטע געשעפטן פאַראורזאַכן געוויינלעך מער קאָפּווייטיק ווי אַ קליין געוועלבל, וואָס איז אָפט אַ זיכערע און אַ רואיקע פרנסה...

מענטשן מיט געהעכערטן בלוטדרוק קאָנען פאַרברענגען זייערע וואַקאַציעס אַזוי ווי זיי געפעלט, איבערהויפּט דאָרטן, וווּ עס איז נישט זייער קאַלט אָדער זייער הייס.

זיי קאָנען פאָרן צום ים, אָבער זיי טאָרן זיך נישט באָדן אין ים, ווייל זיי פאַרטראָגן שווער די קאַלטע בעדער און עס איז פאַר זיי צו שווער דער קאַמף מיט די כוואַליעס. חוץ דעם: דאָס קאַלטע וואַסער העכערט דעם בלוטדרוק. אָבער די, ביי וועלכע דער בלוטדרוק איז נישט זייער הויך (ביז 17־18), קאָנען זיך באָדן מיטאָג־צייט, ווען דאָס וואַסער איז וואַרעם און דער ים רואיק.

די עמאָציעס פון די אַזאַרט־שפּילן זענען שטרענג פאַרבאָטן.

מענטשן מיט געהעכערטן בלוטדרוק האָבן געוויינלעך מורא פאַר די בערג. ס'איז אין אַ גרויסער מאָס נישט מער ווי איינרעדעניש. מיטלמעסיקע הויכקייטן (ביז אַרום 1500 מעטער) העכערן נישט דעם בלוטדרוק און עס איז נישט פאַראַן קיין שום געפאַר פאַר זיי דאָרטן צו פאַרברענגען זייערע וואַקאַציעס. די לאַנד־שאַפט פול מיט גרינס (ביימער און לאָנקעס) ווירקט וווּנדערבאַר אויף די נערוון און אויף דעם געמיט. עס איז אַ סך געזינטער ווען מען מיידט אויס, בשעת וואַקאַציעס, די גרויסע טוריסטישע צענטערן פון לאַנד. מען דאַרף זוכן די קלע־נערע ערטער, וווּ עס זענען פאַראַן ווייניקער מענטשן. דאָרטן איז די רו זיכערער...

## 2

עס איז שווער צו דערגיין, ווער עס האָט אויסגעטראַכט, אַז פליישׁ איז שעדלעך. עס איז אַ פאַקט, אַז אַ סך מענטשן האָבן אַליין אַרויסגענומען דאָס פליישׁ פון זייער טעגלעכער באַשפּייזונג. מן־הסתם איז עס אַן איבערבלייבעניש פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען די פראַנצויזישע מעדיצינישע שול האָט געקיניגט אין דער מעדיצינישער וועלט. דאָס איז געווען דער אַזוי גערו־פענער קלינישער פּעריאָד פון דער מעדיצין. די פראַנצויזן פלעגן נישט האַלטן

פון פלייש. די מילך־דיעטע האָט דעמאָלט געהאַט די אויבערהאַנט, און די טי־פוס־קראַנקע פלעגן געהאַלטן ווערן אויף אַ שטרענגער און אַבסאָלוטער מילך־דיעטע די 3 אָדער 4 וואָכן, וואָס די קראַנקייט האָט געדויערט.

היינט געהערט דאָס שוין צו דער היסטאָריע פון דער מעדיצין. היינט הונ־גערן שוין נישט די קראַנקע; זיי עסן גוט און אַ סך. אין דעם הינזיכט וועט זיין אינטערעסאַנט אַן אַנעקדאָט, וואָס האָט זיך מיר איצט דערמאָנט: צוריק מיט אַ פופצן יאָר האָב איך געהאַט אַ קאָנסיליום מיט פּראָפעסאָר סאָלאָמאָן, אַ וועלט־באַרימטער געלערנטער און ספּעציאַליסט אין דערנערונג. ער איז צו דעם קאָנ־סיליום געקומען פאַר מיר און האָט שוין געהאַט באַשטעטיקט, אַז די פּאַציענט־קע, אַ געפּערלעכע קראַנקע מיט פיבער, האָט גוט געגעסן: ער האָט מיך באַ־גריסט מיט די ווערטער: עס האָט מיך געפריייט פעסטצושטעלן, אַז איר זענט נישט פון די דאָקטוירים, וואָס דענקען, אַז קראַנקע דאַרפן פאַסטן.

די מיינונג, אַז דאָס רינדערנע פלייש איז נישט קיין גוטע, געזונטע, נאָר שעדלעכע שפּייז, איז אַ פּשוטע איינרעדעניש, וואָס האָט נישט קיין זין. פלייש באַשטייט פון בלוט און מוסקול און איןביידע זאַכן גייטיקט זיך זייער דער מענטשלעכער אָרגאַניזם. אין מעדיצין רופט מען עס „אָפּאָטעראַפּיע". ווען די אייערשטאָקן (אָוואַריאָס) ביי די פרויען ווערן שוואַך, פאַרשרייבט מען זיי „אָוואַ־רין" אאַז״וו. ס׳שטייט געשריבן „אבר מבריא אבר", איין אבר היילט דעם צווייטן. דאָס וואָלט געמיינט, אַז אין יענע צייטן האָט מען שוין געקאָנט די „אָפּאָטעראַפּיע" און אפשר האָט עס טאַקע די מעדיצין גענומען פון יענער קוועלע.

דערפאַר דאַרפן עסן פלייש די מענטשן, וואָס האָבן בלוטדרוק. עס איז אַ טאָניק פאַרן האַרץ, וואָס איז אויך אַ מוסקול. דאָס פלייש באַרייכערט אויך דאָס בלוט.

איך האָב באַמערקט, אַז פאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס היטן שטאַרק אָפּ זייער געזונט, זיך פאַרנעמענדיק צו לעבן כאָטש אייביק, באַזייטיקן גלייך דאָס פלייש פון זייער קיך. איך דערמאָן זיך יענע פּאַציענטקע מיינע, וואָס איז גע־לעגן אויף גריפּ. זי האָט מיך געפרעגט, וואָס זי מעג עסן.

— איר קאָנט עסן אַ טעלער יויך, — האָב איך איר געענטפערט.

— היינט האָבן מיר נישט געקאָכט קיין יויך, ווייל אינדערפרי איז נישט געווען צו קריגן קיין „פּאָזשאָ" (עוף).

אין אַ סך פאַרמעגלעכע שטיבער קאָכט מען נישט קיין יויך, אויב עס איז נישטאָ קיין „פּאָזשאָ".

מיר מוזן פאַרבייגייענדיק באַמערקן, אַז אַנשטאַט „פּאָזשאָ" קען מען זאָגן עוף — דאָס האָבן שוין פאַרגעסן אַפילו אונדזערע פויליש־יידישע יינגערע און עלטערע דאַמען, וואָס זענען פאַרבליבן די איינציקע, וואָס רעדן ביי אונדז אין

לאַנד אַ פולן יידיש. ווערטער האָבן אויך אָפּטמאָל אַ בייזן גורל. און דאָ האַנדלט זיך גראָד וועגן אַ וואָרט, וואָס איז צוויי מאָל יידיש, ווייל עס איז סיי אַ העב־ רעאיש, סיי אַ יידיש וואָרט...

עופות... איך וועל שיקן קוילען איין עוף — פלעגט זאָגן מיין מאַמע ע״ה, און זי איז געווען אַ „קריאַזשאַ״ פון דער קאָלאָניע.

איך געדענק נישט, איך זאָל האָבן געהערט דאָס וואָרט „עוף״ פון מויל פון מיינע צאָלרייכע „יידישיסטישע״ פּאַציענטן. פריער שטאַרבן די ווערטער, דערנאָך די גאַנצע שפּראַך... עס דערמאָנט מיך אין יענעם אַלטן ייד, מיינער אַ ידיד און אַ פּאַציענט צו דער זעלבער צייט.

— אוי, דאָקטער, — פלעגט ער שרייען — עס שטאַרבט ביי מיר אָפּ איין גליד נאָכן אַנדערן...

מיטן איצטיקן יקרות אויף עופות פיל איך, אַז איך טו אַ גרויסע טובה מיינע חשובע לייענער, ווען איך פאַרזיכער זיי — נאָך מער — איך שווער זיי, אַז פלייש איז אומשעדלעך, און נאָר אַ זייער קליינע צאָל קראַנקע טאָרן עס נישט עסן. איבערהויפּט דאַרפן און מעגן עס עסן יענע, וועלכע האָבן הויכן בלוטדרוק.

און איצט קומט אַ סורפּריז פאַר די, וואָס היטן זיך שטאַרק אָפּ... איך בין זיי מודיע, אַז עוף און פיש זענען פאַר דעם אָרגאַניזם פונקט דאָס זעלבע ווי רינדערן פלייש. זיי זענען נאָר אַביסל וויכער פאַר די ציין, אומזיסט די טרחה און די גרויסע הוצאות צו עסן נאָר „פּאַזשאָ״...

דאָס פלייש פון די לעצטדערמאָנטע בעלי־חי איז אויך מוסקול און בלוט... און פאַרן קערפּער איז עס איינע און דיזעלבע זאַך. סוף־כל־סוף איז עס פאַרן מאָגן דיזעלבע פּראָטעאין (אייווייס), וואָס ער דאַרף אַסימילירן.

איך האָב אַמאָל געהערט זאָגן מיין פּראָפעסאָר עסקודעראָ, אַז אונדזער אָרגאַניזם אַסימילירט (נעמט אין זיך אַריין, פאַרדייעט) צום לייכטסטן די איי־ ווייס, וואָס געהערט צו בעלי־חיים, וועלכע זענען אין דער זאָאָלאָגישער סקאַלע, נענטער צום מענטשן. דאָס מיינט, אַז דאָס פלייש, וואָס מיר וואָלטן צום גרינגסטן אַסימילירט, איז — מענטשן־פלייש, און אַמשווערסטן וואָלט געווען דאָס פלייש פון פיש אָדער נאָך ווייטער אין דער זאָאָלאָגישער סקאַלע — טשערעפּאַכע, צ״ב.

און צווישן עוף און רינדערן פלייש ווערט דאָס לעצטע אַ סך גרינגער אַסי־ מילירט, ווייל די בהמה איז, אין דער זאָאָלאָגישער סקאַלע, נענטער צו אונדז ווי דאָס געפליגלטע עוף. און זאָלן אונדזערע איטאַליענישע „פּאָזשעראָס״ אויף מיר נישט האָבן קיין פאַריבל... וויסנשאַפט ווייסט נישט פון קיינע באַריערן און פון בעסערע אָדער ערגערע געשעפטן...

האָט דאָך פעניסילין „אומגעוואָרפן״ אַ פריער זייער פּראָדוקטיווע ספּע־

ציאַליטעט — ווענערישע — און די דאָזיקע ספּעציאַליסטן זענען שיעור נישט געבליבן אָן „ברויט״. נאָר זיי באַקלאָגן זיך נישט... וויסנשאַפט איז וויסנשאַפט, און עס איז נישטאָ קיין כוח, וואָס זאָל זיך איר אַנטקעגנשטעלן. מיינע אייגענע קאָלעגן די טיזיאָלאָגן, זענען אויך אין „געפאַר״ צו בלייבן אָן „ברויט״: טו־בערקולאָז־קראַנקייט געפינט זיך היינט צו טאָג אין אַזאַ ירידה, אַז נאָר איין גאָט ווייסט...

## 3

צו פאַרענדיקן מיט אונדזערע באַמערקונגען וועגן פלייש אַלס אַ גוטע שפּייז, ווילן מיר נאָר צוגעבן, אַז פלייש האָט נאָך אַ מעלה: עס העכערט נישט די וואָג. פאַר אַ מענטש מיט הויכן בלוטדרוק לוינט זיך נישט צו זיין פעט, ווייל דאָס באַשווערט די אַרבעט פון דעם האַרץ. אַזאַ מענטש טאָר זיך אָבער אויך נישט אָפּשוואַכן, דאַרף ער עסן פלייש.

אַלע, וואָס עסן נישט קיין פלייש — אַריינגערעכנט יענע, וואָס עסן עס נישט, ווייל זיי האָבן נישט קיין ציין — זענען פעט, גראָב און וועגן אַ סך מער, ווי זיי דאַרפן וועגן לויט דער נאָרמע, וואָס איך האָב אָנגעוויזן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. זיי עסן אַ סך ברויט, זופּ, קאַרטאָפל און אַנדערע זאַכן, פון וועלכע מען באַקומט אַ בייכל... און דאָס איז נישט געזונט.

איך זאָג תמיד מיינע פּאַציענטן, אַז דער גרעסטער שונא פון מענטשן איז פעטקייט, אַפילו שוין נישט רעכענענדיק די עסטעטישע זייט, וואָס מען דאַרף יאָ רעכענען...

איך האָב אַמאָל געלייענט אַ מעדיצינישע אַרבעט פון אַן אַמעריקאַנער דאָקטער וועגן אַ גרופּע זקנים אין טיפן עלטער, צווישן 90 און 100 יאָר. קיין איינער פון זיי איז נישט געווען קיין דיקער, ווייל די דאָזיקע מענטשן דערגרייכן זייער זעלטן אַזאַ עלטער.

מען דאַרף, אַלזאָ, ביי מענטשן מיט געהעכערטן בלוטדרוק שטאַרק קעמפן קעגן דעם צונעמען זוואָג. זיי דאַרפן וועגן פונקט לויט דער טאַבעלע.

ס׳איז אַ סברה, אַז אייער זענען נישט קיין געוואונטשענע שפּייז פאַר אַזעל־כע מענטשן, ווייל לויט געוויסע פאָרשונגען זאָלן זיי פאַרשנעלערן די סקלעראָז פון די אָדערן.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן אין גרינוואַרג, וואָס איז אַ וווּנדערשפּייז און וואָס ווערט שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט אין יידישע שטיבער. סאַלאַט דאַרף נישט פעלן קיינמאָל ביים טיש, צוגעגרייט מיט לימענע. איך האָב שוין, מיר דוכט, אַמאָל געשריבן, אַז מיר דאַרפן זיך לערנען עסן גרינוואַרג ביי די איטאַליענער. איך האָב אויך באַמערקט, אַז אין אַמעריקע עסט מען וווּנדערבאַרע גרינוואַרג.

דאָרט איז די לאַבאָראַטאָריע און די וויסנשאַפט אין אַלגעמיין שטאַרק אַריינ־געדרונגען אין קיך. דאָרטן זענען די פּעטע מענטשן אַ זעלטנהייט. מען עסט דאָרטן נישט איבעריק. מען ווידמעט אויך נישט אַזוי פיל צייט דעם עסן.

די קאָנסערווירטע שפּייזן, נישט פרישע, געזאַלצענע אָדער שטאַרק גע־פּעפּערטע, דאַרפן אויסגעמיטן ווערן איבערהויפּט דערפאַר, ווייל זיי ברענגען דורשט און עס ווילט זיך טרינקען. און מענטשן מיט געהעכערטן בלוטדרוק דאַרפן נישט טרינקען קיין סך און ווען זיי טרינקען, דאַרף עס זיין אויסער די מאָלצייטן. פליסיקע שפּייזן און וואַסער דרינגען אַריין אין בלוט, העכערן דעם בלוטדרוק, העכערן דעם סכום בלוט און באַשווערן די אַרבעט פון דעם האַרץ.

אָבער רעדן וועגן געזאַלצענע שפּייזן פאַר יידישע לייענער און זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַן אַלטער יידישער שפּייז, וואָס הייסט הערינג, וואָלט געווען עפּעס ענלעכס צו אַ חילול השם.

ברויט מיט הערינג איז געווען די איינציקע שפּייז פון אַזוי פיל דורות יידישע אָרעמע מאַסן, אַז איך וואָלט געזאָגט, אַז הערינג איז אַ היסטאָרישע שפּייז און האָט מחיה געווען נאָכאַנאַנד אפשר צוואַנציק דורות מזרח־אייראָפּע־אישע יידן. ביי די אָרעמע מאַסן איז ער געווען דער ג אַ נ צ ע ר מיטאָג און ביי פאַרמעגלעכע — דאָס ערשטע מאכל פון מיטאָג...

הערינג איז אַזוי איינגעבירגערט אין יידישן לעבן, אַז מיר דאַכט אַז אונ־דזערע דיכטער און שרייבער האָבן אַביסל פאַרגעסן אין אים, האָבן אים אַביסל געקריוודעט. . .

איך האָב פון תמיד אַן שטאַרק ליב געהאַט הערינג און איך מוז מודה זיין — נישט אומזיסט... אַחוץ דעם געזאַלצענעם טעם האָט ער נאָך צומאָל אַלע טעמים . . .

אָבער היינט־צו־טאָג האַלט עס נישט גוט מיט אָט דעם „היסטאָרישן" מאכל אונדזערן: פאַרמעגלעכע יידן, וואָס „היטן זיך אָפּ", ווייל, ווי איך האָב שוין אַן אַנדער מאָל געזאָגט, זיי ווילן לעבן „כאָטש" אייביק, האָבן באַשלאָסן, אַז פּונקט ווי רינדערן פלייש, איז הערינג אַ „שווער" עסן און האָבן אים באַזייטיקט פון זייער טיש. זיי קוקן, אין דער יידישער שפּייזקראָם, אויף די פעסלעך הערינג, ווי אויף עפּעס אַ פאַרבאָטענעם שטיקל עולם־הזה, ווי אויף אַן אומדערגרייכ־באַרן גליק און גייען אַוועק פון קראָם מיט אַ דערשטיקטן זיפץ, וואַרפנדיק אַ טרויעריקן לעצטן בליק אין דער ריכטונג, ווו עס שטייט דאָס פעסל הערינג, וואָס „פרעגלען" זיך אין זאַלץ און וואָס בעטן זיך ממש:

— נעם מיך, איך בין געשמאַק מיט אַלע טעמען...

די נישט־פאַרמעגלעכע יידן, די שיטערע אָרעמע מאַסן, וואָס זענען פאַר־בליבן ביי אונדז אין לאַנד, האָבן שוין גאָרנישט מורא פאַרן הערינג, נאָר זיי

מוזן זיך אויך באַגנוגענען מיט אַ פּאַטעטישן בליק צום פּעסל, הגם איבער אַנ־דערע טעמים: הערינג איז געוואָרן אַזוי טייער אַז — מען דאַרף האָבן אַ פאַר־מעגן . . .

אַ פאַקט איז, אַז יידן זענען שטאַרקער פון אייזן און קאָנען ביישטיין אַ נסיון . . .

איך געדענק נישט איין פּאַציענט מיינעם, וואָס זאָל מיך געוועזן האָבן גע־פרעגט:

— דאָקטער, איך מעג עסן הערינג?

ניין, אַלע אָן אויסנאַם, פרעגן:

— דאָקטער, איך מעג עסן אַ ש ט י ק ע ל ע הערינג?

ווילן איך טאַקע היינט מודיע זיין: אַ שטיקעלע הערינג מעג עסן די „גאַנצע וועלט״, אַפילו איין מאָל אין יעדן טאָג. צו עסן מער ווי אַ שטיקעלע, דאַרף מען זיין אַ געזונטער מענטש, אָן דיסקרימינאַציעס, אָרעם צי רייך.

און עס האַנדלט זיך נישט אַזוי אין הערינג זעלבסט ווי אין זאַלץ. עס זע־נען פאַראַן מאָגנס, וואָס פאַרטראָגן נישט קיין זייער געזאַלצענע שפּייז. „עס ברענט״ זיי דערנאָך דער מאָגן, און האַרצקראַנקע און מענטשן מיט הויכן בלוט־דרוק דאַרפן אויך שטאַרק באַגרענעצן זאַלץ.

אין אַלגעמיין דאַרפן מענטשן מיט הויכן בלוטדרוק עסן שוואַכע מאָלצייטן און זיך וועגן יעדע וואָך. צו פאַרלירן אַ פּאָר קילאָ איז גענוג צו באַזייטיקן דאָס ברויט, די פּוטער און די זיסקייטן.

אַלע פליסיקייטן: וואַסער, זופ, טיי אאַז״וו דאַרפן נישט אַריבערגיין די אָנדערהאַלבן ליטער אין איין טאָג. עס איז דערלויבט ביי מיטיק און וועטשערע אַביסעלע וויין (נישט מער ווי הונדערט צענטימעטער אַ טאָג). אַלע אַנדערע מינים אַלקאָהאָל זענען שטרענג פאַרבאָטן. טיי און קאַווע אין אַ קליינער דאָזע, זענען נישט שעדלעך.

רויכערן האָט נישט קיין דירעקטע ווירקונג אויף דעם בלוטדרוק, אָבער די גרויסע רויכערער ווערן סוף־כל־סוף קראַנק אויף אַ כראָנישן בראָנכיט און דאָס איז אויף דער עלטער אַ שטאַרקע שטערונג פאַרן האַרץ און פאַרן געזונט אין אַלגעמיין.

מענטשן מיט אַ הויכן בלוטדרוק מוזן האָבן אומבאַדינגט זייער שטולגאַנג יעדן טאָג. אויב עס איז נייטיק, קאָנען זיי נוצן טעגלעך די פאַרשידענע לאַקסאַ־טיוון, וואָס דאָקטוירים פאַרשרייבן. אָבער דאָס נעמען איין מאָל אין וואָך אָדער אָפטער אַן אָפּפירמיטל (פאַרשידענע מינים זאַלצן: „סולפאַטאָ דע סאָדאַ״, אָדער מאַגנעזיע אָדער אַפילו ריצנאייל) איז אַן אומזין. עס פאַרמינערט נישט דעם בלוטדרוק אויף אַ האָר און עס מאַכט אַ תל פון די קישקעס.

מיינע חשובע לייענער האָבן זיכער באַמערקט, אַז די באַהאַנדלונג פון גע־העכערן בלוטדרוק באַשטייט נישט אין רפואות, נאָר אין ענדערן אַביסל דעם לעבנססטייגער און געוווינהייטן.

איך וויל ענדיקן מיט עטלעכע שורות, וואָס איך זעץ איבער פון אַמערי־קאַנער דאָקטער פעיזש, אפשר די גרעסטע אויטאָריטעט אין דער וועלט אויף דעם געביט:

„געהעכערטער בלוטדרוק איז אַ כראָנישע קראַנקייט, מיט וועלכער איר דאַרפט זיך אויסלערנען לעבן (צוזאַמענלעבן? י. ז.) אייער גאַנץ לעבן, סיידן איר זענט איינער פון די זעלטענע אויסנאַמען, ביי וועלכע דער הויכער בלוטדרוק פאַרשווינדט אַליין, אָדער עס וועט געפונען ווערן די ענדגילטיקע רפואה. דער־פאַר דאַרפט איר זיך אָנשטרענגען זי צו פאַרשטיין און פאַר איר נישט מורא האָבן. איינער פון די גרעסטע און אפשר טראַגישסטע פעלערן איז באַשליסן, אַז מען קאָן צו דעם צושטאַנד גאָרנישט טאָן. אדרבא, מען קאָן זייער אַ סך אויפטאָן.

אין די ראַמען פון די גרענעצן פון זיין לעבנס־„סטאַנדאַרט" קאָן אַזאַ מענטש פירן אַ נוצלעך און גליקלעך לעבן. עס איז נישטאָ קיין שום באַרעכטיקונג, אַז אַזאַ מענטש זאָל פירן אַ לעבן פון לויטער באַשרענקונגען, אויסמיידנדיק דאָס און יענץ, אַז זיין לעבן זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סעריע „מען טאָר נישט". טראַכט זיך גוט אַריין, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז דאָס וואָס מען האָט אייך פאַרבאָטן, זענען אַלץ קלייניקייטן. ווען איר גייט אַרויף די טרעפּ, מאַכט עס לאַנגזאַם, פאַרמאַטערט זיך נישט, אין אַלגעמיין. איר דאַרפט רוען נאָך מיטאָג אַ פּאָר שעה. עסן גרינגע שפייזן און שוואַכע מאָלצייטן 3 ביז 4 מאָל אַ טאָג. נישט אָנטיילנעמען אין ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, אויפהאַלטן אייער וואָג אין די נאָרמאַלע גרענעצן, אויסמיידן העפטיקע דיסקוסיעס און אומרו און זיך האַלטן אומיטלבאַר אַנטקעגן די פאַרשידענע פּראָבלעמען. הכלל, איר דאַרפט פירן אַ לעבן אַביסל אַ געצוימטס, הגם פירן אַ באַגרענעצט לעבן הייסט נישט זיין אַן אינוואַליד".

## קאַפּיטל X

# טובערקולאָז

### 1

אָט באַלד, באַלד, נאָך בימינו, וועלן מיר אפשר קענען זאָגן:

— געווען אַמאָל אַ קראַנקייט, האָט זי געהייסן טובערקולאָז, וואָס האָט געשניטן יונגע לעבנס, אָן אַ שיעור...

באַלד — דאָס איז די האָפענונג און דער ווונטש — אָבער דערווייל איז נאָך די קראַנקייט כמעט אַ היימישע. אמת, נישט אַזאַ היימישע ווי פריער מיט אַ צענדליק יאָר צוריק.

ווייל דאָס מעכטיקע געווער, דאָס סאַמע מאָדערנע, דאָס נייע, וואָס איז אַנטשטאַנען צו באַקעמפן די קראַנקייט, איז נאָך צו יונג און צו ניי... אָבער מען דאַרף נאָר האָבן אַביסעלע געדולד און עס וועט באַווייזן מופתים. און מיר וועלן באמת קענען זאָגן:

— אַמאָל איז געווען אַ קראַנקייט...

די היסטאָריע פון טובערקולאָז אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט איז געקניפּט און געבונדן מיט דער היסטאָריע פון די אָרעמע יידישע פאָלקסמאַסן פון מזרח־אייראָפּע.

ווייל שפּייען מיט בלוט און האָבן „שוואַכע״ לונגען און זיך „פאַרגיסן״ מיט חזיר־שמאַלץ איז געווען צווישן די רוסישע און פּוילישע יידישע מאַסן אַזאַ היימיש וואָרט, אַזאַ „נאַטירלעכע״ זאַך, אַז קיינער האָט זיך נישט געוווּנדערט. נישט אומזיסט האָט מיר אַ פּוילישער ייד, מיינער אַ פּאַציענט, אַמאָל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי נישט, דאָקטער, פאַרוואָס מען מאַכט דאָ אַזאַ געוואַלד, ווען מ׳ען שפּייט מיט בלוט. אין מיין שטעטל איז דאָס געווען אַזאַ אָפטע און היימישע דערשיינונג, אַז קיינער פלעגט זיך פון דעם קיין ווען נישט מאַכן...

טובערקולאָז האָט זיך דאָרטן געהאַט איינגעבירגערט אינעם יידישן לעבן. דער באָדן פאַר דער קראַנקייט איז געווען אַן „אידעאַלער״: אָרעמקייט, אַנטי־היגיענישע לעבנס־באַדינגונגען, קאָמפּאַקטע מאַסן, פרימיטיווע וווינונגען, אַ סך קינדער (איין קראַנקער טאַטע אָדער מאַמע האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע 6 ביז 10 קינדער, כדי זיי צו קאָנען אָנשטעקן גאַנץ „אומגעשטערט״...).

און פונקט אַזוי ווי די רוסישע „טשערטאַ״ און די פּויליש־יידישע געדיכט־קייט פלעגט באַזאָרגן אַלע אַמעריקעס און אויסטראַליע און זיד־אַפריקע מיט שקלאַפן פאַרן שוויצשאָפּ און פאַר די „אָלרייטניקעס״: שפּעטער מיט האָרע־פּאַשנע, הויכע און פעסטע באַבערדיקטע יידן פאַר דעם באַראָן הירשס קאָלאָ־ניעס; מיט אימיגראַנטן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אַסימילירטע אייראָ־פּייער אין מערב־אייראָפּע, און אַזעלכע, וואָס זענען מגולגל געוואָרן אין מאַג־נאַטן פון ברילי־אַנטן און סתם רייכע סוחרים אין זיד־אַפריקע, — פונקט אַזוי האָט אויך דער זעלבער קוואַל „באַזאָרגט״ די אַלע לענדער מיט אירע לונגען־קראַנקע אָדער קאַנדידאַטן פאַר לונגען־קראַנקייטן. (עס איז דאָך באַוווּסט, אַז געוויינלעך שטעקט מען זיך אָן מיט טובערקולאָז אין דער יוגנט און מען ווערט קראַנק העט־העט שפּעטער).

אין מזרח־אייראָפּע זענען געווען גרעסערע זאָרגן ווי זיך אָפּגעבן און עפּעס

טאָן פאַר די יידן, וואָס האָבן געשפּיגן מיט בלוט. זיי זענען דאָך געווען אַזוי גרויס אין צאָל און חוץ דעם האָט מען באַמערקט ביסלעכווייז, אַז זיי עלטערן זיך שפּייענדיק דאָס רויטע שפּייעכץ... דערפאַר איז פאָרגעקומען, אַז נישט זיי אַליין האָבן זיך פון דעם געמאַכט בייז בלוט, נישט עס איז געווען, ווער עס זאָל זיך וועגן דעם זאָרגן. און אַ צווייטער „אַחוץ": טאָמער האָט ביי אַ משפחה פון 8 אָדער 10 קינדער זיך „געפּעלט" אַ פּאָר, איז מה רעש?... קינדער זענען געווען „ביליק", ווייל זיי זענען געווען ב"ה אין אַ גרויסער צאָל... עס האָט אַוודאי ווי געטאָן דאָס האַרץ, אָבער מען האָט נישט „געטאַרט" זיך נעמען שטאַרק צום האַרצן, ווייל מען האָט דאָך געדאַרפט זיין אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע צו אַנדערע 8 קינדער, קיין עין הרע...

דאָך פלעגט מען אין פּוילן פאָרן קיין אָטוואָצק און אין רוסלאַנד פלעגט מען „פאַרגיסן" מיט חזיר־שמאַלץ (איך ווייס נישט, צי אין אַזאַ פאַל פלעגן די רבנים געבן אַ היתר צו עסן חזיר).

ווייל סיי ווי איז די מעדיצין אין יענע נישט־ווייטע צייטן געווען אַזוי אומ־מעכטיק קעגן טובערקולאָז, ווי די באַנקעס זענען אוממעכטיק ביי אַ טויטן...

יידן פלעגן זיך פאַרטיידיקן, געפירט דורך דעם איינגעבוירענעם אינסטינקט פאַר אויפהאַלטן דאָס לעבן. פלעגט זיך פירן, אַז ווען דער חתן־בחור איז גע־ווען אַ „שוואַכער", פלעגט מען אַ שידוך טאָן מיט אַ מיידל פון דאָרף...

אַזוי איז געווען דאָס לעבן אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט אין מזרח־אייראָפּע.

אין דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור איז עס פולשטענדיק אָפּגעשפּיגלט. מען דאַרף נאָר לייענען מיט אַביסעלע מער אויפמערקזאַמקייט און אַמאָל צווישן די שורות...

אַ טייל פון דער מאַסע יידן, וואָס האָט צוריק מיט אַ 60 יאָר געקרייצט אַלע ימים, האָט שוין געפירט אין אירע לונגען די קראַנקייט אָדער די זוימען פון דער קראַנקייט.

אין די נייע ישובים איז עס געוואָרן נאָך ערגער, ווייל צוזאַמען מיט דער אָרעמקייט, וואָס אין דעם איז באַשטאַנען זייער גאַנצער באַגאַזש, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, האָט מען באַדאַרפט אָנהייבן קעמפן, און קעמפן מיט די לעצטע כוחות פאַר חיונה, פאַר פרנסה און אַלס צוגאָב נאָך אָפּשפּאָרן אַ פּאָר דאָלער אָדער פעזעס אָדער פראַנקן אָדער פונטן פריער צו שיקן ווייב און קינדער, וואָס זענען פאַרבליבן אין דער היים, זיי זאָלן חלילה נישט שטאַרבן פון הונגער, און דערנאָך — דערנאָך אויך קויפן שיפסקאַרטן. זיי אַריבערצוברענגען...

דערווייל איז אונטערגעקומען די ערשטע וועלט־מלחמה און עס איז גע־

וואָרן אוממעגלעך צו שיקן געלט און אַוודאי נישט קיין שיפסקאַרטעס. און עס איז געשען, אַז ווייב־און־קינדער האָבן דאָרטן אָנגעהויבן אונטערצוהונגערן און — קיין געזונט איז פון דעם נישט צוגעקומען... איז נאָכאַמאָל, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און ווייב־און־קינדער האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו קו־מען, איז דאָס בילד געווען אַזוי: די אַריבערגעבראַכטע קינדער זענען געווען שוואַכע, זיי האָבן זייער אָפט געהאַט „גרוזשאָלן״ (טובערקולאָז אויף די האַלדז־דריזן) און האָבן געליטן אויף פאַרשידענע מחלות פאַרבונדן מיט אונטערדער־נערונג, און די טאַטעס, די „אַמעריקאַנער״ אויסגעגרינטע רוסישע און פוילישע יידן, — מיט זיי איז אָפטמאָל געשען נאָך אַ שענערע זאַך: כדי צו קענען מאַכן אַ שטיקל לעבן און נאָך אָפּשפּאָרן פאַר דער משפחה, האָט מען אין יענע צייטן באַדאַרפט נישט פשוט אַרבעטן, נאָר פירן אַ לעבן פון שקלאַפן מיט אַ סך אי־בערשעהן, וואָס דאָס האָט געמיינט: אַרבעטן פשוט טאָג און נאַכט.

דער סוף איז געווען, אַז אַ נישטקשהדיקער פּראָצענט פון אָט־די אָנגעשטרענג־טע העלדישע טאַטעס זענען קראַנק געוואָרן אויף די לונגען — דאָס איז נישט געווען שווער, ווייל די זוימען האָבן זיי דאָך געבראַכט פון דאָרטן... און — אָדער זיי האָבן נישט דערלעבט צו זען זייערע משפחות, אָדער זיי האָבן זיי נאָר באַוויזן אַביסל איינצוואָרדענען און האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר זייער אמתער יידישער געטריישאַפט. אַנאָנימע, אומבאַוווסטע העלדן...

איך האָב געהאַט די טרויעריקע געלעגנהייט צו באַהאַנדלען און מיטפילן אַ סך טאַטעס.

דאָס זענען געווען די טאַטעס פון אַ סך היינטיקע רייכע משפחות ביי אונדז אין שטאָט.

אַזוי אַרום איז דאָס היימישע בילד פון אַ סך יידן, וועלכע שפּייען מיט בלוט, די געשיכטע פון די, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און אין די אַלע אַנ־דערע לענדער.

אָבער אין די אַמעריקעס און אין די אַנדערע לענדער האָט מען נישט „גע־שוויגן״. מען האָט אָנגעהויבן קעמפן קעגן דער קראַנקייט. די נויט האָט באַ־שאַפן די באַרופענע אינסטיטוציעס, וואָס זענען טאַקע אין יענע צייטן געגרינ־דעט געוואָרן.

מיינע ביז איצט אָנגעשריבענע שורות זענען נאָר ראשי־פּרקים פון קאַ־פּיטלעך פון יידישע ליידן און קאַמף קעגן קראַנקייטן און אָרעמקייט.

און, אַמעריקע בלייבט אַמעריקע, דאַנקען השם־יתברך: סיי די קראַנקייט, סיי די אָרעמקייט —ביידע האָבן אין דעם קאַמף געליטן אַ מפּלה, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען.

## 2

די השגחה, וואָס פירט אָן מיט די „העכערע אינטערעסן“ פון אונדזער פאָלק, האָט הפּנים תּמיד אין זינען געהאַט, אַז מיר דאַרפן נישט אומקומען, אַז מיר דאַרפן פאַרבלייבן דאָס אייביקע פאָלק.

און די אימיגראַציע־פּאָליטיק, געטריבן פון אָט דער אומזעבאַרער קראַפט אָדער באַגריף, וואָס הייסט נ צ ח י ש ר א ל, איז אין תּוך געווען „אַ פּאָ־ליטיק“, וואָס האָט געמאַכט, אַז אַ טייל יידן זאָל נישט אומקומען פריער פון די פּאָגראָמען אין מזרח־אייראָפּע און דערנאָך פון דער בייזער היטלער־וואַק־כאַנאַליע. אָבער די דאָזיקע אימיגראַציע־פּאָליטיק איז לויט מיין איינדרוק אויך געווען אַ ס אַ נ י ט אַ ר י ש ע פּאָליטיק, כדי צו פאַרבעסערן דאָס געזונט פון די געדיכטע יידישע מאַסן פון מזרח־אייראָפּע.

דער יידישער גורל, זעען מיר, האָט אין אַ שיינעם טאָג גענומען אַ געוויסע צאָל יידן פון ארבע פּינות מזרח־אייראָפּע און האָט זיי איבערגעפלאַנצט און באַזעצט אין סאַמע הארץ פון פּאַריז, ווו עס איז געוואָרן אַ יידישער קוואַרטאַל, וואָס עפּעס אַ ייד, אַ „טשודאַק“, האָט אַ נאָמען געגעבן „דאָס פּלעצל“.

אַ צווייטע גרופּע יידן פון די זעלביקע פּינות האָט זיך באַזעצט אין לאָנ־דאָנער קוואַרטאַל „ווייטשעפּל“; אַ דריטע אין ניו־יאָרק, אין דער „איסט־סייד“ (מזרח־זייט), און מיט אַ פערטער גרופּע איז מזכּה געוואָרן אונדזער היימלאַנד, אַרגענטינע, ווו די שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנטע יידישע השגחה האָט גראָד באַ־שלאָסן, אַז דאָ זאָלן אַנטשטיין גאַנצע צוויי ישובים מיטאַמאָל: איינער אַ צע־שפּרייטער, אַ רחבותדיקער, אַ צעוואָרפענער, דעם באַראָן הירשס קאָלאָניעס, און אַ צווייטער — אַן ענגער, אַ קליינער, אַ קליינשטעטלדיקער אין סאַמע הארץ פון דער גרויסשטאָט בוענאָס־אײַרעס. געהייסן האָט דער קוואַרטאַל אַמאָל: „לאַ־וואַזשע אי כּונין“.

אַן אַנדער גרופּע, לויטער ליטוואַקעס, איז מגולגל געוואָרן קיין זיד־אַפרי־קע און עס זענען אויפגעקומען די זיד־אַפריקאַנער ליטוואַקעס, וואָס אין פּרט פון אַרויפאַרבעטן זיך דאַרפן אפשר אַלע אַנדערע ישובים גיין ביי זיי לערנען אין חדר.

אָן צווייפל, אַז עפּעס זייער אַ הויכע יידישע אינסטאַנץ האָט אויף אַלע די נייע ישובים געזאָגט: כּי טוב...

אָט דאָס צוזאַמענברענגען יידן פון אַלע עקן וועלט, כּדי זיי זאָלן אינאיינעם בויען נייע ישובים און צוזאַמענלעבן, האָט געהאַט אויך אַ גרויסע ביאָלאָגישע באַדייטונג און ווערט. עס איז איבערגעריסן געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס אַ

ענדאָגאַמיש לעבן, וואָס האָט שוין געדויערט עטלעכע יאָרהונדערטער און וואָס איז נישט געווען געזונט פאַרן פאָלק.

אין די נייע ישובים זענען די חתונות מערסטנס געווען „געמישטע״: בעסאַראַבער בחורים מיט ליטווישע מיידלעך, פוילישע מיידלעך מיט רוסישע בחורים, וכדומה.

אַ נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענער גרויסער איטאַליעניש ער געלערנטער, ס אַ נ אַ ר ע ל י, שרייבט אין זיינעם אַ בוך וועגן דער ראָל פון דער ירושה אין טובערקולאָז־קראַנקייט: „די יידן, וואָס פירן שוין זינט לאַנגע יאָרהונדערטער אַ ענדאָגאַמיש לעבן, האָבן חתונה נאָר צווישן זיך, זענען, פון ביאָלאָגישן שטאַנדפונקט, אַ זייער אינטערעסאַנטער עקספּערימענט אין באַצוג צו דער דאָזיקער קראַנקייט...״

לעבן ענדאָגאַמיש מיינט אין אַלגעמיין: לעבן אָריינגעטאָן אין זיך, אָפּגעזונדערט, אָבער אין ביאָלאָגיע הייסט עס פשוט, אַז אַ באַשטימטע גרופּע לעבט לאַנגע יאָרן איזאָלירט און איז זיך משדך נאָר צווישן זיך; דאָס ברענגט סוף־כל־סוף צו חתונות צווישן קרובים, דעם זעלבן בלוט אאַז״וו.

אין די מזרח־אייראָפּעאישע יידישע ישובים, אין ליטע, בעסאַראַביע, רומעניע, פוילן, רוסלאַנד אאַז״וו, זענען די פאָלגן פון ענדאָגאַמישן לעבן אפשר נישט געווען אַזוי בולט, הגם זיי זענען אָן צווייפל געווען, און אין געוויסע הינזיכטן, גאַנץ מערקבאַר; אָבער דאָך האָט זיך געהאַנדלט פון זייער צאָלרייכע ישובים. אין די באַלקאַנישע יידישע עדות האָט עס שוין געהאַלטן ביי אַלאַרמירנדיקע סימפּטאָמען.

די ספרדישע קהילות פון גריכנלאַנד און אַנדערע באַלקאַנישע לענדער האָבן געבילדעט אמתע ביאָלאָגישע אוניקומס אין דער הינזיכט. דער טיפּישער ביישפּיל איז געווען די קהילה פון סאַלאָניקי, פון אַזעלכע 80 טויזנט נפשות, אויב איך האָב נישט קיין טעות. די דאָזיקע קהילה האָט, זינט גירוש ספרד, געלעבט אַבסאָלוט איזאָלירט און געפירט אַ טיפּיש ענדאָגאַמיש לעבן. די פאָלגן דערפון זענען געוואָרן גאַנץ מערקבאַר, סיי אין פיזישן, סיי אין גייסטיקן זין. זיי זענען דערפאַר נישט געוואָרן די יורשים — וואָס זיי האָבן יאָ באַדאַרפט זיין — פון זייערע גרויסע גאונים פון דער שפּאַנישער תקופה: רמב״ם, יהודה הלוי, ר׳ יצחק אברבנאל, איבן גבירל און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן נישט געפונען ביי זיי די נאָכפאָלגער פון אַזאַ גלאָררייכער טראַדיציע פון גאונות.

דאָס ענדאָגאַמישע לעבן במשך פון יאָרהונדערטער דאַרף באַטראַכט ווערן ווי די ביאָלאָגישע סיבה פון דער צוריקגעשטאַנענקייט פון די דאָזיקע ספרדישע קיבוצים און וואָס זענען זינט דעם 15טן יאָרהונדערט מער נישט געווען קיין שעפערס פון יידישער געשיכטע, נישט אין קולטורעלן, נישט אין פּאָליטישן זין.

איך האָב דערמאָנט גראָד די סאַלאָניקער קהילה, ווייל ס׳איז באַוווסט, אַז דאָרטן האָט די פיזישע און גייסטיקע אינוואָלוציע (דער היפוך פון עוואָלוציע) דערגרייכט צו זייער אַ נידעריקן ניוואָ. אויף דער דאָזיקער אַלטער קהילה האָט היטלער י״ש גוזר געווען, אַז זי זאָל גראָד זיך פאַרענדיקן אין די „מאָדערנע״ גאַז־קאַמערן פון אָשוויענטשים, פונקט אין מזרח־אייראָפּע...

די אַנטשטייאונג פון די נייע יידישע ישובים אָנהייב היינטיקן יאָרהונ־דערט, וואָס האָט צונויפגעפירט יידן פון אַלע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, האָט פאַרמינערט דאָס ענדאָגאַמישע לעבן פון די אַלטע אשכנזישע קהילות. עס האָבן זיך, אין די נייע ישובים, משדך געווען אַזוי פיל ליטווישע יידן מיט פוילישע, בעסאַראַבער מיט רוסישע און אַלע אַנדערע קאָמבינאַציעס, אַז אַלע אייראָפּעאישע לאַנד־שדכנים צוזאַמען וואָלטן דאָס נישט געקאָנט באַווייזן...

די דאָזיקע „געמישטע״ חתונות האָבן זיך אָן צווייפל אָפּגערופן אויפן געזונט פון די דאָזיקע מאַסן.

דאָס זענען די סאַניטאַרישע גינסטיקע פאָלגן פון דער עמיגראַציע. פון ביאָלאָגישן שטאַנדפונקט האָט זיך די לאַגע דערפאַר פאַרבעסערט.

אויב מיינע חשובע לייענערס וועלן דענקען, אַז איך בין ערגעץ „פאַרפאָרן״ און האָב פאַרגעסן אין מיין היינטיקער טעמע, האָבן זיי אַ טעות.

די דאָזיקע ביאָלאָגישע עקסקורסיע האָב איך געמוזט מאַכן, כדי צו קענען שרייבן וועגן אַ קעגנשטאַנד, וואָס האָט אַ סך צו טאָן מיט טובערקולאָז און וואָס הייסט ב אָ ד ן. אין מעדיצין, ווען מען זאָגט „באָדן״, מיינט מען אָר־גאַניזם. אין דער אַנטשטייאונג פון טובערקולאָז שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער באָדן, ד״ה דער באַזונדערער אָרגאַניזם פון יעדן מענטשן.

אָבער מיר וועלן אָנהאַלטן אַ סדר און דערפאַר זיך אומקערן צו אונדזערע נייע ישובים פון יידישלאַנד, וואָס איז, ביז מתן המדינה, געווען און איז נאָך היינט, די גאַנצע וועלט.

די זעלביקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן „אין דער היים״ געבראַכט דערצו, אַז די יידישע מאַסן זאָלן זיין אַ גינסטיקער באָדן און אַ גרינגער קרבן פון טובערקולאָז, זענען נישט פאַרשוווּנדן אין די ערשטע יאָרצענדליקער אין די נייע ישובים. פאַרקערט, עס זענען צוגעקומען נייע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געמאַכט, אַז די קראַנקייט זאָל זיך נאָך מער פאַרשפּרייטן צווישן די יידישע אימיגראַנטן.

אין די ערשטע צייטן, ביז עס האָט זיך פאַרבעסערט די עקאָנאָמישע לאַגע, וואָס איז דערנאָך געוואָרן דער ערשטער מעכטיקער ווידערשטאַנד קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון דער קראַנקייט, אין אָט־די ערשטע יאָרן איז דאָס לעבן פון די אימיגראַנטן געווען נאָך שווערער ווי אין דער אַלטער היים. מען האָט גע־אַרבעט שווערער און מער שעהן און אפשר אין ערגערע היגיענישע באַדינגונ־

גען ווי דאָרטן (אַמאַליקע פאַבריקן און „שוויצשאָפּן״). מען האָט אויך געגעסן ערגער, און אפשר ווייניקער. דער דראַנג זיך אַרויפצואַרבעטן האָט געיאָגט און געטריבן. די גייסטיקע מנוחה, וואָס מען האָט אין דער גרעסטער אָרעמקייט דאָך געגאָסן אין דער אַלטער היים, איז אין די נייע ישובים שנעל פאַרמינערט גע־וואָרן און שפּעטער פאַרשווונדן. און דער איבערגאַנג איז נישט געקומען אָן גייסטיקע ליידן, וואָס זענען פּונקט ווי די פיזישע ליידן אַ גינסטיקער פאַקטאָר פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער קראַנקייט.

צווישן די אימיגראַנטן איז געווען זייער אַ גרויסע צאָל איינזאַמע מענער און אַפילו יונגע מיידלעך, וואָס האָבן עמיגרירט אַליין און אין די אַמעריקעס אויסגעפּולט די שניידער־„שאָפּן״ און די שניידער־„טאַזשערן״. פאַר די דאָזיקע מענער, וואָס האָבן געלאָזט זייערע פאַמיליעס אין דער „היים״, און פאַר די איינזאַמע יונגע מיידלעך איז דאָס לעבן געווען נאָך שווערער.

איך רעד דאָ איבערהויפּט פון ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס, ווייל די צוויי ישובים זענען מיר מער באַקאַנט; אָבער עס איז אָן צווייפל, אַז דאָס זעלביקע איז געשען אין פאַריז און אין לאָנדאָן. דער בעסטער באַווייז איז, אַז פון דעם 10טן יאָר פון הייִנטיקן יאָרהונדערט ביז לערך נישט לאַנג זענען דערשינען אין די אייראָפּעאישע און אין די אַמעריקאַנער מעדיצינישע זשורנאַלן אָפטע אַרטיקלען וועגן טובערקולאָז־קראַנקייט ביי יידן און מיין דאָקטאָראַט־טעזע, וואָס איך האָב אין 1936 צוגעשטעלט אין אונדזער מעדיצינישן פאַקולטעט, האָט טאַקע געהייסן „טובערקולאָז ביי יידן״.

איך האָב אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אין 24סטן יאָר און אין 1925 האָב איך אָנגעהויבן אָנפירן מיטן דיספּענסאַר פון דער היגער יידישער ליגע קעגן טובער־קולאָז.

איך, פּונקט ווי די אַמעריקאַנער און אייראָפּעאישע דאָקטוירים, האָבן גלייך באַמערקט דעמאָלט, אַז די קראַנקייט איז מוראדיק פאַרשפּרייט ביי די יידישע אימיגראַנטן. און נאָך עפּעס האָבן מיר באַמערקט, נעמלעך, אַז די קראַנקייט האָט ביי יידן נישט דעם זעלביקן פאַרלויף (עוואָלוציע) ווי ביי נישט־יידן. אַ סך דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן פאָרשן די דאָזיקע לאַגע מיט מער אויפמערקזאַמ־קייט. אין נ. אַמעריקע איז די „דענווער־סאַנאַטאָריע״ איינע פון די עלטסטע יידישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אונטערגענומען דעם קאַמף קעגן טובערקו־לאָז. ווען איך בין געווען אין די פאַר. שטאַטן אין 1948, בין איך געווען אויף דער פייערונג אין דער סאַנאַטאָריע פון אַרבעטער־רינג אין די „קעסטיל מאַונטענס״ (עס איז דעמאָלט געוואָרן פערציק יאָר זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן).

אין 1916 איז אין אונדזער שטאָט געגרינדעט געוואָרן די ליגע קעגן טו־

בערקולאָז. איך בין זיכער, אַז אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך זענען צו דער זעלביקער צייט אַנטשטאַנען ענלעכע יידישע אינסטיטוציעס.

אין פוילן און אין רוסלאַנד איז געווען טעטיק „אָזע“, אָבער נאָר פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג און זי האָט געקעמפט נישט נאָר קעגן טובערקולאָז צווישן יידן. און איר טעטיקייט האָט נישט דערגרייכט די טויזנטער שטעטלעך, וווּ עס האָט געוווינט דער רוב מנין און רוב בנין פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## 3

אין די נייע יידישע „שמעלצטעפּ“, וואָס האָבן זיך געבילדעט אַנהייב יאָר־הונדערט, אַלס פּועל־יוצא פון די מאַסן־וואַנדערונגען, האָבן גיך געצוימען וואַקסן סאַניטאַרישע אינסטיטוציעס. איך ווייס נישט, צי דאָס איז געשען, ווייל די בויט האָט געטריבן דערצו (גרויסע צאָל קראַנקע), צי ווייל די יידישע טראַדי־ציע פון אָפּהיטן דאָס געזונט אָדער די געזונטע זאָרג פאַר אַריכת ימים, האָט גערעגט דערצו.

אַזוי צי אַנדערש, דער אמת איז אַז די סאַניטאַרישע אינסטיטוציעס זע־נען זייער גיך געוואָרן אַ נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק ײ ט. ביי די נייע מאַסן אי־מיגראַנטן זענען חוץ טובערקולאָז אויך דערשינען אַ סך אַנדערע קראַנקייטן, איבערהויפּט נערוון־ און מאַגן־קראַנקייטן.

נערוון־קראַנקייטן אָנהייב יאָרהונדערט און אַביסל שפּעטער זענען ביי אונדז אין לאַנד געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן יידן. איך געדענק, אין די צוואַנצי־קער יאָרן, ווען איך פלעג פּראַקטיצירן אין די פאַרשידענע שפּיטעלער פון שטאָט, פלעגן זיך די גוייִשע דאָקטוירים שטאַרק באַקלאָגן, אַז די יידישע פּאַ־ציענטן זענען זייער שווערע צום באַהאַנדלען: די „נערוון“ זייערע מאַכן שווער יעדע באַהאַנדלונג. עס איז געווען גאַנץ ריכטיק די באַמערקונג. איך האַלט, אַז מיגראַציעס זענען ראשית־כל אַ דערשיטערונג, אַ „שאָק“ פאַר די נערוון. אין בעסטן פאַל איז מיגראַציע תמיד אַ פערזענלעכע טראַגעדיע. זיך געפינען אין אַ ניי לאַנד, אָרעם און נאָך דערצו „שטום“, אָן דער שפּראַך, מוז זיין אַ שווערע איבערלעבונג. דער „האָספּיטאַל דע קליניקאַס“, וואָס געפינט זיך אין אַ געגנט, וווּ עס האָבן אַמאָל געוווינט כמעט אַלע יידן פון שטאָט, איז תמיד געווען אי־בערגעפולט מיט יידישע קראַנקע — מער פרויען ווי מענער — סיי אין די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס, סיי אין די אינערלעכע זאַלן. יידישע פרויען זע־נען געלעגן שטומע און זיך נישט געקאָנט אויסטענהן מיט זייערע דאָקטוירים. דאָס האָט געבראַכט שוועריקייטן סיי פאַר די דאָקטוירים, סיי פאַר די פּאַציענטן. די „אַנאַמנעזע“, דאָס אויספרעגן דעם קראַנקן, איז תמיד געווען אַ וויכטיקער

פאַקטאָר צו שטעלן אַ געניויען און עקזאַקטן דיאַגנאָז, איבערהויפּט פריער מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר, ווען די אַנדערע פאָרשונג־מיטלען זענען נאָך נישט געווען אַזוי אַנטוויקלט (לאַבאָראַטאָריע, איקס־שטראַלן, א״א). איך פלעג דערפאַר דער־מאָלט אַרומגיין מיט אַ שווער האַרץ, וויסנדיק, אַז יעדנפאַלס וועל איך פּראַק־טיצירן צווישן יידן. איך האָב שפּעטער נישט באַשטעטיקט, אַז יידן זענען „שווע־רע״ פּאַציענטן. פאַר מיר זענען זיי עס נישט געווען. די סיבה איז גאַנץ קלאָר: זיי האָבן זיך מיט מיר גאַנץ פריי און ברייט געקאָנט אויסטענהן אויף מאַמע־לשון... אַלץ איז דאַן סימפּליפיצירט געוואָרן, סיי פאַרן דאָקטער, סיי פאַרן פּאַציענט...

מען דאַרף כמעט נישט צוגעבן, אַז אַמאָליקע „גרינע״ (און אויך איצטיקע „אויסגעגרינטע״) פילן זיך אַ סך באַקוועמער פּנים אל פּנים מיט אַ יידישן דאָקטער, וואָס איז פאַרבליבן אַ ייד — דאָס לעצטע גיב איך צו נישט אָן באַ־דויערן . . .

נישט אַזוי דערפאַר, וואָס ביי מיינע יידישע פּאַציענטן זענען פאַרשווונדן די נערוון, נאָר דער עיקר, איך האָב גלייך פאַרשטאַנען און באַנומען זייערע נערוון... און דאָס אַליין איז שוין געווען אַ האַלבע רפואה... און די אַנדערע העלפט רפואה איז שוין געוואָרן גרינגער פאַר מיר און פאַר זיי...

***

איך וועל זיך אָבער דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער פּסיכאָלאָגישער זייט פון דער מעדיצינישער פּראַקטיק. עס וועט שוין נישט פעלן אַ געלעגנהייט דערצו.

ווען איך האָב אין 1936 צוגעשטעלט צו דער היגער מעדיצינישער פאַ־קולטעט מיין טעזע „טובערקולאָז ביים יידישן פאָלק״, האָט מיך דער דעמאָל־טיקער סעקרעטאַר פון דער „טיזיאָלאָגישער געזעלשאַפט״, אַ באַרימטער דאָק־טער, געפרעגט צי עס איז פאַראַן אַ „יידיש פאָלק״ (אָ, די עם־הארצות פון די־דאָקטוירים!). דאָס האָט מיך געניוט צוצוגעבן אַן הקדמה צו מיין טעזע, אין וועלכער איך האָב געמוזט אויפקלערן דער גויישער מעדיצינישער וועלט, אַז עס איז פאַראַן אַ יידיש פאָלק און פאַרוואָס עס איז „נאָך״ פאַראַן.

אין דער דאָזיקער הקדמה לייענט זיך גאַנץ קורץ, אַז דאָס יידישע פאָלק עקזיסטירט עד היום הזה, כאָטש עס איז שוין 2000 יאָר צעשפּרייט צווישן די פעלקער, „אַדאַנק״ דעם אייגענעם קולטורעלן באַגאַזש, דער יידישער רעליגיע און דער נישט־אויפגעגעבענער האָפנונג צו באַקומען צוריק „דאָס פאַרלוירענע פאָטערלאַנד״.

ווען איך האָב פאָרגעלייענט פאַר דעם ראַט פון דער פאַקולטעט די טעמע, וואָס איך וויל באַהאַנדלען, האָט איין פּראָפעסאָר (ד״ר עסקודעראָ) געשטימט

קעגן, ווייל — האָט ער געזאָגט — די טעמע איז נישט קיין טעמע און עס איז נישט פאַראַן אַזאַ פאָלק... אָבער די מערהייט פון ראַט האָט זי באַשטעטיקט. און ווען איך האָב צוגעשטעלט די טעזע מיט אַ שלל סטאַטיסטיקעס און אַרגומענטן, איז זי גוטגעהייסן געוואָרן מיט דער באַמערקונג, אַז עס איז ווינטשנסווערט, די דאָזיקע פּראָבלעם זאָל ווייטער געפאָרשט און דערגרונטעט־וועט ווערן.

צום סוף פון מיין טעזע ברענג איך אַ רשימה פון 61 (איין און זעכציק) ביבליאָגראַפישע איינסן, דערשינען אין זשורנאַלן, בראָשורן און ביכער אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן און אין אַלע אייראָפּעישע לענדער און אין די פּראַוויניק־טע שטאַטן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז געווען אַ בייטראַג צו דער טעמע, אַ חוץ מיינע עלף יאָר פערזענלעכע דערפאַרונג אין דיספּענסאַר פון דער היגער יידישע ליגע קעגן טובערקולאָז.

עס איז צווישן יידן געווען, אין דער גרויסער עמיגראַציע־תקופה, אַ קאָ־לאָסאַלע צאָל לונגען־קראַנקע. איך האָב אַמאָל געטראַכט, אַז אין בוענאָס־איי־רעס מוז זיך געפינען איין קראַנקער אָדער מער כ מ ע ט אין יעדער יידי־שער משפחה. מיין חלום איז דעמאָלט געווען דאָס צו באַשטעטיקן דורך אַן אַנקעטע. עס איז אָבער פאַרבליבן אַ חלום... זייער אַ שווערע און לאַנגע אַרבעט. די צייט און דער פּראָגרעס אין דעם דערקענען די קראַנקייט האָט מיר שפּעטער באַוויזן, אַז אַ פּשוטע אַנקעטע (פראַגעבויגן) וואָלט געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. ווייל די איינציקע מעגלעכע און זיכערע אַנקעטע אין באַצוג צו טובער־קולאָז קאָן נאָר זיין אַ ראַדיאָגראַפישע, דאָס הייסט, ראַדיאָגראַפירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, און דאָס איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך נישט נאָר פאַר מיר, נאָר אַפילו פאַרן שטאַט. היינט איז די דאָזיקע פּראָבלעם אַ געלייזטע. אָבער די באַפעלקערונג ווייסט עס אפשר נישט — עס איז אַ פאַקט, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער שטאָט ווערט ביסלעכווייז ראַדיאָגראַפירט (מיר וועלן דאָס שפּעטער באַהאַנדלען באריכות). דעמאָלט איז עס געווען אוממעגלעך.

אַרבעטנדיק אין דיספּענסאַר, האָב איך יעדן טאָג, מיט געשפּאַנטן אומרו, צוגעזען, ווי עס קומען וואָסאַמאָל מער נייע קראַנקע, וואָס צוזאַמען מיט די אַלטע, איז זייער צאָל געשטיגן און געשטיגן...

אָבער קומען צו אַ טאָלק מיט ציפערן איז געווען אוממעגלעך. מיר האָבן נאָר געוווסט, וויפל קראַנקע עס קומען צו אונדז. אָבער מיר האָבן גאַנץ גענוי געוווסט, אַז אויך אַ סך אַ גרעסערע צאָל איז פאַראַן, וועלכע קומט נישט. ווייל זיי זענען מילדע קראַנקע, ווייסן נישט צומאָל, אַז זיי זענען קראַנק. חוץ דעם איז טובערקולאָז תמיד געווען, און איז נאָך, אַ מחלה מיט וועלכער מען שעמט זיך. דער פאָראורטייל, אַז מען קורירט זיך קיינמאָל נישט אויס, איז געווען אַ

סך מער פאַרשפרייט ווי היינט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע ווער־טער פון מיינעם אַ פּראָפעסאָר פון די ערשטע יאָרן: „זיי זייער פאָרזיכטיק איידער דו לייגסט דעם שטעמפל „טובערקולאָז״, ווייל ווערסט עס קיינמאָל נישט קענען אַראָפּנעמען...״

אַזוי אַרום איז די סטאַטיסטיק פון דער צאָל קראַנקע, וואָס קומט אין דיס־פּענסאַר, ווייט נישט געווען די ציפער פון דער אמתער צאָל קראַנקע.

אַ סך גרינגער איז געווען דאָס ציילן די צאָל מענטשן, וואָס שטאַרבט פון דער קראַנקייט, הגם דאָס איז אויך נישט געווען דער אויסדרוק פון דער אמתער צאָל. אַ סך פאַמיליעס פלעגן בעטן דעם דאָקטער, ער זאָל פאַרשרייבן אַן אַנדער קראַנקייט אין טויט־שיין וואָס עס ווערט געפאָדערט אין אַזאַ פאַל... מען האָט געוואָלט, עס זאָל פאַרשווינדן יעדער שפור פון דער קראַנקייט, מיט וועלכער די פאַמיליע האָט זיך געשעמט. עס פלעגט בפירוש זיין אַ שטער צו אַ שידוך מיט די אַנדערע קינדער...

## 4

די פאַרשידנסטע סטאַטיסטיקעס וועגן דער שטערבלעכקייט פון טובערקו־לאָז ביי יידן אין פאַרגלייך מיט נישט־יידן באַווייזן אַלע אָן אויסנאַם, מיט אַ שטוינענדער איינהייטלעכקייט, אַז יידן שטאַרבן פון טובערקולאָז אַ סך ווייי־ניקער ווי נישט־יידן. עס איז כדאי זיך צו באַקענען מיט די דאָזיקע ציפערן.

די ערשטע ציפערן, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען אויף דעם געביט, זע־נען אפשר יענע, וואָס געהערן צו מאָ ר י ס פ י ש ב ע ר ג (1888) פון ניו־יאָרק: ביי 10.618 יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געבילדעט 60.030 נפשות איז די שטערבלעכקייט אויף טובערקולאָז געווען 36.57 אויף יעדע טויזנט טויט־פאַלן צווישן די מענער און 34.01 צווישן די פרויען, בשעת צווישן דער אַלגע־מיינער נישט־יידישער באַפעלקערונג פון שטאַט מאַסאַטשוסעטס, אין זעלבן יאָר, זענען געשטאָרבן אויף טובערקולאָז 129.22 מענער אויף יעדע טויזנט טויט־פאַלן און 146.97 פרויען. דער חילוק איז בולט און שטוינענדיק. אַלע אַנדערע פאָרשונגען, וואָס זענען געקומען נאָך דער, האָבן דורכאויס באַשטעטיקט דעם פאַקט.

דער זעלביקער פישבערג האָט דורכגעפירט אין 1901 אַ צווייטע סטאַטיס־טישע פאָרשונג אין אַ געגנט, ווו עס האָבן געוווינט אַ סך יידן אויסגעמישט מיט אירלענדער, איטאַליענער און גריכן: די שטערבלעכקייט אויף טובערקולאָז איז דאָרטן געווען ביי די נישט־יידן פון 40 ביז 50 אויף יעדע 10 טויזנט בשעת צווישן די יידן איז זי געווען פון 11 ביז 21 אויף 10 טויזנט.

אין די אייראָפּעישע שטעט איז דער חילוק אפשר נאָך בולטער: ווין —

צווישן 1901 און 1903 — איז די שטערבלעכקייט ביי קאַטאָליקן געווען 38.8 אויף טויזנט; ביי די פּראָטעסטאַנטן 24.6 און ביי די יידן נאָר 13.1; לעמבערג: קריסטן, 63.51 אויף 10 טויזנט און יידן נאָר 30.64 (קאַלמעט: „די טובערקולאָז־אינפעקציע און טובערקולאָז־קראַנקהייט״); קראָקע: 20.49 אויף 10 טויזנט יידן און 66.41 אויף 10 טויזנט גויים; בודאַפּעסט (1903): 21.93 אויף 10 טויזנט יידן און 46.01 ביי גויים; וואַרשע: (1916) 75 אויף טויזנט גויים און נאָר 41 יידן. אין 1917: גויים 155, יידן 73. אין 1918: גויים 98, יידן 51.

אין לאָנדאָן, ווו אַלע מחברים ווייזן אָן אויף די זייער שווערע עקאָנאָמישע און אַנטיהיגיענישע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן לעבן אין יידישן געגנט (ווייטשעפּל), איז אין 1891 געווען אַ שטערבלעכקייט פון טובערקולאָז 12.3 אויף 10 טויזנט קעגן 17.9 ביי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון אַט־דער שטאָט.

צפון־אַפריקע: ס'איז באַוווסט אין וועלכע אומגלויבלעכע פּרימיטיווע מיטל־אַלטערלעכע היגיענישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען עס לעבן דאָרטן די יידן. דאָך ווייזט זיך אַרויס פון אַן אויספאָרשונג, וואָס צוויי פראַנצויזישע דאָקטוירים — טאָסטיווינט און רעמבלינגער — האָבן דורכגעפירט אין טוניס, צווישן די יאָרן 1895־1899 אָט־וואָס: פון 13.151 טויטפאַלן צווישן דער מוסולמענישער באַפעלקערונג איז די סיבה טובערקולאָז געווען ביי 7.73 פּראָצענט; ביי די איי־ראָפּייער פון דער זעלביקער שטאָט איז געווען 3.96 פּראָצענט און ביי יידן — 1.23 פּראָצענט.

אַדאַנק אַ ר נ ו ל ד ן („טובערקולאָז־פּראָבלעם ביי יידן״, רעווי דע טיזיאָ־לאָזשי, פּאַריז, 1934) איז צו אונדז דערגאַנגען אַן אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיק וועגן דער שטערבלעכקייט אויף טובערקולאָז ביי יידן, צווישן 1921 און 1932 אין וואַרשע (230.000 יידן), לאָדזש (175.000 יידן) און ביאַליסטאָק (40.000).

שטערבלעכקייט אויף טוקערקולאָז (אויף 10 טויזנט איינוווינער):

| יאָר | וואַרשע גויים | וואַרשע יידן | לאָדזש גויים | לאָדזש יידן | ביאַליסטאָק גויים | ביאַליסטאָק יידן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 | 31.8 | 12.6 | 33.5 | 16.9 | 32.1 | 20.4 |
| 1922 | 33.5 | 11.1 | 38.5 | 12.9 | 46.9 | 10.5 |
| 1923 | 34 | 12.2 | 37.6 | 13.8 | 49.8 | 10.4 |
| 1924 | 35.6 | 12.3 | 37.7 | 13.1 | 41.1 | 12 |
| 1925 | 28.9 | 10.9 | 32 | 11.4 | 32.1 | 11.9 |
| 1926 | 31.3 | 11.6 | 34 | 14 | 32.4 | 13.8 |
| 1927 | 30.9 | 12.5 | 32.9 | 14 | 27.3 | 13.4 |
| 1928 | 28.9 | 10.5 | 34.6 | 10.4 | 22.8 | 10.2 |
| 1929 | 28 | 9.3 | 31.6 | 10 | 21 | 12.3 |
| 1930 | 25.5 | 9.7 | 29.7 | 8.6 | 22.4 | 9.6 |
| 1931 | 23.3 | 8.6 | 30.9 | 10.5 | 23.3 | 6.8 |
| 1932 | 22.5 | 10.3 | 27.9 | 8.5 | 21.5 | 8.1 |

מיר ווילן דערמאָנען נאָך געציילטע מחברים, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די זעלביקע סטאַטיסטיקעס: ב י נ ש ט א ק האָט אין פעטערבורג, אין 14־1905, אויסגעפונען אַ שטערבלעכקייט ביי יידן פון 17 אויף 10 טויזנט און ביי גויים 37; ס אָ ק אָ ל אָ ו ס ק י אין וואַרשע — 2־1900 — 14.4 ביי יידן און 52 ביי גויים; ט אָ ן אין קראָקע — 1900־1896 — 20.5 ביי יידן, 66.4 ביי גויים; ד ר א ל ע ט אין ניו־יאָרק — 1921־1918 — 8.6 ביי יידן און 10.8 ביי (ווייסע) אַמעריקאַנער אא״וו.

ווי מיר זען, איז די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די ציפערן אין איינקלאַנג מיט דעָר טעאָריע, אַז די שטערבלעכקייט ביי יידן איז אַ סך קלענער ווי ביי גויים. ד ר אָ ל ע ט ס ציפערן, וואָס גלייכן כמעט אויס די שטערבלעכקייט פון יידן און גויים, געהערן צו אַ פאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין 1921, ד.ה. שוין נאָכן צווייטן יאָרצענדלינג פון היינטיקן יאָרהונדערט. דאָס באַשטעטיקט טאַקע אונדזער מיינונג, אַז די לאַגע האָט זיך מיטן לויף פון די יאָרן שטאַרק געענדערט, ווי מיר וועלן עס זען אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל.

אָבער קיינער וועט מער נישט צווייפלען אין דעם עצם פאַקט, אַז יידן שטאַרבן פון טובערקולאָז אַ סך ווייניקער ווי גויים; אין פּראָפּאָרץ שטאַרבן, צום ביישפּיל, אויף יעדע 30 גויים עטוואָס מער פון 10 יידן, ביי יידן שטאַרבט מען ווייניק אויף טובערקולאָז אַפילו צווישן די אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקע־

רונג, אַ שיכט , וואָס ביי די גויים גיט זי אַ מוראדיקע שטערבלעכקייט אויף דער זעלביקער קראַנקהייט (7 מאָל מ'ער ווי ביי יידן) לויט אַ סטאַטיסטיק, דורכגע־פירט דורך דעם אַמט פאַר סאָציאַלער היגיענע אין טוניס, צווישן 1909 און 1920. דראָלעט באַמערקט, אַז צווישן די פאַרמעגלעכע יידן איז די שטערבלעכ־קייט אויף טובערקולאָז אַ העלפט ווי ביי די אָרעמע קלאַסן.

———::———

וועלכע זענען די סיבות פון דער קלענערער שטערבלעכקייט?

מיר ווילן דערמאָנען, אַז אַלץ וואָס מיר וועלן דאָ זאָגן, איז אין באַצוג צו יידישע אַרבעטער־מאַסן, וואָס זענען אַמאָל געווען אין מזרח־אייראָפּע, אין אַמע־ריקע, אין אַרגענטינע און אין די מערב־אייראָפּעישע גרויסע שטעט (פּאַריז, לאָנדאָן א. א.) און וואָס זענען שוין איצט נישטאָ; זייער גורל איז געווען אַכזריותדיק פאַרשידן: די אייראָפּעיש־יידישע אַרבעטער־מאַסן זענען פאַרטיליקט געוואָרן דורך דער היטלער־בעסטיע און זענען אָפּגעמעקט געוואָרן; די אַמערי־קאַנער יידישע אַרבעטער־מאַסן זענען אויך פאַרשוווּנדן, ווייל... זיי האָבן זיך עקאָנאָמיש אַרויפגעאַרבעט און זענען געוואָרן אויס אַרבעטער...

כמעט יעדער פאָרשער, וואָס האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דער פראַגע פון דער קלענערער שטערבלעכקייט ביי יידן, האָט זיך זיין טעאָריע. ווי מ'יר וועלן שפּעטער זען, איז זי אַ זייער אייגנאַרטיקע און אַפילו קאָמישע.

אין דער הינזיכט שטעלט זיך אַ וויכטיקע פראַגע: פון ווען אָן ליידן יידן אויף דער דאָזיקער קראַנקייט?

דער פראַנצויזישער געלערנטער פּ י ע ר י, אין זיין „היסטאָריע פון טור־בערקולאָז", זאָגט: „אין די בלעטער פון דער ביבל וועט איר אומזיסט זוכן אַ פּאַטאָלאָגיש בילד אָדער סכעמע פון סימפּטאָמען ביי אַ יונגן מענטשן, פון וועלכן איר זאָלט קאָנען זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ טובערקולאָז־קראַנקער".

דער באַרימטער וואַרשעווער לונגען־ספּעציאַליסט ג ר ש ו ן ל ע וו י ן באַהאַנדלט די דאָזיקע טעמע אין אַן אַרבעט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט אין 1927 ביים ערשטן צוזאַמענפאָר פון יידישע דאָקטוירים פון גאַנץ אייראָפּע (וואַר־שע). ער ציטירט פאַרשידענע ווערטער פון חומש, וואָס וואָלטן באַטייט טובער־קולאָז, אָבער וועגן וועלכע די העברעיסטן — זאָגט ער — זענען נישט איינ־שטימיק. לכל הדעות איז נישט געווען קיין טובערקולאָז אין די ביבלישע צייטן.

נאָך אַ פאַקט וואָלט באַשטעטיקט דאָס אַרויסגעזאָגטע: לעווין ציטירט נעור־מאַנס בוך „די הייליקע שטאָט און אירע איינוווינער", פון יאָר 1887 — נעומאַן איז געווען דירעקטאָר פון „מאיר ראָטשילד"־שפּיטאָל אין ירושלים. — ער שרייבט דאָרט, אַז טובערקולאָז איז געווען אויסערגעוויינלעך זעלטן אין ירושלים און די

עלטערע דאָקטוירים פלעגן דערציילן, אַז ווען זיי פלעגן טרעפן אַזאַ קראַנקן, פלעגן זיי אים שיקן פון איין דאָקטער צום צווייטן אַלס אַ קוריאָז.

מען דאַרף קוים צוגעבן, אַז איצט איז די לאַגע גאַנץ אַנדערש אין ישראל; עס איז אַפילו איבעריק צו זאָגן פאַרוואָס.

לויט דעם דייטשישן פאָרשער מ ו ך, זאָלן די דייטשישע פויערים פון ווי־טעמבערג און די רוסישע יידן, סוף פאַריקן יאָרהונדערט, האָבן אַריינגעבראַכט די דאָזיקע קראַנקייט קיין ארץ־ישראל. מיר זענען גאַנץ איינשטימיק מיט דער דאָזיקער באַשטעטיקונג.

טובערקולאָז איז אַ קראַנקייט פון די שטעט און איז זעלטן אין דאָרף.

טובערקולאָז איז אַנשטעקנדיק, אָבער נישט זייער גרינג. מען דאַרף אַ לענ־גערע צייט צוזאַמענלעבן מיט אַ קראַנקן, כדי זיך אַנצושטעקן און דער קאָנטאַקט דאַרף זיין אַן ענגער. אַזעלכע באַדינגונגען געפינט מען נאָר אין די שטעט. אין דאָרף איז דאָס לעבן, וואָלט איך געזאָגט, אין דרויסן, דערפאַר שטעקט מען זיך דאָרטן שווער אָן, דערפאַר זענען פאַראַן ווייניק קראַנקע, און ווייניק קראַנקע שטעקן אָן ווייניק מענטשן. עס איז אַ מין קרייז. פונקט דער היפוך קומט פאָר אין די שטעט.

ס׳איז אַ סברה, אַז די יידן האָבן אָנגעהויבן ליידן מאַסנווייז אויף דער קראַנקייט אין די צייטן פון די קרייצצוגן. כדי זיך צו באַשיצן פון די קרייצציג־לער האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין די שטעט און פון דעמאָלט אָן זענען זיי געוואָרן תושבים פון די שטעט אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, ענגע, צונויפגעפּרעסטע, מן הסתם נישט זייער ריינע, אַזוי אַרום אַז איין קראַנקער האָט געהאט גרינגע און אָפטע געלעגנהייטן אָנצושטעקן קינדער, קרובים און שכנים...

און ווירקלעך: ה אַ נ אָ ו ע ר (ציטירט פון לעווינען) באַשרייבט אַ מורא־דיקע שטערבלעכקייט אויף טוקערקולאָז ביי די יידן פון פראַנקפורט צווישן 1624 און 1800. ש ו אַ ר ץ שרייבט, אַז אַ דריטל פון אַלע טויט־פאַלן ביי די יידן פון ווין צווישן 1648 און 1669 איז געווען פאַראורזאַכט פון טובערקולאָז. און פּ י ש ב ע ר ג פאַרזיכערט, אַז אין די געטאָס פון מיטלאַלטער איז געווען ביי יידן אַ זייער גרויסע שטערבלעכקייט אויף טובערקולאָז.

דאָס אַלעס וואָלט געמיינט, אַז די יידן האָבן צוריק מיט אַ טויזנט יאָר, די ערשטע צווישן די פעלקער, אָנגעהויבן ליידן מאַסנווייז אויף דער קראַנקייט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער פּראָצעס פון סעלעקציע („די סעלעקטיווע פונק־ציע פון טויט״, האָט עס אָנגערופן ל י ו י). די שוואַכערע, די מיט ווייניקער ווידערשטאַנד, זענען פאַרלענדט געוואָרן, די שטאַרקערע האָבן איבערגעלעבט. און די דורות, וואָס זענען דערגאַנגען ביז היינטיקע צייטן, האָבן אַזוי באַקומען אַ פּרעכטיקע ווידערשטאַנד־פעאיקייט.

יידן ווערן קראַנק, ווייל די געלעגנהייט צו אָנשטעקן זיך איז אַן אָפּטע, אָבער שטאַרבן נישט פון דער קראַנקייט, ווייל זי איז ביי זיי זייער שוואַך כדי זיי אומצוברענגען. די קראַנקייט איז געוואָרן אַ היימישער שונא, וואָס בייסט אָבער הרגעט נישט.

ס אַ נ אַ ר ע ל י, ווען מען איך האָב דערמאָנט אין אַ ריי קאַפּיטלען, דרוקט איבער אין זיין בוך געוויסע שורות פון מיינער אַן אַרבעט וועגן טובערקולאָז, וואָס איך האָב געלייענט אויף דעם ערשטן פּאַנאַמעריקאַנער קאָנגרעס וועגן טובערקולאָז (קאָרדאָבאַ, 1927) און ער דרוקט זיי איבער, ווייל ער איז מיט זיי איינשטימיק.

„זינגער האָט איבערגעגעבן, אַז די יידן פון בוענאָס איירעס ווערן געוויי־לעך אָנגעגריפן פון מילדע פאָרמען פון טובערקולאָז — און קורירן זיך אויס זייער אָפט. די געפערלעכע פאַלן צווישן זיי זענען זעלטענע; אַפילו די פּאַציענטן, וואָס באַווייזן אַן אַ שיער באַצילן אין זייער לייכעץ, פירן אַ טעטיק לעבן און פילן זיך רעלאַטיוו גוט. זיי קומען אין דיספּענסאַר נאָר פון צייט צו צייט און צומאָל וועגן אומאָרדענונגען מיט געזונט, וואָס זענען נישט פאַרבונדן מיט זייע־רע קראַנקע לונגען". (ז. 211).

מ אַ ק ־ ק אַ ר ט י שרייבט, אַז צווישן די טויזנטער פאַלן פון יידישע לונ־גען־קראַנקע, וואָס ער האָט באַהאַנדלט אין משך פון זעקס יאָר אין באָסטאָן, האָט ער נ י ש ט ג ע ז ע ן אַ פּ י ל ו א יי נ ע פ ו ן ד ע ר אַ ז ו י ג ע ר ו פ ע נ ע ר מ י ל י אַ ר פ אָ ר מ ע, ד. ה. געפערלעכע פאָרמע פון לונגען־טובערקולאָז, וואָס פאַרניכטעט דעם פּאַציענט אין אַ קורצער צייט פון עטלעכע חדשים.

צו דעם דאָזיקן צושטאַנד פון ווידערשטאַנד קעגן דער קראַנקייט האָט דאָס יידישע פאָלק דערגרייכט, נישט ווייל דאָס איז די אייגנשאַפט פון יידן אַלס פאָלק, נאָר אַלס אַ קאָנסעקווענץ פון דעם אַרט לעבן, וואָס יידן האָבן געפירט איבער סאָציאַלע, פּאָליטישע און רעליגיעזע אומשטענדן. דאָס איז אַזוי אַרום נישט קיין ראַסן־אייגנשאַפט פון יידישן פאָלק. דאָס זעלביקע וואָלט געווען גע־שען מיט אַן אַנדער פאָלק, ווען עס מוז דורכמאַכן דאָס זעלביקע לעבן, וואָס יידן האָבן איבערגעטראָגן.

אוודאי שטאַרבן נאָך היינט — הגם נישט אַזוי פיל ווי פריער מיט אַ יאָר־צענדלינג — יידן פון דער קראַנקייט. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז פאַר יעדן טויטפאַל זענען פאַראַן צענדליקער און צענדליקער קראַנקע, וואָס עלטערן זיך מיט דער קראַנקייט.

## 5

לייענענדיק די פאַרשידענע מחברים, וואָס האָבן געפאָרשט די פּראָבלעם פון טובערקולאָז ביי יידן — טרעפט מען די פאַרשידנסטע השערות. עס וואָלט אויסגעקומען אַזוי: על פּי שכל און על פּי לאָגיק וואָלטן יידן באַדאַרפט שטאַרבן פון דער קראַנקייט אַ סך מער ווי ביי אַנדערע פעלקער און עס געשעט פּונקט דאָס פאַרקערטע. די פאַרשידנסטע סטאַטיסטיקעס שרייען עס דאָך מ׳מש אַרויס און מען מוז גלויבן, ווייל עס האַנדלט זיך פון ערנסטע מעדיצינישע פאָרשונגען. בדרך אגב שטויסט מען זיך אָן אויף זייער אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגן דעם לעבן און געזונט אין דאָרף און אין שטאָט און צולעצט, אַז יידן, אַלס זייער אַלטע שטאָט־תושבים, האָבן זיך פאַרהאַרטעוועט קעגן אַ סך אַנדערע קראַנקייטן פון דער שטאָט, וואָס צווישן אַנדערע פעלקער פאַראורזאַכן זיי אַ גרויסן מענטשן־פאַרלוסט; און דערגאַנגען איז מען סוף־כל־סוף צו דעם, אַז יידן לעבן דורכשניטלעך מער ווי נישט־יידן.

נאָרד־אַמעריקע איז אין דער הינזיכט אַ גן־עדן פאַר אַזעלכע סאָציאָלאָגישע פאָרשער. זיי האָבן צו דער האַנט אַלע פעלקער פון דער וועלט און קאָנען לייכט פאַרגלייכן.

וו. ר י פ ל ע י שרייבט: „אַלע אַמעריקאַנער לעבנס־פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן האָבן שוין לאַנג באַשטעטיקט, אַז יידן זענען אין דעם גרויסן אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ די, וואָס לעבן לענגער״. און מ אַ ק ־ ק אַ ר ט י ברענגט אַ גענויע סטאַטיסטיק וועגן שטערבלעכקייט אין אַלגעמיין אין אַמעריקע, ווו יידן פאַרנעמען דאָס לעצטע אָרט (אַ שטיקל נחמה). די סטאַטיסטיק איז אויף 10 טויזנט תושבים:

אינדיאַנער — 28; שוואַרצע — 7.50; כינעזער (פון די גרויסע שטעט) — 7; אירלענדער (ניו־יאָרק, 1890) — 6.50; יאַפּאַנעזער — 3; סקאַנדינאַווער — 2.80; איטאַליענער — 2.20; אַמעריקאַנער (ווייסע) — 2.10; יידן — 1.70.

ב י ל ל י נ ג ס מערקט אָן, אַז אין ניו־יאָרק שטאַרבן פון טובערקולאָז פון יעדע 100.000 תושבים 645 אירלענדער פון טובערקולאָז; 531 שוואַרצע, 328 דייטשן, 205 ווייסע אַמעריקאַנער און נאָר 76 יידן.

דאָ האָבן מיר אַ באַווייז, אַז יידן, תושבים פון שטעט, זענען „פאַרהאַרטעוועט״ געוואָרן מיטן לויף פון די יאָרן, נישט נאָר קעגן טובערקולאָז, נאָר אין אַלגעמיין קעגן אַלע קראַנקייטן, וואָס זענען אָפטער אין די גרויסע שטעט ווי אין די דערפער.

מאַק־קאַרטי קלערט אויף אין זיין סטאַטיסטיק, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אָנהייב יאָרהונדערט: יידן האָבן די קלענסטע שטערבלעכקייט, „טראָץ דער

זייער גוט באַוווסטער שמוציקייט און דעם לעבן אין פינצטערע באַראַקן (?) (קאָנוועטנטיזשאָס מ. ה.). זיי ווױנען אַלע אין מזרח־זייט פון ניו־יאָרק, וווּ די גאַסן האָבן אַ שם מיט זייער שמוציקייט און זענען די אומגעזונטסטע אין די פּאַרייניקטע שטאַטן".

דאָ נעמען מיר אָפּ אַ גרוס פון דעם יידישן ניו־יאָרק פון אָנהייב יאָרהונ־דערט: ס ט ע ל ל א, אַ ניו־יאָרקער דאָקטאָר פון איטאַליענישן אָפּשטאַם, שרייבט, אַז „טראָץ דעם, וואָס די יידישע פרויען לעבן דאָרט אין ערגערע באַ־דינגונגען ווי די איטאַליענישע, זיי ווױנען אין ערגערע דירות און האַלטן זיי פונדעסטוועגן ריינער, אַרבעטן מער און ״זוואַנגערן אָפטער און דאָך איז זייער שטערבלעכקייט אַביסל נידעריקער ווי ביי אַנדערע פרויען".

ס אַ נ אַ ר ע ל י האָט געשריבן אין 1930: „מיר האָבן פולע רעכט פעסט־צושטעלן היינט צו טאָג, אַז די יידישע ראַסע איז צווישן אַלע אַנדערע די פע־איקסטע אין קאַמף פאַרן לעבן, די ווידערשטאַנדיקסטע קעגן די קראַנקייטן פון דער שטאָט און די וואָס צאָלט ווייניקער צינזן דער טובערקולאָז־קראַנקייט. דאָס לעצטע איז אַזאַ ווירקלעכקייט, וואָס מען קאָן ממש אָנטאַפּן"...

ב אָ ד ע ן האָט געשריבן, אַרום 1850, אַז אין אַלע אייראָפּעישע לענדער לעבן די יידן לענגער ווי די באַפעלקערונג, צווישן וועלכער זיי ווױנען און אַז זייער צאָל שטייגט דעמאָגראַפיש, אויך מער ווי ביי די אַנדערע פעלקער. לויט דעם זעלביקן מחבר זענען די יידן געווען די איינציקע עדה, ביי וועלכער די געבורטן האָבן איבערגעשטיגן די טויטפאַלן אין אַלזשיר, וווּ אַלע אַנדערע נאַ־ציאָנאַליטעטן האָבן געהאַט מער טויטפאַלן ווי געבורטן.

אין פראַנקפורט האָבן נישט־יידן געלעבט דורכשניטלעך 37 יאָר מיט 7 חדשים און יידן 49 יאָר מיט 8 חדשים. אין דער זעלביקער שטאָט איז אַ פערטל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג געשטאָרבן פאַר די 6 יאָר מיט 11 חדשים און אַ פערטל פון דער יידישער פאַר די 28 יאָר מיט 5 חדשים. די העלפט פון דער גויישער באַפעלקערונג איז געשטאָרבן פאַר די 36 יאָר מיט 5 חדשים און די העלפט פון דער יידישער — פאַר די 53 יאָר. דריי פערטל פון די גויים זענען געשטאָרבן פאַר די 59 יאָר מיט 10 חדשים און דריי פערטל פון די יידן — פאַר די 71 יאָר. אין די פאַרייניקטע שטאַטן וואָלט דער דורכשניט לעבן פון די יידן געווען 57 יאָר און פון די קריסטן (קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן) 41 יאָר (סאַנאַרעלי).

ר אָ ז ע נ ב אַ ו ם האָט געמאַכט אַן ענלעכע באַשטעטיקונג אין לאָנדאָן: סיי די קינדער־שטערבלעכקייט, סיי די שטערבלעכקייט ביי דערוואַקסענע פון אַלערליי סיבות איז נידעריקער ביי יידן ווי ביי די ענגלענדער. דאָס לעצטע האָט באַשטעטיקט ט אָ מ אַ ס, אַן ענגלישער געלערנטער, אין 1904.

מיר ואָלטן געזאָגט, אַז דער רש״ע האָט זיין אויסדערוויילט פאָלק גע־שטראָפט מיט איין האַנט און געבענטשט מיט דער צווייטער.

ווען יידן האָבן געפירט אַ טראַדיציאָנעל יידיש לעבן, און אַלע סטאַטיסטי־קעס באַציען זיך צו יענע צייטן (19טן יאָרהונדערט) — האָבן זיי טאַקע אויס־געמיטן אַ סך סיבות פון קרענקלעכקייט און שטערבלעכקייט. דאָס ריינע צוריק־געצויגענע פאַמיליע־לעבן, דאָס חתונה האָבן פרי, די שטרענגע שבת־רו, די כשרע שפייזן, ווייל באַגרענעצטע, געזונטערע און ריינערע, און צום סוף דאָס בעטן און זיך ווינטשן נאָכאַנאַנד אריכת ימים...

ג אַ ר נ אַ (ציטירט פון סאַנאַרעלי) שרייבט, אַז די יידן זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן פאַרבאָטן מען זאָל עסן פלייש פון בהמות וואָסליידן אויף טובערקולאָז. און ווירקלעך: טובערקולאָז איז זייער פאַרשפּרייט צווישן פאַר־שידענע חיות און זייער אָפט ביי די בהמות. שחיטה איז אַן צווייפל אַן אַלטע יידישע פּראַקטיק, וואָס איז אין תוך אַ טיילווייזע פּראָפילאַקטיק קעגן טובער־קולאָז. ווען דער שוחט בלאָזט אָן די לונגען און טאַפּט זיי אַרום, ווייסט ער צומאָל נישט, אַז דאָס זוכט ער איבערפלעכלעכע האַרטקייטן וואָס זענען אמתע פּראָצעסן פון לונגען־טובערקולאָז ביי בהמות. די דאָזיקע פּראָפילאַקטיק איז אָבער נאָר אַ טיילווייזע, ווייל דער שוחט קאָן נישט אויסגעפינען די האַרטקייט אין דער טיפעניש פון דער לונג ביי דער בהמה און זוכט נישט אונטער די ברוסטן (אייטער) פון דער קו, וואָס זענען זייער אָפט אָנגעגריפן. שחיטה האָט געזאָלט און אפשר געקאָנט זיין אַ גענצלעכע וועטערינאַרישע פּראָפילאַקטיק פון דער קראַנקייט, אָבער זי איז פאַרבליבן רודימענטאַר, ווייל שוחטים האָבן נישט קיין וועטערינאַרישע בילדונג. אָבער עס בלייבט אַ באַוואונדערונגסווערטע אָנ־שטרענגונג פון פאַרצייטנס אויף דעם געביט, אין אַ צייט, ווען די וועטערינאַ־רישע בילדונג האָט זיך ביי די פעלקער אַפילו נישט געהאַט אָנגעהויבן און איז אין צייטן פון אַבסאָלוטער אומוויסנקייט געווען ביי יידן אַ שוצמיטל טיילווייז קעגן טובערקולאָז און קעגן אַנדערע קראַנקייטן.

אַלע מחברים דערמאָנען צווישן די סיבות פון דער גרעסערער ווידערשטאַנד־פעאיקייט פון די יידן קעגן טובערקולאָז דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן און דאָס אָפּהיטן די היגיענישע און מעדיצינישע כללים, וואָס זענען צעוואָרפן אין חומש און אין תלמוד. אַנדערע דערמאָנען די היסטאָרישע אומשטענדן, וואָס האָבן געניייט די יידן זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע מלאכות און אַנדערע באַרופן, וואָס האָבן נישט שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם קערפּער. ק אַ ל מ ע ט דערמאָנט, אַז אַלקאָהאָליזם איז ווייניק פאַרשפּרייט צווישן יידן.

מיר ווילן צולעצט נאָך דערמאָנען די מיינונג פון צוויי באַרימטע פראַנצוי־זישע דאָקטוירים, די שוין דערמאָנטע טאָסטיווינט און רעמלינגער. זיי באַהויפּטן,

אַז ביי יידן איז טובערקולאָז מילדער, ווייל... ווען מען קערט אויס די שטוב ביי יידן, באַנעצט מען פריער דעם דיל, מ׳קערט נישט אויף טרוקן. דערפאַר הייבט זיך נישט אויף דער שטויב, וואָס וואָלט געשטעלט אין באַוועגונג די באַצילן פון דער קראַנקייט. זיי באַמערקן אויך, אַז ביי יידן רייניקט מען דעם פאַל און די מעבל מיט פייכטע שמאַטעס. די דאָזיקע, ווי אויך אַנדערע פירונגען, למשל, אַז ביי יידן זענען די צימערן נישט פול מיט מעבל ווי ביי די פראַנצויזן, זענען ווערטפולע היגיענישע מנהגים. זיי ענדיקן זייער אַרבעט מיט אַ רוף צו די פראַנ־צויזישע דאָקטוירים, זיי זאָלן מאַכן אַ קאַמפּיין קעגן קערן דילן אויף טרוקן...

---

עס בלייבט אַ פאַקט, אַז נאָך דעם ווי יידן האָבן „אויסגעמאָזלט״, אַזוי צו זאָגן, מיט טובערקולאָז אין מיטאַלטער, ווען זיי זענען ערשט געוואָרן תושבים פון די שטעט און זענען געשטאָרבן אין אַ מוראדיקער צאָל אין די ערשטע פאָר יאָרהונדערטער נאָך יענער צייט, האָט זיי די זעלביקע קראַנקייט (דער טויט) סעלעקציאָנירט און זיי האָבן אָנגעהויבן וואָס ווייטער, און ביז אונדזערע צייטן, ווייניקער צו שטאַרבן פון דער קראַנקייט. זיי זענען ווייניקער געשטאָרבן פ אַ ר דער עמאַנציפּאַציע, ווען זיי זענען געווען קליינע הענדלער, און האָבן זיך באַ־שעפטיקט מיט אַנדערע גרינגערע מלאכות און זיי זענען ווייניקער געשטאָרבן נאָך דער עמאַנציפּאַציע (אין דער מיט פון 19טן יאָרהונדערט), ווען זיי זענען מאַסנווייז אַרבעטער אין די שטעט, ווו די גרויס־אינדוסטריע האָט געהאַלטן אין געבוירן ווערן.

די יידן, וואָס זענען נישט געוואָרן קיין שטעט־תושבים, זענען געשטאָרבן ווי די נישט־יידן. ד ר א פ ס י פון קראָקע, שרייבט, אַז צווישן די וואָלינער יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי ערדאַרבעט, אין די שטערבלעכקייט געווען אַ גרייסע, פּונקט ווי ביי זייערע שכנים, די גויים.

יידן האָבן באַקומען אַ ווידערשטאַנד — דערגרייכט דורך קליינע אינפעק־ציעס און אַ געירשנטער פון די עלטערן ווידערשטאַנד־אימוניטעט, וואָס האָט זיך געכפּלט מיטן גאַנג פון די דורות. בדרך אגב: עס איז גאַנץ געווי באַוויזן גע־וואָרן, אַז ווען אַ מענטש, וועמענס עלטערן זענען געווען קראַנק אויף טובערקו־לאָז, ווערט קראַנק אויף דער זעלביקער קראַנקייט, איז זי ביי אים מילדער ווי ביי אַן אַנדערן, וועמענס עלטערן האָבן נישט געליטן פון דער קראַנקייט.

מען דאַרף אויך נישט אונטערשעצן דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע אַרט לעבן, וואָס האָט אויך בייגעטראָגן זיין טייל.

ס׳איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז די רעלאַטיוו־נייע וויסנשאַפט, די ג ע־נ ע ט י ק, איז געקומען צו די זעלביקע שלוסן בנוגע טובערקולאָז ביי יידן, אָבער

די גענעטיקער האַלטן, אַז דאָס איז ביי יידן פאַרגעקומען נישט אויף דעם גרונט פון אַ בהדרגהדיקער אימוניזאַציע, נאָר אַלס פועל יוצא פון אַ סעלעקציע אין משך פון יאָרהונדערטער.

לסוף וועלן מיר דערמאָנען, אַז אַ סך אַנדערע פעלקער גייען אויף דעם געביט אויף דעם זעלביקן וועג וואָס יידן: ענגלאַנד, סקאַנדינאַווישע לענדער, אַמעריקע אא״וו.

## 6

נאָך אַלעמען איז טובערקולאָז ענלעך צו אַ סך אַנדערע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. זיי טראָגן אין זיך דעם עלעמענט, וואָס וועט זיי שפּעטער מאַכן אומשעדלעך פאַר דעם אָרגאַניזם, וואָס זיי גרייפן אָן, און וואָס וועט, סוף־כל־סוף, דערפירן צו דעם, אַז די קראַנקייט זאָל אינגאַנצן פאַרשווינדן ביים מענטש, וואָס אין דעם פאַל איז ער דער אויסדערוויילטער קרבן.

מיר האָבן אין פאַריקן קאַפּיטל געזאָגט, אַז אַ סך אַנדערע פעלקער האַלטן אין דורכמאַכן דעם זעלביקן וועג אין באַצוג צו טובערקולאָז, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט שוין ביים פאַרענדיקן. דער חילוק איז נאָר, וואָס עס ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער וועג איז פאַר יידן געווען לענגער. זייערע ספּעציפישע לעבן־באַדינגונגען האָבן דערצו געבראַכט. ראשית כל, זענען יידן פריער ווי אַלע אַנדערע פעלקער און אין אַ ש נ ע ל ע ר ן ט ע מ פּ אָ געוואָרן שטאָט־תושבים. די פאַרפאָלגונגען מצד די נישט־יידישע שכנים און די פרעמדקייט האָבן גורם געווען, אַז יידן זאָלן וועלן וווינען צווישן יידן; זיי זאָלן זיך, אַזוי צו זאָגן, טוליען איינער צום אַנדערן.

מיר האָבן שוין ווידערהאָלטע מאָל געזאָגט און געשריבן, אַז ווען אַ יידישער ישוב ווערט שיטער, ווערט אויך שיטער יידיש לעבן. און דערפאַר האָבן יידן זיך תמיד געשראָקן, מורא געהאַט די קינדער זאָלן נישט פאַרפרעמדט ווערן, אויסוואַקסן „גויים״, אא״וו. אַלע יידישע אַרענדאַטאָרן און יענע, וואָס האָבן געהאַלטן די קרעטשמעס אויף די פאַרצווייגטע טראַקטן און שליאַכן פון מזרח־אייראָפּע, האָבן געהאַט די זעלביקע טענה: פּרנסה איז טאַקע פאַראַן בשפע, אָבער די קינדער לויפן אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט די שקצימלעך און ווערן דערווייטערט פון תורה. עס האָבן נישט געהאָלפן די איידעמס די לערנערס, די מלמדים, וואָס מען האָט אַמאָל געהאַלטן אויף אַ זמן אָדער מער — אַ ייד דאַרף וווינען צווישן יידן... אין אונדזער ליטעראַטור איז עס אַזוי וווּנדערבאַר אָפּגעשפּיגלט. דער אַרויפגעצוווּנגענער תחום־המושב אין רוסלאַנד איז דערפאַר געווען סיי אַ קללה, סיי אַ ברכה...

דאָס זענען די סודות פון היסטאָרישן גורל פון אַ פאָלק. די היסטאָרישע

פערספעקטיוו וועט נאָך אַמאָל באַווייזן, אַז מער ווי איין גזירה האָט זיך סוף כל סוף אויסגעלאָזט ווי אַ ברכה... אַזעלכע סתירות — לאָמיר צוגעבן למען האמת — קאָנען נאָר פאָרקומען ביי אַ פאָלק ווי אונדזערס, וואָס האָט נישט געלעבט אויף דער אייגענער ערד און איז דאָך געבליבן אַ פאָלק. דאָס אליין איז דאָך אַ סתירה: אַ פאַקט איז, אַז יידן האָבן אין זייער גרויסער מערהייט געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן אין גרעסערע און קלענערע שטעט און האָבן דער־פאַר זיך שנעלער צוגעוווינט צו טובערקולאָז ווי אַנדערע פעלקער.

דאָס פאָלק, וואָס שטייט אין דער ערשטער ריי נאָך אונדזערן, איז דאָס ענגלישע. דאָרטן האָט זיך עס אָנגעהויבן אין זיבעצענטן יאָרהונדערט. טובער־קולאָז האָט דאָרטן דעמאָלט אַזוי געבושעוועט, אַז ד ז ש י ד ע אָ ן ה אַ ר־וו עָ י האָט זי אָנגערופן „מאָרבוס אַנגליקוס״ (די ענגלישע קראַנקייט) און דער באַרימטער ס יי ד ע נ ה אַ ם האָט געשריבן, אַז טובערקולאָז האָט דעמאָלט פאַרטיליקט אַ פינפטל פון דער ענגלישער באַפעלקערונג. עס האָט זיך אָפּגע־שפּילט די זעלביקע דראַמע, וואָס אין די יידישע געטאָס. אין יענעם יאָרהונדערט איז כמעט די גאַנצע ענגלישע באַפעלקערונג אַריבערגעפאָרן אין די שטעט. עס האָט אין יענע צייטן געהאַלטן ביי געבוירן ווערן די היינט מעכטיקע ענגלישע אינדוסטריע. די ענגלישע פּראָווינץ איז כמעט געבליבן אָן באַפעלקערונג. אין די שטעט, אין וועלכע דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך צונויפגעפּרעסט, האָט טובערקולאָז אָנגעהאַלטן אין אַן עפּידעמישער פאָרם, פּונקט ווי מאָזלען און ווי די פּעסט.

פון דעם דאָזיקן דראַמאַטישן יאָרהונדערט, וואָס דער ענגלישער פּראָלעטאַ־ריאַט האָט דורכגעמאַכט, איז פאַרבליבן אַ גאַנץ גרויסע ביבליאָגראַפיע. זי איז באַשריבן אין די שוואַרצסטע פאַרבן. אָבער ביסלעכווייז האָט דער טויט נאָכאַמאָל געמאַכט זיין סעלעקציע און דער גרויסער ביאָלאָגישער פּראָצעס פון ווידער־שטאַנד קעגן דער קראַנקייט איז שוין אין ענגלאַנד באַלד פאַרענדיקט.

אין 17טן יאָרהונדערט איז די שטערבלעכקייט אין לאָנדאָן געווען 70 אויף טויזנט, אָבער אין 18טן יאָרהונדערט איז זי שוין געפאַלן ביז 50.

אָבער די נאַטירלעכע סעלעקציע און די אָפיציעלע מאָסמיטלען, אויסגע־דריקט אין פאַרבעסערן די וווינונגען און די באַשפּייזונג פון די אַרבעטער־מאַסן, האָט גורם געווען, אַז שוין אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט זאָל די אַלגעמיינע שטערבלעכקייט אין לאָנדאָן פאַלן ביז 29 אויף טויזנט און די שטערבלעכקייט אויף טובערקולאָז נישט מער ווי 4 אויף טויזנט. איינע פון די נידעריקסטע אין דער וועלט. אין די דרייסיקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט איז אין ענגלאַנד די שטערבלעכקייט פון טובערקולאָז געפאַלן ביז 1.12 אויף טויזנט.

דער דאָזיקער גלענצנדיקער דערפאָלג אין דעם קאַמף קעגן טובערקולאָז איז

נישט נאָר דער רעזולטאַט — אין דעם זענען אַלע מחברים איינשטימיק — פון די אויסערגעוויינלעכע און אויסגעצייכנטע ענגלישע סאַניטאַרע באַדינגונגען, וואָס די רעגירונגען האָבן איינגעפירט, אויסגעבנדיק קאָלאָסאַלע סומעס, נאָר אויך אַ קאָנסעקווענץ פון דעם, וואָס די מאַסן האָבן וואָס אַמאָל אַרויסגעוויזן אַ גרעסערן ווידערשטאַנד קעגן דער קראַנקייט. דער פּראָצעס, וואָס האָט ביים יידישן פאָלק געדויערט טויזנט יאָר, האָט ביים ענגלישן געדויערט ווייניקער ווי 400. ווייל ביים יידישן פאָלק האָט מען נישט אָנגעווענדט — עס איז נישט געווען קיין רעגירונג, וואָס זאָל עס טאָן — די סאַניטאַרע מאסמיטלען, וואָס האָבן אין ענגלאַנד געגעבן אַזאַ רעזולטאַט. ביי יידן איז עס געווען אַ ריין־ביאָלאָגי־שער פּראָצעס און ביי די ענגלענדער האָט מען דעם פּראָצעס פאַרשנעלערט מיט קינסטלעכע מאסמיטלען.

פראַנקרייך דינט אַלס אַ גלענצנדיקער ביישפּיל. די אָרעמע, אייביק אָרעמע און אייביק פריילעכע — וואָלט איך געזאָגט — פראַנקרייך, קאָן טאַקע עד היום נישט אַרויסקריכן פון דער מחלה. פראַנקרייך איז שטאַרק געשטראָפט מיט טובערקולאָז, ווייל עס האָבן תמיד געפעלט די פאָנדן צו בויען שפּיטעלער, סאַ־נאַטאָריעס; פאַרבעסערן די וווינונגען פון די אַרבעטער־מאַסן אא״וו. דערפאַר „קריכט״ דער פּראָצעס אין פראַנקרייך אַזוי לאַנגזאַם, ווי עס איז פאָרגעקומען ביי יידן.

היינט צו טאָג ווערן די פאַרשידענע פעלקער פון דער וועלט צעטיילט אין באַצוג צו טובערקולאָז אין דריי קאַטעגאָריעס:

1) די, וועלכע געפינען זיך אין דעם אינוואַזיע־פּעריאָד: כמעט אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער, ווו די שטערבלעכקייט און די קרענקלעכקייט איז זייער אַ גרויסע.

2) די פעלקער אין סאַטוראַציע־פּעריאָד, ווו די קראַנקייט איז גוט איינגעג־פונדעוועט; די שטערבלעכקייט איז נאָך גרויס, אָבער עס מערקט זיך אַ טענדענץ, אַז די ציפערן פון שטערבלעכקייט זאָלן זיך סטאַביליזירן: דאָס זענען פראַנק־רייך, פּוילן, רוסלאַנד און אונגאַרן.

3) פעלקער, ביי וועלכע די שטערבלעכקייט האָט דערגרייכט צו אַ מינימאַלן ניוואָ און פאַרקלענערט זיך אין אַ שנעלן טעמפּאָ. אין דער ערשטער ריי געהערט צו דער קאַטעגאָריע דאָס יידישע פאָלק. דערנאָך קומען ענגלאַנד, אַמעריקע און די סקאַנדינאַווישע לענדער.

די אינוואַזיע פון טובערקולאָז אין אַ לאַנד, וואָס איז געווען ריין פון דער קראַנקייט, האָט תמיד געשטעלט אין געפאַר די עקזיסטענץ זעלבסט פון דעם דאָזיקן פאָלק. געוויסע פעלקער זענען אינגאַנצן פאַרטיליקט געוואָרן, אָפּגעווישט

געוואָרן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד און אַנדערע זענען טיילווייז פאַר־לענדט געוואָרן.

טובערקולאָז איז תמיד געווען אַן אייראָפּעישע קראַנקייט און פון דאָרטן איז זי „פאַרטיילט״ געוואָרן צווישן די אַנדערע קאָנטינענטן.

די אינדיאַנער פון נאָרד־אַמעריקע האָבן געהאַט אַזאַ קליינעם קאָנטאַקט מיט די ווייסע, אַז לויט ר א ש און מ אַ ק ־ ק אַ ר ט י זענען זיי פאַרבליבן אַבסאָלוט ריין פון דער קראַנקייט ביז אין די פופציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונ־דערט. אָבער ווען דער ווייסער מערב האָט אָנגעהויבן זיך צו קאָלאָניזירן מיט די אייראָפּייער, זענען די אינדיאַנער, סוף כל סוף, אָנגעשטעקט געוואָרן מיט טו־בערקולאָז, און מאַק־קאַרטי פאַרזיכערט, אַז אין אַ קורצער צייט זענען כמעט אינגאַנצן אויסגעשטאָרבן פון דער קראַנקייט די גרויסע ישובים פון אינדיאַנער. ב ר ע ו ע שרייבט, אַז 72 פּראָצענט פון אַלע טויטפאַלן זענען פאַראורזאַכט געווען פון טובערקולאָז.

די קראַנקייט, וואָס איז ביי אייראָפּייער געוויינלעך אַ כראָנישע און לאַנג־דויערנדיקע, האָט זיי פאַרניכטעט אין אומגעפער ניין חדשים, דאָס איז געווען די אַזוי גערופענע „גאַלאָפּירנדיקע״ פאָרם, וואָס דערשיינט ביי מענטשן אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד. נאָך היינט שטאַרבן די אַמעריקאַנער אינדיאַנער אין אַ מוראדיקער צאָל פון טובערקולאָז, הגם די שטערבלעכקייט איז באַדייטנדיק גע־פאַלן. עס איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, וואָס די „מולאַטאָס״, די קינדער פון די געמישטע חתונות (שוואַרצע מיט ווייסע), ווייזן אַרויס אַ באַדייטנדיקן ווי־דערשטאַנד קעגן דער קראַנקייט.

דאָס זעלביקע באַמערקט מען ביי די שוואַרצע אַפריקאַנער, וואָס לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן שוין אַ 200 יאָר. נאָך היינט שטאַרבן זיי אין ניו־יאָרק דריי מאָל מער ווי די ווייסע.

ווען די מאַטראָזן פון די שיפן פון באַרימטן קאַפּיטאַן קוק (1760) האָבן געשטעלט זייערע פיס אויף די פּאָלינעזישע אינדזלען פון אָקעאַניע, האָבן זיי געמיינט, אַז זיי האָבן אַנטדעקט דעם גן־עדן. און באמת, עס איז אַ וווּנדערשיין לאַנד, וווּ די טעמפּעראַטור גרייכט קיינמאָל נישט העכער פון 34 גראַד און קיינמאָל נישט נידעריקער פון 17. קיין שום אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן זענען דאָרט ביז דעמאָלט נישט געווען באַקאַנט צווישן די פּאָלינעזער. דאָס לעבן איז דאָרט געווען גרינג און געמיטלעך. די שפּייזן האָט געגעבן די נאַטור אין דער פאָרם פון פרוכטן פון די בעסטע און שענסטע אין דער וועלט. די צאָלרייכע טייכן האָבן געגעבן די בעסטע פיש. די פּאָלינעזער האָבן געהאַט אַ מילדן כאַ־ראַקטער, ליבלעך און מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ. פון פיזישן שטאַנד־פּונקט האָבן אַלע רייזנדיקע זיי באַשריבן ווי אַ ראַסע פון ווונדערלעכע אַטלעטן.

ווע יסבאך שרייבט שפּעטער, אַז די פּאַלינעזער זענען געווען די שענסטע מענטשן אין דער וועלט. דער קאָנטאַקט מיט די אייראָפּייער האָט גורם געווען די כמעט גענצלעכע פאַרניכטונג פון אָט דער וווּנדערלעכער מענטשלעכער גרופּע. טובערקולאָז האָט דאָרט געבושעוועט, ביז די באַפעלקערונג איז דאָרט כמעט פאַרשוווּנדן. דער גרויסער רייזנדער געאָגראַף און היסטאָריקער רעקלי שרייבט, אַז די אייראָפּייער האָבן אין די דאָזיקע וווּנדערבאַרע אינדזלען געבראַכט די קראַנקייט און דעם טויט. קלעפּיקע קראַנקייטן זענען דאָרטן פריער געווען גענצלעך אומבאַקאַנט. ביי די וווּנדערלעכע אַטלעטישע פּאַלינעזער האָט די קראַנקייט געדויערט נישט מער ווי פון 3 ביז 4 חדשים, ווייל אין זייער בלוט איז נישט געווען קיין שום ספּעציפישע אימוניזאַציע; זיי זענען פאַר די קאָך־באַצילן געווען אַ קרקע בתולה און זיי האָבן זיך געמערט און זיי פאַרטיליקט אָן שום אָפּהאַלט.

צווישן דער היינטיקער באַפעלקערונג פון די דאָזיקע אינדזלען געפינט מען שוין נישט קיין איין עקזעמפּלאַר אַפילו פון יענע מענלעכע „אַדאָניס״ און ווייבלעכע „ווענוס״. די באַפעלקערינג באַשטייט פון אַ געמיש פון אייראָפּייער מיט שוואַרצע.

די דאָזיקע פּאָלינעזישע אינדזלען, וואָס האָבן געזאָלט זיין דער גן־עדן התחתון — און וואָס זענען עס אפשר געווען — הייסן: סאָסיעדאַד, נאַוועגאַדאָר, דע לאָס אַמיגאָס, פידזשי, האַוואַי, טאַהיטי...

## 7

פיל לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער געפינען זיך אין פּעריאָד פון דער אינוואַזיע פון דער קראַנקייט. די שטערבלעכקייט איז זייער גרויס, נאַטירלעך נאָר צווישן דער פּרימיטיווער באַפעלקערונג. ביי די אייראָפּייער, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט אין די דאָזיקע לענדער, איז די קראַנקייט זעלטענער, ווייניקער שאַרף, מיט אַ פאַרלענגערטער אויסוויקלונג און געדויערט יאָרן, פּונקט ווי די דאָזיקע אימיגראַנטן וואָלטן זיך געפונען אין זייערע שטאַם־לענדער.

ביי די איינגעבוירענע פעלקער פון לאַטיין־אַמעריקע איז די שטערבלעכקייט און קרענקלעכקייט אַ מוראדיקע אַפילו אין היינטיקע צייטן, ווען מען קאָן אָנווענדן קעגן דער קראַנקייט אַזעלכע מעכטיקע מיטלען ווי סטרעפּטאָמיצין און „פּאַס״. די דאָזיקע רפואות האָבן נישט קיין ווירקונג אויף דער קראַנקייט ביי די דאָזיקע מענטשן, ווייל זי איז ביי זיי אַ שנעלע און אַ שאַרפע. דאָס מיינט, אַז אַפילו די דאָזיקע מעכטיקע מיטלען ווירקן נישט, ווען דער פּאַציענט באַזיצט נישט אין זיין אָרגאַניזם די עלעמענטן, וואָס שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן דער־

קראַנקייט, ווי עס קומט פאָר ביי די פעלקער, וואָס זענען שוין אַטאַקירט זינט אַ געוויסער צייט.

און נאָך אַן אינטערעסאַנטן שטריך קאָן מען באַמערקן: די אינדיאַנער פון פערו, עקוואַדאָר, טשילע א. א., וואָס וווינען ווייט פון די שטעט, זענען ריין פון דער קראַנקייט, אָבער ווען זיי דערנענטערן זיך צו די שטעט וועגן אַרבעט און קומען אין קאָנטאַקט מיט די אייראָפּייער, ווערן זיי שנעל קראַנק און שטאַרבן אין אַ קורצער צייט.

די דאָזיקע פּרימיטיווע פעלקער ווערן אַזוי אַרום בהדרגהדיק פאַרניכטעט און פאַרשווינדן. דער היגער דר. ס אַ מ ו ע ל  ד ע  מ אַ ד ר י ד באַהויפּט, אַז „ווען מען פעלט פון טשילע אַ יאָרצענדלינג און מען קומט דערנאָך צוריק, באַמערקט מען ווי די טשילענער באַפעלקערונג ווערט וואָס אַמאָל ווייסער". די שוואַרצע און די טשילענער — האַלב־שוואַרצע — שטאַרבן אויס פון טובער־קולאָז.

דער באַרימטער בראַזיליאַנער טיזיאָלאָג ק ל ע מ ע נ ט ע  פ ע ר ע י ר אַ האָט געשריבן, אַז אין בראַזיל אין טובערקולאָז אָפטער און ערנסטער ביי די בראַזיליאַנער ווי ביי די אייראָפּייער.

לימאַ (פערו) האָט נאָך היינט די העכסטע שטערבלעכקייט אין דער וועלט אויף טובערקולאָז — אַריבער 60 אויף צען טויזנט.

אומעטום באַמערקט מען דעם זעלביקן פענאָמען: פעלקער, וואָס ווערן אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקייט, שטאַרבן אין אַ מוראַדיקער צאָל. ווען די אינפעקציע הייבט אָן צו ווערן עלטער, הייבט מען אָן שטאַרבן ווייניקער, די קראַנקייט ווערט לענגער, כראָנישער, מילדער און זי לאָזט זיך היילן.

ביי אונדז אין לאַנד האָבן מיר דאָס זעלביקע בילד ווי אין די אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. אין 19טן יאָרהונדערט איז די שטערבלעכקייט פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג געווען זייער גרויס. דער צוזאַמענטרעף פון דעם אייראָפּייער מיטן איינגעבוירענעם עלעמענט האָט תמיד געבראַכט דעם טויט פאַר די לעצטע. צוריק מיט אַ סך יאָרן האָט אַ קאַטוילישער מיסיאָנער, וואָס איז געווען אַ לונגען־קראַנקער, געבראַכט אַ קאַטאַסטראָפע פאַר די איינגעבוירענע פון טיעראַ דעל פועגאָ. די שטערבלעכקייט צווישן דער באַפעלקערונג איז שנעל געשטיגן צו דער גרעסטער ציפער, וואָס איז בכלל דערגרייכט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט: 8.89 אויף טויזנט. עס איז באַשטעטיקט געוואָרן דערנאָך, אַז די אינדיאַנער פון יענעם געביט בילדן אַ מענטשלעכע גרופע מיט אַ באַזונדער עמפינדלעכקייט פאַר טובערקולאָז. אין 1883, ווען גענעראַל ראָקאַ האָט אונטערגענומען זיין אַזוי גערופענע „דעראָבערונג פון דער מדבר", האָט ער גענומען אַ סך געפאַנגענע צווישן די אינדיאַנער, וועלכע זענען אַ ל ע אויסגע־

שטאַרבן פון טובערקולאָז און מאָזלען, נאָך אַ קורצן קאָנטאַקט מיט זיינע חיילות. סאַזשאַגאַ און הורטאַדאַ האָבן באַשריבן, ווי אַזוי אין אַ קאָרדאָבער שפּיטאָל זענען געלעגן זייט ביי זייט פּראָווינצלער שוואַרצע און מישלינגען מיט אייראָפּייער און בשעת די ערשטע זענען אַלע אויסגעשטאָרבן פון שאַרפע און שנעלע פאָרמען פון טובערקולאָז, האָבן די לעצטע געליטן אַלע פון כראָנישע און מילדערע פאָרמען פון דער זעלביקער קראַנקייט.

אָבער אַרגענטינע איז געווען דאָס ערשטע לאַטיין־אַמעריקאַנער לאַנד, וואָס האָט דערלויבט אַ מאַסן־אימיגראַציע פון אייראָפּייער, יידן בתוכם. דאָס האָט שנעל געבראַכט צו אייראָפּעיזירונג פון לאַנד, מיט אַלע מעלות און חסרונות פון דער אייראָפּעישער קולטור און פּראָגרעס אויף אַלע געביטן. דערפאַר האָט זיך אויך ביי אונדז אין לאַנד אַנטוויקלט גאַנץ שנעל דער קאַמף קעגן טובערקולאָז — אַ געזעצגעבערישער און אַ פּראַקטישער. עס דאַרפן דערביי דערמאָנט ווערן עט־לעכע נעמען פון אַרגענטינער פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געטאָן אויף דעם גע־ביט אַן אָנגעשטרענגטע און באמת פּיאָנערישע אַרבעט אין קאַמף קעגן דער גלייכגילטיקייט און פּעסימיזם פון געזעצגעבער און שטאַטסלייט.

דר. כואַן פּ. קאַפּעראַטאַ, מעדיקער און דעפּוטאַט, האָט אין 1927 באַווירקט אונדזערע געזעצגעבערישע קאַמערן, עס זאָל אַרויס דאָס ערשטע געזעץ אין לאַנד, וואָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ פּלאַנירטן און פּערמאַנענטן קאַמף קעגן טובערקולאָז. די דאָקטוירים אַראַאָס אַלפּאַראַ, אַלע־כאַנדראָ ראַימאָנדי און ראַול פּ. וואַקאַרעסאַ, דער איצטיקער פּראָפעסאָר פון דער מאַטעריע אין אונדזער מעדיציני‌שן פאַקולטעט, האָבן יעדער איינער אויף אַן אַנדער געביט אויפגעטאָן זייער גרויסע זאַכן אין קאַמף קעגן טובערקולאָז. דער ערשטער, מעדיקער פּראָפעסאָר און שטאַטסמאַן, האָט אָנגעווענדט קאָפּעראַטאָס געזעץ, געגרינדעט סאַנאַטאָריעס און דיספּענ־סאַרן. דעם צווייטן, ראַימאָנדי, איז די שטאָט בוענאָס־איירעס שולדיק אַ גרויסן חוב. ער איז געווען דער, וואָס האָט „באַדעקט״ די שטאָט מיט אַ גרויסער נעץ דיספּענסאַרן, האָט איינגעפירט די אַמען־דינסט: די ערשט־געבוירענע קינדער פון די לונגען־קראַנקע מוטערס גיט מען אַוועק צו געזונטע אַמען, וואָס דערנערן און דערציען זיי. די אַמען באַקומען פון דער מוניציפּאַליטעט אַ געהאַלט און זענען אונטערגעוואָרפן אַ זייער שטרענגער אינספּעקציע. דערמיט האָט דער פאַרשטאָרבענער ד״ר ראַימאָנדי געראַטעוועט טויזנטער און טויזנטער קינדער פון אַ זיכערן טויט. זייער אַ שטרענגער און אויסערגעוויינלעך אַרבעטזאַמער, האָט ער פון זיין אַמט אַלס פאַרוואַלטער פון מוניציפּאַלן קאַמף קעגן טובערקולאָז און דירעקטאָר פון „טאָרנו״־שפּיטאָל אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט און דאָס זעלביקע געפאָדערט פון זיינע מיטאַרבעטער. ער האָט קיינמאָל נישט גערוט און

קיינמאָל זיך נישט גענומען קיין וואַקאַציעס, אַזוי ביז זיין טויט, צוריק מיט אַ 11 יאָר, קוים אַ זעכציקער. זיין מוסטערהאַפט לעבן און מסירת־נפש איז אַ וווּנדערבאַר בלעטל אין דער געשיכטע פון דעם קאַמף קעגן טובערקולאָז אין אונדזער לאַנד. ער האָט אויך איינגעפירט ביי אונדז אין לאַנד דעם זייער ווערטפולן וואַקסין (אימפן) קעגן טובערקולאָז, וואָס דער פראַנצויזישער געלערנטער ק אַ ל מ ע ט האָט אַנטדעקט און וואָס ווערט איצט אָנגעווענדט אין דער גאַנצער וועלט.

די דריטע פערזענלעכקייט, וועמען מיר האָבן אויבן דערמאָנט, פּראָפעסאָר ראַול וואַקאַרעסאָ, האָט אויך זייער גרויסע פאַרדינסטן אין קאַמף קעגן טובער־קולאָז ביי אונדז אין לאַנד. וועגן זיין זייער ווערטפולן ווערק וועט אונדז נאָך אויסקומען צו שרייבן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

מיר איז צופעליק אויסגעקומען צו באַהאַנדלען און אויפפּאַסן צו דער זעל־ביקער צייט די זעלביקע קראַנקייט — כמעט ביי אַלע עטנישע גרופּעס, וואָס בילדן די באַפעלקערונג פון אונדזער הויפּטשטאָט: אין דער פּאָסט־ און טעלע־גראַף־אַדמיניסטראַציע האָב איך אָנגעפירט מיטן אַנטיטובערקולאָז־דיספּענסאַר, פּאַראַלעל מיט מיין טעטיקייט בראש פונעם דיספּענסאַר פון דער יידישער ליגע קעגן טובערקולאָז (15 יאָר), און אויך פּאַראַלעל צו מיין פּריוואַטער פּראַקטיק.

דאָרטן, אין פּאָסט, האָב איך באַמערקט די אויסוויקלונג פון דער קראַנקייט ביי די פאַרשידענע שיכטן אַרגענטינער, שפּאַניאָלן (וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק געבילדעט אַ גרויסן פּראָצענט פון די פּאָסט־באַאַמטע) און ביי איטאַליענער, וואָס זענען אויך געווען אין אַ גרויסער צאָל אין פּאָסט. אין דיספּענסאַר פון דער יידישער ליגע קעגן טובערקולאָז האָב איך מיט פאַרשטענדלעכער אויפ־מערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט דעם פאַרלויף פון דער קראַנקייט ביי יידן פון די פאַרשידנסטע לענדער פון דער וועלט (דאָס זעלביקע אויך אין מיין פּריוואַטער פּראַקטיק). איך האָב באַשטעטיקט גאַנץ גענוי די אַנדערשקייט פון דעם גאַנג פון דער קראַנקייט ביי גויים און יידן און האָב גרינטלעך באַשטעטיקט, אַז ביי יידן האָט די קראַנקייט באַוויזן אַ באַזונדער ענלעכקייט אין איר אַנטוויקלונג־פּראָצעס. די זעלביקע לאַנגזאַמקייט אין איר פאַרלויף, די זעלביקע קליינע פּראָפּאָרץ פון געפערלעכע און שנעלע פאַלן, סיי ביים פּוילישן ייד ווי ביים רומענישן און ליט־ווישן, טראָץ דער זייער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע און זייער אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַרן לעבן אין די ערשטע יאָרן פון זייער איינוואַנדערונג.

איך האָב אויך געהאַט די געלעגנהייט צו באַהאַנדלען אַ גרויסע צאָל פּאַ־ליאַקן (זיי אַרבעטן דאָך אַלע ביי יידישע באַלעבאַטים). די מערהייט זענען גע־ווען דאָרפסמענטשן, וואָס האָבן אימיגרירט אַהער. די קראַנקייט איז תמיד דער־שינען ביי זיי אין אַזעלכע געפערלעכע פאָרמען, אַז זיי זענען כמעט אַלע אויס־געשטאָרבן. איך געדענק קוים אַ פּאָר אויסגעהיילטע. דאָס איז דער באַקאַנטער

פענאָמען פון דאָרפסמענטשן, וואָס קומען אין די גרויסע שטעט און ווערן אַ לייכטער און שנעלער קרבן פון טובערקולאָז.

צולעצט אַ פּאָר ווערטער וועגן די איטאַליענער. איטאַליע איז, פּונקט ווי פּוילן, זייער אַ באַפעלקערט לאַנד און מיט אַ גרויסער דאָרפישער באַפעלקערונג. תושבים פון די דאָזיקע דערפער האָבן לאַנגע יאָרן געבילדעט אַ מין שוואַלבן־אימיגראַציע קיין נאָרד־אַמעריקע און קיין אַרגענטינע. דאָרטן האָבן זיי אויסגע־בויט די אונטערערדישע באַנען און צו אונדז פלעגן זיי קומען צו שניטצייט און צו אַנדערע סעזאָן־אַרבעטן. אַ סך פון די אַרבעטער האָבן באַקומען טובערקולאָז און האָבן אַהיימגעבראַכט אין זייערע דערפער די קראַנקייט. זיי האָבן דאָרטן אָן אויסנאַם אָנגעמאַכט אַ חורבן. אין יעדן איינעם פון די ווייטע און צומאָל איזאָ־לירטע דערפער האָט אויסגעבראָכן אַן אמתע עפּידעמיע פון טובערקולאָז און אומגעבראַכט צומאָל אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען ריין פון דער קראַנקייט און האָט נישט באַזעסן קיין שום ווידערשטאַנד.

## 8

די היסטאָריע פון טובערקולאָז איז אַ דראַמע פון מענטשלעכע ליידן, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרהונדערטער און וואָס האָט זיך נאָך דערוויַיל נישט געענ־דיקט, הגם זי האָט אָנגעווירן טיילוויַיז איר טראַגישקייט. היינט פּאַרענדיקן נישט אַלע אָנגעגריפענע מיטן טויט, ווי ס'איז פאָרגעקומען ביז מיט געציילטע יאָרצענדלינג צוריק. ביז אומגעפער די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז די נאַטור פון דער קראַנקייט געווען אַזוי אומבאַקאַנט פאַר די דאָקטוירים, אַז עס האָט גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד פון אַ פּלאַנירטן קאַמף קעגן דער זעלביקער.

ווען אַ היינטיקער טיזיאָלאָג לייענט דעם דראַמאַטישן טאָג־בוך פון דער באַרימטער רוסישער שרייבערין מאַריאַ באַשקירצעוו, וואָס איז געשטאָרבן פון לונגען־טובערקולאָז אין יאָר 1884, באַפאַלט אים אַ טיפע אַנגסט אין אָנבליק פון דער אומגעלומפּערטער און שעדלעכער באַהאַנדלונג, וואָס גרויסע מייסטערס פון דער דעמאָלטיקער מעדיצין האָבן ביי איר אָנגעווענדט. איינער פון אירע דאָקטוירים איז געווען פּ אָ ט ע ן, ווייל זי האָט מערסטנס געלעבט אין פּאַריז און אין דער שווייץ. פּאָטען איז געווען אַ געניאַלער דאָקטאָר און זיינע פאָר־שונגען און אויפקלערונג פון די האַרץ־קראַנקייטן זענען נאָך היינט אַקטועל. אָבער פאַר זיין באַרימטער פּאַציענטין, די באַשקירצעוו, האָט ער גאָרנישט גע־האַט. די לונגען־קראַנקע זענען ביז נישט לאַנג צוריק געווען אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף גאָטס באַראָט. די מעדיצין האָט פאַר זיי קיין הילף נישט געהאַט. דאָס

לעבן פון די קראַנקע איז באַשטאַנען פון אַן אומזיסטער ראַנגלעניש מיטן טויט, אָן שום מעגלעכקייט אים צו באַזיגן אָדער אַפילו דערווייטערן.

מאַריאַ באַשקירצעווס טאָגבוך האָט אַ גרויסן מעדיצינישן ווערט. פון איין זייט ווערן מיר געווויר, ווי אַזוי מען האָט אין יענע צייטן באַהאַנדלט די לונגען־קראַנקע, הגם אויף דעם געביט זענען פאַראַן פיל אַנדערע קוועלן. פון דער צווייטער זייט אָבער איז איר אויטאָביאָגראַפישער טאָגבוך אַ פולקאָם בילד פון דער פסיכיש־פסיכאָלאָגישער פּערזענלעכקייט פון אַ לונגען־קראַנקן.

אַצינד איז דער דאָזיקער אַספּעקט פונעם ליידנדיקן אויף די לונגען נישט אַזוי אַקטועל. אָבער ווען מען האָט ווייניקער געקענט די קראַנקייט, האָט מען זיך מער געגריבלט אין דער פּסיכאָלאָגיע פון לונגען־קראַנקע. מ'האָט פאַרבונדן די קראַנקייט מיט גאונות, ווייל אַ סך וועלט־באַרימטקייטן זענען געשטאָרבן פון טובערקולאָז. מיר וועלן נאָר דערמאָנען עטלעכע נעמען: שאָפּען, מאָצאַרט, שור־בערט, אין דער מוזיק; אַ גרויסע צאָל געניאַלע שרייבער און בתוכם אַ סך יידי־שע. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער סם, וואָס די באַצילן גיבן פון זיך אַרויס, רייצט דעם מוח, און דער מענטש ווערט אַזוי אַרום מער פּראָדוקטיוו אין דער גייסטיקער ספערע.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, ווי אַזוי די קראַנקע פון יענע צייטן האָבן פריי און אומגעשטערט אָנגעשטעקט די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זייער סביבה.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, נעמענדיק אין אַכט די נאַטור און די געוויינלעכע לאָקאַליזאַציע פון דער קראַנקייט, אַז איר דערקענטעניש האָט נישט געקאַנט מאַכן קיין פּראָגרעס ביז די איקס־שטראַלן זענען דערשינען אין דער מעדיצין. און דאָס איז געשען ערשט אין 1912. דערפאַר האָט ב ו ר נ אַ נ ד גאַנץ טרעפ־לעך געזאָגט, אַז פאַר דער דערקענטעניש פון טובערקולאָז זענען די איקס־שטראַלן געגליכן צו אַ מעכטיקן שטראָם ליכט אין אַ טיפער פינצטערניש.

דאָס יאָר 1912 איז אַזוי אַרום פאַרבליבן אַ היסטאָריש יאָר פאַר דער מע־דיצין און איבערהויפּט פאַר דער טיזיאָלאָגיע.

אין די לעצטע פערציק יאָר איז די קראַנקייט באמת דערקענט געוואָרן אין איר אמתדיקער נאַטור, אָבער אין די לעצטע צען יאָר איז דער פּראָגרעס אפשר וויכטיקער ווי אין די ערשטע 30. איך דערמאָן זיך, אַז מיט אַן ערך פופצן יאָר צוריק האָב איך געהאַלטן אומצאָליקע פּאָרטראַגן, אין וועלכע איך האָב געזאָגט, אַז דער הוסט, די מאָגערקייט, דאָס שוויצן ביינאַכט און די טעמפּעראַטור, זענען די ע ר ש ט ע סימפּטאָמען פון דער קראַנקייט. היינט איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיי זענען גאָר די ל ע צ ט ע סימפּטאָמען!...

אָבער וועלכע זענען פאָרט די ערשטע סימפּטאָמען?

עס זענען נישט פאַראַן קיין ערשטע סימפּטאָמען. טובערקולאָז גנבעט זיך אַריין אין די לונגען שטילערהייט, אָן סימפּטאָמען, אָן גערויש, אָן דעם מינדסטן אויסערלעכן סימן און אָן דער מינדסטער סוביעקטיווער שטערונג: דער קראַנקער פילט זיך אַבסאָלוט גוט.

ה. לייוויק („מיט דער שארית־הפליטה", ז׳ 185) מאָלט די קראַנקייט אין עטלעכע שורות, וואָס אַ דאָקטאָר וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט אָנשרייבן, סיידן ער זאָל זיין אַזאַ געניאַלער דיכטער ווי ער:

„שווינדזוכט טוט איר צעשטערערישע אַרבעט שטיל, בהדרגהדיק, כמעט ווי מיט זיידענע פינגער, פונאַנדערשפּינענדיק דיניקע, צאַרטע געוועבן.

„שווינדזוכט הילט זיך איין אין אַ מיסטיש־פילאָזאָפישער חופּה און טראָגט אין אַלע אירע הענט דעם טויט, ווי מען טראָגט לעקאַך אויף אַ יום־טובדיקן טאָץ.

„זייער ווייניק קרעכצן הערט מען אין אַ טובערקולאָז־סאַנאַטאָריע, אויב יע — זענען די קרעכצן שעמעוודיקע, אינערלעכע".

אונזער געליבטער דיכטער האָט אין געציילטע שורות אָנגעשריבן — און ווי אַזוי! — אַ גאַנצן טראַקטאַט וועגן דעם פּרצוף פון דער קראַנקייט. איך האָב עס געלייענט מיט האַרצקלאַפּעניש. דאָס בילד איז אַזוי נעט, ריכטיק און פּאָעטיש־דראַמאַטיש...

אָבער מיר מוזן זיך, לײדער, אומקערן צו אונדזער פּראָזע...

טובערקולאָז האָט נישט קיין שום אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סימפּטאָמען אין די ערשטע צייטן פון איר אַנטשטייאונג. און ווען די סימפּטאָמען דערשיינען, איז שוין, געוויינלעך, שפּעט; די קראַנקייט איז שוין אַוואַנסירט. די באַהאַנדלונג פון די ערשטע יאָרצענדליקער פון היינטיקן יאָרהונדערט, הגם אַ צאָל־רייכע און ווירקזאַמע, אַריינגערעכנט פּ אָ ר ל אַ נ י נ י ס „נעומאָטאָראַקס", וואָס האָט געראַטעוועט טויזנטער און טויזנטער לעבנס, זענען דאָך נישט געווען בכוח צו פאַרמיידן דעם טויט ביי אַ גרויסן פּראָצענט קראַנקע.

בדרך אַגב, אַ פּאָר ווערטער וועגן „נעומאָטאָראַקס": פון דעם צוועלפטן יאָר און איבערהויפּט פון דעם אַכצנטן יאָר ביז נישט לאַנג (1946) איז ער געווען די איינציקע באמת ווירקזאַמע באַהאַנדלונג, איבערהויפּט, ווען זי פלעגט אָנגעווענדט ווערן אין צייט. לײדער איז דער פּראָצענט קראַנקע, ביי וועלכע מ׳האָט דאָס געקאָנט אָנווענדן, געווען באַגרענעצט. אַצינד טוט די סטרעפּטאָמיצין אין אַ דריי חדשים דאָס, וואָס דער נעומאָטאָראַקס האָט געמאַכט אין דריי יאָר. אַזוי אַרום, אַז ער ווערט גענוצט וואָס אַמאָל ווייניקער און דערנענטערט זיך ביס־

לעכווייז צום אַרכיוו, באַדעקט מיט גלאָריע צוזאַמען מיט זיין דערפינדער, דעם פאַרשטאָרבענעם פּראָפעסאָר פאָרלאַניני, פון מילאַן.

ווען איך האָב געאַרבעט אין דיספּענסאַר פון דער יידישער ליגע קעגן טובערקולאָז, פלעג איך זאָגן, אַז דער „נעומאָטאָראַקס" פאַרוואַנדלט די מיאוסע מיידלעך אין שיינקייטן. און ווירקלעך: די יונגע יידישע מיידלעך פלעגן קומען אין אַ גרויסער צאָל אין דיספּענסאַר, אויסגעצערטע, מיט פיבער און הוסטנדיקע. מען פלעגט ביי זיי אָנווענדן דעם „נעומאָטאָראַקס" און זיי פלעגן אויפבליען און באַקומען גאָר אַן אַנדער פנים...

ס'איז תמיד געווען צווישן די דאָקטוירים דער חשד, אַז די פּאַציענטן מיט טובערקולאָז קומען צו־שפּעט אין דיספּענסאַר. מען איז אָבער געווען אָנמעכטיק צו ענדערן די דאָזיקע סיטואַציע. אָבער דאָך, ביסלעכווייז, איז די אַרבעט אינטענסיפיצירט געוואָרן אין דעם פּרעווענטיוון זין. עס זענען אויפגעקומען די „סאָציאַלע באַזוכערנס", וואָס פלעגן געשיקט ווערן פון דיספּענסאַר אין הויז פון יעדן פּאַציענט. דאָס איז געווען די פאַרלענגערטע האַנט און דאָס פאַרלענגערטע אויג פון דיספּענסאַר ביז דעם קראַנקנס היים. די באַזוכערן האָט זיך באַקענט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון פּאַציענט, כדי צו וויסן, אין וועלכער מין הילף ער נייטיקט זיך און זי האָט באַווירקט די קינדער און אַנדערע משפחה־מיטגלידער זיי זאָלן באַזוכן דעם דיספּענסאַר, ווו זיי וועלן באַטראַכט ווערן. דער דיספּענסאַר — דער צענטראַלער אָרגאַניזם אין קאַמף קעגן טובערקולאָז — האָט אַזוי אַרום באַקומען — וואָלטן מיר געזאָגט — אַ לאַנגע האַנט און אַ וווייטן קוק...

איך וויל דאָ דערמאָנען, ווייל איך האַלט עס פאַר זייער יושרדיק, די ערשטע צוויי סאָציאַלע באַזוכערנס, וואָס האָבן געאַרבעט אין דיספּענסאַר פון דער יידישער ליגע קעגן טובערקולאָז, בשעת איך האָב מיט אים אָנגעפירט. די ערשטע איז געווען די פּריציייטיק פאַרשטאָרבענע מאַריאַ אַלטמאַן ע״ה. זי איז געווען אַ פרוי, וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין איר נאָבעלער אַרבעט מיט מסירת־נפש און גוואַלדיקן אייפער. זי האָט געהאַט אַ מוטערלעכע באַציונג צו די פּאַציענטן און זייערע פאַמיליעס.

שפּעטער איז געקומען מאַדאַם גרעידענבערג, וועלכע אַרבעט נאָך עד היום אין דיספּענסאַר. זי איז אַן עכטער עקזעמפּלאַר פון אַ נאָבעלער יידיש־רוסישער דאַמע, וואָס טוט איר אַרבעט מיט גרויס חשיבות, פאַרשטענדעניש און אָפּפערוויליקייט. די דאָזיקע צוויי ערשטע באַזוכערנס זענען געווען אַ ברכה פאַר די פּאַציענטן און פאַרן דיספּענסאַר.

צווישן די משפחה־מיטגלידער פון די פּאַציענטן האָט מען אָפט פעסטגעשטעלט, — געוויינלעך, נאָר ראַדיאָגראַפיש — אין זייערע לונגען פריע סימנים,

צומאַל קוים מערקבאַרע, פון טובערקולאָז. ס'איז יעדעס מאָל פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די דאָזיקע פּאַציענטן קורירן זיך זייער גרינג אויס, כמעט אַפילו אָן רפואות, נאָר ליגנדיק אין בעט אַ פּאָר חדשים.

דורך דעם וועג איז מען ביסלעכווייז געקומען אויפן געדאַנק, אַז כל־זמן די אַנטי־טובערקולאָז־אַנשטאַלטן וועלן וואַרטן מיט פּאַרלייגטע הענט, אַז די פּאַ־ציענטן זאָלן זיך אַהין מעלדן, געטריבן פון דעם הוסט און די אַנדערע סימפּטאָ־מען, וועט דער קאַמף קעגן טובערקולאָז בלייבן אַ דורכפאַל. די פּאַציענטן קומען שוין תמיד מיט וויכטיקע שטערונגען אין די לונגען און גאַנץ אָפט אין אַ גע־פערלעכן צושטאַנד. מען איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען דאַרף גיין צו דער באַפעלקערונג און זוכן די אָנגעגריפענע נישט נאָר אין דער סביבה פון די קראַנקע, ווי ס'איז שוין טיילווייז געטאָן געוואָרן דורך די סאָציאַלע באַ־זוכערנס.

אָבער ס'איז גלייך אַנטשטאַנען אַ צווייטע פּראָבלעם: די איינציקע פאָרם פעסטצושטעלן דעם דיאַגנאָז ביי די דאָזיקע אויסערלעך געזונטע מענטשן איז די ברוסט־ראַדיאָגראַפיע, און דאָס איז געווען אַ זייער קאָסטבאַר מיטל. עס איז נישט מעגלעך געווען צו מאַכן טויזנטער און טויזנטער ראַדיאָגראַפיעס, ווייל אין תוך האָט מען באַדאַרפט ראַדיאָגראַפירן די גאַנצע באַפעלקערונג, און דאָס איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך.

דאָך האָט עס דער ערשטער געטאָן ביי אונדז אין לאַנד דר. אַ נ ט אַ נ ע־ד אַ, וואָס איז, ליידער, פריצייטיק געשטאָרבן. ער איז געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר און האָט באַדאַרפט אונטערזוכן יעדעס יאָר די יונגעלייט, וואָס האָבן זיך צוגע־שטעלט צום מיליטערדינסט. ער האָט באַוויזן צו איבערצייגן די העכערע מילי־טערישע אינסטאַנצן און האָט אָנגעהויבן מאַכן ראַדיאָגראַפיעס ביי אַלע קאַנדי־דאַטן. דאָס איז געווען זייער קאָסטבאַר און עס האָט געפאָדערט אַ גאַנצע אָר־גאַניזאַציע, וואָס דער זייער אַרבעטזאַמער דאָקטאָר אַנטאַנעדאַ האָט עס כמעט אימפּראָוויזירט.

די דאָזיקע ראַדיאָגראַפיעס פון לויטער אויסערלעך געזונטע יונגע מענטשן זענען פאַר דער מעדיצין געווען אַ שטוינענדיקע רעוואָלוציע. זיי האָבן באַשטע־טיקט דאָס, וואָס מ'האָט חושד געווען, נעמלעך, אַז ביי טויזנטער יונגעלייט, וואָס פילן זיך פולקאָם געזונט, זענען אַרבעטפעאיק, זעען אויס גוט און האָבן נישט קיין שום סימפּטאָם פון דער קראַנקייט, באַווייזן זיך ביי די לונגען־ראַדיאָגראַ־פיעס פאַרשידענע טיפן און גראַדן פון פלעקן אויף די לונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע יונגע מענטשן זענען נישט געגאַנגען דינען אין מיליטער און זענען געשיקט געוואָרן אין די שפּיטעלער און האָבן אַזוי אַרום אויסגעמיטן אַ זיכערן טויט.

ווייל ווען אַ יונגערמאַן מיט אָנגעגריפענע לונגען גייט דינען אין מיליטער, איז נישט נאָר, וואָס ער פאַרערגערט זיך שנעל אַדאַנק דעם ספּעציפישן אַרט אָנגעשטרענגטן לעבן, וואָס ער פירט דאָרטן, נאָר ער שטעקט אויך אָן זייער גרינג זיינע חברים. די אמתע עפּידעמיעס פון לונגען־טובערקולאָז אין די קאַזאַרמעס זענען פאַרצייטנס נישט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג.

אָבער די כמעט אומלייזבאַרע פּראָבלעם פון די מאַסן־ראַדיאָגראַמעס האָט געלייזט אַ ב ר ע ו, פּראָפעסאָר פון ראַדיאָלאָגיע אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. ער האָט אויסגעפונען אַזאַ מעכאַניזם פון ראַדיאָ־פאָטאָגראַפיע, וואָס דערלויבט צו מאַכן טויזנטער ראַדיאָגראַפיעס אין אַ קורצער צייט, אין קליינעם פאָרמאַט, אויף עמפינדלעך פאָטאָגראַפיש פּאַפּיר; לעצטנס אויף „סעלולאָיד" ווי דער פילם. יעדע ראַדיאָ־פאָטאָגראַפיע קאָסט סענטן און מען באַקוקט זי מיט אַ פאַרגרעסערונג־גלאָז, און דאָרטן, ווו מען זעט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן פלעק אָדער שאָטן, מאַכט מען ביי דעם מענטש אַ געוויינלעכע ראַדיאָגראַפיע. א ב ר ע ו האָט געלייזט איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען — אַן עקאָנאָמישע און אַ טעכנישע — פון דער מאָדערנער מעדיצין. מען רופט טאַקע די דאָזיקע קליינינקע פילם־ראַדיאָגראַפיע — אַברעוגראַפיע.

דערפאַר דאַרף פּראָפעסאָר אַברעו אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער מדרגה פון די גרויסע ווילטעטער פון דער מענטשהייט נעבן ל ע נ ע ק ן, דעם שאַפער פונעם אַנאַטאָמיש־קליניש מעטאָד פון דערלערנען טובערקולאָז, וועלכער איז געשטאָרבן יונג פון אַ שניט, וואָס ער האָט זיך געמאַכט ביים פּאַלמעסן אַ לונגען־קראַנקן, נעבן ר אָ ב ע ר ט ק אָ ך, וואָס האָט געפונען דעם באַציל פון דער קראַנקייט; נעבן ווי ל ע מ ע ן, וואָס האָט באַוויזן די אָנשטעקעוודיקייט פון דער קראַנקייט א. א.

אויף דער גאַנצער וועלט — און אויך ביי אונדז — מאַכט מען אַברעוגראַפיעס די ייִנגערע דורות פון דער באַפעלקערונג. עס ווערן דערביי אַנטפּלעקט צענדליגער טויזנטער יונגעלייט מיט קליינינקע פלעקן אויף די לונגען און זיי ווערן שנעל אויסגעקורירט. דאָס ווערט אָנגעווענדט שוין אַ גאַנץ יאָרצענדלינג און די ברכה, וואָס דאָס מיינט פאַר דער מענטשהייט, איז נישט צום באַגרייפן.

איך דענק, אַז אַפילו נאָר דער מעטאָד אַליין — אָן דער סטרעפּטאָמיצין — וואָלט געקאָנט מאַכן אַ סוף צום שונא נומער איינס פון דער מענטשהייט אין אַ פּאָר צענדליק יאָר. בעיקר האָב איך זיך געשטיצט אויף דער אַברעוגראַפיע, ווען איך האָב געשריבן, אַז טובערקולאָז וועט אינגיכן זיין אַ קראַנקייט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

## קאַפּיטל XI

# ראַדיאָגראַפישע מאַסן־רעגיסטערס

וויפיל נייע רפואות קעגן טובערקולאָז עס זאָלן נישט דערשיינען און ווי מעכטיק אוןווירקזאַם זיי זאָלן נישט זיין, איז אָן דעם מינדסטן צווייפל אַז וואָס פריער זיי וועלן אָנגעווענדט ווערן, וואָס פרישער די פלעקן אויף די לונגען וועלן זיין, אַלץ זיכערער, שנעלער און סאָלידער וועט זיין די קוראַציע.

דאָס מיינט, אַז תמיד וועט מען דאַרפן גיין זוכן דעם קראַנקן אויף טובערקולאָז און נישט וואַרטן, ווי ביז איצט, אַז ער זאָל זיך מעלדן, געטריבן פון די קלאַסישע סימפּטאָמען פון דער קראַנקייט: דער הוסט, מאָגערקייט אא״וו.

טובערקולאָז צעשטערט די לונגען. דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פון דער קראַנקייט. דאַרטן, ווו דער באַציל „קאָלאָניזירט״ זיך — דאָס איז אויך אַ מעדיצינישער טערמין — מערט ער זיך שנעל און אין אַ מוראדיקער צאָל און צעשטערט יענע פּאַרציע לונג, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין „קאַסעום״ (קעז), וואָס ווערט אַרויסגעשליידערט דורך די בראָנכן מיטן הוסט, און עס בלייבט אַ לאָך (קאַווערנאַ). ווען די קאַווערנאַ איז די גרויס פון אַ מאַנדאַרינקע, אַ מאַראַנץ אָדער נאָך גרעסער, קאָן שוין נישט געמאָלט זיין קיין רפואה וואָס זאָל אַזאַ לאָך מאַכן פאַרשווינדן. איך האָב מורא, אַז דאָס וועלן אָפּילו נישט זיין אומשטאַנד צו באַווייזן אָט־די וווּנדערלעכע רפואות, וואָס די צייטונגען האָבן אונדז נישט לאַנג צוגעזאָגט. קעגן דער צעפּיצלונג פון די לונגען וועט מען תמיד דאַרפן אָנקומען צום כירורג, ווי מיר וועלן עס זען אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל.

מסתמא האָט שוין די באַפעלקערונג באַמערקט, אַז איצטער „קאָן מען זיך נישט רירן״ אָן אַ ראַדיאָגראַפיע פון ברוסט. אָן אָט דער דאָזיקער ראַדיאָגראַפיע קאָן מען נישט אָנקומען אויף אַרבעט אין אַ גרעסערער פירמע, אין אַ פאַבריק, אויף אַ רעגירונג־פּאָסטן, מען קאָן נישט אָנגענומען ווערן אין קיין שום לערן־אַנשטאַלט, מען קאָן נישט פּראַקטיצירן קיין שום ספּאָרט, אא״וו.

הכלל, עס ווערט געמאַכט בהדרגהדיק און פּלאַנמעסיק די ב ר ו ס ט ־ ר אַ ־ ד י אָ ג ר אַ פ י ע פ ו ן ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ב אַ פ ע ל ק ע ר ו נ ג. די „גאַנצע וועלט״ ווערט ראַדיאָגראַפירט. דאָס קומט פאָר ביי אונדז אין לאַנד אין אַ ראַדיקאַלער פאָרם און אין כמעט אַלע לענדער פון דער וועלט, וואָס האָבן די עקאָנאָמישע מיטלען דערצו, די אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייט און דעם ווילן פּטור צו ווערן פון דעם „שונא נומער איינס פון דער מענטשהייט״.

די מאַסן יונגע מענטשן ווערן ראַדיאָגראַפירט. די קליינינקע ראַדיאָגראַפיע, וואָס קאָסט סענטן, ווערט באַקוקט מיט אַ פאַרגרעסערונג־גלאָז און אויב מען

באַמערקט דעם מינדסטן פלעק, דעם מינדסטן שאָטן, וועט שוין דער יונגערמאַן נישט אַריין אין אוניווערסיטעט אָדער אויף דער שטעלע, אויף וועלכער ער איז אַ קאַנדידאַט, אָדער אין מיליטער, נאָר ער וועט שטרענג באַהאַנדלט ווערן, זיך אויסקורירן אין אַ רעלאַטיוו קורצער צייט — און עס קורירן זיך אויס כמעט הונדערט פּראָצענט פון ביידע געשלעכטער — און דערנאָך קומען זיי אָן געזונטע און זיכערע אויף זייערע פּאָסטנס.

אויף די דאָזיקע ראַדיאָגראַפיעס ביי די דאָזיקע מענטשן, וואָס פילן זיך און ווייזן אויס אַבסאָלוט געזונטע, געפינט מען שוין קאַווערנעס, און ווען מען געפינט זיי יאָ — און דאָס איז נישט זייער זעלטן — זענען זיי קליינע, פרישע און זיי קורירן זיך אויס, זיי פאַרשווינדן מיט דער געוויינלעכער באַהאַנדלונג פון רו, סטרעפּטאָמיצין אא״וו. דער פּראָצענט פון אַזעלכע פאַלן, וואָס זייער קראַנקייט ווערט געפּערלעך, איז אַבסאָלוט אַ מינדערוויכטיקער.

מיר ווילן נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז דאָס אַלעס איז מעגלעך געוואָרן נאָר אַדאַנק דעם בראַזיליאַנער פּראָפעסאָר פון ראַדיאָלאָגיע אַ ב ר ע ו.

ביי אונדז אין לאַנד, איבערהויפּט אין דער הויפּטשטאָט, מאַכט מען די ראַדיאָגראַפיעס אין פאַרשידענע אַנשטאַלטן. דאָס מיניסטעריום פאַר פאָלקס־געזונט האָט אַ קאָלאָסאַלן „אינסטיטוט פאַר פּרעווענטיווער מעדיצין״, ווו מען ראַדיאָגראַפירט איבערהויפּט די אַרבעטער פון אַלע פאַבריקן, און אַלע די, וואָס זענען מיטגלידער אין די פאַרשידענע ספּאָרט־געזעלשאַפטן און ווילן פּראַקטי־צירן וועלכן ס׳איז ספּאָרט. דאָס איז רעגולירט דורך געזעצן און רעגירונג־דע־קרעטן. אין אונדזער „סאָסיעדאַד העבראַיקאַ״ קאָן קיין מיטגליד נישט מאַכן קיין שום איבונג, אויב ער באַזאָרגט זיך נישט פריער מיט אַ געזונט־שיין פון יענעם אינסטיטוט. און דאָס זעלביקע קומט פאַר מיט אַלע מיטגלידער פון די פאַרשי־דענע ספּאָרטקלובן פון לאַנד.

די „אַרגענטינער ליגע קעגן טובערקולאָז״, וואָס האָט די ערשטע אין לאַנד זיך איינגעשאַפט אַן אַפּאַראַט פאַר אַברעוגראַפיעס, באַהאַנדלט די באַאַמטע און קאַנדידאַטן פאַר באַאַמטע אין קלענערע פירמעס אַ חוץ איר אייגענע פערמאַ־נענטע קליענטור. אויך אונדזער „יידישע ליגע קעגן טובערקולאָז״ האָט זייט עט־לעכע יאָר אַזאַ אַפּאַראַט. מיר ווייסן נישט וויפיל אַברעוגראַפיעס זי האָט ביז איצט געמאַכט און ווי עס זעען אויס די רעזולטאַטן.

אין דער קאַטעדרע פאַר טובערקולאָז ביים מעדיצינישן פאַקולטעט פונק־ציאָנירט דער אַזוי גערופענער „אוניווערסיטאַריער קאַטאַסטער״. קיין שום יונ־גער מענטש ווערט נישט אָנגענומען אין קיין שום פאַקולטעט פון דער הויפּט־שטאָט, אויב ער באַזאָרגט זיך נישט מיט דעם געהעריקן שיין פון „אוניווערסי־טאַריער־קאַטאַסטער״.

ער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1938, ווען די זעלביקע קאַטעדרע איז גע־גרינדעט געוואָרן.

צוריק מיט אַ 15 יאָר — נישט מער — האָט מען אָנגעהויבן צו גרינדן אין כמעט אַלע מעדיצינישע פאַקולטעטן ספּעציעלע קאַטעדרעס צו לערנען די דאָזיקע קראַנקייט. פריער האָט מען זי געלערנט אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע אָנשטעקנ־דיקע קראַנקייטן אין דער געהעריקער קאַטעדרע. אונדזער לאַנד איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זי געגרינדעט. פּראָפעסאָר ר א ו ל וואַקאַרעסאַ איז זייט דעמאָלט דער טיטולאַר פון דער דאָזיקער מאַטעריע. זיין אַרבעטזאַמ־קייט און וויסן איז אַ שם דבר.

איך האָב אין דער דאָזיקער קאַטעדרע אַן אָפּטיילונג. מיינע פּאַציענטקעס זענען ס׳רוב יידישע. איין מאָל האָט איינע פון זיי פּראָוואָצירט אַן אינצידענט ביים טיש, בשעת מ׳האָט דאָרט געגעסן מיטאָג. דער פּראָפעסאָר האָט זיך פון דעם דערוווּסט, האָט מיך גערופן און מיר געזאָגט: „אייערע אַ פּאַציענטקע האָט נעכטן נישט געוואָלט עסן מיטאָג, ווייל אין איר טעלער איז געווען אַ שטיקל „טאָסי־נאָ״ (שינקע). איר וועט זיין אַזוי גוט און אויספאָרשן די זאַך. אויב עס איז אמת, אַז די יידישע קראַנקע ווילן נישט עסן קיין חזיר־פלייש, בין איך באַרייט דאָס צו נעמען אין אַכט״.

איך דענק, אַז דער דאָזיקער אינצידענט מאָלט גאַנץ בולט די פּערזענלעכ־קייט פון פּראָפעסאָר וואַקאַרעסאַ.

די קאַטעדרע פאַר טובערקולאָז איז געוואָרן אַ ברכה פאַרן לאַנד. דער פאָר־שריט און די דערקענטעניש פון דער קראַנקייט האָט געפאָדערט בהדרגהדיק ברייטע קענטעניש. אַלגעמיינע דאָקטוירים זענען אַרויס פון פאַקולטעט מיט זייער ווייניק וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש צו ווערן אַ מענטש, אַ פּיאָנער אין דעם קאַמף קעגן דער קראַנקייט. אין דער קאַטעדרע פאַר טובערקולאָז באַקומען די געהעריקע צוגרייטונג די סטודענטן און חוץ דעם ענדיקן 20 דאָקטוירים יעדעס יאָר דעם צווייענדיקן קורס פאַר ספּעציאַליזאַציע אין טובערקולאָז. מעדיצינישע ספּעציאַ־ליסטן זענען זייער אַ וויכטיקער קאַמף־עלעמענט קעגן אַלע קראַנקייטן, איבער־הויפּט אין טובערקולאָז. די מעדיצינישע וויסנשאַפט האָט זיך אויסערגעוויינלעך פאַרגרעסערט און כמעט אָן אויסנאַם, נאָר ווען אַ דאָקטאָר ספּעציאַליזירט זיך אויף אַ באַשטימטן געביט, קאָן ער דאָמינירן זיין מאַטעריע.

די קאַטעדרע גרייט־צו יעדעס יאָר צוואַנציק מעדיקער, וועלכע צעשפּרייטן זיך איבערן לאַנד און זייערע לייסטונגען זענען נישט אָפּצושאַצן. ביז נישט לאַנג איז געווען כמעט אוממעגלעך, אַז אַ לונגען־קראַנקער זאָל געפינען ווער עס זאָל אים ריכטיק באַהאַנדלען אין די פּראָווינצן, אַ חוץ דעם אַנטיטובערקולאָז־קלימאַ־טישן צענטער פון קאָרדאָבאַ און נאָך ערגעץ אַ צענטער אין אַן אַנדער פּראָווינץ.

ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, געהערט צו דער קאַטעדרע דער אַזוי גערופע־נער „אוניווערסיטעטאַריער־קאַטאַסטער". מיר וואָלטן דאָס אָנגערופן אין יידיש „רעגיסטער", הגם דאָס וואָרט איז נישט פונקט צוגעפּאַסט.

מיר וועלן שרייבן באריכות וועגן אוניווערסיטעטאַריער־רעגיסטער, ווייל ער איז מסתמא דער בעסטער איינגעאָרדנטער אין לאַנד. דער שעף פון „רעגיסטער" איז דר. ענקין, אַ גרויסער מומחה אין „לייענען" ראַדיאָגראַפּיעס און נישט פונקט אין דער טיזיאָלאָגישער ספּעציאַליטעט. דער פאַקט אַליין ווייזט שוין אָן גאַנץ גענוי, אַז דער רעגיסטער איז אַ ראַדיאָגראַפישער, ווייל נאָר אַזוי איז מעג־לעך אויסצוגעפינען די ערשטע שפּראָצן פון דער קראַנקייט אויף די לונגען.

אָבער פּראָפעסאָר וואַקאַרעסאָ האַלט אַ זייער אויפמערקזאַם אויג אויף אָט דער וויכטיקער אָפּטיילונג פון דער קאַטעדרע.

דער „רעגיסטער" פונקציאָנירט אין אַ ספּעציעלער נייער געביידע אויף דער גאַס הידאַלגאָ און איז אַ מוסטער פון אָרגאַניזאַציע און אַרבעטזאַמקייט. ער איז אַ שיינדל פון די מעדיצינישע אַנשטאַלטן, וואָס געהערן צו דער פאַקולטעט.

דורך דער דאָזיקער אָפּטיילונג גייען פאַרביי אַבסאָלוט אַלע הונדערט פּראָ־צענט פון דער שטודירנדיקער יוגנט פון דער הויפּטשטאָט און די אַרומיקע שטעט־לעך — דאָס וואָס מען רופט לעצטנס „גרויס בוענאָס־איירעס". די דאָזיקע יוגנט בילדעט דאָך זייער אַ וויכטיקן מענטשן־עלעמענט אין אַ לאַנד, די צוקונפטיקע „עליטע", די שיכט וואָס וועט אָנפירן מיט אַלערליי טעטיקייטן פון לאַנד.

קיין שום פאַקולטעט טאָר נישט איינשרייבן אַ סטודענט אָן דעם געזונט־שיין פון „רעגיסטער".

יעדער קאַנדידאַט ווערט געננצלעך און גענוי אונטערזוכט און אונטערוואָרפן די געוויינלעכע בלוט־אַנאַליזן און מיט אַ באַזונדער אייפער ווערט געפּאַרשט זיין ברוסט־ראַדיאָגראַפיע.

לייענען אַ ראַדיאָגראַפיע אין אַלגעמיין פאָדערט אַ גרינטלעכע צוגרייטונג און קענטעניש, אָבער ביי אַ ברוסט־ראַדיאָגראַפיע זענען די שוועריקייטן טאָפּל־טע. לייענען די פילמען פון די אויסערלעך געזונטע קליענטן פון „רעגיסטער" איז אַ נייע ספּעציאַליטעט, ווייל טיזיאָלאָגן זענען געווען געוווינט צו לייענען די זעלביקע ראַדיאָגראַפיעס פון שוין אָנגעגריפענע. ביז נישט לאַנג צוריק פלעגט מען נישט מאַכן קיין ראַדיאָגראַפיעס ביי געזונטע מענטשן. ספּעציאַליסטן גע־וווינען זיך איצטער צו דערקענען אויף די דאָזיקע ראַדיאָגראַפיעס נייע און צו־מאָל זייער סובטילע, קוים מערקבאַרע שאָטנס און אַנדערע געמעלן אויף די לונ־גען, וואָס האָבן שוין אַ פּאַטאָלאָגישע באַדייטונג, וואָס שרייען שוין, פאָדערן שוין אַ קאָרעקטע באַהאַנדלונג; אָדער אַצינד — וואָלטן זיי געזאָגט — אָדער קיינמאָל נישט.

די סטאַטיסטיקעס פון דעם אוניווערסיטאַריער „רעגיסטער״, וואָס מ׳זר ברענגען ווייטער, דאַרפן אָנגענומען ווערן כמעט ווי אַבסאָלוט עקזאַקטע, ווייל די אַרבעט דאָרטן איז אויסערגעוויינלעך שטרענג און דער פערסאָנאַל — אפשר דער קאָמפעטענטסטער פון לאַנד. ווייל פּראָפּעסאָר וואַקאַרעסאָ לאָזט נישט דורך כמעט איין פאַרדעכטיקן פילם, אָן אים צו באַקוקן, שוין אַפילו נאָך דעם, ווי דר. ענקין האָט אים אויסגעפּאָרשט. די ראַדיאָגראַפיעס ווערן געמאַכט אויף פילמען פון 7 אויף 7 סענטימעטער. ביז נישט לאַנג צוריק האָבן זיי געמאָסטן 3,5 אויף 3,5 סענטימעטער. דאָס זענען ראַדיאָפאָטאָגראַפיעס, וואָס ווערן אָראָפּגענומען מיט פּראָפעסאָר אַברעוס אַפּאַראַט. זיי ווערן באַטראַכט מיט אַ פאַרגרעסערונג־גלאָז און דאָרט, וווּ מען מערקט דעם מינדסטן חשד, מאַכט מען די געוויינלעכע גרויסע ראַדיאָגראַפיעס.

זינט 1938, ווען די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, ביז היינט זענען אונטערזוכט געוואָרן 64.592 סטודענטן פון ביידע געשלעכטער (ס׳איז באַוווסט די זייער קליינע פּראָפּאָרץ פרויען, וואָס באַזוכן אונדזערע פאַרשידענע פאַקולטעטן). צווישן דער דאָזיקער גרויסער צאָל יונגע, געזונטע מענטשן, האָט מען אויסגעפונען 797 לונגען־קראַנקע, ד. ה. 1.23 פּראָצענט.

ס׳איז זייער אינטערעסאַנט צו וויסן זייער פאַרטיילונג צווישן די פאַרשידענע פאַקולטעטן:

| | |
|---|---|
| מעדיצין און אָדאָנטאָלאָגיע (ציין־דאָקטוירים) — — | 25.654 |
| ציין־מעכאַניקער — — — — — — — — — — — — — | 996 |
| עקזאַקטע וויסנשאַפטן (אינזשעניערן און אַרכיטעקטן) | 14.959 |
| עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן — — — — — — — — — | 12.667 |
| יורי — — — — — — — — — — — — — — — | 4.614 |
| אַגראָנאָמיע און וועטערינאַריע — — — — — — — | 3.606 |
| פילאָזאָפיע און הומאַניסטישע וויסנשאַפטן — — — — | 3.112 |

די דאָזיקע 797 יונגע מענטשן האָבן ממש געראַטעוועט זייער לעבן. ווען די ראַדיאָגראַפיעס ווערן נישט געמאַכט, וואָלט די קראַנקייט ביי זייערע לונגען זיך לאַנגזאַם און שטילערהייט פאַרערגערט ביז אַ בלוטשטורץ אָדער אַן אַנדערע פון די באַקאַנטע סימפּטאָמען וואָלט זיי געצוווּנגען צו גיין צום דאָקטאָר און — ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל געזאָגט — עס וואָלט שוין אפשר געווען צו־שפּעט.

די יונגעלייט, וואָס ווילן עס, באַקומען אַ פולשטענדיקע באַהאַנדלונג אין זעלביקן אַנשטאַלט. די אַנדערע קורירן זיך פּריוואַט.

אומעטום און תמיד, אַז מען מאַכט מאַסן־ראַדיאָגראַפּיעס ביי אַ גרעסערער צאָל מענטשן, געפינט מען אויס אומבאַוווּסטע, שטילע קראַנקייטן.

די אויסלענדישע קאָנסולאַטן פאָדערן ביי די קאַנדידאַטן אויף אימיגראַנטן אַ ברוסט־ראַדיאָגראַפּיע. דאָס טוט אויך, נאַטירלעך, אונדזער ישראל־קאָנסולאַט. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַהאַנדלען אַ געוויסע צאָל פּאַציענטן, ביי וועלכע די ראַדיאָגראַפיע, וואָס דער קאָנסולאַט האָט געפאָדערט, האָט באַוויזן פאַרשידענע פאָרמען און גראַדן פון לונגען־טובערקולאָז. איינע פון די דאָזיקע פּאַציענטקעס האָט מיר בשעת מעשה דערציילט, ווי אַזוי ארץ־ישראל האָט גע־ראַטעוועט דאָס לעבן פון איר אַ שוועסטער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם אייראָפּעישן גיהנום.

— מאַדאַם — האָב איך איר געענטפערט — ארץ־ישראל האָט אייך אויך געראַטעוועט דאָס לעבן. ווען דער קאָנסולאַט פאָדערט נישט ביי אייך קיין ראַ־דיאָגראַפיע, וואָלט איר — ווער ווייס...

די דאָזיקע דאַמע האָט זיך אויסגעקורירט אין געציילטע חדשים און איז געפאָרן זען איר שוועסטער און איז שוין בשלום צוריקגעקומען.

צווישן די סטודענטן, וועגן וועלכע מיר שרייבן, האָט מען אויך אויסגע־פונען אַנדערע פאַרשידענע שטילע קראַנקייטן, וואָס האָבן באַטייט פאַר זייערע באַזיצער, אויף שפּעטער, מער וויי־ניקער אומאַנגענעמע סורפּריזן...

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אַלע די דאָזיקע אונטערזוכונגען זוערן דורכגעפירט מיט צוואַנג. ווען עס וואָלט געווען אַ פרייוויליקע זאַך, וואָלט קיינער נישט געקומען. אַזוי איז שוין די נאַטור פון מענטשן: צו די פּראָבלעמען פון זיין געזונט באַציט ער זיך פּאַסיוו ביז — ביז דאָס וואַסער דערגרייכט שוין צומאָל צום האַלדז.

אַ סך סטודענטן מאַכן דורך די אונטערזוכונג מיט ווידערווילן און זוכן פאַרשידענע פּראָטעקציעס זי אויסצומיידן. אַ טייל פון די, ביי וועמען מען גע־פינט אויס קראַנקייטן גלויבן עס נישט. עס זענען געווען עטלעכע פאַלן פון סטודענטן, וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס לערנען, ווייל מען האָט זיי נישט געגעבן דעם געזונטשיין און זיי האָבן נישט געוואָלט אנערקענען, אַז זיי זענען קראַנק און זיך נישט געוואָלט קורירן. אַלע די קאַנדידאַטן, נאָך דעם ווי זיי קורירן זיך אויס, שטעלן זיך צו אַ נייער אונטערזוכונג און ווען מען געפינט אויס, אַז אַלעס איז ביי זיי אין אָרדענונג, באַקומען זיי דעם געהעריקן דאָקומענט און הייבן אָן זייער אוניווערזיטאַרישע קאַריערע.

הכלל, מיר לעבן אין דער געזונטער און גליקלעכער תקופה פון דער פּרע־ווענטיווער מעדיצין און פון די ראַדיאָגראַפישע רעגיסטערס. מיר וואָלטן געזאָגט אין אונדזער היימישן לשון: הימל און ערד און ברוסט־ראַדיאָגראַפיעס...

## קאַפּיטל XII

# די „בע. סע. זשע.״־אימפּונג קעגן טובערקולאָז

עס האַנדלט זיך פון דער וואַקונאַציע (אויף יידיש־דייטש: אימפּונג) קעגן טובערקולאָז. יעדעס מאָל, ווען עס דערשיינט אַ נייע רפואה קעגן טובערקולאָז, פרייט זיך די וועלט; היינט ווי וואָלט באַדאַרפט זיין די פרייד, ווען עס זאָל דערשיינען אַ מיטל צו אימפּן קעגן טובערקולאָז, אַז די קראַנקייט זאָל גאָר אין גאַנצן נישט קאָנען אַרויסקומען!

אַזאַ פּראָדוקט איז שוין לאַנג פאַראַן צו דער דיספּאָזיציע פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע, אָבער עפּעס איז עס נישט אינגאַנצן אין אָרדענונג מיט דער דאָזיקער וואַקסין. זייער אָפט פאַרשווינדט זי פון דעם מעדיצינישן סדר־היום. אָט טויג זי יאָ און אָט טויג זי נישט.

אַרום 1908 האָט דער באַרימטער פראַנצויזישער פאָרשער און באַקטעריאָלאָג קאַלמעט, אַ דירעקטער יורש און נאָכפאָלגער פון פּאַסטער, אָנגעהויבן אַרבעטן איבער אַ וואַקסין קעגן טובערקולאָז. ער האָט גענומען די באַצילן, וואָס רופן אַרויס טובערקולאָז ביי בהמות (און וואָס איז אויך די סיבה פון אַ 10 פּראָצענט לונגען־טובערקולאָז ביים מענטשן) און האָט זיי אָנגעהויבן פלאַדיען, אַ דור נאָך אַ דור, ביז שפּעטער, מיט 13 יאָר, איז ער דערגאַנגען ביז דעם צוויי־הונדערט־דרייסיקסטן דור. די פאַרשידנסטע עקספּערימענטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן מיט דעם דאָזיקן טובערקולאָז־באַציל, האָבן באַוויזן, אַז ער איז מער נישט אומשטאַנד צו פאַראורזאַכן אָדער אַרויסרופן טובערקולאָז־קראַנקייט נישט ביי די פאַרשידנסטע חיות (מאַלפּעס, אַלערליי בהמות און אַלע חיהלעך, וואָס ווערן באַנוצט אין די לאַבאָראַטאָריעס) און נישט ביים מענטשן. די זעלביקע עקספּערימענטן האָבן אָבער אויך באַוויזן, אַז ביי די חיות, ביי וועלכע ער איז אָנגעווענדט געוואָרן, האָט ער אַרויסגערופן אַ באַדייטנדיקן ווידערשטאַנד קעגן טובערקולאָז.

ווען קאַלמעט און זיין אַסיסטענט גערען (בע. סע. זשע. — באַציל קאַלמעט־גערען) האָבן זיך גרינטלעך איבערצייגט אין דער אומשעדלעכקייט פון די דאָזיקע באַצילן, האָט קאַלמעט געבעטן דר. ווייל־האַלע ער זאָל אָנהייבן די אָנווענדונג פון דעם דאָזיקן פּרעפּאַראַט, וואָס באַשטייט פון לעבעדיקע קאָך־באַצילן, (ביי וועלכע מען האָט צוגענומען זייער ווירולענץ), ביי קינדער.

דאָס איז געשען אין 1921.

ווייל־האַלע האָט געאימפּט דאָס ערשטע קינד, אַן ערשטגעבוירנס, וואָס האָט געמוזט דערציגן ווערן פון זיין באָבע, אַ לונגען־קראַנקע, און איז

דורך דעם געווען אין גרויס געפאַר אָנגעשטעקט צו ווערן. דאָס קינד האָט איינ־גענומען דריי דאָזעס, יעדע איינע פון צוויי מיליגראַם באַצילן, דעם דריטן, דעם פינפטן און דעם זיבעטן טאָג נאָך דער געבורט (240 מיליאָן באַצילן). באַלד נאָכדעם האָט וועיל־האַלע געאימפט נאָך אַ געוויסע צאָל קינדער און ווען ער מיט זיינע געהילפן — ט ו ר פ י ן און ק אַ ל אָ נ י — האָבן זיך איבערצייגט, אַז די קינדער־קישקעלעך פאַרנעמען גוט די רפואה, האָט קאַלמעט באַשלאָסן צו העכערן די דאָזע, (אַ מיליאַרד מיט צוויי הונדערט מיליאָן באַצילן). עד־היום באַנוצט מען די דאָזיקע דאָזע.

די דאָזיקע וואַקסין קאָן אויך איינגעשפּריצט ווערן אונטער דער הויט מיט די זעלביקע רעזולטאַטן.

ס'איז באַלד פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די רפואה איז אַבסאָלוט אומ־שעדלעך, אָבער צו דער זעלביקער צייט האָט מען באַמערקט, אַז געאימפטע קינ־דער קאָנען קראַנק ווערן אויף טובערקולאָז. אָבער עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז זיי ווערן קראַנק אין אַ סך אַ קלענערער פּראָפּאָרץ ווי די נישט־געאימפטע.

דער מעטאָד האָט זיך גאַנץ שנעל פאַרשפּרייט כמעט אויף דער גאַנצער וועלט מיטן אויסנאַם פון נאָרד־אַמעריקע און ענגלאַנד, ווו מען האָט געקוקט אויף דעם פּרעפּאַראַט מיט אומצוטרוי.

די דאָזיקע דעמאָלט רייכע לענדער האָבן מער געטרויט די וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן פון דייטשלאַנד, ווו עס האָבן שוין אָנהייב יאָרהונדערט פונקציאָ־נירט גרויסע עקספּערימענטאַלע אינסטיטוטן, און פראַנקרייך איז ביי זיי אויס־געקומען עפּעס אַזוי ווי דער אָרעמער קרוב...

צום גרויסן אומגליק איז קאַלמעט געשטאָרבן (1933) און די וואַקסין איז געבליבן עפּעס אַזוי ווי פאַריתומט. אָבער דאָך האָט זי זיך ביסלעכווייז פאַר־שפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט. איך האָב פון צייט צו צייט געלייענט מעדיי־צינישע אַרבעטן וועגן דער אָנווענדונג פון דער וואַקסין אין רוסלאַנד, רומעניע, לאַטיין־אַמעריקע און סוף־כל־סוף, אין אַ קליינער מאָס, אויך אין אַמעריקע.

אַלע אינפאָרמאַציעס זענען געווען איינשטימיק: צווישן די געאימפטע קינ־דער באַמערקט מען ווייניקער די קראַנקייט און אַ סך האָבן אָנגעוויזן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע מעלה פון דעם פּראָדוקט, נעמלעך, אַז צווישן די געאימפטע קינדער איז די שטערבלעכקייט אויף כלערליי קראַנקייטן קלענער ווי ביי די נישט־געאימפטע.

עפּעס אַ פּאָר מאָל איז אויך דערשינען אַן אינפאָרמאַציע פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע האָט באַוויזן, אַז עס האָבן געזאָלט זיין פאַלן, אין וועלכע קינ־

דער זענען קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען די וואַקסין.

די לאַגע האָט אויסגעוויזן אַזוי: דער וואַקסין ווערט אָנגעווענדט אין אַ סך לענדער אָן אַ באַזונדער ענטוזיאַזם און איבערהויפּט באַקומען דעם פּרעפּאַראַט נאָר אַזעלכע ערשטגעבוירענע, אין וועמענס סביבה (משפחה) עס זענען פאַראַן קראַנקע און די געפאַר אָנגעשטעקט צו ווערן איז אַזוי אַרום גרעסער ווי ביי אַנדערע קינדער. איבעריק צו זאָגן, אַז אויך ביי אונדז אין לאַנד ווערן געאימפט קינדער, אָבער תמיד אין די ראַמען, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעוויזן.

די מעדיצינישע ביבליאָגראַפיע, אַזאַ רייכע און פאַרצווייגטע, האָט די לעצטע יאָרן ווי פאַרשויגן די דאָזיקע טעמע.

דאָך איז שוין היינט צו טאָג דער דאָזיקער וואַקסין אָבליגאַטאָריש אין פאַרשידענע לענדער (פראַנקרייך, שוועדן א. א.) און ביז היינט (1957) זענען שוין געאימפט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט מער ווי הונדערט מיליאָן קינדער.

אין איטאַליע האָט מען געשענקט גרויס אויפמערקזאַמקייט דער דאָזיקער טעמע און די פאָרשונגען זענען געווענדט געוואָרן אין פאַרשידענע ריכטונגען, און אָט וואָס עס בלייבט קלאָר פון די אַרבעטן, וועלכע מ א נ אַ ל ד י האָט אָנגעפירט:

דער וואַקסין בלייבט אומשעדלעך און מען מעג און מען דאַרף אים אָנווענדן אין אַ גרויסן מאָסשטאַב סיי ביי קינדער, וואָס דערציען זיך נעבן קראַנקע, סיי ביי די, וואָס האָבן געזונטע עלטערן, ווייל ס׳איז אַ גוטע פּראָטעקציע אין אַלגעמיין קעגן טובערקולאָז און די פאָרשונגען האָבן באַוויזן, אַז די דאָזיקע וואַקסין מיידט־אויס ביי די קינדער געוויסע זייער ערנסטע פאָרמען פון טובערקולאָז, פאָרמען, וואָס זענען כמעט תמיד שטערבלעכע.

דאָס איז די ערשטע קאָנקרעטע אינפאָרמאַציע, וואָס מיר באַקומען וועגן דער טעמע נאָך 33 יאָר, וואָס דער פּראָדוקט ווערט אָנגעווענדט.

לויט מיין מיינונג איז אַזוי אַרום געקומען דער מאָמענט צו עצהן, אַז אַלע קינדער זאָלן באַקומען די וואַקסין און עס איז צו האָפן, אַז דאָס וועט פריער אָדער שפּעטער ווערן אָבליגאַטאָריש אין די פאַרשידענע לענדער. דאָס וועט זיין דער צוגעפּאַסטער, אגב פאַרשפּעטיקטער, שכר פאַר יענעם גרויסן פראַנצויזישן געלערנטן, וואָס האָט געהייסן קאַלמעט.

## קאַפּיטל XIII

# מען וואָלט געקאָנט אויסמיידן פאַרקילונגען

עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זייער גאַנץ לעבן, טאָג און נאַכט, היטן זיי זיך, זיי זאָלן זיך, חלילה, נישט פאַרקילן. אומעטום זעען זיי אַ געפאַר פון פאַר־קילן זיך. ס׳איז ביי זיי אַ מין „פיקס־אידייע״, אַ מין געשפענסט. עס דערגייט צומאָל ביז אַן אמתן פסיכאָז.

אַ פּאַציענט, וואָס איז געווען אַנגעטאַן אין עטלעכע לייבלעך, וועסטלען און סוועטערס, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „ווען איך גיי אין גאַס און דער ווינט נעמ׳ט מיך אַרום, פיל איך זיך פאַרקילט״. ס׳איז אומזיסט איר זאָלט זיך נעמען די טרחה און פרעגן אַזאַ מענטשן וועלכער ווינט — נישט יעדן טאָג בלאָזן דאָך ווינטן — און אַז מיט אַזוי פיל בגדים איז דאָך נישט מעגלעך, אַז דער „ווינט״ זאָל אים „אַרומנעמען״...

ס׳איז אומזיסט; איר וועט ביי זיי נישט דערגיין קיין טאָלק. ביי דעם מינדסטן ווינטעלע „פאַרקילן״ זיי זיך — און שויין.

זיי גייען פון איין דאָקטאָר צום צווייטן און זוכן אַ רפואה קעגן זייערע פאַר־קילונגען, וואָס זענען צומאָל נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. די פאַרקילונ־גען זענען נישט קיין פאַרקילונגען. אָבער ביי זיי איז יעדע זאַך אַ פאַרקילונג: ווען עס טוט זיי וויי די פּלייצע, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך פאַרקילט; ווען עס טוט זיי וויי אַ פוס — האָבן זיי זיך „פאַרקילט״ דעם פוס, אאַ״וו. דערווייל „ראַטעווען״ זיי זיך אַליין מיט נאָך אַ לייבל און מיט נאָך אַ וועסטל און מיט נאָך אַ שאַליק אַרום האַלדז...

י. י. טרונק באַשרייבט אין זיין „פּוילן״ דעם פאַרצייטיקן רבין ר׳ מענ־דעלע פון זדונסקא וואָליע, ווי אַ מענטש וואָס פלעגט זיך אייביק היטן פון פאַר־קילונגען. ס ײ ז ו מ ע ר ס ײ װ י נ ט ע ר. ווען ער פלעגט ערגעץ פאָרן, האָט ער זיך אָנגעטאָן עטלעכע פּעלצן און עטלעכע טיכלעך אַרום האַלדז...

ווען די אַלע מענטשן וואָלטן געוווּסט, אַז דער בעסטער פּעלץ קעגן פאַר־קילן זיך איז אונדזער הויט אַליין און אַז אונדזער אָרגאַניזם איז באַוואָרנט גע־וואָרן פון דעם באַשעפער מ׳יט אַ ווונדערבאַרן רעגולאַטאָר פון דער טעמפּעראַ־טור, און אַז די פּעלצן און לייבלעך און טיכלעך שעדיקן דעם דאָזיקן רעגולאַ־טאָר ביז זיי אַנולירן אים אינגאַנצן און ער הערט אויף צו פונקציאָנירן, און דאַן איז דאָס מענטשלעכע באַשעפעניש טאַקע אויסגעשטעלט אויף גאָטס באַראָט און עס פאַרקילט זיך טאַקע אויף אַן אמתן ביי יעדן אומבייט פון וועטער — קאָן זיין, וואָלטן זיי אַנדערש רעאַגירט...

די דאָזיקע עמפינדלעכע נעווראָפּאַטן דערקענט מען גלייך אין באַן אָדער אין טראַמוויי. זיי הייבן אָן קוקן מיט זאָרג אויף דעם אָפענעם פענצטער, וואָס געפינט זיך צומאָל דריי אָדער פיר בענקלעך פון זיי. זיי קוקן אויף דעם אָפע־נעם פענצטער מיט אומרו און סוף־כל־סוף בעטן זיי דעם פּאַסאַזשיר, וואָס זיצט ביים פענצטער, ער זאָל עס פאַרמאַכן. נישט זעלטן ברעכן אויס דערביי קאָנ־פליקטן און קריגערייען.

זיי זענען שונאים פון דער פרייער לופט, פון אָפענע פענצטער, אָפענע טירן...

דער מענטש געהער צו די באַשעפענישן, וואָס אין זאָאָלאָגיע באַלאַנגט ער צו דער גרופּע מיט וואַרעם בלוט. זיין קערפּער מוז האָבן תמיד די זעלביקע טעמפּעראַטור.

כדי צו קאָנען לעבן אין אַ סביבה, ווו די טעמפּעראַטור בייט זיך אָפט, עס ווערט קאַלט אָדער וואַרעם, מוז ער קאָנען שאַפן וואַרעמקייט, ווען עס ווערט קאַלט, און מוז קאָנען זיך באַפרייען פון אַ געוויסן סכום וואַרעמקייט, ווען עס ווערט הייס.

דער דאָזיקער רעגוליר־אַפּאַראַט אָדער טעמפּעראַטור־רעגולאַטאָר מוז שטיין תמיד אויף דער וואַך און באַשיצן דעם קערפּער קעגן אויסערלעכע אַמביענטן.

דער דאָזיקער רעגולאַטאָר שטייט אונטער דער ווירקונג אָדער קאָמאַנדע פון אונדזער נערוון־סיסטעם, וועלכער נעמט־אויף די טעמפּעראַטור־אומבייטן פון דער סביבה.

די טעמפּעראַטור פון קערפּער איז פאַרבונדן און אָפּהענגיק פון דער אַסי־מילירונג פון די שפּייזן. דער דאָזיקער פּראָצעס שאַפט וואַרעמקייט. און פון דעם איז דער קערפּער וואַרעם. מענטשן, וואָס עסן ווייניקער ווי נאָרמאַל, האָבן אַ זייער נידעריקע טעמפּעראַטור (35־34 גראַד).

די נייטראַלע טעמפּעראַטור אָדער גול־טעמפּעראַטור פון דער סביבה, ווו דער מענטש קאָן זיך אויפהאַלטן אָן שטעלן אין באַוועגונג זיין אַדאַפּטאַציע־אַפּאַראַט, איז 24 גראַד. דאָס איז די טעמפּעראַטור פון אַ צימער אָדער אַ זאַל, ווו עס קומען נישט אַריין קיין קעלטערע אָדער וואַרעמערע לופט־שטראָמען. דאָס וואָלט געהייסן די אידעאַלע טעמפּעראַטור פון אַ וווינונג.

אָבער ווען דער מענטש וויל נעמען אַ באָד אין אַ וואַסער מיט אַן אידעאַלער טעמפּעראַטור, דאַרף שוין דאָס וואַסער האַלטן 36 גראַד. איין גראַד ווייניקער ווי די נאָרמאַלע טעמפּעראַטור פון קערפּער ביי נאָרמאַלע מענטשן (37 גראַד).

די סיבה פון דער גרויסער דיפערענץ פון דער אידעאַלער טעמפּעראַטור פון וואַסער און פון דער לופט געפינט זיך אין דעם, וואָס אין דער לופט צעגייט זיך די קעלט אָדער וואַרעמקייט אַ סך שנעלער, ווי אין וואַסער (טערמישע קאָנדוק־

טיביליטעט). געגויע עקספערימענטן האָבן באַוויזן, אַז דער מענטש קאָן זיך געפינען זייער אַ לאַנגע צייט אין אַ שטילער, רואיקער אַטמאָספער, וואָס זאָל האָבן נאָר 20 גראַד וואַרעמקייט און זיין קערפּער זאָל אָנהאַלטן זיין נאָרמאַלע טעמפּעראַטור פון 37 גראַד. אַזוי פּערפעקט פונקציאָנירט אונדזער טעמפּעראַטור־רעגולאַטאָר.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זעלביקע קאָן נישט פאָרקומען אין דרויסן, ווו די טעמפּעראַטור ענדערט זיך אָן אויפהער איבער דער באַוועגונג פון דער לופט (ווינטן, לופטשטראָמען).

ווען דאָס וועטער איז נאָרמאַל און די לופט איז טרוקן, בילדעט עס אַרום אונדזער קערפּער אַן אמתן מאַנטל, וואָס שיצט אונדז און ווירקט אַזוי, אַז אונדזער קערפּער זאָל זיך געפינען תמיד אין אַן אומגעענדערטער טעמפּעראַטור. אָבער ווען די לופט באַוועגט זיך אַרום אונדז אָדער זי אַנטהאַלט אַ געוויסן גראַד פייכטקייט, איז זי שוין נישט אומשטאַנד אונדז צו באַשיצן און עס קאָן קומען די פאַרקילונג.

צום גליק — ווי שוין געזאָגט — באַזיצט דער מענטש אַ ווונדערלעכן רעגולאַטאָר, וואָס אַדאַפּטירט אונדזער קערפּער צו די פאַרשידענע ענדערונגען פון דער אינערלעכער טעמפּעראַטור.

דאָס איז אַ פּראַקטיקע עמפּינדלעכקייט פון אונדזער אָרגאַניזם, וואָס ווירקט אַזוי, אַז מיר זאָלן אויסמיידן אַ סך פאַרקילונגען און קראַנקייטן, וואָס קאָנען זיך פון דעם נעמען.

די פעטע מענטשן טראָגן גרינגער איבער די אומבייטן פון דער טעמפּעראַטור. די מאָגערע מענטשן מיט אַ דינער הויט זענען, אין קעגנטייל, מער עמפּינדלעך, די קעלט נעמט זיי גרינגער דורך. די קליינינקע קינדער פאַרקילן זיך גרינג, ווייל זייער קערפּער איז קליין און די קעלט „וויקלט זיי איין" אין אַ רגע.

די מענטשן, וואָס עסן ווייניק, אונטער דער נאָרמאַלער דיעטע, פאַרקילן זיך אויך זייער גרינג.

אַלע די דאָזיקע באַגריפן, וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט, באַציִען זיך צו נאָרמאַלע מענטשן און אין נאָרמאַלע צייטן.

אָבער עס ווייזט אויס, אַז אין אומגעוויינלעכע צייטן און ביי אומגעוויינלעכע אומשטענדן בייטן זיך אַלע פיזישע, פיזיאָלאָגישע און מעדיצינישע געזעצן.

ווען מיר לייענען ווי אַזוי מענטשן האָבן געלעבט אין היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָבן מיר דעם באַוויז, אַז די מעגלעכקייטן פון אַדאַפּטאַציע און רעזיסטענץ פון מענטשלעכן אָרגאַניזם זענען אַ סך גרעסער און שטאַרקער ווי עס שטייט אין די מעדיצינישע ביכער.

ווען מיר לייענען ווי אַזוי די קרבנות פון די לאַגערן זענען אָפּגעשטאַנען

האַלבע און גאַנצע טעג אין דרויסן, כמעט נאַקעט און אָפט באָרוועס, אונטער אַ פראָסט פון עטלעכע גראַד אונטער נול, פרעגן מיר זיך ווי אַזוי האָבן זיי עס איבערגעטראָגן. לויט די קלאַסישע מעדיצינישע ביכער האָבן זיי אַלע אַ טאָג שפּעטער באַדאַרפט ליגן אין בעט אין גרויס היץ און מיט אַ לונגען־אַנטצינדונג. און דאָך איז עס אין די מערסטע פאַלן נישט געשען אַזוי.

די געלעגנהייט צו באַקומען אַ שטערבלעכע לונגען־אַנצינדונג איז געווען אין אַלע הינזיכטן אַ גינסטיקע: די אַלע מענטשן זענען געווען שלעכט דערנערט און אַפילו געליטן הונגער; די גייסטיקע ליידן זענען געווען אויסערגעוויינלעכע. אין אַלע ביכער זאָגט זיך דאָך, אַז דאָס זענען באַדינגונגען, וואָס פאַרגרינגערן די אַנטשטייאונג פון אַלע מחלות. און דאָך, לויט אונדזער אינפאָרמאַציע, אַ מינדלעכע, פון געוויזענע קאַצעטניקעס און פון אַלע באַשרייבונגען, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען, זענען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן נישט געווען קיין גרויסע צאָל פאַלן פון לונגען־אַנטצינדונגען.

דאָס מיינט אויך, אַז דער מענטשלעכער אָרגאַניזם האָט אַ קאָלאָסאַלע קאַפּאַציטעט זיך צוצופּאַסן צו קלימאַטישע און שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין אַלגעמיין.

די מעדיצינישע טראַקטאַטן האָבן נישט געקאָנט פאָרויסזען אַזעלכע אומגלויבלעכע און אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען.

דאָס מיינט אויך, אַז דער ווילן איבערצולעבן, איבערצוטראָגן, שפּילט אַ גרויסע ראָל ביים פיזישן ווידערשטאַנד.

דאָס לערנט אונדז די טרויעריקע עקספּעריענץ פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

נויט ברעכט נישט נאָר אייזן, נויט ברעכט אויך מעדיצינישע און פיזיאָלאָגישע געזעצן.

איך ווייס נישט צי דער פאַקט, וואָס די גרויסע יידישע מאַסן פון פוילן, ליטע און די אַנדערע לענדער פון מזרח־אייראָפּע זענען אין אַ געוויסן זין געווען געוווינט אָדער איינגעאיבט צו לעבן אין באַגרענעצטע באַדינגונגען פון באַשפּייזונג, איך ווייס נישט, צי אָט־דער פאַקט, די געוווינהייט, האָט זיי געהאָלפן איבערצוטראָגן די שרעקלעך־אָרעמע דיעטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ווייל לויט די באַדינגונגען פון די לאַגערן האָט דאָך אפשר קיינער נישט געקאָנט זיי איבערלעבן, און דאָך האָבן אַ סך איבערגעלעבט.

אַרום און אַרום זענען די אַלע פאַקטן נאָך אַ באַווייז, אַז די מעדיצינישע וויסנשאַפט איז אין אַ סך הינזיכטן צוריקגעשטאַנען און אַז אירע געזעצן זענען צייטווייליקע, ביז — אַ צווייטער עקספּערימענט וועט באַווייזן, אַז דער ערשטער איז געווען פאַלש.

אָבער, צוריקגייענדיק צו נאָרמאַלע צייטן, הגם עס דאַרף נאָך באַשלאָסן ווערן וועלכע זענען עס די נאָרמאַלע צייטן אין אונדזער תקופה פון לאַגערן מכל המינים, לאָמיר זשע זאָגן — אין די אַזוי גערופענע נאָרמאַלע צייטן פון ציווי־ליזאַציע, פאַרגעשריטענער קולטור פון איין זייט און לאַגערן פון דער צווייטער זייט, אין אַזעלכע צייטן קומט פאָר, אַז דער מענטש צעשטערט מיט די אייגענע הענט דעם וווּנדערלעכן טעמפּעראַטור־רעגולאַטאָר, מיט וועלכן דער באַשעפער האָט אים באַגאָבט.

די דאָזיקע צעשטערונג באַשטייט אין די אומגעלומפּערטע מלבושים, וואָס ער טוט זיך אָן ווינטער־צייט, מיטן באַנוצן מער ווי ס׳איז נייטיק דאָס אַרטי־פיציעלע אָנוואַרעמען די שטיבער אין זעלביקן סעזאָן, מיטן אויסמיידן דאָס לעבן אויף דער פרייער לופט און מיט דער קנאַפּער פּראַקטיק פון ספּאָרט.

ווען אין דרויסן ווערט קאַלט, ציען זיך איין די דינינקע אָדערלעך פון דער אויבערפלאַך פון אונדזער קערפּער, עס צירקולירט אין זיי ווייניקער בלוט, ווייל דאָס בלוט „באַהאַלט זיך״ אין דער טיפעניש פון קערפּער און אַזוי קאָן עס אָנ־האַלטן די נאָרמאַלע וואַרעמע טעמפּעראַטור. אָבער אַז דער מענטש גייט שטאַרק אָנגעפּעלצט, דערגרייכט נישט די נידעריקע טעמפּעראַטור צו זיין הויט, די אָדערלעך ציען זיך נישט איין און דאָס בלוט אַנטלויפט נישט אין די טיפענישן פון קערפּער. און אַזוי, ביסלעכווייז, ווערט דער דאָזיקער רעגולאַטאָר אַנולירט. אַזוי אַרום, אַז ווען דער מינדסטער אומבייט פון דער טעמפּעראַטור דערגרייכט יאָ די הויט, איז שוין נישטאָ קיין פאַרטיידיקונג און די פאַרקילונג ווערט אַ פאַקט.

מיט די אומגעלומפּערטע מלבושים דערווייטערט זיך דער מענטש פון דער נאַטור, ער גט זיך מיט איר און זי ווערט אָנגרייפעריש. דער מענטש פאַרלירט די צופּאַסונג־פעאיקייט און ווערט אַ פרעמדע זאַך אין שויס פון דער נאַטור.

עס קאָן זיין, אַז די פאַרשידענע סעזאָנען פון יאָר זענען פון דער נאַטור „געמאַכט״ געוואָרן צום פיזישן און גייסטיקן ווווילזיין פון דעם מענטשן. עס זענען פאַראַן לענדער, אויף וועלכע מען זאָגט, אַז דאָרטן איז אייביקער פרילינג (קאַליפאָרניע צ. ב.) איך בין זיכער, אַז ווען מען זאָל מאַכן אַ פּלעביסציט צווישן יענער באַפעלקערונג, צי זיי בענקען נישט נאָר אַ גוט פראָסטל, וועט מסתמא אַ גרויסע מערהייט ענטפערן, אַז יאָ.

אייביקער פרילינג איז אַ פיזישע מאָנאָטאָניע און מן הסתם אויך אַ גייס־טיקע.

דער אינטערעס פון לעבן באַשטייט אין באַוועגונג און אין אומבייטן, אַפילו פון דער טעמפּעראַטור, נישט נאָר פון דער סביבה.

דערפאַר דאַרפן מענטשן זיך צוגעוווינען צו די ענדערונגען פון דער טעמ־

פּעראַטור און זיך נישט פּאַרטיידיקן קעגן איר, נאָר זיך צופּאַסן... דאָס גאַנצע לעבן איז דאָך אַן אומענדלעכער פּראָצעס פון צופּאַסונג...

## קאַפּיטל XIV

# דאָס שלעכטע אָטעמען

איך האָב שוין, פאַרבייגייענדיק, באַרירט די טעמע, אָבער איך האַלט זי פאַר אַזוי אומגעווייִנלעך וויכטיק, אַז זי פאַרדינט אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג.

אין דער אמתן מיין איך דאָ נישט צו זאָגן „שלעכט אָטעמען״, נאָר אַ נישט גענוגנדיק אָטעמען (אינסופיסיענסיאַ), וואָס איז דאָס נעמלעכע, ווי נישט גוט אָטעמען.

די צאָל דערוואַקסענע און קינדער, וואָס אָטעמען נישט גוט, איז אַ סך גרעסער ווי עס ווייזט זיך אויס.

די נאכלעסיקייט אויף דעם געביט ביים עולם איז נישט אָפּצושאַצן. אַ סך מענטשן פאַלט גאָר נישט איין, אַז מען דאַרף אָטעמען דורך דער נאָז און נישט דורכן מויל.

עס טרעפט אָפט, אַז ווען מען פרעגט אַ פּאַציענט „ווי סע גייט זיין נאָז״, ענפערט ער אויף אַ פּאָר אויגן פון פאַרוואונדערונג. ס'איז אים נאָך קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַן ענין. און פונקט אין דעם מאָמענט, ביי מיר אין קאַבינעט, געפינט ער אויס, מיט מיין הילף, אַז ער אָטעמט פון תמיד אָן דורכן מויל; די נאָז איז קיין נאָז נישט, — זי איז פאַרשטאָפּט דורך אַן אויסגעבויגן ווענטל אָדער דורך עפּעס אַ געוויקס צי גאָר אַ פּאָליפּ. אָבער די נאכלעסיקייט, די אומוויסנקייט און — איך וואָלט צוגעגעבן — די אומבאַוווסטזיניקייט דער־גייט אַזוי ווייט, אַז מען דענקט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין.

ווען איך זאָג אַזאַ פּאַציענט, אַז זיין שלעכטע נאָז אָדער זיינע גרויסע מאַנד־לען זענען שולדיק אין זיין אַסטמע אָדער כראָנישן בראָנכיט, פון וואָס ער ליידט איצט, גלייבט ער עס שווער. ער וואָלט יאָ געגלייבט, נאָר ער איז זיך משער, אַז עס שמעקט מיט אַן אָפּעראַציע... דערפאַר גלייבט ער נישט. עס איז באַ־קוועמער...

דער פאַל איז אַ גאַנץ געוויינלעכער און אָפטער: עס קומט אַריין אַ בחור אין די צוואַנציקער יאָרן און דערציילט, אַז די מיליטערישע דאָקטוירים האָבן אים באַפרייט פון מיליטער. ער איז דערפאַר אומרואיק און וויל זיך באַראַטן מיטן דאָקטאָר.

דער פּאַציענט טוט זיך אויס און מען באַמערקט גלייך, אַז זיין ברוסט־

קאַסטן איז פלאַטשיק. די לאַפּאַטקעס אויף זיין פלייצע זענען פראָמינענט ווי צוויי נישט אַנטוויקלטע פליגל. ער איז מאָגער; ער האַלט, למשל, 1.75 מעטער די הויך און וועגט בלויז 60 קילאָ. דאָס איז דאָס בילד פון אַ יונגן בחור, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געאָטעמט שלעכט און דערפאַר האָט זיך זיין ברוסטקאַסטן נישט אַנטוויקלט. און נישט נאָר דאָס: ער האָט זיך אויך שלעכט אַנטוויקלט. ער איז געבליבן פלאַטשיק, דער דיאַמעטער פון פאָרנט אַרונטער איז קלענער, קירצער ווי נאָרמאַל.

דער סקעלעט פון ברוסטקאַסטן צעוואַקסט זיך און אַנטוויקלט זיך לויט דעם ווי מען אָטעמט.

די ברייטע און גרויסע ברוסטקאַסטנס ביי די ספּאָרטלער דערגרייכן די דאָזיקע דימענסיעס דערפאַר, ווייל בשעת די פיזישע איבונגען אָטעמען זיי טיף און שטאַרק. זיי אָטעמען מיט די גאַנצע לונגען, וועלכע פאַרגרעסערן זיך אויך און מיט זיי דער ברוסטקאַסטן.

ס'איז גוט באַוווסט, אַז די פאַלן פון טובערקולאָז ביי פּאַציענטן מיט אַ פלאַטשיקן ברוסטקאַסטן האָבן אַ שווערערן פּראָגנאָז ווי די פאַלן מיט אַ נאָרמאַלן ברוסטקאַסטן. די קראַנקייט אַנטוויקלט זיך ביי זיי תמיד אין אַ שווערערער פאָרם און די באַהאַנדלונג איז שווערער. מיט אַנדערע ווערטער: די שטערבלעכקייט פון טובערקולאָז ביי זיי איז אַ סך גרעסער ווי ביי מענטשן מיט אַ נאָרמאַלער ברוסט.

די מענטשן, וואָס האָבן שטערונגען אין דער נאָז אָדער אין האַלדז, אָטעמען קורץ און אויבערפלעכלעך. זיי אָטעמען נישט מיט די גאַנצע לונגען און דערפאַר אַנטוויקלט זיך נישט ביי זיי דער ברוסטקאַסטן.

חוץ דעם אונטערזוכן די נאָז ביי אַזעלכע מענטשן זענען פאַראַן היימישע מיטלען צו באַווייזן, אַז זיי אָטעמען שלעכט. מען שטעלט אַוועק פאַר זייער נאָז אַ שפּיגעלע און מען הייסט זיי אָטעמען מיט דער נאָז. דער שטח פון גלאָז, וואָס ווערט פאַרשאָטנט אָדער באַדעקט מיט פאַרע, איז אַ סך קלענער ווי ווען עס אָטעמט אויף דעם שפּיגעלע אַ מענטש מיט אַ נאָרמאַלער נאָז.

דער ספּיראָמעטער איז אַ מין אַפּאַראַט, וואָס מעסט די לופט, וואָס אַ מענטש אָטעמט ביי יעדער איינאָטעמונג און ביי יעדן אַרויסלאָזן די לופט. דער אַפּאַראַט באַשטעטיקט תמיד, אַז די מענטשן מיט אַ דעפעקטיווער נאָז אָטעמען איין ווייניקער לופט (פאַרמינערטע וויטאַלע קאַפּאַציטעט).

אַזאַ יונגער בחור איז אַ קאַנדידאַט אויף טובערקולאָז אָדער אין בעסטן פאַל אויף אַן אַנדערער לונגען־ אָדער בראָנכן־קראַנקייט, אַסטמע אַריינגערעכנט.

אָט שטייט אַ קינד פון די ערשטע גראַדן פון שול אַנטקעגן זיין לערער, וועלכער וויל אים עפּעס דערקלערן. אָבער דאָס קינד פאַרשטייט אים שווער, צע־

שטרייט זיך. עס איז נישט צוריקגעשטאַנען, אָבער עס קומט אים אָן זייער־שווער צו מאַכן זיינע שול־אויפגאַבעס. די געטרייע מוטער גיסט אין אים אַריין יעדן פרימאָרגן אַ פיינע פּאָרציע שטינקנדיקן פישאייל, אָבער עס העלפט נישט. דאָס קינד איז אַ שלעכטער שילער.

אין דער היים האָט מען אויך מיט אים צרות. איין טאָג עסט ער גוט, אַ צווייטן טאָג וויל ער נישט עסן; ביינאַכט קריצט ער מיט די ציין און כראָפּעט אָדער אָטעמט מיט דער נאָז מיט גערויש (שנאָרכט).

און דאָך, אַפּילו אָטעמענדיק מיט זיין מויל אינגאַנצן אָפן, פולט ער נישט אָן זיינע לונגען. מיטן אָפענעם מויל שטיקט ער זיך, ווייל דאָס מויל איז אין פּרינציפּ נישט געמאַכט געוואָרן צו אָטעמען. ביים מענטשן איז דאָס מויל נאָר אַן עוועטועלער קאַנאַל פאַר דעם אָטעמען, אָבער די נאָרמאַלע פונקציעס פון מויל זענען אַנדערע. און די נאַטור איז שטרענג מיט אירע געבאָטן. יעדער אבר דאַרף אויספילן זיין אייגענע מיסיע. אין אַ גויטפאַל קאָן ער זיין אַ געהילף פאַר אַ צווייטן אבר, וואָס איז געשעדיקט, אָבער נאָר צייטווייליק און נישט אויף תמיד. אַזוי איז דאָס געבאָט און מען קאָן זיך אים נישט קעגנשטעלן. פריער אָדער שפּעטער ווערן זיך באַווייזן די נישט־גינסטיקע פאָלגן פון אַזאַ סיטואַציע. עס וועט זיך באַווייזן די קראַנקייט.

ביי די חיות האָט נישט דאָס מויל אַזעלכע עווענטועלע פונקציעס ווי ביים מענטשן. נעמט מען אַ פאַרסאָפּעט פערד און מען פּלעטשט אים צו ביידע נאָז־לעכער, וועט עס זיך שטיקן, אַפילו ווען מען עפענט אים דאָס מויל.

ביים פערד און ביים הונט איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אָבסטרוקציעס פון דער נאָז.

די מענטשן פון דער שוואַרצער און געלער ראַסע, וואָס האָבן פלאַטשיקע און לאַנגע נעזער, ווייסן כמעט נישט פון אָבסטרוקציעס אין דער נאָז אָדער פון געוויקסן. יעדנפאַלס ליידן זיי פון די דאָזיקע זאַכן אַ סך ווייניקער ווי אונדזער ווייסע ראַסע.

צוריק מיט אַ קאַרגע 70 יאָר האָט אַ דענישער ספּעציאַליסט אַריינגעשטעקט זיין פינגער אין מויל פון אַ קינד און געפונען אונטער דעם ווייכן גומען אַ פאַר־גרעסערטע דריז און ער האָט זי דער ערשטער אויסגעשניטן. דאָס איז די „לושקאַ אַמיגדאַלאַ", אָדער די דריטע מאַנדל. דער עולם ווייסט פון צוויי מאַנדלען, יענע, וואָס מען זעט אינעם האַלדז, ביי די זייטן, און וואָס ווען זיי ווערן קראַנק, אַנט־צונדן, זאָגט מען, אַז דאָס קינד האָט אַנגינע, האַלדז־אַנגינע, כדי אונטערצושיידן פון דער ברוסט־אַנגינע ביי דערוואַקסענע, וואָס איז גאָר אַן אַנדער זאַך.

די דריטע מאַנדל געפינט זיך אויבן, אונטערן גומען, העכער און צווישן ביידע האַלדז־מאַנדלען, מ׳רופט זי אויך „אַדענאָיד", און די קינדער, וואָס האָבן

די דריטע מאַנדל כראָניש פאַרגרעסערט און אינפעקטירט, באַצייכנט מען ווי „אַדענאָידן“. דאָס זענען די קינדער, וואָס הגם זיי האָבן גוטע נעזער, גייען זיי תמיד אַרום מיט אַן אָפענעם מויל און האָבן אַ כאַראַקטעריסטישן אויסזען, וואָס דאָס אויג פון דאָקטאָר דערקענט באַלד. זיי ווייזן־אויס אַביסל טאַמעוואַטע און זיי זענען עס טאַקע. דאָס זענען די קינדער, וואָס פאַרנעמען שווער די לעקציעס אין קלאַס און זענען תמיד צוריקגעשטאַנען מיט זייערע אויפגאַבעס און זייער אויפפירונג אין שול.

ווען די דאָזיקע דריטע מאַנדל איז אינפעקטירט, טריפט פון איר תמיד אייטער, וועלכער פליסט־אַריין אין די בראָנכן און האַלט־אויף אַ פערמאַנענטן בראָנכיט אָדער טריפט אויך אַריין אין מאָגן און נעמט־צו דעם אַפעטיט. ביי־נאַכט שלאָפט אַזאַ קינד מיט אַן אָפן מויל, ווייל די פאַרגרעסערטע מאַנדל פאַר־שטעלט די אונטערשטע עפענונג פון די נאָזלעכער.

ס׳איז נישט אינגאַנצן קלאָר, פאַרוואָס די פאַרגרעסערטע און אינפעקטירטע מאַנדלען שטערן די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון קינד. אָבער וועלכע עס זאָל נישט זיין די סיבה, איז עס אַ טויזנט מאָל באַשטעטיקטער פאַקט.

די רפואה קעגן די אַלע שטערונגען איז דאָס אויסשניידן די מאַנדלען, די „אַדענאָידן“, ביי די קינדער און אויסגלייכן די נאָז־וועגטלעך ביי דערוואַקסענע.

דאָס איז אימפעראַטיוו. זיי דאַרפן אָפערירט ווערן. עס איז נישט פאַראַן קיין באַזונדער עלטער פאַר דער אָפעראַציע. געוויינלעך אָפערירט מען שפּעט, זעלטן־ווען פונקט אין צייט.

פונקט אין צייט מיינט אַ וואָך שפּעטער ווי די צרה איז אַנטדעקט געוואָרן דורכן דאָקטאָר. יעדע עלטער איז גוט. די עלטער פון קינד דאַרף נישט גענומען ווערן אין אַכט. נאָר די מחלה דאַרף גענומען ווערן אין אַכט. עס איז אויך נישט פאַראַן קיין בעסערער אָדער ערגערער סעזאָן צו אָפערירן. אַלע חדשים פון יאָר זענען גוט. דער עיקר איז, אַז דאָס קינד זאָל גוט צוגעגרייט ווערן און גוט אָפערירט ווערן.

דאָס ווערט געזאָגט סיי פאַר קינדער און סיי פאַר דערוואַקסענע.

די געשיכטע פון דעם בעסערן אָדער ערגערן סעזאָן צו אָפערירן קומט נישט פון די דאָקטוירים, נאָר פון די קינדערס עלטערן, וואָס ווילן אַלץ אָפּציען, אפשר וועט געשען אַ נס און די געוויקסן וועלן פאַרשווינדן. און אַזוי ווערט די אָפּע־ראַציע אָפּגעלייגט אָן אַ זין מיט אַלע קאַטאַסטראָפאַלע פאָלגן פאַרן קינד.

מען דאַרף אַמאָל מאַכן אַזאַ אָפעראַציע ביי אַ זייגקינד אָדער ביי אַ בחור, וואָס איז נישט אָנגענומען געוואָרן צום מיליטער־דינסט. דאָס זענען די זעלביקע אַדענאָידן. די עלטער שפּילט נישט קיין ראָל. די קראַנקייט איז אַלץ און די אָפעראַציע איז אימפעראַטיוו.

קיין שום אָפעראַציעס גיבן נישט אַזאַ ראַדיקאַלן רעזולטאַט, אַזאַ ספּעק־טאַקולאַרע פאַרבעסערונג פון געזונט ביים קינד ווי דאָס אויסשניידן די מאַנד־לען און אַדענאָידן.

ביי קינדער זענען די שטערונגען פאַר דעם פרייען אָטעמען די מאַנדלען און געוויקסן אין האַלדז, זעלטן ווען אין נאָז. ביי דערוואַקסענע געפינען זיך די שטערונגען געוויינלעך אין נאָז און זעלטן ווען אין האַלדז.

דאָס זענען אָפט פּאָליפּן. אָבער געוויינלעך באַשטייט די שטערונג אין דעם, וואָס דאָס ווענטל צווישןביידע נאָזלעכער איז איינגעבויגן אין איין זייט אָדער אין דער צווייטער.

דאָס איז אַ זייער קוריאָזע זאַך. אַ ווענטל דאַרף צעטיילן אין צווייען די נאָז־הייל, כדי עס זאָלן זיין צוויי נאָזלעכער. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס ווענטל איז צו הויך פאַר דעם שטח, וואָס עס דאַרף צעטיילן. און עס מוז זיך איינ־בייגן, כדי צו קאָנען אַריין אויף זיין פּלאַץ. וואָס פאַר אַן אַרכיטעקטור איז דאָס? ווי קומט אַזאַ אָפּנייג פון דער פּערפעקטקייט, פון דער פולקאָמענער האַרמאָניע אין דעם רעשט פון אונדזער אַזוי גרויסן קערפּער?

אָבער דאָס ווענטל גופא איז אין דעם גאָרנישט שולדיק. די סיבה דאַרף זיין פאָלגנדיקע: דאָס קינד הייבט אָן אָטעמען מיטן מויל, ווייל די אַדענאָידן דער־לאָזן נישט, עס זאָל דאָס טאָן דורך דער נאָז. אָבער דאָס אָטעמען מיטן מויל שטופּט אַרויף דעם גומען. דער גומען, וואָס איז דער דאַך פון מויל, באַקומט די פאָרם פון אַ קופּאָל (אַכיוואַ). דער גומען איז דער דאַך פון מויל און איז צו דער זעלביקער צייט דער דיל פון דער נאָז. אַזוי אַרום שטייגט דער דיל פון דער נאָז, דער שטח פון דער נאָז־הייל ווערט פאַרקלענערט אין דער ריכטונג פון אויבן אויף אַראָפּ און דאָס נאָזווענטל מוז זיך איינבייגן. און ווען עס בייגט זיך איין, פאַרשטעלט עס איינס פון די נאָזלעכער אָדער ביידע, ווייל עס באַ־קומט אַמאָל צוויי בייגן.

אומדירעקט, הייסט עס, איז די וויכטיקסטע סיבה פון איינגעבויגענעם נאָזווענטל ביים דערוואַקסענעם דאָס אָטעמען מיטן מויל, ווען דער זעלביקער דערוואַקסענער איז געווען אַ קינד.

דאָס ווענטל קאָן זיך אויך אָפּווענדן פון זיין ליניע בשעת אַקצידענטן, פאַלן, קלעפּ אין דער נאָז, וכדומה.

און דער איינציקער וועג אויסצוגלייכן דאָס ווענטל איז אויסצושניידן דאָס שטיקל, וואָס איז געוואָרן איבעריק. וואָס האָט זיך אויסגעבויגן. אַזוי אַרום ווערט די נאָז פריי.

כדי צו אָפּערירן דאָס ווענטל ביי קינדער, דאַרף מען געוויינלעך וואַרטן, אַז עס זאָל זיך גוט אַנטוויקלען, ביז די 17 יאָר אומגעפער.

ס'איז אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז מיט אָפּערירן געוויקסן אָדער דאָס זוענטל האָט מען שוין אַלעס אָפּגעטאָן און מען איז שוין פּאַרטיק מיט דער באַהאַנדלונג. עס איז אַ טעות. מען דאַרף נישט פאַרגעסן איין קלייניקייט: אַ סך אָפּערירטע האָבן זייער נאָז קיינמאָל נישט גענוצט, גלייך זיי וואָלטן געבוירן געוואָרן אָן נעזער. די כירורגיע גיט זיי צוריק זייער נאָז, אָבער מען דאַרף זיי לערנען זי צו באַנוצן, אויב נישט, וועלן זיי ווייטער אָטעמען מיטן מויל, ווי זיי זענען געווען געוווינט צו טאָן זייט זיי געדענקען זיך.

מען דאַרף זיי לערנען אָטעמען מיט דער נאָז און דאָס דערגרייכט מען מיט פּראַקטיק פון אָטעם־גימנאַסטיק (כימנאַסיאַ רעספּיראַטאַריאַ), וואָס דאַרף פּראַק־טיצירט ווערן טעגלעך מיט גרויס אויסדויער און עקשנות. דאָס דאַרף קומען באַלד נאָך דער אָפּעראַציע, אָן אָפּלייג. און עס דאַרף געמאַכט ווערן אונטער דער השגחה פון אַ פּראָפעסאָר פון גימנאַסטיק און אויב ס'איז מעגלעך, קאָן מען באַנוצן אַ גוטן האַנטבוך פאַר אָטעם־גימנאַסטיק. דאָס איז אומבאַדינגט נייטיק, אויב מען וויל, אַז די אָפּעראַציע זאָל האָבן אַן אמתן דערפאָלג.

וו אָ ר מ ס האָט אין זיין בוך וועגן אָטעמען אַזאַ פראַזע: „די פרייהייט פון דער נאָז איז איינע פון די טייערסטע צווישן אַלע פרייהייטן״.

די דאָזיקע פרייהייט איז אויך ווערט מען זאָל זי פאַרטיידיקן...

## קאַפּיטל XV

# גריפּ און פאַרקילונג

זינט דעם יאָר 1918, ווען ס'האָט זיך פאַרענדיגט די ערשטע וועלט־מלחמה, באַזוכט אונדז יעדעס יאָר די גריפּ. גריפּ איז אפשר דאָס היימ'ישסטע מעדיצי־נישע וואָרט, וואָס לייענער זענען געוווינט צו געפינען אין צייטונגען און זשור־נאַלן.

און מיט גאַנץ באַרעכטיקטע סיבות געפינט מען אין אַלע צייטונגען יעדן ווינטער ידיעות וועגן דער דאָזיקער קראַנקייט, ווייל ס'איז גוט, אַז מען ווייסט ווי אַזוי זי אויסצומיידן.

פאַר דער ערע פון די אַנטיביאָטיקס (פּעניסילין, סטרעפּטאָמיצין, אַעראָמי־צין, קלאָראָמיצעטין און טעראַמיצין) איז אַ גריפּ־עפּידעמיע אין אַ שטאָט געווען אַ גרויס אומגליק. היינט, ווען מיר האָבן אין די אויסגערעכנטע רפואות אַ מעכ־טיק געווער קעגן דער קראַנקייט, שטעלט זי מיט זיך פאַר אַ קלענערע געפאַר פאַרן לעבן, אָבער זי איז אַלץ אַ גרויסער עקאָנאָמישער פאַרלוסט: צענדליקער

טויזנטער מענטשן מוזן אַוועקלייגן זייער אַרבעט אויף צוויי אָדער מער וואָכן, מיט די געהעריקע געלט־פאַרלוסטן פאַרן אַרבעטער און אַרבעטגעבער.

אין אונדזער לאַנד איז מען געוווינט אָנצורופן גריפּ יעדע פאַרקילונג מ׳יט היץ און אַפילו אָן היץ. מענטשן מיט אַ נאָזקאַטאַר זאָגן נישט זעלטן, אַז זיי „האָבן די גריפּ״.

די אמתע גריפּ איז דורכויס אַן עפּידעמישע קראַנקייט. אַ קראַנקייט איז עפּידעמיש, ווען זי גרייפט אָן אַ גרויסע צאָל מענטשן אין אַ קורצער צייט. די דאָמינירנדיקע כאַראַקטעריסטיק איז דאָ די קלעפּיקייט: אין אַ באַשטימטער שטוב ווערט קראַנק איין מענטש און אין געציילטע טעג שפּעטער זענען שוין קראַנק אַלע אָדער כמעט אַלע מ׳יטגלידער פון דער פאַמיליע. זינט 1918, ווען די „היספּאַנקע״ האָט אונדז דאָס ערשטע מאָל באַזוכט, האָבן מיר יעדן ווינטער דאָס דאָזיקע בילד אין אונדזער שטאָט. צומאָלס קומט די גריפּ־עפּידעמיע אין איינקלאַנג מיט יענעם מעדיציניש אַלמאַנאַך פון פּראָפעסאָר עסקאַרדאַ: „מ׳יט די ערשטע קעלטן צעשפּראָצן זיך די ערשטע הוסטן, צו דער גרויסער צו־פרידנקייט פון דער מעדיציניש׳ער גרעמיע״...

דאָס איז די עפּידעמישע גריפּ. אפשר די אמתע גריפּ: איין קראַנקער שטעקט כמעט אָן אַלע, וואָס קומען אין קאָנטאַקט מיט אים. און דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט פאַרקילן זיך.

יעדעס יאָר האָט די קראַנקייט אַן אַנדער בייזאַרטיקייט און גרייפט אָן אַן אַנדער טייל פון אָטעם־אַפּאַראַט: לאַרינקס, ושט, בראָנכן אָדער די לונג גופא. אין 1929 האָט די גריפּ־עפּידעמיע ביי אונדז אין שטאָט אָנגענומען די שטרענג־סטע פאָרם און עס זענען טאַקע געשטאָרבן אַ סך מענטשן. יענעם יאָר האָט זי אָנגענומען די פאָרם פון בראָנקאָנעומאָניע, די געפערלעכסטע און דראַמאַטישסטע פון אַלע. נאָך געציילטע טעג פון קאַמף זענען די קראַנקע געשטאָרבן אין אַ גרויסער צאָל.

די דאָזיקע עפּידעמ׳ישע גריפּ איז פשוט אוממעגלעך אויסצומיידן, ווייל כמעט אין יעדער שטוב, וווהין מ׳ען גייט אַריין, איז פאַראַן אַ קראַנקער. די עפּי־דעמישע גריפּ איז נישט איבערקלייבעריש. זי גרייפט אָן געזונטע און שוואַכע און איז צומאָל בייזאַרטיקער מיט די פעסטגעבויטע מענטשן, וואָס האָבן קיינ־מאָל פון גאָרנישט געליטן. פאַרשטייט זיך, אַז דיאַבעטיקער, לונגען־קראַנקע, שוואַנגערע פרויען א. א., לעבן איבער זייער שווערע מאָמענטן, ווען זיי ווערן אַטאַקירט, און דאָקטוירים ווייסן ווי שטרענג מ׳ען דאַרף אַזעלכע פּאַציענטן אָפּ־היטן.

גאָר אַן אַנדער קעגנשטאַנד איז די פאַרקילונג, וואָס דער עולם רופט אָן גריפּ און וואָס האָט אפשר גאָרנישט צו טאָן מיט דער דאָזיקער קראַנקייט. זי

קאָן קומען אין משך פון דעם גאַנצן קיילעכדיקן יאָר. ווינטער, ווייל מען האָט פאַרגעסן מיטצונעמען דעם מאַנטל, ווען מ׳איז געגאַנגען אין טעאַטער אָדער אויף אַ מסיבה אָדער ערגעץ אַנדערש; און זומער, ווייל די היץ איז געווען אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז מ׳איז געשלאָפן נאַקעט מיט אָפענע פענצטער און 4 אַזייגער פאַרטאָג איז געוואָרן קיל...

ווען דער מענטש שלאָפט איז ער שרעקלעך אומבאַשיצט; די קעלט פון פאַרטאָג נעמט אים אַרום, און דערפאַר האָבן מיר אויך זומער אַ סך מענטשן מיט בראָנכיט, מיט האַלדז־אַנגינע אא״וו.

דאָס הייסט, אַז מ׳קאָן זיך פאַרקילן אַ גאַנץ יאָר און תמיד איז עס די קאָנסעקווענץ פון אומפּאַרזיכטיקייט, פון אַ צופאַל, פון אַ צוגלופט. אין פלוג איז דאָך אַ פאַרקילונג אַ פלוצלינגער אומבייט פון דער טעמפּעראַטור פון קערפּער: דער קערפּער, וואָס איז געוויינלעך וואַרעם — צווישן 36 און 37 גראַד, — ווערט פלוצלינג אויסגעשטעלט צו אַ נידעריקער טעמפּעראַטור און די פאַרשיידענע מיקראָבן, וואָס געפינען זיך תמיד אין געוויסע ערטער פון אונדזער קערפּער, באַקומען בייזקייט־ווירולענץ און גרייפן אָן די געוועבן אויפן זעלביקן פלאַץ, וווּ זיי געפינען זיך: נאַז, מאַנדלען, בראָנכן, לונגען אא״וו.

ווען די פאַרקילונג איז אַ מילדע, דער אומבייט פון טעמפּעראַטור פון קערפּער איז נישט קיין שטאַרקער, קומט מען אָפּ מיט אַ געוויינלעכן נאַזקאַטאַר אָן פיבער. ווייטער קומען די פאַרשידענע גראַדואַציעס פון דער פאַרקילונג: לאָקאַלע, ד. ה. האַלדז־אַנגינע, אָדער צעשפּרייטע: בראָנכיט פון פאַרשידענער ערנסטקייט און אינטענסיוויטעט, פאַרשידענע פאָרמען פון לונגען־אַנטצינדונגען, ביז אמתער נעומאָניע (זעלטן אין אונדזערע לענדער). בראָכאָנעומאָניע איז די לעצטע און שטרענגסטע פאָרם — אַ מכה אויף דער לונג (אַבצעס).

אָבער אויב ס׳איז אוממעגלעך אויסצומיידן די עפּידעמישע גריפּ, איז אַוודאי כדאַי נישט צו זיין נאַכלעסיק און אומבאַדינגט אויסצומיידן פאַרקילונגען, ווייל: אַ פּשוטער נאַזקאַטאַר קאָן זיך פאַרענדיקן מיט אַן אָנגריף און אינפעקציע פון די פנים־היילן (סינוסיטיס); אַן אַנגינע קאָן אָנשפּאַרן אין אַ פלעגמאָן (ערנסטע אינפעקציע פון די מאַנדלען, וואָס מען דאַרף אויסשניידן); אַ בראָנכיט קאָן זיך פאַרייביקן און בלייבן כראָניש און אַפילו אומהיילבאַר אָדער אָנשפּאַרן אין אַ מער אָדער ווייניקער שטרענגער אַסטמאַ, און אַ לונגען־אַנטצינדונג קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ לונגען־אַבצעס. מ׳קאָן קיינמאָל נישט וויסן, מיט וואָס און ווען עס וועט זיך ענדיקן אַן אומשולדיקע פאַרקילונג.

דער מאַנטל איז דאָס בעסטע פּראָפילאַקטישע מיטל קעגן פאַרקילונגען, אַ צווייט מיטל זענען די וואַרעמע זאָקן ווינטערצייט. אַפילו אַז מען גייט אַרויס לייכט אָנגעטאָן אין פרילינג אָדער האַרבסט, איז עס נישט קיין באַזונדער גע־

פאַר, אַבי מען נעמט מיט דעם מאַנטל. אָבער דער מאַנטל — איך באַטאָן עס זייער ערנסט — איז פאַר דער גאַס און נישט פאַר דער שטוב אָדער טעאַטער; עס איז נישט געזונט און אַפילו נישט קאָרעקט זיצן אין טעאַטער אָדער אין שטוב אָנגעטאָן אין מאַנטל.

אַבסאָלוט דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן קאַפעליוש. עס איז נישט קאָרעקט און זייער נישט היגיעניש זיצן אין שטוב אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג אין היטל. פאַר די מענטשן, וואָס ווילן נישט מיט דער פולסטער רעכט אַרומגיין בגילוי־ראש, האָט מען דערפונדן אין פריערדיקע דורות די יאַרמעלקע, און אויב אַ ייד, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַ יאַרמעלקע, דערוועקט ביי מיר און ביי יעדן אנשטענדיקן יידן דעם פולסטן רעספעקט און טיפסטן דרך־ארץ, עקלען מיך יענע יידן, וואָס זיצן אויף די פאַרזאַמלונגען אָדער אין טעאַטער אין קאַפעליוש. איך האָב זיי געזען ביי שיינע מסיבות אין אַזעלכע שמוציקע קאַפעליושן, אַז ס׳איז ממש געווען אַ בושה. דער קאַפעליוש און דער מאַנטל, וויפיל מען זאָל זיי נישט בערשטן, זענען אַ מוראדיקער רעזערוואואַר פון אַלערליי באַצילן און מיקראָבן. דערפאַר דאַרף מען זיי טראָגן נאָר אין גאַס.

אַ צווייט פונדאַמענטאַל־פּראָפילאַקטיש מיטל קעגן גריפּ און בלויזע פאַר־קילונגען איז ד אָ ס ב ע ט. זיך אַריינלייגן אין וואַרעמען בעט אַפילו אויף איין מעת־לעת ביים אָנהייב פון אַ פאַרקילונג איז אַ ווונדערבאַרע זאַך. דאָס מיידט אויס, אַז די פאַרקילונג זאָל זיך פאַרלענגערן און פון דעם אַליין זאָל צו־מאָלס קומען אַ שנעלע און געגצלעכע קוראַציע.

דעם לעצטן באַגריף דאַרף קיינער נישט פאַרגעסן. בעסער מקריב זיין אַ טאָג אָדער צוויי געזונטערהייט, איידער דאַרפן ליגן אַ וואָך אָדער מער אין בעט.

## קאַפּיטל XVI

# אַ הוסט צו אַ הוסט איז נישט גלייך

איך וואָלט געזאָגט, אַז מען דערקענט דאָס אָנקומען פון ווינטער נישט אַזוי אין די קעלטן, נאָר לויט דער צאָל מענטשן, וואָס הוסטן. לצים וועלן דאָ קאַנען קיבעצן דעם דאָקטאָר. יעדער מיט זיין „פאַך“, וועלן זיי זאָגן. און וואָס דער־קענט דעם ווינטער דער סוחר פון פוטערלעך? אין דעם, וואָס זיי הייבן זיך אָן פאַרקויפן. ביז ער הייבט נישט אָן פאַרקויפן זיינע ווינטער־אַרטיקלען, איז פאַר אים דער ווינטער נישט געקומען. און זיי וועלן ווייטער קיבעצן, די קיבעצער: אין וואָס באַשטייט די ענלעכקייט פון אַ דאָקטאָר מיט אַ פוטערהענדלער? — אין דעם, וואָס ביידע „קוקן אַרויס“ אויפן ווינטער. ווייל דער ווינטער ברענגט

מיט זיך פאַר זיי די פּרנסה. עס וועט אויך נישט פעלן אַ ייד, אַ כופר, וואָס וועט געפינען נאָך אַן ענלעכקייט:ביידע שינדן זיי די הויט...

אַ פאַקט בלייבט, אַז מען הוסט זייער אַ סך אין אונדזער שטאָט אין ווינטער. אַלע וואַריאַציעס, אַלע טענער, מיט און אָן אַ שלשלת. אַ קורצינקער, אַ שוואַכער, אַ הייזעריקער הוסט, פאַר וועלכן מאַמעס האָבן שטאַרק מורא, ווייל ער דערמאָנט דעם הוסט פון די לונגען־קראַנקע, ביי וועלכע עס זענען אויך אָנ־געגריפן די שטים־בענדער. פון וואַנען ווייסן די מאַמעס, די הייניטיקע, אַזעלכע זאַכן? פרעגט נישט מיינע פריינט לייענער! אַזוי איז עס.

הייניטיקע צייטן איז דאָך פאַראַן זייער אַ מינימאַלע צאָל אַזעלכע קראַנקע. איך וועל אויך פרעגן פאַרוואָס וואַרפט נאָך היינט אָן אַ פּחד אויף די מאַמעס דאָס מאַזלען, וואָס איז אַמאָל געווען ערנסט און היינט איז עס די מילדסטע פון אַלע קראַנקייטן?

דאָס איז אַ ירושהדיקע אָדער אַן אַטאַוויסטישע מורא, וואָס גייט פון דור צו דור דורך אומזיכטיקע פעדעם. דאָס וועט בלייבן עפּעס אַזוי ווי אַ ביאָלאָגישע מיסטעריע, אויף מורא פרעגט מען קיין קשיות נישט. און ווען עס האַנדלט זיך פון לעבנס־אינסטינקט, זאָל מען אוודאי און אוודאי נישט פרעגן קיין קשיות...

דער הוסט איז דער ערשטער אָנזאָג, אַז מען האָט זיך פאַרקילט. אַ געני־טער דאָקטאָר „לייענט" דעם הוסט ווי אַ מוזיקער לייענט זיינע נאָטן. סיי אַ הוסט, סיי נאָטן זענען קלאַנגען.

יעדער מענטש פאַרקילט זיך אַנדערש און הוסט אַנדערש. אָבער מען הוסט אַפילו, ווען מען איז נישט פאַרקילט. דער הוסט, אין דעם פאַל אַ הוסטעלע, איז במקום אַ קורצע פּויזע אין אַ געשפּרעך. דער דאָזיקער הוסט פּילט אויס אַ בלויז, אַן „אימפּאַס" אין אַ דיפּלאָמאַטישן געשפּרעך, צום ביישפּיל. אָדער גאָר דאָס אַזוי באַנוצטע אין אונדזער ליטעראַטור גבירישע הוסטעלע. אָדער דער חזן, וואָס גיט אַ הוסטעלע צו רייניקן זיינע שטים־בענדער, זיין „קאָלאָראַטור". איך וואָלט געזאָגט, אַז דער הוסט איז אַריין אין לעבן און איז אַזוי היימיש, ווי די היימישע שטובזאַכן און די קינדער, וואָס דרייען זיך אַרום אין דער שטוב. איך האָב אויך אַמאָל געהערט זאָגן אויף אַ ייד, אַז ער האָט אַ קבצניש הוסטעלע. דאָס איז אַ מענטש, וואָס וויל אַרויסווייזן דאָס אייביקע נעבעכל; מען זאָל אים גרינג געבן דעם גמילות חסד, אָדער עס זאָל זיך אָפּגלוסטן צו מאָנען ביי אים אַ חוב...

דערפאַר, מן הסתם, קומט פאָר, אַז מען הערט דעם הוסט ווי דעם פּאַראַ־יאָריקן שניי. איך רעד דאָ פון דעם כראָנישן הוסט, וואָס דערשיינט שטילער־הייט, באַזעצט זיך, אַזוי צו זאָגן, אין ברוסט, מאַטערט נישט שטאַרק און בלייבט שוין אַ שטענדיקער תּושב ביי דעם דאָזיקן מענטש. ער קומט צו גיין גאַנץ פרי ביים אויפשטיין פון בעט. עס קומט פאָר דאָס, וואָס די פראַנצויזן רופן „לאַ

טואַלעט בראָנשיאַל״. דער מענטש ליידיקט אויס, רייניקט אויס נאָכן אויפשטיין זיינע בראָנכן אָדער זיינע לונגען. במשך פון טאָג קומט דער הוסט נאָך פון צייט צו צייט, ווען דער מענטש דאַרף אַרויסשליידערן אַ ביסל פלעגמע, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די בראָנכן. דאָס איז דער נוצלעכער שטענדיקער הוסט, וואָס קומט אָן רעש, באַלאַמוטשעט נישט זיין קרבן; קומט אין דער צייט נאָר, ווען עס זאַמלט זיך אָן דער לייכעץ און פאַרשווינדט ביז דער מענטש באַדאַרף אים נאָך אַמאָל האָבן, שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה. דאָ האָבן מיר דאָס בילד פון דעם הוסט פון דעם כראָנישן קראַנקן אויף טובערקולאָז.

די לעצטע קראַנקייט הייבט זיך צומאָל אָן אַזוי, מיט דעם הוסט אַלס כמעט דעם איינציקן סימפּטאָם, ווערט אַזוי פאַרגעזעצט ביז אין דער טיפער עלטער און דער דאָזיקער מענטש — בעסער געזאָגט, דער דאָזיקער ייד — ווייל דאָס איז אָן אָפטע פאָרם פון דער קראַנקייט ביי יידן, דער דאָזיקער ייד שטאַרבט אַ זקן פון די פאַרשידענע „נאַטירלעכע״ טויטן פון זקנים. אָבער ווען בשעת זיין לעצטער קראַנקייט מאַכט מען דעם ייד אַ ראַדיאָגראַפיע, אָדער דער דאָקטאָר הערט געענוי אויס זיין פּלייצע, געפינט ער קראַנקע לונגען, און דער פילם באַווייזט איינע אָדער מער קאַווערנעס. מען דאַרף צוגעבן, אַז דאָס איז אַ בילד פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. היינט — מיר האָבן עס שוין געזאָגט — איז זייער שווער זיך „אַרויסצודרייען״ אָן אַ ראַדיאָגראַפיע.

מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם קורצן הוסט, דעם הייזעריקן: ווען ביי דעם טיפּ קראַנקע, וואָס מיר האָבן ערשט באַשריבן, ווערן אָנגעגריפן די שטים־בענדער, ווערט דער זעלביקער הוסט קירצער און הייזעריק. איך געדענק תמיד מיינעם אַ פּאַציענט, אַן אַלטער ייד, וואָס איז געווען דער פּראָטאָטיפּ פון די דאָזיקע פּאַציענטן. ווען ער איז געוואָרן הייזעריק, פלעגט ער מיר זאָגן, אַז די שטימע איז ביי אים געוואָרן פאַרלעגערט. אַ שאָד — פלעגט ער צוגעבן — איך וועל היינטיקע ימים־נוראים נישט קאָנען דאַוונען פאַרן עמוד... ער איז יאָרנלאַנג געווען אַ לונגען־קראַנקער, געהוסט און געדאַוונט ביים עמוד. נישט נאָר דער הוסט איז געווען ביי אים אַזוי היימיש ווי אַן אַלטער גוטער שכן, נאָר די קראַנקייט זעלבסט איז געווען ווי דער גוטער שכן זיינער. ער האָט פאַרביידע נישט מורא געהאַט... ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען געזאָגט: „זאָלן יינגערע פון אים נישט שטאַרבן״...

אָבער דער רבש״ע איז מיין עדות, אַז איך האָב דאָ געהאַט בדעה צו שרייבן נאָר וועגן דעם סעזאָן־הוסט. אָבער, ווייזט אויס, אַז דער שרייבער טראַכט און די שפּיץ פעדער לאַכט...

אָבער מיר גייען צוריק צו דער טעמע. דער אָרגאַניזם האָט געליטן אַ פאַרקילונג.

דער עולם האָט אַ טענדענץ אין אַלץ צו באַשולדיקן אַ „פאַרקילונג״. איינער האָט זיך פאַרקילט אַ האַנט, אַ צווייטער — אַ פוס, אַ דריטער אָדער אַ פערטער האָט זיך פאַרקילט דעם בויך, אָדער אַ זייט... דאָס אַלץ האָט נישט קיין זין און איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. אָבער די מענטשן, זוכנדיק צו אַלע ליידענישן אַ סיבה, כאַפּן זיך אָן אין דער „פאַרקילונג״. אין דער אמתן פאַר־קילט מען זיך נישט קיין האַנט, נישט קיין פוס און נישט דעם מאָגן. עס זענען נישט פאַראַן אַזעלכע זאַכן. מען פאַרקילט זיך און שוין. דער קערפּער איז וואַ־רעם און פלוצלינג ווערט ער אויסגעשטעלט אויף אַ נידעריקער טעמפּעראַטור. דאָס ערגסטע פון אַלץ איז די צוגלופט אָדער דער „קוואַסניוק״, ווי עס פלעגן זאָגן מיינע אַמאָליקע רוסיש־יידישע פּאַציענטן.

דער וואַרעמער קערפּער, נישט גענוג באַשיצט מיט צוגעפּאַסטע בגדים, אָטעמט אַריין אָדער ווערט דורכגענומען פון אַ קאַלטער לופט. און די סימנים פון פאַרקילונג דערשיינען עטלעכע שעה שפּעטער. ראשית די נאָז, און אַ טאָג שפּעטער „גייט עס אַראָפּ״ אין דער ברוסט; עס ווערן אַנטצונדן די לופטרערן.

היינטיקס יאָר האָב איך שוין געקאָנט באַמערקן, אַז די טראַקיאַ (גאָרגל), די צענטראַלע לופטרער, וואָס צעטיילט זיך עטוואָס נידעריקער אין רעכטן און לינקן בראָנכן, איז די אָפטסטע לאָקאַליזאַציע. די טראַשעע, קנה, ווערט אַנט־צונדן; עס טוט וויי די ברוסט, דער הוסט איז אַ טרוקענער, אַ ווייטיקלעכער און אַ פיינלעכער, מיט אַ כאַראַקטעריסטישן גערויש, אַ הייזעריקן. דאָס איז דער הינטישער הוסט. דער עולם שרעקט זיך שטאַרק פאַר אַזאַ הוסט, ווי ער שרעקט זיך אין אַלגעמיין מער פאַר טרוקענע הוסטן, וואָס מען רופט אומנוצלעכע, ווי פאַר די נאַסע הוסטן — די נוצלעכע. ווייל זיי ברענגען אַרויס די פלעגמע.

דער דאָזיקער טרוקענער הוסט פון אַ קעל־אַנצינדונג קומט די ערשטע טעג מיט אַ ביסל היץ, ווי כמעט אַלע פאַרקילונגען. אָבער טיילט זיך אָפּ פון אַנ־דערע הוסטן מיט דעם, וואָס ער איז זייער ווידערשטענדיק צו די געוויינלעכע רפואות. ער האַלט אָן וואָכנלאַנג און ווערט קיינמאָל נישט צייטיק. מען זאָגט, אַז אַ הוסט ווערט צייטיק, ווען ער הייבט אָן ווערן ווייכער און עס דערשיינט די פלעגמע. דער דאָזיקער הוסט אָבער פאַרבלייבט אַ טרוקענער, ביז ער גייט אַוועק. די דאָזיקע פאָרם פון פאַרקילונג, „טראַקעאיטיס״, איז גראָד נישט קיין ערנסטע, הגם דער הוסט פייניקט עטלעכע וואָכן.

ווען די אַנצינדונג לאָקאַליזירט זיך נידעריקער אין די בראָנכן, איז דער הוסט נאָר טרוקן די ערשטע טעג. דערנאָך ווערט ער ווייך און עס דערשיינט דער לייכעץ. דער הוסט איז אַ רואיקער, אָן רעש, כמעט אַ געוויינלעכער. ביי די מענטשן, וואָס האָבן אַ נייגונג צו אַסטמע אָדער אַסטמאַטישע פאַרקילונגען, הייבט אָן זידן אין דער ברוסט. דאָס איז דער ספּאַזם פון די דינע לופט־רערן.

דאָס איז די מוזיק פון דער ברוסט. די דאָזיקע פּאַציענטן מיינען זאָג איך צומאָל, אַז זיי זענען מוזיקאַליש געשטימט אָדער איך פרעג זיי צי זיי זענען מעלאָ־מאַנען.

ווען די אָנצינדונג גייט נאָך נידעריקער און גרייפט אָן די לונג זעלבסט, — לונגען־אָנצינדונג — איז דער הוסט שווער און פּיינלעך און אָפטמאָל באַגלייט מיט לופט־נויט, לויט דער צעשפּרייטונג פון דער אָנצינדונג.

דיקע מענטשן זענען די אויסדערוויילטע קרבנות פון די שווערע הוסטן, וואָס מאַטערן טאָג און נאַכט. ביי זיי בלייבט זעלטן די אָנצינדונג ביי די בראָנכן, זי גייט ווייטער צו דער לונג, און פאַרלענגערט זיך, ווערט כראָניש און דער הוסט פּייניקט זיי וואָכנלאַנג און צומאָל — חדשים.

דאָס קליינע הוסטעלע, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט, איז אויך אַ סך מאָל באַנאַל און מיינט גאָרנישט. עס הוסטן אָפט אַזוי געזונטע מענטשן, וואָס אָטעמען נישט מיט דער נאָז. עס איז אָן איבערפלעכלעך אומבאַדייטנדיק הוס־טעלע, אָבער וואָס שרעקט זייער שטאַרק די מוטערס.

אין אַלגעמיין הוסטן כמעט אין אַ פּערמאַנענטער פאָרם די מענטשן — גרויסע און קליינע — וואָס אָטעמען מיטן מויל. זיי האָבן אַ פּערמאַנענטע ריי־צונג פון די העכערע לופט־רערן, פאַראורזאַכט דורך דער קאַלטער און אומריי־נער לופט, וואָס זיי אָטעמען איין. עס איז באַוווּסט, אַז די לופט רייניקט זיך און דערוואַרעמט זיך, ווען זי גייט דורך דער נאָז, וואָס איז אַן אמתער פילטער.

מיר ווילן נאָך דערמאָנען דעם קאָקלוש־הוסט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש, ווייל דאָס קינד „פאַרגייט״ זיך אין ספּאַזמעס, נאָך וועלכן עס קומט אַ רויש־קער אַריינצי פון אָטעם, זייער אַ כאַראַקטעריסטישן און גוט באַקאַנטן פאַר די יונגע מוטערס. איך האָב דערמאָנט דעם דאָזיקן הוסט פּשוט, ווייל אַ סך גע־ווייבלעך פאַרקילטע מיט פאַרשידנערליי טרוקענע ספּאַזמאַטישע בראָנכיטן הוסטן אַזוי און זיי ווערן אָפט אָנגענומען פאַר קאָקלוש.

די גאַמע פון די פאַרשידענע הוסטן איז באמת אוממעגלעך צו באַשרייבן אין איין קאַפּיטל, ווייל זיי זענען זייער פאַרשידנאַרטיקע און אַנדערשדיקע.

מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דער הוסט איז תמיד דער שרייענדי־קער סימן פון עפּעס אַ קראַנקייט אָדער אַ שטערונג פון דער ברוסט, דאָס האַרץ אַריינגערעכנט. אויך האַרץ־קראַנקע הוסטן כאַראַקטעריסטיש, איבערהויפּט ביי־נאַכט פאַרן אַנטשלאָפן ווערן, אויב זיי שלאָפן איבערהויפּט.

מען טאָר נישט לאָזן אַ הוסט מער ווי עטלעכע טעג אָן זיך צו באַראַטן מיט אַ דאָקטאָר. איבערהויפּט דאַרפן אויסקוקן פאַרדעכטיק די מענטשן, וואָס הוסטן אין זומערצייט.

ווען דער הוסט איז טרוקן — דאָס הייסט אין ערשטן פעריאָד פון דער פאַרקילונג, זענען אָפט אומזיסט און אַרויסגעוואָרפן אַלע סיראָפּן און איינשפּריי־צונגען.

די בעסטע רפואה איז דאָס בעט און די וואַרעמקייט פון בעט, אַ זאַך, וואָס מיר האָבן שוין אַ סך מאָל דערמאָנט.

אַמאָל פלעגן די דאָקטוירים כמעט זיך באַגרענעצן מיט שטילן דעם הוסט, און אויפן מאַרק זענען דערשינען אומצאָליקע פּראָדוקטן און טראָפּנס צו שטילן דעם הוסט. פון די דאָזיקע רפואות פלעגט בעסער ווערן דעם אַפּטייקער, אָבער נישט די פּאַציענטן. היינט פירט זיך, אַז מען לאָזט צורו דעם הוסט און מען זוכט צו באַזייטיקן די סיבה — גריפּע, בראָנכיט, אַסטמע, פּלעווריט, אאַ״וו.

מיר ווילן צולעצט דערמאָנען, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין נערוועזער הוסט. אַ סך מענטשן, וואָס ווילן נישט גיין צום דאָקטאָר, באַשליסן, אַז זייער הוסט איז אַ נערוועזער און באַהאַנדלען אים נישט, וואָס עס ברענגט צומאָל ערנסטע פאָלגן.

## קאַפּיטל XVII

# קינדער־דערציאונג

## 1

די ווּיסנשאַפט פון דערציען קינדער איז די לעצטע צייטן אויפן סדר־היום. זייערע פאָרשונגען, מערסטנס אַמעריקאַנער, האָבן דערגאַנצט אַן אַרבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ סך יאָרן צוריק. עס ציט די אויפמערקזאַמקייט דער פאַקט, וואָס אַ סך פון די אַמעריקאַנער ביכער אויף דעם שווערן און מיזאַמען געביט זענען געשריבן פון יידישע דאָקטוירים פון אַמעריקע. איך וואָלט געזאָגט, אַז די יידישע גאונות וואָס האָט זיך אין מזרח־אייראָפּע אויסגעלעבט אָדער אויסגעלאָדן אין דעם דערגרונטעווען און אין מחדש זיין תלמוד און קבלה, האָט זיך אין אַמעריקע געווענדט אויף אַנדערע וועגן, אַנדערע געביטן, אגב נישט קיין גרינגערע, ווי ס׳איז דאָס געביט פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע, קינדער־נעווראָפּסיכיאַטריע, וואָס זענען די יסודות פון דער מאָדערנער דערציאונג.

אָבער עס איז אין דער דאָזיקער געשעעניש פאַראַן אַ פיינלעכער מאָמענט פאַר אונדז יידן: די רעליגיעזע גאונים אונדזערע פון מזרח־אייראָפּע און פירער זענען געווען יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דערגרונטעווען יידישע (רעליגיעזע) וויסנשאַפט, און די היינטיקע יידישע „קעפּלעך״, וואָס אַרבעטן אויף די

אַנגעוויזענע געביטן, זענען אַמעריקאַנער, וואָס באַרייכערן די וועלט־וויסנשאַפט, פּשוטער גערעדט: עס גייט נישט אויפן חשבון פון אונדזער יידישער פירמע.

דאָ נישט לאַנג, ווען ס׳איז געוואָרן הונדערט יאָר זינט פרויד איז געבוירן געוואָרן, איז דערשינען אין „לאַ נאַסיאָן״ אַ זייער וויכטיקע און גרויסע אַרבעט פון אַ היגן יידישן פּסיכאָלאָג וועגן פרוידן און צווישן די הונדערטער שורות איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר איינער, וואָס זאָל זאָגן אַז פרויד איז געווען אַ ייד... די וויסנשאַפט געהערט טאַקע צו דער גאַנצער וועלט, אָבער נישט די געניאַלע פאָרשער. יעדער איינער פון זיי געהערט צו אַ באַשטימט פאָלק. אָבער אונדזערע יידישע האַלב־ אָדער גאַנץ־אַסימילירטע וויסנשאַפטלעכע פּובליציסטן האַלטן, אַז ס׳איז געשמאַקלאָז צו דערמאָנען, אַפילו בדרך אגב, אַז דער און דער גאון איז געווען אַ ייד. ווען ער וואָלט געווען אַן ענגלענדער, וואָלטן זיי עס יאָ דערמאָנט און עס וואָלט נישט געווען געשמאַקלאָז...

די היינטיקע אַמעריקאַנער פאָרשונגען זענען אַ המשך פון פריערדיקע אַר־בעטן. דער ערשטער אָדער אפשר נישט דער ערשטער (אין דער וויסנשאַפט איז שווער צו זיין דער ערשטער — ניהיל נאָווום סוב סאָלום) איז געווען פרויד. ער האָט געוויזן דעם וועג, אויף וועלכן אַלע נאָכפאָלגער זענען געגאַנגען. אָבער צווישן פרוידן און די היינטיקע פאָרשער זענען געווען באַדייטנדיקע כוחות — די דאָקטוירים פון פרוידס שולע — און זיינע ערשטע נאָכפאָלגער און דערגאַנ־צער, וואָס האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דער דאָזיקער וויסנשאַפט.

אַז מען לייענט צום ביישפּיל די „בריוו צו אַ מוטער״ פון דר. ווילהעלם שטעקעל, דעם ווינער פּסיכיאַטאָר, פרוידס מיטצייטלער, אַרויסגעגעבן אין יידיש דורך דער וואַרשעווער ביבליאָטעק „געזונט און לעבן״, רעד. דר. מ. לענסקי, איבערגעזעצט פון מרדכי פּאָרלערער (1931), געפינט מען שוין דאָרטן אַ שפע אָנווייזונגען און עצות, וואָס מיר לייענען כמעט נישט געענדערט אין די היינ־טיקע מאָדערנע אַמעריקאַנער ביכער.

דערפאַר איז אפשר איבערגעטריבן צו זאָגן מאָדערנע. דער פאָרשריט פון דער וויסנשאַפט איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַרבעט פון דורות, שטופנווייז, און דאָס נייע, מאָדערנע, איז נישט תמיד מאָדערן...

אין זיין ערשטן בריוו (1917) זאָגט שטעקעל, אַז אים איז נישט באַקאַנט „אַזאַ בוך, וואָס זאָל, אין דער פראַגע, אויף אַ קורצן אָבער דאָך אויסשעפנדיקן אופן געבן ריכטליניעס די מוטערס אָדער די, וואָס ווילן עס ווערן״. שטעקעל שטיצט זיך אין זיינע בריוו אויף פרוידס טעאָריעס און פאָרשונגען, און מען דאַרף אָנערקענען, אַז ער איז באמת געווען אַ פאָרגייער פון די היינטיקע פאָר־שער אויף דעם געביט פון קינדער־דערציאונג.

די דערציאונג און די גייסטיקע געשטאַלטונג פון די קינדער איז אינגאַנצן

אָנגעוויזן אויף די עלטערן פון דעם ערשטן טאָג פון זייער געבוירן, אָבער מיט זייער אָן אינטערעסאַנטן און פונדאַמענטאַלן שטריך, נעמלעך: עס איז נישט גענוג, אַז די עלטערן זאָלן זיין נאה דורש, נאָר אויך, און אומבאַדינגט, נאה מקיים. אַנדערש דערשפּירן עס די קינדער מיט זייער זעלטענעם חוש און זייער באַציאונג מיט די עלטערן און די לערע האָט נישט קיין ווירקונג. אַזוי אַרום אַז די מאָדערנע דערציאונג פון די קינדער מיינט אויך דערציאונג פון די עלטערן.

דאָס איז שוין אַ פונדאַמענטאַלער ענין און ער איז, אַזוי צו זאָגן, דער לייטמאָטיוו פון דער גאַנצער לערע פון קינדער־דערציאונג.

אָבער די דערציאונג און גורל פון קינד הייבט זיך נישט אָן אין דעם טאָג, ווען עס ווערט געבוירן, נאָר אַ סך פריער. אין פועריקולטור (די וויסנשאַפט פון דערציען די קינדער) הייסט דאָס קאַפּיטל „פועריקולטוראַ פּרעקאָנסעפּסיאָנאַל אָדער פּרעמאַטרימאָניאַל".

שטעקעל זאָגט עס אַ סך פּשוטער: „די דערציאונג פון קינד הייבט זיך שוין אָן מיטן מאָמענט פון אויסקלייבן אַ זיווג".

און ווירקלעך, אין אַלע טראַקטאַטן וועגן פועריקולטור ווערט געעצהט, צווישן פיל אַנדערע זאַכן, אַז ביי אַ פּאָרפּאָלק דאַרף נישט זיין קיין גרויסער חילוק אין עלטער; עס איז בעסער, אַז ביידע מיטגלידער פון פּאָרל זאָלן געהערן צו דער זעלביקער רעליגיע; עס זאָל נישט זיין קיין גרויסער חילוק אין קולטורעלן ניוואָ פון ביידע מיטגלידער און אַז זיי זאָלן אויך נישט געהערן צו פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען. צווישן אַנדערע זענען די דאָזיקע זייער וויכטיקע תנאים אַזוי פונדאַמענטאַל ווי די פיזישע אייגנשאַפטן בנוגע געזונט און קלעפּיקע קראַנקייטן וכו'.

רעדן וועגן אויסקלייבן זיך אַ זיווג אין היינטיקע צייטן, ווען שדכנים זענען אין אַ געוויסער מאָס פאַרשווונדן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד און דער מענטשלעכער מין פאַרט זיך בהסכם מיט דעם עמאָציאָנעלן צושטאַנד, וואָס הייסט ליבע, איז אפשר וועלן פאַרגוואַלטיקן די מענטשלעכע נאַטור.

די ליבע איז אַ מעכטיקער כוח און איז אויך בלינד — ווי עס איז אָנגענומען. — אַזוי אַרום, אַז זי איז נישט קיין ניכטערער בעל־יועץ און זי פאַרפירט אַ סך מאָל און איז גורם אומגליקלעכע פּאָרפּעלקער און נישט געזונטע קינדער. דאָס איז אַ זאַך, וואָס מיר, דאָקטוירים, האָבן די געלעגנהייט צו באַמערקן גאַנץ אָפט. די וויסנשאַפט איז דאָ אַנטשיידן קעגן דער ליבע. עס האַנדלט זיך פון ברענגען אויף דער וועלט געזונטע דורות און דער פרייער עמאָציאָנעלער אויסוואַל איז נישט תמיד אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון דער וויסנשאַפט.

דאָס קינד פּילט און שפּירט, ווען צווישן זיינע עלטערן איז נישט פאַראַן

קיין האַרמאָניש לעבן און דאָס שטערט אים אין דעם פּראָצעס פון אַ שלימות־דיקער אַנטוויקלונג און פאָרמאַציע.

טויזנט און איין פאַקטאָרן ווירקן אויף דעם קינד, ווען דאָס פאָרפאָלק האָט נישט קיין גליקלעך צוזאַמענלעבן. די פרוי־מוטער לאָדט־אויס, אין אַזאַ פאַל, איר גאַנצע ליבע און צערטלעכקייט אויף דעם קינד. און דאָס איז פאַר אים נישט געזונט. ער ווערט דאָ צופיל געפּיעשטשעט און דאָס שטערט אים צו זיין פּסיכאָ־פיזישער אינטעגראַציע, צו זיין שלימותדיקייט. די דאָזיקע מוטער וויל מיט דעם קינד אויספולן די פוסטקייט פון איר לעבן און דאָס שעדיקט דעם קינד. עס וואָלט זיך געוואָלט זאָגן, אַז אומגליקלעכע פאָרפעלקער וואָלטן נישט באַדאַרפט ברענ־גען קיין קינדער אויף דער וועלט. אָבער אין לעבן קומט גראָד פאַר פאַרקערט. אַזעלכע פרויען ווילן דווקא יאָ האָבן קינדער, אויף וועלכע זיי וואַרפן זיך ממש אַרויף מיט דער גאַנצער ליבשאַפט, וואָס זיי קענען נישט אָנווענדן אויף זייער מאַן. ווייל דאָס ווערט דער צוועק פון זייער לעבן, דאָס דאַרף אויספולן זייער לעבן און דאָס אַלץ איז שעדלעך פאַרן קינד.

די דערציאונג פון קינד איז אויך אַ פאַקט בשעת דעם שוואַנגערן. שוואַנ־גערע פרויען מוזן פירן אַ באַזונדער היגיעניש און אָפּגעהיט לעבן. יעדע זאַך, וואָס איז נישט גוט פאַר דער צוקונפטיקער מוטער, איז נישט גוט פאַרן קינד, וואָס זי טראָגט אין איר טראַכט. ווען די שוואַנגערע פרוי ליידט פון אַ סך צרות, ווערן געבוירן קינדער מיט די אַזוי גערופענע „אגענעזיעס״, ד. ה. נישט אינ־גאַנצן אַנטוויקלטע אָרגאַניש: קינדער, וועלכע ווערן געבוירן נאָר מיט איין אויער, אָדער עס פעלט ביי זיי אַ פינגער, אָדער אַנדערע פאַרשידענע פעלערן. אַזעלכע פרויען דאַרפן פירן אַ ספּעציעל רואיק און אָפּגעהיט לעבן, ווייל יעדע שטערונג אין זייער לעבן — פון וועלכן מין עס זאָל זיך נישט האַנדלען — ווערט זיך אָפּרופן אויפן קינד.

דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן די שוואַנגערע פרויען, וואָס שרעקן זיך יעדן טאָג פאַר אַ ספּאָנטאַנעם אַבאָרט, אָדער האָבן מורא פאַר דער קימפּעט. די גלוסטעניש און די פאַרגלוסטעניש פון די דאָזיקע פרויען, וועלכע די פאַ־מיליע נעמט אַזוי ערנסט, און דער יונגערמאַן — דער צוקונפטיקער טאַטע — לויפט אויס די שטאָט צו קריגן עפּעס אַ נאַר־שקייט, וואָס האָט זיך „פאַרגלוסט״ זיין ווייבל, דאָס זענען ראשית כל נאַרישע זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין זין און די פאַרגלוסטענישן זענען עס נישט. עס איז אַ סברה, אַז דאָס זענען יונגע פרויען, וואָס האָבן מורא פאַר דער קימפּעט אָדער פאַר אַן אַבאָרט, און די גלוסטענישן זענען נאָר פאַנטאַזיעס פון זייער נערוועאישן צושטאַנד און פון די זאָרגן, וואָס די פאַרגרעסערונג פון דער פאַמיליע רופט אַרויס ביי שפּירעוודיקע יונגע פרויען.

דערפאַר איז בעסער אַז אין דעם שויס פון דער פאַמיליע און איבערהויפּט

צווישן די צוקונפטיקע עלטערן זאָל די סיטואַציע געניי און אָפנהאַרציק אַרומ־גערעדט ווערן, כדי מען זאָל שפּעטער נישט דאַרפן אימפּראָוויזירן. דאָס פאַר־גרינגערט און באַפרייט אויך דאָס געמיט פון דער יונגער צוקונפטיקער מוטער.

ווען אין אַזאַ פאַל איז שוין פאַראַן אַ קינד אין שטוב און עס באַמערקט, אַז ביי דער מוטער וואַקסט דער בויך און עס פרעגט געוויינלעך, דאַרף מען אים נישט דערציילן קיין באָבע־מעשיות, אַז די „סיגועניאַ" (באָטשאַן) וועט קומען צו פליען און וועט אים ברענגען אַ ברידערל... מען דאַרף אים זאָגן, אַז ביי דער מוטער אין בויך וואַקסט אַ ברידערל אָדער שוועסטערל און ערב דער קימפּעט דאַרף מען אים זאָגן, אַז די מוטער וועט אַוועקגיין כדי דאָס קינד זאָל אַרויס פון איר בויך. אַזאַ קינד דאַרף מען נישט פירן זען די מוטער אין שפּיטאָל אָדער סאַנאַטאָריע. ווען זי קומט אַהיים, דאַרף זי אים ברענגען אַ מתנה און זיין זייער פאָרזיכטיק נישט צו דערוועקן ביי אים אַ געפיל פון אייפערזוכט צום נייעם ברידערל. דערפאַר דאַרף ער די ערשטע צייטן נישט זיין דערביי, ווען מען גיט זויגן און ווען מען באָדט דאָס נייע קינד. דאָס אַלץ מיט איין אויסרייד: דאָס קינד זאָל נישט מיינען, אַז מען באַהאַלט עפּעס בכיוון פון אים.

## 2

„דאָס קינד ווערט געבוירן אין אַ נאָכמיטאָג, געשוואָלן און רויט, אין אומ־אָרדענונג, ווי אַ שטיק כאָאָס. עס איז עפּעס אַזוינס, ווי אַ ניי שטיק מעבל, וואָס מען ברענגט אַריין אין שטוב, און וואָס מען דאַרף אויף דעם אַכטונג געבן און פאַלירן אַ לאַנגע צייט, ביז עס וועט באַקומען אַ היימישן אויסזען. עס איז אַי־בערהויפּט ענלעך צו אַ שלעכט דערצויגן חיהלע, וואָס קען נישט באַנוצן ווי עס באַדאַרף צו זיין נישט זיינע פיס, נישט זיינע הענט, נישט די אַנדערע גלידער פון זיין קערפּער. טאַטע־מאַמע: גיט אַכטונג מיט אויפמערקזאַמקייט, פאַלירט גוט אָט דעם קליינעם קעגנשטאַנד, ווייל אין אַ געוויסן טאָג וועט זיין געשטאַלט מוזן בלייבן גוט איינגעקריצט אין אייער זכרון און זיין לעבן וועט זיין ענלעך צו אייער לעבן; דערציט גוט דאָס חיהלע, ווייל עס איז בויטוועגדיק, אַז שפּעטער זאָל עס וויסן ווי אַזוי אַרומצוגיין און זיך אויפפירן ווי אַ ציוויליזירט און גוט מענטשעלע".

די דאָזיקע שורות, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אַנהייב הייַנטיקן יאָרהונ־דערט פון אַ גאונישן דיכטער (שאַרל לואי פיליפּ), וואָלט אונטערגעחתמעט אַ הייַנטיקער מאָדערנער קינדער־דערציער.

דאָס וואָס דער גאון — וואָס איז נישט געווען קיין דאָקטאָר — זאָגט, איז אַ גוואַלדיקער וויסנשאַפטלעכער אמת. דאָס ניי־געבוירענע קינד איז אַ שטיק

כאַאָס. זיינע ערשטע דריי חדשים לעבן זענען גאַנץ ענלעך און נישט מער ווי אַ פאָרזעצונג פון זיין לעבן ביי זיין מוטער אין בויך. זיין אָרגאַניש לעבן האָט קוים אָן אָנהייב פון אָרגאַניזאַציע, פון אַ פיזיאָלאָגיש לעבן. עס לעבט נאָר מיט זיינע אינסטינקטן, מיט וועלכע עס איז געקומען אויף דער וועלט. עס איז אַ חיהלע, וואָס ווען עס זאָל נישט האָבן די הילף פון דער מוטער, וואָלט עס גלייך געשטאָרבן, פונקט ווי אַלע אַנדערע חיהלעך באַלד נאָך זייער געבורט.

געוויסע מינים חיות ווערן געבוירן מיט שטאַרקערע אינסטינקטן צו באַשיצן זייער לעבן אין די ערשטע מאָמענטן נאָך זייער געבורט. אין צענטראַל־אַמעריקע איז פאַראַן אַ חיה, וואָס הייסט ז אַ ר י ג ו ע ז ש אַ. ביים געבורט שטעקט דאָס קינד אַרויס דאָס קעפּל מיט די פאָדערשטע פיסלעך און עס שפּאַרט זיך אָן מיט זיי ביים אונטערשטן טייל פון דער מוטערס קערפּער און העלפט אַליין מיט צו זיין אייגענעם געבורט. די דאָזיקע חיה — באַגלייך ווי אַנדערע — האָט אַ זעקל אונטער איר בויך, אין וועלכן עס „וווינען״ אירע קינדער און זייגן דאָרטן זייער שפּייז. די חיה, מער־ווייניקער ענלעך צו אונדזער „וויסקאַטשאַ״ אָדער „סאָרינאָ״, האָט אַ לאַנגן און מעכטיקן ווידל אָדער עק, וואָס זי בייגט איין איבער איר קערפּער פּאַראַלעל צו איר רוקן. די קינדער אירע — געוויינלעך אין צאָל פון פיר, באַזעצן זיך שפּעטער אויף איר רוקן, וויקלען אַרום דעם עק פון זייער ווידל אַרום דער מוטערס און שפּאַצירן אַזוי גאַנץ זיכער אויף דער מוטערס רוקן לענגערע שטרעקעס.

די מאַלפּע „רהעזוס״, די זעלביקע, אויף וועמענס נירן מען פלאָדיעט דעם ווירוס, פון וועלכן מען גרייט־צו דעם וואַקסין קעגן פּאָליאָמיעליטיס, ביי דער דאָזיקער מאַלפּע קומט פאָר, אַז גלייך נאָכדעם ווי איר קינד ווערט געבוירן, קריכט עס אַרונטער אונטער איר בויך, דאָרטן, וווּ זי האָט די פּיפּקעס, נעמט אַרום איר האַלדז מיט די פאָדערשטע פיסלעך און איר בויך מיט די אונטערשטע און בלייבט דאָרטן מיטן מויל ביי דער פּיפּקע די ערשטע אַכט טעג פון זיין לעבן. דאָרטן וואַרעמט זיך עס אויס און דאָרטן זייגט עס די מילך.

ביי די ים־וועלף (פאָקאָ), ווען דאָס קינד ווערט געבוירן, הייבט די מוטער עס אויף מיט איר מויל און לייגט עס צו צו איר פּיפּקע. דאָס קינד ווערט ביי איר געבוירן מיט אַ געקנייטשט פעלעכל און נאָך אַכט טעג זייגן איר פעטע מילך, ווערט עס פול און פעט און די קנייטשן ווערן פאַרשווונדן.

ביי די אַנדערע ים־וועלף (מאָרסאָ) ווערן געבוירן די קינדער מיט זייער אַ שוואַכן אינסטינקט און די מוטער איז אַ שוואַכע מוטער און עס שטאַרבן טאַקע ביי איר אָן אַ שיעור „קינדער״...

מיר האָבן געזאָגט, אַז אונדזערע קינדער ווערן געבוירן מיט אַ שוואַכער אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט, אַז די פונקציעס פון די פאַרשידענע אָרגאַנישע אַפּאַ־

ראַטן זענען שוואַך און אַ ביסל כאַאָטיש: זיי אָטעמען שלעכט, שוואַך און אוי־בערפלעכלעך. זייער הערצל איז נישט גענוג מעכטיק צו שטויסן דאָס בלוט אין די ווייטע שטחים פון קערפּער, צום ביישפּיל צום מוח. דערפאַר אַנטוויקלען זיך זייער לאַנגזאַם די נערוון־צעלן ביי זיי. דער שלאָף ביי די קינדער, די ערשטע דריי חדשים, איז נישט קיין שלאָף, נאָר אַ מין לעטאַרג, זייער־זייער ענלעך צו דעם צושטאַנד ביי דער מוטער אין בויך, וואָס איז אויך אַ מין לעטאַרג. ביי דער שוואַכער בלוט־צירקולאַציע פון די ערשטע דריי חדשים באַקומט דער מוח זייער ווייניק בלוט און אַזוי אַרום זייער ווייניק זויערשטאָף, וואָס איז דאָס לעבן פון די קעמערלעך און איבערהויפּט פון די נערוון־קעמערלעך. די לופט וואָס זיי אָטעמען אַריין שוואַך און אין אומאָרדענונג, מחמת דער שוואַכקייט פון די מוס־קולן, וואָס פירן אָן מיט דעם אָטעם, צעעפנט לאַנגזאַם די לונגען, וואָס זענען ביז דעם געבורט געווען פאַרמאַכט, און פאַרוואַנדלט אין אַ געוויינלעך „שטיק פלייש". די לונגען באַקומען נישט אַזוי שנעל זייער ריטמישע עלאַסטישקייט און עפענען נישט אַזוי גרינג און אַזוי שנעל זייערע רערן, פון די גרעסערע ביז די גאָר קליינינקע („בראָנקיאָלאָס") און דאָס בלוט, וואָס דרינגט אַריין אין די לונגען מיט אַ שוואַכן שטויס פון שוואַכן הערצעלע, באַקומט ווייניק זויערשטאָף.

אָבער די ערשטע מוטער פון דעם באַשאַף, די מוטער נאַטור, איז דאָך אַזוי פול מיט חכמה!... האָט זי געמאַכט אַזוי: דאָס קינד ווערט געבוירן מיט אַ שטאַרק־פאַרגרעסערטער לעבער. זי איז גרויס, ווייל זי איז פול מיט בלוט, בלוט, וואָס איז געקומען פון דער מוטערס גוף און וואָס האָט אַ דאָזע זויערשטאָף ווי ביי דערוואַקסענע. נאָך דער געבורט ווערט דאָס דאָזיקע בלוט פון לעבער ביסלעכוויז מאָביליזירט אין דעם קערפּערל פון קינד און צעשפּרייט אַ סכום זויערשטאָף, וואָס דאָס בלוט פון קינד קאָן נישט באַזיצן. אַזוי אַרום, אַז דאָס בלוט פון דער פאַרגרעסערטער לעבער פון קינד ראַטעוועט די סיטואַציע און שטעלט־צו אין די ערשטע טעג דעם אומבאַדינגט־נייטיקן זויערשטאָף, וואָס דעם קינדס לונגען קאָנען נאָך נישט שאַפן...

אָבער, ווי געזאָגט, דאָס קינד ווערט געבוירן מיט גענוג לעבנס־ענערגיע, וואָס ווערט אָנגערופן א י נ ס ט י נ ק ט. דאָס איז אַ כוח, וואָס וועט ווענדן און קערן נישט נאָר זיין פיזיש, נאָר אויך זיין גייסטיק לעבן. דעם דאָזיקן כוח דאַרף מען אָרגאַניזירן און אָפּהיטן פון די ערשטע טעג פון קינדס לעבן; מען דאַרף אים קאַנאַליזירן אויף די געהעריקע וועגן, כדי ער זאָל דינען ווי עס באַדאַרף צו זיין די קערפּערלעכע און פסיכישע נויטווענדיקייטן פון קינד. זיינע נאַטירלעכע אימ־פּולסן קאָנען נישט און דאַרפן נישט געהאַמעוועט ווערן, ווייל זיי זענען קעגן אונדזערע פּערזענלעכע באַקוועמלעכקייטן. עס איז די גרויסע מיסיע פון די על־טערן „אַנצופירן האַרמאָניש" מיט די ערשטע רעאַגירונגען פון קינד, כדי זיי

זאָלן דינען פאַר אַ פולקאָמער אַנטוויקלונג פון זיין שפּעטערער פיזישער און גייסטיקער פערזענלעכקייט.

די פערזענלעכקייט פון אַ מענטשן, זיין מאָראַלישע, עטישע, גייסטיקע און פיזישע פּערזענלעכקייט, ווערט אויסגעפורעמט אין די ערשטע חדשים פון זיין לעבן און נישט שפּעטער, ווען ער ווערט אַ מענטש.

עס פאַרשטייט זיך, דאָס איז אַן עטאַפּנווייזע אַנטוויקלונג; איין עטאַפּ נאָך דעם צווייטן. אָבער די ערשטע זענען די וויכטיקסטע, די פונדאַמענטאַלסטע... און די עלטערן, איבערהויפּט די מוטער, שפּילט דאָ די ערשטע ראָל. איר קאָנטאַקט און איינפלוס אויף דעם קינד איז נישט מער ווי אַ פאָרזעצונג פון איר קאָנטאַקט און איינפלוס אויף אים, ווען זי האָט אים געטראָגן אין איר בויך.

ווען דאָס קינד איז געווען ביי דער מוטער אין בויך איז עס געווען עפּעס מער ווי איר קינד; עס איז געווען אַ טייל פון איר; עס האָט געליטן אירע ליידן; עס האָט אָנטיילגענומען אין איר פרייד. מען קאָן בפירוש זיך אויסדריקן אַזוי, ווייל עס איז אַזוי. נאָך דער געבורט דאַרף די באַציאונג צווישן מאַמע און קינד זיין אַ פאָרזעצונג פון דעם צושטאַנד פון פ אַ ר דער געבורט.

אַ מוטער קאָן אָפּהיטן פאַרטרעפלעך איר קינד, עס האַלטן תמיד ציכטיק און ריין, אים געבן עסן פּינקטלעך צו דער צייט, עס האַלטן אין אַ וואַרעמען צימער, ווען ס׳איז קאַלט, און אין אַ קילן, ווען ס׳איז הייס. הכלל, ווי מען זאָגט, עס זאָל אים גאָרנישט פעלן. אָבער ווען די דאָזיקע פאָרטרעפלעכע באַהאַנדלונג איז, אַזוי צו זאָגן, „אומפּערזענלעך" און קאַלט, ווי עס וואָלט עס געטאָן אַ זייער גוטע אָבער פרעמדע דינסטמיידל, אָדער „נוירס", ווען די דאָזיקע באַהאַנדלונג איז אַ קאַלטע, אָן הארץ, אָן נשמה, אָן וואַרעמקייט, אָן צאַרטקייט, אָן אַן אומענדלעכער ליבע און געטריישאַפט, וועט עס דאָס קינד פילן און וועט אָן אַ שיעור ליידן פון דעם און שפּעטער וועט עס זיין אַן „איבערגעפּירטס", אַ נישט גאַנצער מענטש, עפּעס וועט אים פעלן... מיר וואָלטן געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ נישט־פאַרענדיקטער מענטש. עס וועט זיין גלייך ווי עס וואָלט דערצויגן געוואָרן גאַנץ איינזאַם, אין אַ וואַלד. יעדנפאַלס, קיין גאַנץ נאָרמאַלער מענטש קאָן פון אַזאַ דערציאונג נישט אַרויסקומען. מיט קינדער, וואָס ווערן אַזוי דערצויגן, וועלן שפּעטער זיין פול די קליניקעס פאַר נערוון־קראַנקע, די קאַבינעטן פון די פּסיכאָאַנאַליטיקער, די קליענטור פון די קינדער־פּסיכאָלאָגן און אַפילו די משוגעים־הייזער.

ביז צוריק מיט אַ קורצער צייט פלעגט זיך באַווייזן צווישן קינדער ביז איין יאָר אַלט אַ קראַנקייט, וואָס מען האָט גערופן „מאַראַזם", אַ וואָרט, וואָס קומט פון גריכיש און וואָס מיינט „קאָנסומפּציע", ד. ה., עקסטרעמע מאָגערקייט. עס פלעגן פון דעם שטאַרבן אָן אַ שיעור קינדער, אפשר אַ העלפט פון דער קינדער־

שטערבלעכקייט ביזן ערשטן יאָר לעבן. אָבער אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג און אַ ברייטע אינפאָרמאַציע אויף דעם געביט האָט באַוויזן איין קלייניקייט: פון דער דאָזיקער קראַנקייט ליידן נאָר יענע קינדער, וואָס ווערן געבוירן און דערצויגן אין שפּיטעלער און קינדערהייזער, אַפילו אין די אידעאַלסטע באַדינגונגען פון היגיענע, ריינקייט און פּינקטלעכקייט. ס׳איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן, אַז קינדער, געבוירענע און דערצויגענע אין די אָרעמסטע און אַפילו נישט אַזוי היגיענישע און ריינע היימען, אָבער ביי אַ גוטער מוטער, האָבן קיינמאָל נישט געליטן פון דער דאָזיקער קראַנקייט.

די רפואה צו דער קראַנקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין אַלע קינ־דערהיימען און אנשטאַלטן, ווו עס האָבן זיך דערצויגן די קינדער אָן מוטערס, האָט מען באַזאָרגט פאַר יעדן קינד אַן „אַדאָפּטירטע מוטער״, וואָס האָט געקאָנט זיין די קראַנקנשוועסטער גופא, אָבער ווען מ׳האָט אויסגעלערנט, אַז זי זאָל נישט זיין קיין „טרוקענע״ דערציערין, נאָר זי זאָל אין איר אַרבעט אָנווענדן די ליבע און צערטלעכקייט פון אַן אמתער מאַמע. מיט אָט דעם סיסטעם איז „מאַ־ראַזם״ כמעט ווי פאַרשווונדן פון די קינדערהייזער.

חוץ דעם איז איינגעפירט, אַז ווען קליינע קינדער ווערן קראַנק, האַלט מען זיי אין די שפּיטעלער ווי ווייט מעגלעך ווייניקער צייט, און אין געוויסע לענדער זענען די זאַלן פאַר קינדער אין די שפּיטעלער באַזאָרגט מיט בעטלעך פאַר די מוטערס.

די אויספאָרשונג פון דער דאָזיקער קראַנקייט האָט נאָכאַמאָל באַוויזן ווי לעבנס־נויטווענדיק ס׳איז פאַרן קינד די וואַרעמקייט און די נאָענטקייט פון דער מוטער.

די קינדער, וואָס ליידן פון „מאַראַזם״, האָבן דעם אויסזען פון אַ „פעטוס״, ד. ה., גלייך זיי וואָלטן נאָך געווען ביי דער מוטער אין בויך, אַפילו זיי זאָלן אַלט זיין 6 אָדער מער חדשים, און האָבן אַ פנים פון אַן אַלטן מענטשן; זיי זענען זייער מאָגער; זייער הויט איז צעקנייטשט און טרוקן; זייער קעפּל איז גרויס אין פאַרהעלטעניש צום קערפּער; זייער בויך איז גרויס, ווייל די לעבער איז ביי זיי זייער פאַרגרעסערט; זיי אָטעמען זייער אויבערפלעכלעך. די דאָזיקע קינדער קאָנען טרינקען אַ סך מילך, אָבער זיי אַסימילירן זי נישט און ליידן פון אַ לויזן מאָגן אָדער ברעכן. זיי זענען בלייך, לויט די פאָרשער, מיט אַ טי־פישער בלייכקייט, פון וועלכער עס ליידן נאָר די קינדער, וואָס באַקומען נישט קיין מוטערלעכע דערציאונג מיט די געהעריקע צערטלעכקייטן. דאָס וואַקסן און די אַנטוויקלונג שטעלט זיך ביי זיי אָפּ און עס וואָלט זיך געזאָגט, אַז אנשטאָט וואַקסן און אַנטוויקלען, גייט עס ביי זיי צוריק; אינוואָלוציע, אנשטאָט עוואָ־לוציע.

די באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע קינדער איז אַ גאַנץ פּשוטע: מען פאַר־וואַנדלט די מער־ווייניקער גלייכגילטיקע קראַנקנשוועסטער אין עפּעס ענלעכעס צו אַ מוטער — עס זענען דאָך קינדער פון שפּיטעלער אָדער קינדערהייזער, וואָס האָבן נישט קיין מוטערס. די קראַנקנשוועסטער האַלט דאָס קינד אויף די הענט די האַלבע שעה בשעת זי גיט אים דאָס פלעשל מילך. צו דער זעלביקער צייט צערטלט זי אים און שפּילט זיך אַביסל מיט אים. פון צייט צו צייט ענדערט מען זיין פּאָזיציע אין וויגל און ווען מעגלעך האַלט מען אים אויף די הענט עט־לעכע מינוט פאַר, בשעת און נאָכן עסן.

מיט אָט־דער פּשוטער באַהאַנדלונג און מיט איינשפּריצן סערום צו פאַר־בעסערן די צירקולאַציע באַמערקט מען גאַנץ געשווינד אַ פאַרבעסערונג. אין די דאָזיקע שפּיטעלער זוכט מען פאַר די דאָזיקע קינדער „פּריוויליקע מוטערס״ אָדער „פרעהס טעכטער״, וועלכע זאָלן קומען צוויי מאָל אין טאָג צערטלען דאָס קינד אַ באַשטימטע צייט. מען דערקלערט די דאָזיקע „מוטערס״ גוט, אַז דאָס, וואָס דאָס קינד באַדאַרף, איז אַז מען זאָל זיך מיט אים שפּילן אַביסל און אים אַרויסווייזן ליבע, עס האַלטן אויף די הענט און גלעטן דאָס קעפּעלע אַ פּאָר מאָל אין טאָג, רעדן צו אים, זינגען אַ לידעלע, אא״וו.

דער רעזולטאַט פון אַזאַ באַהאַנדלונג איז תמיד אַ פּאָזיטיווער. די קינדער נעמען־צו וואָג, זיי ווערן לעבעדיק און באַוועגן ענערגיש זייערע פיסעלעך און הענטעלעך, זיי פאַרלירן זייער לאַנגזאַם זייערע געוווינהייטן, וואָס זיי האָבן באַ־קומען אין זייער איינזאַמקייט; אַזעלכע ווי זייגן אַ פינגער, צומאָל אַ לייכטן מאָגן, אַנדערע מאָל אַ געוווינהייט וואָס איז ענלעך צו מאַלעגיירען. דאָך הייבן זיי אָן צו גיין שפּעטלעך.

דאָס זעלבע פאַסירט מיט דער שפּראַך. אָבער זייער אַפעקטיוו לעבן בלייבט סוף־כל־סוף געענדערט; ווען זייערע אַדאָפּטירטע מוטערס פאַרשווינדן אויף עט־לעכע וואָכן, פאַלן זיי צוריק אַריין אין זייער פריערדיקן צושטאַנד. געוויינטלעך איז פאַר די דאָזיקע קינדער שווער אויסצודריקן סימפּאַטיע אָדער ליבשאַפט צו זייער „מוטער״ און זיי קאַנען אויך נישט אָנרעגן די „מוטער״, זי זאָל זיי ליב האָבן. דאָך קאַנען זיי נישט לעבן אָן די דאָזיקע צערטלעכקייטן. די לאַגע מאַכט אויך שווער די אַרבעט פון דער מוטער. עס קומט אויס, אַז דאָס קינד קומט נישט אַנטקעגן אירע צערטלעכקייטן.

די מעדיצין האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיטן פאַרשן די פּראָבלעמען פון די פיזישע נויטווענדיקייטן פון קינד ווי סטימולירן זיין וואַקסן און פיזישע אַנט־וויקלונג, און האָט פאַרגעסן אין דער נויטווענדיקייט, וואָס דאָס קינד האָט פאַר צערטלעכקייט און מוטערלעכער אויפמערקזאַמקייט, וואָס זענען אומבאַדינגט

בייטיק פאַר דער נאָרמאַלער און נוצלעכער פּסיכאָלאָגישער און פּסיכישער אַנט־וויקלונג זיינער.

אַ נאָרמאַלע יונגע מוטער, וואָס — לאָמיר צוגעבן — האָט אַליין באַקומען די נייטיקע צערטלעכקייטן, ווען זי איז געווען אַ קינד, וועט מיט איר מוטער־לעכן נאָרמאַלן אינסטינקט גאַנץ געשווינד זיך אויסלערנען דערקענען איר קינד און וועט אַנטקעגנקומען אַלע זיינע פּסיכישע באַדערפענישן, וואָס זענען פאַר אים אַזוי אומבאַדינגט נייטיק ווי מילך, דאָס הייסט ווי זיין פיזישע שפּייז.

דאָס נייגעבוירענע קינד באַדאַרף געוויסע באַוועגונגען — עס באַוועגט זיך דאָך, ווען עס איז נאָך ביי דער מוטער אין בויך. די דאָזיקע באַוועגונגען זענען נייטיק פאַר זיין פיזישער אַנטוויקלונג און פאַר זיין גייסטיקער גאַנצקייט. דאָס באַדאַרף עס אַזוי לאַנג, כל־זמן עס קאָן זיך אַליין נישט באַוועגן. מען דאַרף פון צייט צו צייט בייטן זיין פּאָזיציע אין וויגל, מ׳קאָן עס נישט לאָזן ליגן דאָרט ווי אַ זאַך אָן לעבן. מ׳דאַרף עס עטלעכע מאָל אין טאָג אַרויסנעמען פון וויגל אויף אַ פערטל שעה און דאָס וועט אים געבן אַ געפיל פון זיכערקייט און אים איינגעוווינען צוביסלעך צו אַ פיזישן גלייכגעוויכט. דאָס אַלעס אָן רעש און אָן טומל. מען דאַרף אים עפּעס זינגען, קיינמאָל נישט מיט קיין שטאַרקער שטימע און אים גלעטן דאָס קעפּעלע. דאָס האָט אַ גרויסן באַטייט, ס׳זענען אויך נייטיק אָפטע פעריאָדן פון אינטימען קאָנטאַקט מיט דער מוטער; מיט דער מוטער אַליין, אָן דער קעגנוואַרט פון פרעמדע מענטשן, העכסטנס קאָן דער פאָ־טער זיין דערביי. די דאָזיקע וואַרעמקייט און דאָס פילן זיך געשיצט וועט אים געבן גרויסע מנוחה. די דאָזיקע אָפטע קאָנטאַקטן מיט דער מוטער זענען אַ פאַר־זעצונג פון זיין קאָנטאַקט מיט איר, ווען זי האָט אים געטראָגן אין בויך און איז געווען ווי איינער פון אירע אברים.

דער דאָזיקער פיזישער קאָנטאַקט נעמט שוין אַריין די גאַנצע גאַמע פון צערטלען, גלעטן, קושן און רעדן צו אים, וואָס גיבן דעם פּילבאַרן קינד אַן אומ־צווייפלהאַפטן געפיל, אַז די מוטער האָט אים ליב און דאָס איז אַ בייטראָג צו זיין פּסיכישער אַנטוויקלונג. אַ גוטע געלעגנהייט פאַר אַלע די דאָזיקע צערט־לעכקייטן איז בשעת די מוטער באָדט אים, בשעת זי גיט אים צו זייגן און בשעת זי בייט ביי אים איבער די נאַסע וויקעלעך אויף טרוקענע.

מוטערשאַפט באַטייט אויך קענען די ביאָלאָגישע נויטווענדיקייטן פון קינד: זויערשטאָף, שפּייז און צערטלעכקייט, וואָס איז אויך שפּייז. מען דאַרף אים אויך העלפן קרעפטיקן זיינע אברים און זיינע מוסקולן.

לאָמיר אויך פאַרענדיקן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל מיט עטלעכע שורות פון דיכטער. ס׳איז כדאַי:

„...ווייל די מוטער, אין דער זעלביקער צייט, וואָס זי פאַרשט די פאַר־

מען פון קינד, באַטראַכט זי אויך געגוי זיינע זשעסטן אין די פונקציעס פון זיינע אָרגאַנען. עס איז אַזוי שוואַך און זיין האַנט איז אַזוי ווייך, אַז זי איז תמיד פאַרמאַכט. אָבער אַז מיר גליטשן אין איר אַריין אַ פינגער, פילן מיר, אַז עס דריקט אויף אים.

„די שוואַכע ווענס, די, וואָס טרינקען זיך, די קראַנקע און די קינדער, לייגן אַריין זייער גאַנצן כוח אין די הענט: די, וואָס טרינקען זיך, טוען עס, כדי זיך אָנצוכאַפּן אין די צווייגן פון די ביימער; די קראַנקע — צו דריקן די האַנט פון זייער דאָקטאָר; און די קינדער — זיך צו פאַרבינדן מיט אַ לעבן, וואָס באַשיצט. זייערע פיס באַוועגן זיך גראַציעז, אַביסעלע אין אומאָרדענונג, און מען וואָלט געזאָגט, אַז יעדעס פינגערל איז אַ באַזונדער חיהלע. אַ חוץ דעם: דאָס קינד גענעצט, זייגט און שלוקערצט. עס זייגט ווי אַ נאַשער, ווי אַ פרעסער, וואָס וואַרפט זיך אויפן עסן. דאָס דאָזיקע דאַרף רעגולירט ווערן און מען דאַרף עס לערנען, עס זאָל זיך נישט אַזוי איילן ביים זייגן, ווייל דאָס ברענגט דעם שלוקערץ. און די צערטלעכקייט וואָס ליגט אין דער מוטערס האַרץ, מאַכט, אַז זי זאָל דערקענען די אַרבעט פון אַלע זיינע געדערים מיט אומענדלעכער מילדקייט, אַזוי ווייט, אַז ס'איז נישט נייטיק, אַז דאָס קינד זאָל וויינען, כדי זי זאָל וויסן, אַז ס'איז קראַנק". (שאַרל לואי פיליפּ: „די מוטער און דאָס קינד").

## 3

אין דער פסיכיש־אָרגאַנישער עוואָלוציע און געשטאַלטונג פון קינד ווירקן צוויי פאַקטאָרן, צוויי כוחות, וואָס טאָרן נישט זיין אין סתירה; זיי טאָרן זיך נישט קעגנשטעלן. קלאָרער: די וויסנשאַפט, וואָס איז איינער פון די פאַקטאָרן, וואָס ווערן אָנגעווענדט דערביי, טאָר נישט זיין סתירה צום אינסטינקט, וואָס איז דער פאַקטאָר, וואָס פירט־אָן מיטן לעבן פון קליינעם קינד. די וויסנשאַפט טאָר נישט שטערן דעם אינסטינקט.

אַ פּאָר ביישפּילן: אַ הונט פאַרוואונדעט זיך אַ פוס. דער וועטערינאַר וועט אים באַנדאַזשירן לויט אַלע כללים פון היגיענע און אַנטיסעפּציע, אָבער דער הונט וועט אַראָפּרייסן דעם באַנדאַזש און זיך גוט באַלעקן די וווּנד. דער הונט האָט אָנגעווענדט זיין אינסטינקט און דער וועטערינאַר זיין וויסנשאַפט. דער לעצטער האָט אָבער נישט רעספּעקטירט דעם אינסטינקט פון הונט.

ווען מ'וועט נישט לאָזן, אַז די קאַץ זאָל באַלעקן אירע קליינע קעצעלעך פאַר אָדער נאָך דעם זייגן, וועלן די קעצעלעך ווערן מאָגערער און וועלן צומאָל שטאַרבן, אַפילו ווען זיי זאָלן זייגן אַ סך גוטע מילך פון זייער מוטער. אינסטינקט איז אַ מעכטיקער כוח, מיט וועלכן די מוטער נאַטור באַגאַבט אירע באַשעפענישן, זיי צו פאַרהיטן פון שלעכטס און אומקום.

דערפֿאַר דאַרפֿן מיר נישט שטערן די אינסטינקטן פֿון די קליינע קינדער און זיך אויסלערנען פֿאַרשטיין זייערע פּסיכאָלאָגישע און ביאָלאָגישע נויטווענדיקייטן. דאָס קינד באַדאַרף באַקומען אַ געפֿיל פֿון זיכערקייט און וויסן, אַז עס איז אַ יש, אַז עס איז עפּעס נישט אומוויכטיקס אין דער משפּחה. עס באַדאַרף אויך פֿילן אַ באַזונדערן גענוס אין זיינע קערפּערלעכע פֿונקציעס. מען דאַרף אויך סטימולירן זיינע חושים, מיט וועלכע עס פֿאַרבינדט זיך מיט זיין אַרום, דאָס הייסט מיט דער אויסערלעכער וועלט.

מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז ווען דאָס קינד ווערט געבוירן, איז עס נישט קיין מענטש אין מיניאַטור, אַ פֿאַרענדיקטער מענטש; עס איז אומפּערפֿעקט, נישט פֿולקאָם אַנטוויקלט, מיט אַ מוח, וואָס איז ווייט פֿון זיין פֿולקאָם, ווייל זיינע נערוון־קעמערלעך זענען נאָך נישט אינגאַנצן אַנטוויקלט. דערפֿאַר דאַרף מען אים העלפֿן זיך אַדאַפּטירן, צוגעוווינען צו דער סביבה.

ס'איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז נאָר די באַשפּייזונג איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן פֿון קליינעם קינד. דאָס איז אַ טעות. אים געבן זייגן און היטן, אַז עס זאָל זיין ריין און טרוקן, איז נישט גענוג; דאָס איז ווייט פֿון זיין גענוג. די מוטער דאַרף אים אויך שפּייזן פּסיכיש, אַזוי צו זאָגן. זי דאַרף זיין מיט אים. אַז עס וועט פֿילן, אַז זי איז יעדע מינוט צו זיין דיספּאָזיציע, וועט עס זיין רואיק און וועט אומגעשטערט פֿורעמען זיין פּערזענלעכקייט.

מיר האָבן פֿריער געזאָגט, אַז דאָס נייגעבוירענע קינד איז ווייט פֿון צו זיין גענצלעך אַנטוויקלט. ביי די 50 פּראָצענט קינדער קאָנען נישט זייגן מיט דער גענוגנדיקער קראַפֿט און עס דאַרף דערביי אומבאַדינגט האָבן די הילף פֿון דער מוטער, וואָס דאַרף אים דורך טויזנט און איין קונצן און צערטלעכישן סטימולירן און העלפֿן, ביז זיין אינסטינקט פֿון זייגן וועט ווערן פֿעסטער. די קליינע חיהלעך ווערן געבוירן מיט אַ סך מעכטיקערע אינסטינקטן ווי די מענטשלעכע קינדער. דאָס קינד קאָן נאָר וויינען — קריזיס פֿון וויינען — וואַרפֿן מיט די פֿיסלעך און מאַכן פֿאַרשידענע באַוועגונגען מיטן קערפּערל, אָבער די שטענדיקע נאָענטקייט פֿון דער מוטער דערוועקט ביי אים די ערשטע געפֿילן פֿון ליבע און דאָס איז דער אָנהייב פֿונעם לעבן פֿון די געפֿילן. די געפֿילן, וואָס דאָס זייגן דערוועקט ביי אים, די וואַרעמקייט פֿון דער מוטערס קערפּער, אירע צערטלעכקייטן מיינען שוין פֿאַרן קינד אַ געוויסע לעבנס־דערפֿאַרונג, וואָס ווערט ביסלעכווייז פֿאַרגרעסערט און דערגאַנצט זיך מיט אויסלערנען קוקן, הערן, דערשפּירן דעם געשמאַקן טעם פֿון דער מוטערס וואַרעמער מילך, הערן די קלאַנגען פֿון אַ לידעלע און אַפֿילו דערשמעקן דעם ספּעציפֿישן גערוך פֿון דער מוטער. און דאָ האָבן מיר שוין אַ גאַנצע וועלט אַ קליינע, אין וועלכער דאָס קינד לעבט און דערשפּירט דעם טעם און גענוס פֿון לעבן. דאָס איז שוין פֿאַר אים אַ פּסי־

כישע און פּסיכאָלאָגישע וועלט און אויב עס ליידט נישט קיין שטערונגען און זיין מוטער דערוויטערט זיך נישט פון אים, הייבט זיך שוין אָן בילדן זיין כאַראַקטער און זיין טעמפּעראַמענט, וואָס וועט זיין די באַזע פון זיין שפּעטער־דיקער גאַנצער פּערזענלעכקייט.

דערפאַר דאַרף די מוטער אָנווענדן איר גאַנצן פלייס און איר גאַנצע חכמה, אַז די אַלע ערשטע שפּירונגען פון קינד זאָלן זיין פול מיט האַרמאָניע, ליבע, צאַרטקייט און געמיטלעכקייט. איך וואָלט געזאָגט, אַז זי דאַרף אין דעם אַריינ־לייגן איר גאַנצע נשמה. דאָ וועט עס איבערלעבן זיינע ערשטע עמאָציעס. די מוטער און דאָס קינד זענען נאָך אין אָט־דער צייט אַן איינאיינציקע „פּסיכאָלאָ־גישע איינהייט״.

דאָ ליגט דער גרויסער חילוק צווישן קינד און די נייגעבוירענע חיהלעך. די לעצטע קומען אויף דער וועלט מיט שטאַרקערע לעבנס־אינסטינקטן, אָבער אָן אַ מוח צו אַנטוויקלען און פורעמען. דאָס לעבן פון קינד איז דערפאַר אַ סך מער קאָמ־פּליצירט ווי דאָס פון די חיהלעך. עס קומט אויס, אַז דער מוח איז אַן אמתע לאַסט פאַרן קינד און אין זיין האַרמאָנישער אַנטוויקלונג ליגט זיין גאַנצע צו־קונפט אַלס מענטש. עס דאַרף נישט נאָר די מילך פון זיין מוטער, נאָר טאַקע זי אַליין אויך. זי איז זיין ערשטע סאָציאַלע עקספּעריענץ, אַזוי צו זאָגן, זיין ערשטע באַרירונג מיט זיינע מיטמענטשן און דאָס איז פאַר אים לעבנסוויכטיק.

ס׳איז אָנגענומען, אַז ס׳איז נישט גוט און נישט געזונט אַרומצוטראָגן דאָס קינד אויף די הענט. ס׳איז אמת, אָבער דאָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַזוי: אַרומטראָגן אויף די הענט אַ גרויסן טייל פון טאָג איז טאַקע שעדלעך, אָבער אַ פערטל שעה ביי דער מוטער אויף די הענט באַגלייט מיט צערטלען און אַ שטיל לידעלע אַנטהאַלט אַ ים מיט פאַרגעניגן פאַר דעם קליינעם באַשעפעניש. „די ליבע פון דער מוטער איז זייער ענלעך צו דער שפּייז״, זאָגט מאַרגאַרעט ריבל; מען דאַרף נאָר זיין פאָרזיכטיק, אַז דאָס האַלטן אויף די הענט זאָל ביים קינד נישט ווערן קיין געוווינהייט. נישט צופיל און נישט צו ווייניק. אַ פערטל שעה פאַר אָדער נאָך יעדן זייגן איז גענוג.

די דערנענטערונג פון דער מוטער צו איר קינד דאַרף פאָרקומען רעגלמע־סיק, צ״ב יעדע דריי שעה בשעת דעם זייגן. אַזוי וועט דאָס קינד וואַרטן אויף דעם. דאָס איז פאַר אים יעדעס מאָל אַ קליינע עמאָציע און דאָס מיינט נישט, אַז דאָס קינד וועט צוגעבונדן ווערן צו דער מוטער אין אַן איבערגעטריבענער מאָס, נאָר פאַרקערט; דאָס וועט בילדן זיין אומאָפּהענגיקייט, וואָס נעמט זיך פון דער זיכערקייט, אַז נאָענט פון זיך האָט עס עמעצן, וואָס זאָרגט וועגן אים.

אין דער רעגלמעסיקייט פון דער מוטערס באַציאונגען צום קינד איז נישטאָ

קיין געפאַר פון שפעטערדיקער איבערגעטריבענער צוגעבונדנקייט. די געפאַר דערשיינט דאַן, ווען די מוטער רייסט פּלוצלינג איבער איר רעגלמעסיקן קאָנ־טאַקט מיטן קינד.

אָבער נישט אַלע פרויען, וואָס קאָנען געבוירן אַ קינד, קאָנען דערנאָך זיך ווידמענען צו אים ווי עס באַדאַרף צו זיין. דאָס זענען מייסטנס פרויען, וואָס האָבן אין זייער קינדהייט געליטן פון דער נאכלעסיקייט פון זייער מוטער. אָבער אַ גייסטיק־געזונטע פרוי, וואָס האָט אין איר צוזאַמענלעבן מיט איר מאַן גע־פונען אַ טיפע סאַטיספאַקציע סיי צו אירע געשלעכטלעכע באַדערפעניש[ן] ווי צו איר עמאָציאָנעל לעבן, וועט ווידמען איר קינד איר גאַנצע ליבע און אירע מו־טערלעכע געפילן, אַן דעם, אַז עמעצער זאָל עס איר האָבן געלערנט און מיט דער זעלביקער נאַטירלעכקייט, מיט וועלכער זי גיט אים איר ברוסט. דאָס איז דאָך ביי איר נישט נאָר גוטער ווילן, נאָר איבערהויפּט אינסטינקט, — מוטער־לעכער אינסטינקט.

אָבער די מאָדערנע צייטן האָבן גאַנץ באַדייטנדיק צעשטערט דעם דאָזיקן אינסטינקט ביי דער פרוי. אַ סך פרויען אַרבעטן; אַ סך זענען פּראָפעסיאָנאַלן מכל המינים און דאָס שטערט זייערע מוטערלעכע פונקציעס, ביי וועלכע דאָס קינד פאַרטראָגט נישט קיינע הפסקות, ווייל זייער גרויסע ווירקונג ליגט אין זייער רעגלמעסיקייט. די דאָזיקע פרויען זענען געשטערט אין זייער פונדאַמענ־טאַלער מוטערלעכער פונקציע פון „אויסלערנען דאָס קינד ליב האָבן, אים ליב־האָבנדיק", ווייל די דאָזיקע ליבע צו איר קינד איז פאַר אים אַ ביאָלאָגישע נויט־ווענדיקייט פאַר זיין געזונטער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

## 4

דער מאָמענט, אין וועלכן דאָס קינד ווערט געבוירן, איז אַ רגע פון אַנגסט־לעכער שפּאַנונג און אומגעדולד פאַר דער געווינערן, פאַר דער אַקושאָרקע, פאַר דעם פאָטער און פאַר אַנדערע משפחה־מיטגלידער, וואָס געפינען זיך נאָענט. ווייל פון דעם מאָמענט וואָס דאָס קינד „גייט אַרויס" פון דער מוטערס טראַכט, ביז מען דערהערט זיין ערשטן געוויין — אַ געמיש פון געוויין מיט געשריי, אָבער מער דאָס ערשטע ווי דאָס צווייטע, — שוועבט עס באמת צווישן לעבן און טויט, ווייל נישט ביי אַלע קינדער קומט געשווינד דער ערשטער געוויין, וואָס איז אַ באַווייז, אַז דער ערשטער שטראָם לופט איז אַריינגעדרונגען אין זיינע לונגען.

„ווייגענדיק באַטרעט דער קעניג פון דער קרעאַציע זיין טראָן", אָבער גאַנץ אָפט קומט עס אָן מיט גרויסע צרות דעם קליינעם „קעניג". נישט תמיד הייבט

ער גלייך אָן אָטעמען און צומאָל באַווייזט ער נישט צו געבן זיין ערשטן אָטעם און דער „קעניג״ שטאַרבט נאָך איידער ער באַווייזט עס צו טאָן.

פאַרוואָס דאָס קינד באַווייזט נישט צומאָל צו געבן זיין ערשטן אָטעם, דאָס גייט נישט אַריין אין אונדזער טעמע, דאָס געהערט צו די אַקושאָרקעס און דאָק־טוירים־אַקושאָרן. אַ סך מאָל געלינגט צו ראַטעווען דאָס קינד. מיטלען און מאַ־ניפּולאַציעס זענען פאַראַן אַ סך, אַריינגערעכנט די באַרימטע „לונג פון שטאָל״, וואָס מען באַנוצט ביי די קינדער, וואָס ליידן אויף פּאָליאָמיעליטיס און קאָנען נישט אָטעמען, ווייל די געהעריקע מוסקולן זענען פּאַראַליזירט.

מען דאַרף וויסן, אַז דעם גאַנצן ערשטן חודש פון זיין לעבן האָט דאָס קינד שוועריקייטן מיט זיין אָטעמען. עס ליידט די גאַנצע צייט פון הונגער נאָך זויערשטאָף, נאָך לופט.

דערפאַר דאַרף מען די ערשטע פּאָר חדשים אויפּפּאַסן גאַנץ פּאָרזיכטיק אויף זיין געוויין. געוויינטלעך וויינט דאָס קינד, ווייל עס איז הונגעריק אָדער נאַס אָדער שמוציק. אָבער עס וויינט אויך, ווען עס פעלט אים זויערשטאָף. אין די ערשטע פּאָר חדשים טאָר מען נישט „לאָזן וויינען דאָס קינד״, ווייל עס איז כלומרשט אַ שלעכט קינד. דאָס קאָן מען זיך דערלויבן אַ סך שפּעטער. אָבער אין די ערשטע פּאָר חדשים דאַרף מען זיין פּאָרזיכטיק. נישט פאַרגעסן, אַז שוין נאָך דער געבורט קאָן ווייניק לופט אָדער זויערשטאָף צומאָל אויף תמיד שטערן דער אַנטוויקלונג פון זיינע נערוון־קעמערלעך פון מוח און דאָס מיינט, אַז עס וועט נישט דערגרייכן אַ פולקאָמע פּסיכישע אַנטוויקלונג און זיין אינטעליגענץ וועט בלייבן הינטערשטעליק.

די ערשטע חדשים פון קינדס לעבן באַשטייען אין זייגן און אין מאַכן פאַר־שידענע באַוועגונגען, וואָס פאַרגרינגערן זיין אָטעמען. די באַוועגונגען אַנטוויק־לען די מוסקולן פון ברוסט, וואָס העלפן די ריטמישע באַוועגונגען פון ברוסט־קאַסטן ביים אָטעמען. ביים בייטן דעם קינד זיינע וויקעלעך באַמערקט מען תמיד ווי עס מאַכט געוויסע באַוועגונגען, ווי עס בייגט זיין רוקן, און יעדע זאַך, וואָס די מוטער טוט מיט איר קינד, העלפט אים אָטעמען: דאָס נעמען אים אויף די הענט, דאָס צערטלען, גלעטן דאָס קעפּעלע, דאָס אַלץ דערוועקט געוויסע רעפלעקסן, וואָס מאַכן, אַז עס זאָל אָטעמען בעסער.

דאָס, וואָס קלייניקע קינדער פלעגן אַמאָל שלאָפן מיט דער מוטער און וואָס היינט איז פאַראַן אַ טענדענץ דאָס אויסצומיידן, איז נישט אינגאַנצן קעגן דער נאַטור. אַמאָל דערשטיקט טאַקע אַזאַ מוטער, נישט ווילנדיק, איר קינד, בשעת עס שלאָפט מיט איר, אָבער די וואַרעמקייט פון דער מוטערס קערפּער איז אַ פּראָטעקציע פאַרן קינד. עס שלאָפט זיכערער מיט זיין מוטער ווי אַליין און אין אַן אַנדער צימער.

די רואיקע קינדער דאַרפן נאָך מער באַשירעמט און אָפּגעהיט ווערן, ווייל זיי קענען זיין זייער שוואַך צו אָטעמען. זייער געוויין איז אמתע אָטעם־גימנאַס־טיק און ס׳איז גוט, עס זאָל וויינען אַ פּאָר מאָל אין טאָג. אָבער אויב זייז גע־וויין פאַרלענגערט זיך מער ווי 5, העכסטנס 10 מינוט, איז אַ סימן, אַז עס פעלט אים לופט און זיין הונגער נאָך לופט ווערט געלינדערט מיט די פּשוטסטע מיטלען, ווי גלעטן דאָס קעפּעלע אָדער אים נעמען אַ מאָמענט אויף די הענט. איך האָב געזען אַ סך מוטערס האַלטן זייער קינד מיטן רוקן אַרויף און דאָס קעפּעלע נידעריק. דאָס איז בפירוש אַ גלענצנדיק מיטל, אַז עס זאָל פליסן מער בלוט אין זיין קעפּל און זיינע נערוון־קעמערלעך זאָלן באַקומען מער זויער־שטאָף.

ווען דאָס קינד הייבט אָן רעדן אָדער „גאַרגלען״, איז דאָס אָן אָנזאָג, אַז זיין אָטעמען האָט זיך נאָרמאַליזירט און פאַרפולקאָמט. אויך זיין ערשטער שמייכל איז אַן אָנזאָג פון באַפרייאונג, אַן אָנזאָג, אַז מען דאַרף אים שוין נישט העלפן אָטעמען, ווייל זיין נערוון־סיסטעם און זיינע ברוסט־מוסקולן זענען שוין געָנוג אַנטוויקלט.

„שמייכלען מיינט שוין פילן דעם טעם און גליק פון לעבן. צו מאַכן שמייכ־לען די קינדער קיצלט מען זיי אין בערדל, וואָס מאַכט ציטערן זייער צאַרט פלייש, מען קוקט זיי גלייך אין די אויגן, מען מאַכט באַוועגונגען מיט די הענט, מען לאָזט זיי הערן דעם קלאַנג פון זעלטענע זילבן; צו ווייזן זיי, וואָס עס דאַרף זיי געפעלן; די זאַכן, וואָס בלישטשען; די אויגן און די הענט, וואָס באַ־וועגן זיך, און די ליבלעכע קלאַנגען, וואָס זייער מוח קאָן פאַרנעמען, ווייל זיי מיינען דאָך גאָרנישט. צום סוף באַקומען זיי אַ ברייטן שמייכל, אָן באַשרענ־קונגען, אַ שמייכל וואָס ווייזט־אויס ווי אַ קליינינקער אַקט, אין וועלכן זיי לייגן אַריין אַלע זייערע כוחות! און דעמאָלט זענען די מאַמעס גליקלעך.

„שמייכל, שיינער שמייכל, דו ביסט אַ ראַפינירטע פאָרמע פון גליק! די חיות, וואָס זענען נאָר פריילעך, קענען נישט שמייכלען; זיי בריקעווען, שפּרינ־גען, אָבער דאָס איז דער ברוטאַלער אויסדרוק פון פיזישער פריילעכקייט. אָבער דאָס קליינינקע קינד שמייכלט, און זיינע אייגעלעך, זיינע בעקעלעך און זיינע ליפּעלעך האָבן אַ פאַרכישופטן אויסדרוק... פון דעם מאָמענט אָן קומען שוין די געשעענישן איינער נאָכן אַנדערן, אין איילעניש. מען ווייסט נישט גוט ווי אַזוי די זאַכן הייבן זיך אָן, אָבער אין אַ באַשטימטן טאָג, קוקנדיק אויף דער זון, אויפן לאָמפּ אָדער אין פייער, מיטאַמאָל הייבט אָן דאָס קינד צו רעדן. מען רופט עס בעבען אָדער גאַרגלען. דאָס זענען נאָך נישט קיין זילבן, דאָס זענען קוים קלאַנגען. עס איז ליכט און ציטערניש. עס איז אומאַנטשלאָסן ווי אַ זונשטראַל אין פרימאָרגן. מען פילט, ווי דאָס קליינינקע געוויסן צעעפנט דעם קנאָספּ און

מאַכט אַ נאַאיוון געוויש, צו באַווייזן, אַז ס׳איז דאָרטן דאָ. עס איז ווי אַ טייכל, וואָס שטראָמט איבער שטיינדעלעך; עס איז אויך ווי אַ פייגעלע, וואָס זינגט אָן אַ שום סיבה, נאָר פשוט ווייל עס לעבט...״

דאָס קינד שפּילט זיך מיט זיין גאָרגלען אָדער בעבען. וויפל מאָל מאַכט זיך, אַז אַ מוטער וועקט זיך אויף אין פרימאָרגן און כאַפּט זיך, אַז שוין אַ היפּשע ווילע ווי איר קינד איז וואַך און „רעדט מיט זיך אַליין״. דאָס איז ביי אים אַ באַזונדער פאַרגעניגן; מ׳ען וואָלט געזאָגט אַז עס קוועלט־אָן אַליין פון זיין פאַרשריט; אַז עס האָט פון דעם אַ גוואַלדיקע הנאה. און זיין מאַמע אויך...

קינדער, צו וועלכע די מוטער איז געווען אינגאַנצן איבערגעגעבן, הייבן אָן „רעדן״ און שמייכלען שוין אין צווייטן חודש פון זייער לעבן. אַנדערע קינדער, וואָס האָבן נישט געהאט דאָס מזל צו האָבן אַזאַ מאַמע, אַז זייער מאַמע האָט זיי געלאָזט אַ סך צייט אַליין און האָט זיי נישט רעגלמעסיק גענומען אויף די הענט און זיך געשפּילט מיט זיי, — הייבן אָן צו גאָרגלען אַ סך שפּעטער; ביים פינפטן אָדער זעקסטן חודש אָדער נאָך שפּעטער און צומאָל האָבן זיי ערנסטע שוועריקייטן ביים אַנטוויקלען זייער שפּראַך. עס איז באַוויזן געוואָרן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ דירעקטע, אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן דער איבערגעבנקייט פון דער מוטער און דעם אָנהייבן רעדן פון קינד.

דאָס רעדן און גאָרגלען פון קינד מיינט אויך אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג און באַפעסטיקונג אָדער קאָנסאָלידאַציע פון זיין אָטעמען.

ס׳איז פאַראַן אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן אָטעמען, זייגן און רעדן.

אין די ערשטע זעקס חדשים פון לעבן איז דאָס זייגן די גרעסטע און ערשטע סאַטיספאַקציע פון קינד. דאָס איז נישט נאָר זיין לעבן, נאָר זיין הנאה האָבן פון לעבן. דאָס איז אויך אַ טעטיקייט, אין וועלכער עס איז אַריינגעטאָן — ווי וואָלט איך געזאָגט — מיט לייב און לעבן. חוץ דעם איז עס זיין ערשטע עקספּעריענץ אין לעבן און פאָלגלעך אַ טראַסצענדענטאַלע געשעעניש פאַר אים, ווייל, ווי מ׳יר האָבן שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, דאָס, די דאָזיקע ערשטע עקספּעריענץ אָדער ערשטער קאָנטאַקט מיטן לעבן און מיט זיינעם אַ מיטמענטש — די מוטער, — וועט האָבן אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אויף זיין גאַנצער פיזישער, פסיכישער און פסיכאָלאָגישער אַנטוויקלונג.

אַזוי אַרום, אַז דער אינסטינקט פון זייגן דאַרף שטאַרק אָפּגעהיט ווערן און גאָרנישט אין לעבן פון קינד דאַרף זיך שטעלן אין סתירה צום אינסטינקט פון זייגן.

דאָס זייגן איז אַ סך מער ווי בלויז אַריינציען די שפּייז אין קערפּער און דאָס מויל איז ביים קינד אַ סך מער ווי אַ בלויזער אַפּאַראַט צום זייגן. דורכן מויל באַקומט דאָס קינד זיינע ערשטע געפילן פון זיכערקייט, סאַטיספאַקציע,

פאַרגעניגן און דערפאָלג. דערפאַר דאַרף מען מאַכן, אַז דאָס זייגן זאָל דעם קינד גרינג אָנקומען און עס זאָל אין דעם פילן אַ באַזונדער פאַרגעניגן.

ערשט ביים פערטן חודש זייגט דאָס קינד מיט זיין פולער ענערגיע. די ערשטע חדשים קען עס זייגן און הנאה האָבן פון דעם, אָבער קיין סך מילך ציט עס נישט אַרויס פון דער ברוסט. דאָס זייגן גופא איז אַ פאַרגעניגן, עס איז אַ באַשטימטע טעטיקייט פון אַ גרופּע מוסקולן און דאָס באַפרייט עס אין אַ געוויסן זין פון אַ געוויסן גראַד פּסיכישער שפּאַנונג, וואָס עס שפּירט שוין אין די ערשטע וואָכן פון לעבן. עס איז זיין פיזישע איבונג, וואָס ברענגט אים הנאה און פאַר־לייכטערונג. פיזישע איבונגען בכלל ברענגען דאָך נישט נאָר אַ פיזישע פאַרלייכ־טערונג אָדער סאַטיספאַקציע, נאָר אויך אַ פּסיכישע, און דאָס לעבט דורך דאָס קינד יעדעס מאָל, ווען עס זייגט. עס איז פאַר אים אַזוי נויטווענדיק און געזונט, ווי עס איז נויטווענדיק און געזונט פאַר אַ יונגן בחור מאַכן גימנאַסטיק.

דאָס זייגן פאַרבינדט אויך דאָס קינד מיט אַ צווייטער פּערזאָן — מיט זיין מוטער. זיינע ערשטע עמאָציעס און זיינע ערשטע סאָציאַלע פאַרבינדונגען (מיט דער מוטער) באַקומט עס דורך דער טעטיקייט פון זיין מויל.

פון דעם זייגן, פון דער טעטיקייט פון זיין מויל, אַנטשטייען אַנדערע געפילן און עמאָציעס. נעמלעך: דאָס פילן דעם געשמאַק פון שפּייז (מילך), דאָס שמייכ־לען און אַ גייסטיקע אָדער אינטעלעקטועלע עמאָציע; דאָס אָנהייבן גאָרגלען, שפּעטער בעבען און צום סוף פּלאַפּלען.

דאָס זייגן אַנטוויקלט די מוסקולן, וואָס אַרום דעם מויל, די בעקעלעך און די מוסקולן פון די אויגן. ווייל אין די ערשטע טעג קוקט דאָס קינד נאָר גלייך פאַר זיך; ערשט שפּעטער הייבט עס אָן ווענדן זיינע אויגן אין די זייטן און קוקן אויף קעגנשטאַנדן און מענטשן, וואָס שטייען אין אַ זייט.

די פולקאָמערע אָדער נאָך טיילווייזע אַנטוויקלונג און קרעפטיקונג פון די מוסקולן פון פּנים גיבן דאָך דעם קינד זיין שפּעטערדיקן אויסזען, ד. ה. נעמלעך זיין שיינקייט אָדער מיאוסקייט. אַ פּנימל מיט סימעטרישע און גוט אַנטוויקלטע מוסקולן איז רונד און שיין. אַנדערש איז דאָס פּנימל צומאָל אַסימעטריש (איין זייט פּנים איז נישט פּונקט אַזוי אַנטוויקלט ווי די אַנדערע זייט).

דערפאַר דאַרפן די מוטערס גוט געדענקען דאָס אַלץ, כדי זיי זאָלן נישט באַטראַכטן דאָס זייגן זייער קינד בלויז אַלס אַן אַקט פון אים אָנפילן דעם מאָגן מיט מילך.

יעדער אַקט פון געבן זייגן דעם קינד דאַרף פאַר אים פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יום־טוב, אַ מאָמענט פון פאַרגעניגן, געמיטלעכקייט, צערטלעכקייט, גענצ־לעכע איבערגעבנקייט אינאיינעם מיט אַלע טויזנט און איין קליינע און גרע־

סערע מוטערלעכע אויסדרוקן פון אויפמערקזאַמקייט צו איר קינד, וואָס וועט דאָס גאַנץ געבוי אָפּשאַצן, פילן און דאַנקען.

פריער וועט דאָס קינד אויסדריקן זיין דאַנקבאַרקייט מיט אַ זיסן קוק אויף דער מוטערס פּנים, וואָס וועט מיינען: „מוטער, איך דערקען דיך״; דערנאָך וועט זי — און נאָר זי אַליין — באַקומען געוואונדער און געוווּנדערטע צו איר דעם קינדס ערשטן שמייכל, וואָס וועט באַלייכטן זיין פּנים און איר פּנים. דאָס וועט זיין פאַר דער געטרייער מוטער אַ באַלוינונג פאַר אַלע אירע יסורים פון שוואַנגערן, האָבן און זייגן איר קינד. און אַ סך שפּעטער וועט זי האָבן די גרויסע מוטערלעכע באַפרידיקונג צו זען איר דערוואַקסן קינד אַ שלימותדיקס, פול מיט האַרמאָניע צווישן זיין קערפּער און זיין גייסט, וואָס וועט זיין — ווי זאָגן טאַקע די זעלביקע מאַמעס — צו גאָט און צו לייט...

## 5

דאָס זייגן איז אַ פונדאַמענטאַלער אינסטינקט, מיט וועלכן דאָס קינד ווערט געבוירן, ווייל — ווי מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל אָנגעוויזן — דאָס איז אַ פונקציאָנעלער אינסטינקט, וואָס שפּילט אַ סך אַ גרעסערע און ברייטערע ראָל אין זיין לעבן ווי דאָס דערנערן זיך, ווי דאָס אַריינציען די מילך. עס זענען פאַראַן קינדער, וואָס ווערן געבוירן זייגנדיק זייערע פינגער. גלייך ווי זייער קעפּל גייט אַרויס פון דער מוטערס טראַכט, נאָך אין פולן גאַנג פון געבורט, ווען נאָר דער קאָפּ און אַפילו איין הענטל זענען אינדרויסן, זייגן זיי שוין איינעם אָדער מער פון זייערע פינגערלעך. מיט די דאָזיקע קינדער וועלן נאַטירלעך בישט זיין קיין שוועריקייטן, ווען זיי וועלן דאָס ערשטע מאָל זיך נעמען צו דער ברוסט. זיי זענען שוין געבוירן מיט דעם שטאַרק אַנטוויקלטן אינסטינקט צו זייגן.

אָבער נישט ביי אַלע נייגעבוירענע קומט עס אָן אַזוי גרינג. אַן אויספאָרשונג ביי 600 קינדער האָט פעסטגעשטעלט, אַז נישט ווייניקער ווי 40 פּראָצענט פון זיי האָט מען באַדאַרפט לערנען אָדער, בעסער געזאָגט, העלפן זייגן עטלעכע מאָל, ביז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה; מען דאַרף גוט עפענען דאָס מויל ביים קינד און אים אַריינשטופּן טיף אין מויל די פּיפּקע פון דער ברוסט, דערנאָך דאַרף מען באַוועגן ריטמיש זיין בערדל אַרויף און אַראָפּ. די פּיפּקע, וואָס געפינט זיך צווישן דער צונג און גומען, דערוועקט דעם אַזוי גערופענעם זייג־רעפלעקס, רייצנדיק די נערוון פון דער צונג און פון גומען.

אין געוויסע אייראָפּעישע דערפער לייגט מען אַריין אין קינדס מויל דעם זייגער („טשופּעטע״) באַלד נאָכדעם ווי עס ווערט געבוירן. דאָס איז אַ פאָרטרעפלעכער סטימול צו דערוועקן דעם זייג־רעפלעקס.

ווען מען באַמערקט די ערשטע פּאָר טעג, אַז דאָס נייגעבוירענע קינד „קומט צו זיך״, ווייזט אַרויס סימנים פון באַוועגלעכקייט און לעבהאַפטיקייט, איז עס נישט דערפאַר, ווייל עס האָט אָנגעפולט זיין מאָגן מיט מילך. דאָס דערגרייכט עס קיינמאָל נישט אין די ערשטע טעג, נאָר פשוט, ווייל דער אַקט פון זייגן האָט שוין פאַרגרינגערט די שפּאַנונג פון זיין נערוון־סיסטעם, די טעטיקייט פון זיינע מוסקולן אַרום מויל האָבן שוין געגעבן זיין אָרגאַניזם דעם געהעריקן ווילשטאַנד, וואָס מען פילט נאָך אַפילו אַ קורצער מוסקולאַרער איבונג. נאָך אַ גוטן און ענערגישן סעאַנס פון זייגן וועט מען באַמערקן, ווי דאָס קינד אָטעמט בעסער. דער שלאָף, וואָס קומט נאָך אַ גוטן סעאַנס פון זייגן, איז די אמתע רו פאַר זיין קערפּער. דאָס איז נישט דער זעלביקער שלאָף, וואָס עס האָט געהאַט נאָך זיינע ערשטע פּרוּוון צו זייגן, וואָס זענען נאָך נישט געווען פולקאָם.

דאָס קינד זייגט וואָס אַמאָל ענערגישער און פּאַראַלעל מיט דעם ווערט עס וואָס אַמאָל לעבעדיקער און אין אַ ריטמישער פאָרם וועט עס מיט פאַרשידענע מיטלען און אופנים לאָזן וויסן, אַז עס וויל זייגן. דאָס איז גאַנץ גוט באַשטע־טיקט געוואָרן, ווייל ביי די קינדער, וואָס האָבן — איבער פאַרשידענע סיבות — שוועריקייטן ביים זייגן, מערקט זיך נישט אַזוי שנעל אַ פאַרבעסערונג ביים אָטעמען, אין די באַוועגונגען און אין דער אַנטוויקלונג פון זיינע מוסקולן.

ווען חוץ זייגן גיט מען דעם קינד עסן — מיר מיינען די קינדער, וואָס, הגם זיי זייגן, בלייבן זיי הינטערשטעליק אין דער וואָג — דורך אַנדערע מע־טאָדן (מילך מיט אַ טראָפּן־ציילער אָדער מיט אַ גומי־רעדל), באַמערקט מען, ווי עס איז אומרואיק, נערוועז און אומצופרידן און האָט דעם אויסזען פון אַ געפּייניקט און טרויעריק קינד. אויב מען דאַרף אַ לענגערע צייט אָנגיין מיט אַזאַ מעטאָד פון דערנערן, שטערט עס זיין נאָרמאַלע אַנטוויקלונג.

ווען דאָס קינד ווערט אַלט אַ צוויי חדשים, פאַרבינדט אים מיט זיין מוטער אַ צווייטער חוש זיינער — אַ חוץ דעם זייגן. דאָס זענען זיינע אויגן. אין דער צייט דערזעט ער דאָס ערשטע מאָל זיין מוטער. עס האָט זי ביז איצט אויך גאַנץ גוט געקענט, אָבער עס האָט זי מער געפילט ווי געזען. אָבער איצטער זעט עס זי אויך. אמת, ביים אָנהייב זעט עס זי מסתמא נאָר ווי עפּעס אַ לייכטנ־דיקן פלעק, וואָס באַוועגט זיך אַרום אים. שפּעטער אַביסל זעט עס זי קלאָרער. דאָס אַלץ קומט פאָר בהדרגהדיק, ווייל ביים אָנהייב זייגט עס דאָך מיט פאַר־מאַכטע אויגן. אָבער אין איינעם אַ טאָג הייבט עס זיי אָן עפענען. אַצינד איז עס שוין פאַרבונדן מיט זיין מוטער דורך צוויי חושים: זיין מויל און זיינע אויגן. שפּעטער אַביסל הייבט עס אָן הערן דער מוטערס ווערטער אָדער דאָס שטילע לידעלע, וואָס זי זינגט אים בשעת עס זייגט. גאַנץ שנעל וועט עס אָנהייבן זוכן זיין מוטער מיט באַוועגונגען פון זיין קאָפּ, קוקן אויף איר, ווען זי דערנענטערט

זיך צו אים, און שמייכלען צו איר. צו דער זעלביקער צייט קומט שוין עפּעס פּאַר אין זיין צאַרט מוחל און עס פאַרבינדט די מוטער מיט זיין עסן. דער ער־שטער שפּראָץ פון ליבע צו זיין מוטער ווערט ביי אים געבוירן. דאָס קומט פאַר אָבער נאָר מיט די מוטערס, וואָס פאַרשטייען און האָבן ליב זייער קאָמפּליציר־טע פונקציע אַלס מוטערס און ווייסן, אַז זייער אויפגאַבע איז נישט נאָר צו שפּייזן און האַלטן ריין דאָס קינד, נאָר אים ליב האָבן מיטן גאַנצן האַרצן, הנאה האָבן פון איר מיסיע און דאָס נישט באַטראַכטן ווי אַן עול, ווי אַ לאַסט אָדער ווי אַן אַרבעט. זי דאַרף באַלוינען די דערוואַכנדיקע ליבע פון איר קינד מיט כפל־כפּלימדיקער ליבע און צערטלעכקייט.

עס קומט אויס אַזוי, אַז די קינדער, וואָס האָבן נישט געהאַט דאָס מזל צו האָבן אַזאַ מוטער, האָבן נישט שפּעטער, אין זייער לעבן פון דערוואַקסענע, די קאַפּאַציטעט און דעם חוש פאַר ליב האָבן און ווערן געליבט.

ביים סוף פון פערטן חודש שטרעקט שוין אויס אַ נאָרמאַל קינד זיינע הענטלעך צו זיין מוטער, ווען זי דערנענטערט זיך צו אים.

די קליינינקע קינדער נעמען אַריין אין זייער מויל אַלץ, וואָס זיי דערטאַפּן אַרום זיך. עס איז אָבער אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז דאָס טוען זיי, ווייל זיי וואָלטן אַלץ געוואָלט אויפעסן. ניין. עס איז גאַנץ פּשוט: דאָס מויל איז ביי זיי אַן אבר פול מיט עקספּעריענץ, מיט מער עקספּעריענץ ווי זייערע הענטלעך; מיטן מויל ווען זיי באַלד וויסן די פאָרמע, די האַרטקייט אָדער ווייכקייט פון דעם קעגנשטאַנד און אויך, צי עס האָט אַ טעם, צי עס איז געשמאַק צום עסן. מיט זיין מויל וועט עס גלייך זיך דערוויסן, צי עס איז עפּעס ענלעכס צו דער זיסקייט פון דער מילך און אויב נישט וועט עס דאָס גלייך אַרויסלאָזן. אין דער הינזיכט איז זיין מויל נוצלעכער פון זיינע הענט, וואָס עס הייבט ערשט איצ־טער אָן צו באַנוצן. האַלט מען צו זיינע הענטעלעך, פאַסירט נישט זעלטן, עס זאָל ווען דערגרייכן די נאָענטע קעגנשטאַנדן מיט זיין מויל.

די קינדער־דאָקטוירים האָבן זיך נאָך נישט איינפאַרשטאַנען מכוח דעם וויפל שעה עס דאַרף דורכגיין צווישן איין מאָל זייגן אָדער עסן און דעם צווייטן מאָל. ווייזט אויס, אַז קינדער פאַרדייען גוט זייער שפּייז, ווען דאָס זייגן איז נישט אַזוי אָפט. אַ סך מוטערשאַפט־קליניקעס („מאַטערנידאַדעס״) האָבן איינ־געפירט יעדע פיר שעה צו גיבן זייגן די קינדער מיטן באַדינג, אַז אין צווישנ־צייט זאָל מען זיי געבן געננג וואַסער און זיי לאָזן דאָס פּיפּקעלע אין מויל, כדי צו באַפרידיקן אין אַ געננגנדיקער מאָס דעם אינסטינקט פון זייגן.

אין אונדזער לאַנד האַלט מען מער פון גיבן זייגן די קליינינקע יעדע דריי שעה. אַ געננויע אויספאָרשונג האָט באַוויזן, אַז די קינדער, וואָס עסן יעדע דריי שעה, זענען רואיקער און זייער נערוון־פּסיכישער צושטאַנד איז בעסער אָרגאַ־

ציזירט ווי ביי די, וואָס עסן זעלטענער. אַפילו ווען דיביידע גרופּעס קינדער זאָלן באַקומען טעגלעך די זעלביקע דאָזע מילך אָדער שפּייז.

ביז די פיר חדשים דאַרף דאָס קינד זייגן זעקס מאָל אין טאָג. יעדעס מאָל דאַרף דאָס זייגן דויערן אַן ערך 20 מינוט. די קינדער, וואָס זייגן ווייניקער פון 20 מינוט יעדעס מאָל, זייגן דערנאָך זייערע פינגער. ווייל נישט נאָר צום אַריינציען די מילך זייגט דאָס קינד. דער אַקט פון זייגן איז ביי אים אויך אַ פּשוטע פיזיאָלאָגישע נויטווענדיקייט. עס איז זיין מוסקולאַרע טעטיקייט, וואָס אַנטשפּאַנט אים און פאַרלייכטערט זיין נערוון־אָנרעגונג. דאָס ברענגט אים אַ געפיל פון ווילשטאַנד און פאַרלייכטערונג; דאָס איז אויך אַ פאַרגעניגן און עס פאַרגרינגערט זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג.

קינדער, ווען די מוטער ווידמעט נישט די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט און צערטלעכקייט, וואָס נעמען זיי נישט אויף די הענט אין די באַשטימטע שעהן, זייגן זייערע פינגער אַ לענגערע צייט און עסן מער וויפיל זייער הונגער און אַפּעטיט פאָדערן. דערנאָך ליידן זיי פון פאַרשידענע אומאָרדענונגען פון זייער פאַרדייאונג־אַפּאַראַט.

אין אַזאַ לאַגע געפינען זיך די קינדער, וואָס מען שפּייזט מיטן פלעשל מילך. תמיד פעלט זיי עפּעס. עס פעלט זיי דער מוטערס ברוסט מיט אַלעס, וואָס דאָס מיינט פאַרן קינד אויסער דער שפּייז. מוטערס דאַרפן באַזונדער צערטלען אַזעלכע קינדער און זיי לאָזן פילן זייער ליבשאַפט. עס איז אומזיסט צו קעמפן קעגן דעם זייגן די פינגער. נאָר די גרויסע צערטלעכקייט פון דער מוטער קאָן זיין דער עקוויוואַלענט פון דעם זייגן און נאָר דאָס קאָן מאַכן, אַז עס זאָל פאַרלאָזן די דאָזיקע געוווינהייט. דאָס איז דאָך זיין פּראָטעסט קעגן זיין מוטערס נאַכלע־סיקייט.

דער בעסטער באַווייז, אַז זייגן מיינט נישט נאָר עסן, איז דער פאַקט, אַז ווען מען גיט דעם קינד דער מוטערס מילך אין אַ פלעשל, וועט עס זי אָפּטמאָל נישט וועלן.

ווען דערוואַקסענע מענטשן עסן אין אַ שלעכטן געמיט אָדער קריגן זיך דערביי, ברעכן זיי אָפּטמאָל אויס דאָס עסן. דאָס איז אַ גאַנץ באַוווסטע זאַך. דער מאָגן איז נישט אימשטאַנד צו פאַרדייען, ווען דער מענטש איז אונטער דער ווירקונג פון אַ שווערער עמאָציע אָדער שפּאַנונג.

ביים קינד קומט פאָר די זעלביקע זאַך, אָבער אין אַ שאַרפערער פאָרמע: ווען דאָס קינד פילט נישט זיין מוטערס ליבשאַפט און צערטלעכקייט, וויל עס אָפּטמאָל פּשוט נישט זייגן. אין דער הינזיכט איז עס נאָך שפּירעוודיקער ווי דער דערוואַקסענער.

דאָס זייגן איז די ערשטע באַפרידיקונג, וואָס דאָס קינד באַקומט פון זיין

מוטער נאָך דער געבורט. דאָס גרייט שוין צו דעם באָדן פאַר די שפּעטערע, אַ סך רייכערע און ברייטערע באַציאונגען פון קינד און מוטער. קינדער, וואָס זייגן ביי דער מוטער, איז דערפאַר אַ סך גרינגער צו דערציִען און פירן.

ווען דאָס קינד זייגט מערער ווי די באַשטימטע צייט — 20 מינוט מער־ווייניקער — דאַרף מען אים לאָזן; מסתמא באַדאַרף עס די דאָזיקע טעטיקייט, כדי זיך צו פאַרלייכטערן זיין שפּאַנונג.

מיר ווילן דערביי נאָך דערמאָנען, אַז פרויד זעט אין דעם זייגן איינע פון די ערשטע אויסדרוקן פון געשלעכטלעכקייט ביים קינד. ווען מ׳זאָל דאָס אַקצעפּ־טירן אַלס אַ וויסנשאַפטלעכן אמת, וועט בלייבן נאָך מער אויפגעקלערט ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס זייגן איז ביים קינד דער רוקנביין — אַזוי צו זאָגן — פון זיין לעבן. נאָך אַלעמען איז עס נאָך אַן אָפן קאַפּיטל, דאָס קאַפּיטל פון דעם עמאָציאָנעלן לעבן פון ניי־געבוירענעם. מען וועט מסתמא דערגיין נאָך און נאָך סודות, וואָס די נאַטור באַהאַלט.

יעדנפאַלס איז דאָס, וואָס שיינט צו זיין אַ דעפיניטיווע דערגרייכונג פון די לעצטע פאַרשונגען, דער פאַקט, אַז נאָר די טעטיקייט פון זייגן איז די, וואָס פאַרלייכטערט דעם קינד זיין שפּאַנונג, וואָס זיין ניי לעבן דערוועקט אין אים ווער ווייס דורך וואָסערע וועגן און קאַנאַלן.

## 6

דאָס לעבן פון קינד אין די ערשטע חדשים שטיצט זיך און האַלט זיך אויף דריי פּרימאַרע אָדער ערשטע נויטווענדיקייטן, וואָס דאַרפן באַפרידיקט ווערן, ווייל אָן זיי קען דאָס קינד נישט לעבן און זיך אַנטוויקלען סיי אין פיזישער און סיי אין פּסיכישער הינזיכט.

די דאָזיקע דריי נויטווענדיקייטן זענען: די שפּייז (מילך), די לופט (זויער־שטאָף) און די איינזאַמקייט.

דאָס קינד מוז צו דער זעלביקער צייט האָבן פאַרשידענע רייצונגען און סטימולן דורך זיין הויט. די הויט פון זיין קעפּל צום ביישפּיל איז זייער שפּי־רעוודיק. ווען דאָס קינד איז אומרואיק וועט עס זיך שנעל באַרואיקן, ווען די מוטער וועט אים גלעטן אַ פּאָר מינוט זיין קעפּעלע. די הויט פון פּנים און קאָפּ איז אַ סך שפּירעוודיקער ווי די הויט פון קערפּער. אָבער אויך די דאָזיקע הויט דאַרף סטימולירט ווערן. דאָס באָד שאַפט דעם קינד גרויס ווויליין. די ריינ־קייט פון דער הויט, וואָס איז באמת וויכטיק, שפּילט דאָ אַ קלענערע ראָל אין דעם דאָזיקן ווויליין ווי דער מאַסאַזש פון גאַנצן קערפּער און דער קאָנטאַקט פון דער מוטערס האַנט, ווען זי זייפט אים אָן. אויך דאָס קעפּל דאַרף יעדעס

מאָל אָנגעזייפּט ווערן. דער לייכטער מאַסאַזש, וואָס דאָס אָנזייפן מיינט, איז פאַר אים פון פונדאַמענטאַלער וויכטיקייט.

די חיות טוען דאָס זעלבע אינסטינקטיוו, ווען זיי באַלעקן זייערע קינדער. מיר האָבן שוין דערמאָנט די קאַץ: ווען מען דערלויבט נישט דער קאַץ, זי זאָל אַלע טאָג באַלעקן דעם גאַנצן קערפּער פון אירע קעצעלעך, ווערן זיי נערוועז, ברעכן אויס די מילך וואָס זיי זייגן, האָבן נישט דעם מאָגן אָדער האָבן יאָגעניש (לויזלייביקייט) און פגרן גאַנץ אָפט.

אונדזערע יונגע מוטערס באַטראַכטן דאָס באָדן זייערע קינדער ווי אַ זאַך פון ריינקייט. דאָס איז גראַד פון צווייטן ראַנג. דאָס וויכטיקסטע איז דער סטי־מול און די באַפרידיקונג פון זיין שפּירעוודיקייט און זיין פאַרבינדונג — דורך דער דאַזיקער טעטיקייט — מיט דער מוטער, וואָס ברענגט אַ גרויסע פאַרלייכ־טערונג פאַר ביידע. דער דאָזיקער קאָנטאַקט און דאָס זייגן איז אַ פאָרזעצונג פון דעם אינטימען קאָנטאַקט פון מוטער און קינד, ווען דאָס קינד האָט נאָך געלעבט אין איר בויך און האָט אינגאַנצן געלעבט אויף דער מוטערס חשבון. דאָס ווערט אָנגערופן „סימביאָזיס". ווען איין וועזן לעבט אין קערפּער פון צווייטן און נערט זיך פון אים, הייסט עס, אַז די דאָזיקע צוויי וועזנס לעבן אין „סימביאָזיס". דאָס דאָזיקע קומט פאָר מיט די מיליאָנען מיקראָבן, וואָס לעבן אין אונדזער אָרגאַניזם און פון אונדזער אָרגאַניזם, ווען זיי שעדיקן נישט.

די ערשטע חדשים פון קינדס לעבן דאַרפן זיין אַ מין פאָרזעצונג פון דער געגנצלעכער סימביאָזיס, וואָס עס איז געווען צווישן זיי, ווען די מוטער האָט געשוואַנגערט. אָן דעם טיילווייזן סימביאָזיס נאָך דער געבורט קאָן דאָס קינד נישט אנטוויקלען אַ נאָרמאַלן אָרגאַניזם. די קעצעלעך ווערן קראַנק און שטאַרבן צומאָל, און אַ קאַץ, ביי וועלכער מען נעמט צו אירע קעצעלעך, וועט אומוואַנ־דערן עטלעכע טעג און וועט לעקן די האַנט ביי איר באַלעבאָסטע. און די קינ־דער פון די מאַלפּעס, וואָס מען נעמט אַוועק פון זייער מוטער, און זיי ווערן נישט באַלעקט און געריייניקט, ווערן קראַנק און שטאַרבן אויך אָפטמאָל; און די היב־טעלעך, וואָס ווערן דערצויגן אין לאַבאָראַטאָריע ביי ד"ר שאַרלס שטאָקהאַרד אין דער קאָרנעל־אוניווערזיטעט, קאָנען נישט האָבן זייער מאָגן, ביז די מוטער האָט זיי נישט באַלעקט דעם גאַנצן קערפּער.

די מענטשלעכע מוטערס קאָנען נישט באַלעקן זייערע קינדער, דאַרפן זיי זיי באָדן יעדן טאָג און זיי „באַלעקן" מיט זייערע הענט, ווען זיי זייפן זיי אָן.

אַזוי אַרום, אַז די מוטער דאַרף נישט באַטראַכטן דאָס טעגלעכע באָד פון איר קינד ווי אַן ענין פון ריינקייט, פּונקט אַזוי ווי זי דאַרף נישט באַטראַכטן דאָס זייגן אַ קינד ווי אַן ענין פון באַשפּייזן. ביידע טעטיקייטן זענען אַ דער־נענטערונג פון מוטער און קינד, וואָס זענען פונדאַמענטאַל פאַר זיין לעבן, רייצן

און אַנטוויקלען זיין שפּירעוודיקייט און זענען אַ מתּנה פאַר זיין וווילשטאַנד. דורך דער טעגלעכער באָד דערקענט אויך דאָס קינד זיין קערפּער.

מען דאַרף נישט איבערכאַפּן די מאָס אין דעם בייטן פון די וויקעלעך. מער ווי אַ זעקס מאָל אין טאָג דאַרף עס נישט געטאָן ווערן. אַ געזונט קינד מיט אַ ריינער און נישט אָנגעפּיעטער הויט פילט זיך נישט אַזוי אומבאַקוועם, ווען עס איז נאַס. דאָס צופיל בייטן די וויקעלעך קאָן ביים קינד דערוועקן אַן אומנייטיקע אויפמערקזאַמקייט געווענדט צו זיינע עוואַקואַציע־אָרגאַנען (מאָגן און השתנה) און דאָס איז נישט אַזוי געזונט פאַר זיין גייסט, וואָס האַלט אין דערוואַקסן.

די מוטערס דאַרפן איין מאָל איבער אַלע מאָל פאַרשטיין און זיך איבערצייגן, אַז זייער קינד איז אַ מענטש און נישט בלויז אַ באַשעפעניש, וואָס עסט און לאָזט השתנה און האָט זיין מאָגן.

אַלע די דאָזיקע באַוועגונגען ביים זייגן, ביים באָדן, בייטן די וויקעלעך און ביים וויגן, באַפרידיקן זיין הונגער נאָך לופט, נאָך זויערשטאָף (אָקסיכענאָ), וואָס דאָס סטימולירט זיין אָטעמען, וואָס עס האָט זיך אין די ערשטע חדשים נאָך נישט גוט אויסגעלערנט און איינגעאיבט.

ווען וויגן דאָס קינד, כדי עס זאָל אַנטשלאָפן ווערן, גייט נאָך אַן אַ וויכוח צווישן די ספּעציאַליסטן. די נייע, די מאָדערנע, וואַרפן עס אָפּ ווי אַן איבערבלייב פון די פינצטערע צייטן, ווען די מעדיצין איז קוים געווען מעדיצין; ווי אַן איבערבלייב פון די באָבעס און עלטער־באָבעס. אָבער אַזאַ מאָדערנע פאַרשערן ווי מאַרגאַרעט ריבל זעט אין דעם וויגן אַ פּראָצעדור פון די ריטמישע באַוועגונגען, וואָס דאָס קינד האָט געפילט אין זיין מוטערס בויך, פון וועלכע עס האָט וואַרשיינלעך זייער הנאה געהאַט און וואָס האָבן דעמאָלט מסתמא באַפרידיקט אַ נויטווענדיקייט, און זי זעט אַן אומגליק פאַרן קינד אין דעם פאַרשווינדן פון דעם וויגל.

דאָס וועגעלע, אין וועלכע עס שלאָפן היינטיקע קינדער, איז אַ סובסטיטוט פון וויגל, אָבער עס איז נישט קיין וויגל.

נאַטירלעך, אַז אין זיין צייט האָט מען זייער שטאַרק מיסגעברויכט מיט דעם וויגל; מען האָט געוווסט, אַז דאָס דאַרף באַנוצט ווערן איינצושלעפערן דאָס קינד און נישט אים צו שאַפן ריטמישע באַוועגונגען, צו וועלכע עס איז געווען געוווינט ביי זיין מוטער אין בויך. מען האָט דאָס קינד שטאַרק צוגעוווינט צום וויגן און מען האָט געמיינט, אַז אַנדערש וועט עס נישט אַנטשלאָפן ווערן. דאָס וויגן איז אָבער נישט צום אַנטשלאָפן ווערן, נאָר אים צו שאַפן באַוועגונגען. דאָס קינד דאַרף אַנטשלאָפן ווערן אָן קיין שום באַוועגונגען. נאָר אין דער היגזיכט איז דאָס וויגל נאָך היינט נוצלעך. דאָס קאָטשל פון היינט איז ענלעך צום

זויגל, אָבער נישט דאָס זעלביקע; עס איז זייער גוט צו פירן דאָס קינד אין פּאַרק און עס זאָל שלאָפן אין אים אין פּאַרק.

דאָס קינד דאַרף די איינזאַמקייט אין משך פון אַ גרויסן טייל פון טאָג. שלאָפן אַליין און זיין אַליין. זיך שפּילן מיט די פיסעלעך און די הענטעלעך, און שפּעטער גאָרגלען. עס האָט פון דעם גרויס הנאה.

און זייער שטיל דאַרף זיין אַרום קינד. אַפילו קיין העכער וואָרט טאָר עס נישט הערן. דאָס לידל, וואָס די מוטער זינגט אים, דאַרף אויך זיין אויף אַ ני־דעריקער אָקטאַווע. עס האָט באמת מורא פאַר די שטאַרקע און פלוצלינגע גערוישן. עס גיט אַ ציטער מיט זיין גאַנצן קערפּער, ווען עס הערט אַ פלוצלינגן געשריי אָדער אַ הויך וואָרט. עס קאָן דאָס נישט פאַרליידן. די פאַרשידענע גלעקלעך (סאָנאָכראָס), וואָס מען ברענגט אים, געוווינען אים בהדרגהדיק צו צו די גערוישן און פירן אים אַריין ביסלעכווייז אין דער וועלט פון די קלאַנגען. אָבער די מענטשלעכע שטימע און איבערהויפּט דער מוטערס שטימע איז די, וואָס ווירקט אויף אים צום מיינסטן. און אַ מוטער דאַרף וויסן, ווי אַזוי צו באַ־נוצן איר קול צו דערוועקן אין איר קינד די אויפמערקזאַמקייט צום קלאַנג, וואָס באַרואיקט אים שטאַרק און וואָס איז אַפילו אַ בייטראַג צו דער אַנטוויקלונג פון זיין פּערזענלעכקייט.

די קינדער ווערן געבוירן שוין מיט אַ שפּירעוודיקייט צו ליכט. ווען זיי ליגן אין אַ האַלב טונקעלן צימער מיט אַן אָפן פענצטער, ווענדן זיי זייערע אויגן צום ליכט פון פענצטער. דאָס ערשטע, וואָס דאָס קינד דערזעט באמת אין זיין לעבן, איז דער מוטערס ברוסט און דערנאָך איר פּנים.

געסעל דערציילט די אויסערגעוויינלעכע געשיכטע, וואָס האָט זיך פאַר־לאָפן אין אינדיע. אַ וואָלף האָט צוגעגנבעט צוויי קינדער און האָט זיי „דער־צויגן". ווען די קינדער זענען געפונען געוואָרן, זענען זיי געגאַנגען „אויף אַלע פיר" ווי דער וואָלף, און דער עלטערער פון זיי האָט נישט רעאַגירט אויף אַלע אויסדרוקן פון ליבע, וואָס די מענטשן האָבן אים אַרויסגעוויזן, ביז די פּרווי פון אַ מיסיאָנער, וואָס האָט זיי איבערגענומען, האָט דעם עלטערן געמאַכט אַלע טאָג אַ מאַסאַזש אויפן גאַנצן קערפּער. גאַנץ געשווינד האָט דאָס קינד רעאַגירט פּאָזיטיוו און האָט געענטפערט מיט די זעלביקע געפילן פון ליבע צו דער פּרוי, וואָס האָט אים דערצויגן. עס האָט באַלד אָנגעהויבן רעדן עטלעכע ווערטער און איז ביסלעכווייז אַריין אין געוויינטלעכן לעבן. דאָס דערקלערט זיך גאַנץ פּשוט: דורך דער שפּירעוודיקייט פון זיין הויט איז דערשינען אַ נאָרמאַלע פאַרבינדונג פון דעם קינד מיט זיין דערציערן. מיט דעם מאַסאַזש האָט אים די דערציערן געצערטלט, און אויפגעוועקט פאַרשלאָפענע געפילן פון ליבע. דאָס איז נאָך אַ

ביישפיל פון די פאַרשידענע וועגן, דורך וועלכע די מוטער דערנענטערט זיך און פאַרבינדט זיך מיט איר קינד.

## 7

דאָס לעבן פון קינד הייבט זיך כמעט אָן מיטן שלאָף. ביים פאָלק איז פאַראַן אַן איבערצייגונג, אַז דאָס נייגעבוירענע קינד שלאָפט כמעט אַלע 24 שעה פון מעת־לעת. דאָס דרימלען פון קינד אין דעם פעריאָד פון זיין לעבן איז נישט קיין אמתער שלאָף. דאָס קינד לערנט זיך אויס שלאָפן אָדער הייבט באמת אָן שלאָפן, ווען עס באַווייזט צו קאָנען זיין וואַך. די ערשטע צוויי חדשים פון זיין לעבן פאַרברענגט עס אין אַ צושטאַנד פון לעטאַרג, וואָס איז נישט קיין שלאָף און נישט קיין וואַכזאַמקייט.

דער שלאָף איז אָפטמאָל פאַרגלייכט געוואָרן מיטן טויט. דער גרויסער ענגלישער דיכטער שעלי רעדט פון דעם טויט און זיין ברודער, דעם שלאָף.

שעקספּיר האָט אָנגערופן דעם שלאָף „דער טויט פון יעדן טאָג״, אָבער באַלד דערנאָך רופט ער אים אויך „דאָס צווייטע גרויסע ווערק פון דער נאַטור, דאָס וויכטיקסטע מאכל אין דעם באַנקעט פון לעבן״.

דער שלאָף איז טאַקע מער ווי אַ קומען צו די כוחות, ער איז אַ מין שפּייז; ער איז פאַרבונדן מיט דער באַשפּייזונג. דאָס נייגעבוירענע קינד עסט, כדי צו שלאָפן, און וועקט זיך אויף, כדי צו עסן, און ווערט דערנאָך נאָכאַמאָל אַנט־שלאָפן. דער שלאָף איז אַ מין שפּייזער.

דער שלאָף פון די ערשטע צוויי חדשים איז אַ פאַרזעצונג פון דעם צו־שטאַנד פון קינד אין זיין מוטערס בויך, ווו עס געפינט זיך אין אַן ענלעכן צו־שטאַנד פון נישט שלאָפן און נישט זיין וואַך. דאָס איז אַ באַווייז, אַז אין די ערשטע צוויי אָדער דריי חדשים פון לעבן איז נאָך זיין מוח נישט אַנטוויקלט. ווען די טעטיקייט פון זיין מוח הייבט זיך ביי אים אָן, דאַן קאָן עס באמת שלאָפן אומגעפער ווי אַ דערוואַקסענער. די ערשטע סימנים פון זיין מוח־טעטיקייט זענען זיין שמייכל ביים דערקענען די מוטער; און ווען עס דרייט אויס זיין קאָפּ אין דער ריכטונג פון אַ קלאַנג אָדער אַ גערויש. דער שלאָף ביים קינד איז די רו פון זיין דערוואַכנדיקן געוויסן. ער איז די נייטיקע פויזע, הפסקה, נאָך דער טעטיקייט. דער אמתער שלאָף דערשיינט לערך צווישן דריטן און פערטן חודש פון לעבן.

ביסלעכווייז דאַרף מען העלפן דעם קינד איינשלאָפן, אים וויגנדיק עטלעכע מינוט זייער לאַנגזאַם, באַגלייט מיט אַ שטיל געזאַנג. דאָס פאַרוויגן דאָס קינד מיט אַ לידל איז אַ זייער אַלטער טראַדיציאָנעלער מנהג ביי כמעט אַלע פעלקער. מען באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פון דעם לידל, בעסער געזאָגט, אינעם וויג־

ליד, מיט דעם פאַקט, וואָס די גרויסע מוזיקאַלישע גאונים האָבן כמעט אַלע אָנ־געשריבן וויגלידער און — זאָגט מען — די גאונים האָבן דאָך אַ טיפע קענטע־ניש פון דער מענטשלעכער נאַטור און פון אירע נויטווענדיקייטן. חוץ דעם איז זייער באַקאַנט און פעסטגעשטעלט די גרויסע שפּירעוודיקייט פון קינד צו דעם קלאַנג. ס׳איז אַ סברה, אַז דאָס קינד רעאַגירט אויף דעם מוזיקאַלישן קלאַנג ווען עס איז נאָך ביי זיין מוטער אין בויך. ווייזט־אויס, אַז די מילדע, פּשוטע, ריטמישע לידלעך באַרויִקן די שפּאַנונג פון דעם קינדס זייער שפּירעוודיקן נערוון־סיסטעם.

מען דאַרף צוגעווינען דאָס קינד צום קלאַנג, ווייל אַן דעם פילט עס אַ לאַנגע צייט אַ מין שווידער ביי יעדן גערויש אָדער פון אַ פּלוצלינגדיקן קלאַנג. די דאָזיקע לידלעך אָדער וויגלידער דאַרפן אָבער — פונקט ווי די שפּייז — געגעבן ווערן מיט אַ מאָס און אויך מיט טאַקט. עס האָט, צום ביישפּיל, נישט קיין זין צו זינגען, ווען דאָס קינד איז שוין אַנטשלאָפן געוואָרן; דאָס קען אים נאָר שטערן און קיינמאָל נישט באַרויִקן. ווייזט אויס, אַז דאָס וויגן דאָס קינד, וואָס איז ענלעך צו אַ הוידעלקע פון דעם פּאַרק, איז ביי אים אַ פּסיכישע נויט־ווענדיקייט, ווייל אַ סך קינדער, וואָס ווערן קיינמאָל נישט געוויגט אַ פּאָר מינוט פאַרן שלאָפן, מאַכן אין וויגל, שלאָפנדיק, אַזעלכע באַוועגונגען, וואָס זענען ענ־לעך צום הוידען זיך. דאָס וויגן איז אַ פאָרמע פון באַוועגן זיך און מיר האָבן שוין מער ווי איין מאָל אָנגעוויזן, אַז די קלייניקע קינדער דאַרפן האָבן די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס פאַרגרינגערט זייער נערוונשפּאַנונג און זייער פיזישע אַנטוויקלונג, דאָס הייסט, זייער וואַקסן.

דער בעסטער פּלאַן אין באַצוג צום שלאָף פון קינד שיינט צו זיין פאָלגנ־דיקער: דעם ערשטן חודש אין וויגל אָדער וועגעלע נעבן דער מוטערס בעט. דערנאָך איז זייער גוט, עס זאָל שלאָפן אַליין אין אַ דערבייאיקן צימער, ביז די פינף אָדער זעקס יאָר.

די ערשטע צוויי יאָר פון לעבן דאַרף דאָס קינד שלאָפן נישט ווייניקער ווי 16 שעה אין מעת־לעת. ווי אַזוי דאַרפן די 16 שעה פאַרטיילט ווערן? דער הונגער צעטיילט די פּעריאָדן פון שלאָף און די פּעריאָדן פון אויפזיין. די ערשטע חדשים איז דער בעסטער וועקער פון קינד — זיין הונגער, און די מו־טער, וואָס באַקלאָגט זיך, אַז איר קינד שלאָפט פונקט דעמאָלט, ווען עס דאַרף עסן, איז נישט גערעכט. אויב דאָס געזונטע קינד שלאָפט, איז עס אַ סימן, אַז עס דאַרף נאָך נישט עסן, ווייל עס איז נאָך נישט הונגעריק. די ערשטע חדשים פון לעבן שלאָפט אַ געזונט קינד מער ווי 16 שעה, אָבער דער ריטם פון זיין שלאָף איז פאַרבונדן מיט דעם ריטם פון זיין עסן.

## קאַפּיטל XVIII

# די קינדער-סעזאָן-קראַנקייטן און די שול

## 1

לאָמיר נאָכאַמאָל דערמאָנען יענע טרעפלעכע פראַגע, וואָס געהערט צו פּראָ־פעסאָר עסקאַרדאָ: „מיט די ערשטע קעלטן קומען־אָן די ערשטע הוסטן צום גרויסן נחת פון די דאָקטוירים". די פראַזע איז אַ בייסנדיקע. שוין אַזאַ גורל פון די דאָקטוירים. טעאָרעטיש און אַפילו פאַר דעפיניציע וואָלט מען געקאָנט, אין אַ ווערטערבוך ביים וואָרט „דאָקטאָר", אַוועקשטעלן אַזוי צו זאָגן: „אַ מענטש, וועמענס פּראָפעסיע איז אַזאַ, אַז ער זיצט און קוקט אַרויס, אַז עמיצער פון זיינע באַקאַנטע זאָל קראַנק ווערן, כדי ער זאָל קאָנען האָבן פּרנסה..."

איך וואָרן מיינע חשובע לייענער, אַז דער רבונו של עולם זאָל זיי אָפּהיטן פון אַזאַ מחשבה. עסקאַרדאָס פראַזע איז נאָר אַ שיינע איראָניע.

עמיצער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן צווייערליי דאָקטוי־רים: די, וואָס האָבן נישט וואָס צו עסן און די, וואָס האָבן נישט ווען צו עסן.

דער אמת, דער ריינער אמת, איז, אַז נישט די ערשטע און נישט די צווייטע „קוקן־אַרויס" אויף פּאַציענטן. די ערשטע, וואָס האָבן ווייניק פּאַציענטן, זענען געוויינלעך אַזוי פאַרכאַפּט פון זייער פּראָפעסיע און אַזוי דאָרשטיק צו פאַר־גרעסערן זייערע קענטענישן און זייער פּראַקטיק אין שפּיטאָל, אַז עס בלייבט זיי ווייניק צייט „אַרויסצוקוקן" אויף פּאַציענטן; די צווייטע, וואָס האָבן אַפילו נישט קיין צייט ווען צו עסן, האָבן דאָך פּשוט נישט קיין צייט פאַר דעם...

ביידע מינים דאָקטוירים ווייסן, אַז ס'איז פאַראַן ווער עס זאָל שאַפן — אַזוי צו זאָגן — פּאַציענטן: סעזאָנען, אַרבעט, עלטער, מלאכות, אא"וו.

אָבער דאָ רעדן מיר פון די קינדער־קראַנקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער שול. דאָס ערשטע און דאָס אָפּטסטע, וואָס אַ קינד „פּאַקט", ווען עס הייבט אָן גיין אין שול, איז אַ פאַרקילונג.

די דאָזיקע פאַרקילונגען זענען דער בייזער געשפּענסט פון די מוטערס: דאָס קינד פאַרקילט זיך. פון דער נאָז ווערט אַ „נאָניע", — עס רינט פון נעזל און עס הייבט אָן הוסטן, מיט אָדער אָן היץ. און עס הייבט זיך אָן אַ סדרה: דאָקטוירים, סיראָפּן, נאָז־טראָפּנס און עס פאַרציט זיך צומאָל חדשים. די לע־רערס זענען שוין צוגעוווינט, אַז אַרום אַ חודש נאָכן אָנהייבן דאָס לערנען זאָל ווערן שיטער אין די קלאַסן...

דאָס איז באמת אַ פּלאָג פאַר די קינדער און שיינט צו זיין אַזוי אומ־

פאַרמיידלעך, אַז מ׳נעמט עס אָן ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, פונקט ווי עס זענען פאַראַן מוטערס, וואָס מיינען, אַז קינדער מוזן מאָזלען...

אין טעאָריע זענען די פאַרקילונגען יאָ פאַרמיידלעך, אין דער פּראַקטיק אָבער איז זייער שווער זיי אויסצומיידן סיי ביי קינדער און סיי ביי דערוואַקסענע.

די פאַרקילונגען פון די קינדער האָבן דריי פונדאַמענטאַלע סיבות: די ערשטע איז די שול זעלבסט, אָדער, בעסער געזאָגט, די געביידע; די צווייטע סיבה איז די מוטער און די דריטע איז דער אַלגעמיינער געזונט־צושטאַנד פון קינד.

ווען די געביידע איז אַ צוגעפּאַסטע, אַזעלכע ווי די, וואָס מען האָט די לעצטע יאָרן ביי אונדז געבויט, דאָס הייסט גרויסע און ליכטיקע קלאַסן מיט הילצערנע דילן און הייצונג, ווערט דאָס קינד נישט פאַרפרוירן בשעת די לעקציעס און עס פאַרקילט זיך נישט. דאָס זיצן אין אַ קאַלטן, נישט געהייצטן קלאַס־צימער מער־ווייניקער אומבאַוועגלעך אַ קאָרגע שעה, פאַרפרירט דאָס צאַרטע קערפּערל פון קינד און עס דערשיינען די סימנים פון דער פאַרקילונג. דאָס הייסט, אַז מען מוז נישט נאָר גיין אין גאַס ביי אַשלעכטן וועטער, כדי זיך צו פאַרקילן; מען קען זיך פאַרקילן, נישט אַרויסגייענדיק פון שטוב אָדער קלאַס. די גרויסע קלאַס־צימערן פון אונדזערע נייע שולן, מיט די גרויסע פענצטער לאָזן אויך דורך די וואַרעמע שטראַלן פון דער ווינטערדיקער זון, מ׳אַכנדיק, אַז דער זאַל זאָל זיין נאָך וואַרעמער און קאָמפאָרטאַבל. ס׳איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז אין די קלאַסן טאָרן די קינדער בשום אופן נישט זיצן אָנגעטאָן אין זייערע מאַנטלען. די מאַנטעלעך, וואָס זיי וועלן אָנטאָן ביים אַרויסגיין, וועלן זיי באַשיצן קעגן דעם פּלוצימדיקן אומבייט פון דער טעמפּעראַטור. ס׳איז צומאָל פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישן דער טעמפּעראַטור אין קלאַס און אין גאַס. נאָך אַלעמען קומט דאָך די פאַרקילונג יוסט פון אַ פּלוצלינגדיקן אומבייט פון דער טעמפּעראַטור, צו וועלכער דער קערפּער קאָן זיך אַזוי שנעל נישט צופּאַסן.

די צווייטע סיבה פון די אייביקע פאַרקילונגען פון די קינדער איז אָפטמאָל טאַקע זייער אייגענע מאַמע. ביי די דאָזיקע מאַמעס איז דער חשבון אַ פּשוטער: וואָס מער זיי וועלן די קינדער אָנטאָן, וועלן זיי זיך ווייניקער פאַרקילן; וואָס מער לייבלעך און סוועטערס אַלץ געזונטער, אַלץ ווייניקער טראָפּנס פאַר דער נאָז און ווייניקער סיראָפּן. ווען די דאָזיקע מאַמעס ברענגען מיר זייערע קינדער אין קאָנסולטאָריע און הייבן זיי אָן אויסטאָן איין לייבל נאָכן צווייטן, דערמאָנען זיי מיך יענע אַלטע פּיעסע אין אַמאָליקן יידישן טעאַטער „חיים אין אַמעריקע״: ווען חיים קומט אָן אין אַמעריקע צו זיין קרוב און הייבט זיך אָן אויסצוטאָן, טוט ער אויס זיבן וועסטלען... עס פאַרנעמט אַ גאַנצן אַקט. אַזוי איז מ׳יט די געטרייע מאַמעס, וואָס ווילן פאַרהיטן זייערע קינדער פון פאַרקילונג. איז

וואָס לאָזט זיך אויס? גראָד ז יי דאַרפן קומען מיטן קינד צום דאָקטאָר. אַ מזל אַזאַ!

דאָס קערפּערל ביי די דאָזיקע נישט זייער גליקלעכע קינדערלעך געוווינט זיך אַזוי צו צו אַן אויסערגעוויינלעכער וואַרעמקייט און פּאַסט זיך שווער צו צו אַ נידעריקער טעמפּעראַטור. די פּעולה דערפון איז, אַז וואָס מער דער ווינטער אוואַנסירט, דאַרפן זיי מער סוועטערס און לייבלעך און ענדע ווינטער קאַטשען זיי זיך ווי פּעסלעך...

אַז מען זאָגט געטרייע מאַמעס, איז דאָך נישט שייך...

איך גלויב, אַז כ׳דאַרף זיך לענגער נישט אָפּשטעלן צו דערציילן, ווי אַזוי מען דאַרף אָנטאָן די קינדער ווינטערצייט. אָנטאָן, אָבער מיט אַ מאָס... וואָס צו, איז נישט געזונט, אַפּילו ביי בגדים. איין וואַרעם לייבל און איין סוועטער איז גענוג פאַר דער גרעסטער קעלט אין שטוב, און דער מאַנטל, אינדרויסן; נישט צוגעוווינען דעם קינדס קערפּער צו איבערגעטריבענער וואַרעמקייט. זיי דאַרפן טראָגן וואַרעמע זאָקן און ווען עס רעגנט — קאַלאָשן, אויב מעגלעך. ווען די פיס זענען וואַרעם איז שווער זיך צו פאַרקילן. איך וואָלט געזאָגט, אַז די פאַר־קילונג קומט דורך די פיס.

די סיבה איז פאַרבונדן מיטן געזונט־צושטאַנד פון קינד גופא: קינדער, וואָס האָבן אַ געזונטע נאָז, וואָס אָטעמען גוט און פריי דורך דער נאָז, פאַר־קילן זיך נישט. און דאָס איז כמעט די גאַנצע תורה„ מען קען זי אויסלערנען על רגל אחת, ווי יענער גוי, וואָס איז געקומען צו הלל הזקן...

עס פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז נאָך פאַראַן עפּעס צו לערנען, פונקט ווי עס איז נאָך עפּעס פאַראַן נאָך ואהבת לרעך כמוך.

עס הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט געוויקסן ביי די קינדער דאָרטן אונטן, ווו די נאָזלעכער ענדיקן זיך. און די מאַמעס האָבן מורא צו לאָזן אָפּערירן און די טאַטעס האַלטן גלאַט אַזוי נישט פון אָפּעראַציעס. איך הער אָפט זאָגן: „צו אָפּע־רירן וועט תמיד זיין צייט. מיינער אַ קרוב האָט אַן איידעם, וואָס האָט געלאָזט אָפּערירן זיין קינד, און עס פאַרקילט זיך ווייטער... איז וויל איך נישט איינ־שטעלן!״

דאָס נישט אָטעמען דורך דער נאָז איז לײַדער אַ זייער אָפטע דערשיינונג ביי קינדער (און ביי דערוואַקסענע). עס איז פשוט אַ רחמנות אויף די דאָזיקע קינדער. די פאַרלייגטע נאָז איז נישט נאָר אַ שטערונג פאַר דעם קאָרעקטן אָטע־מען, נאָר עס ווירקט אויך שלעכט אויף דעם וואַקסן און אויף דער אַנטוויקלונג פון ברוסטקאַסטן. דאָס אַלעס דאַרף אויך געזאָגט ווערן בנוגע פאַרגרעסערטע מאַנדלען. איך קען אַ סך עלטערן, איבערהויפּט טאַטעס, וואָס זענען אין פּרינציפּ

קעגן אָפּעריִרן די קינדער אויף די דאָזיקע זאַכן. זיי טוען זיי מיט דעם זייער אַ קליינע טובה.

ווען דאָס קינד פֿאַרקילט זיך, אַפילו אָן היץ, דאַרף מען עס גלייך אַריינלייגן אין בעט. צומאָל איז דאָס אַליין גענוג. אויב עס קומט מיט פֿיבער דאַרף מען גלייך רופֿן דעם דאָקטאָר. די קראַנקייט איז תמיד אַ קורירבאַרע, דאָס איז שוין נישט קיין פּראָבלעם. די פּראָבלעם באַשטייט אין דעם, אַז דאָס קינד זאָל געזונט ווערן אין אַ מינימום צייט און זאָל נישט דאַרפֿן פֿעלן אין שול וואָכנלאַנג. מען פֿאַרקילט זיך אויך צופֿעליק. דערפֿאַר דאַרף מען זיין פּאַרזיכטיק. אַ צוג־לופֿט. אַן אָפֿענע טיר אָדער פֿענצטער זענען גענוג צו פֿאַרקילן זיך.

אַלע דאָקטוירים ווייסן צו פֿאַרשרייבן געוויסע פּילן אָדער קאַפּסולן, וואָס זענען נישט קיין שלעכטער פּרעווענטיוו קעגן פֿאַרקילונגען און באַשיצן צומאָל פֿון אַ פֿאַרקילונג בשעת דעם ווינטער.

## 2

מיר האָבן אין אונדזער פֿאַריקן קאַפּיטל גערעדט פֿון דער פֿאַרקילונג, וואָס איז די ערשטע און אָפֿטסטע קראַנקייט, וואָס דאָס קינד ליידט אין פֿאַרבינדונג מיט דער שול.

די שול שטעלט דאָס קינד אין קאָנטאַקט מיט דער „וועלט", אַזוי צו זאָגן. דאָס ערשטע יאָר פֿון זיין לעבן באַוועגט עס זיך ווינציק; זיין וועלט איז דאָס וויגל, און אויב עס איז נישט אַזוי אין אַ סך פֿאַלן, איז אין דעם שולדיק די אומוויסנקייט פֿון די עלטערן. ס'איז שוין צייט, אַז די עלטערן זאָלן וויסן, אַז דאָס ערשטע יאָר, לכל הפּחות, דאַרף דאָס קינד ליגן אַ גאַנצן טאָג אין וויגעלע. מען טאָר עס נישט אַרומטראָגן אויף די הענט. דאָס איז די קלענסטע טובה, וואָס מען קאָן אים טאָן. אין דעם ערשטן יאָר איז זיין לעבן איבערהויפּט אַ וועגעטאַטיוו לעבן. עסן, האָבן דעם מאָגן יעדן טאָג איין מאָל אָדער מער און שלאָפֿן. ליגנדיק אין וויגעלע, דאַרף מען עס פֿירן, זומערצייט אין פּאַרק, אָבער קיינמאָל נישט טראָגנדיק עס אויף די הענט. דאָס לעצטע קאָן האָבן אַ שעדלעכע ווירקונג אויף זיין רוקנביין, וואָס איז נאָך ווייך. דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דעם שטעלן אים אויף די פֿיסלעך אָדער פּרוּוון אים לערנען גיין פֿאַר דער צייט. מען דאַרף נישט און מען טאָר נישט צואיילן זיך מיט דעם דאָזיקן פּראָצעס.

דאָס ערשטע יאָר דאַרף עס ליגן אין וויגל און מ'טאָר אים נישט שטערן און רייצן מיט שפּילעכלעך אָדער אַנדערע קעגנשטאַנדן. די איינציקע, וואָס דאַרף מיט אים אַרומגיין, איז די מוטער; אים געבן עסן, ווי ווייט מעגלעך אויסשליס־

לעך די ברוסט; אים באַדן יעדן טאָג און אָפּהיטן זיין בעטגעוואַנט. עס איז ווינטשנסווערט, אַז קיין שום אַנדערער מענטש זאָל מיט אים נישט האָבן קיין שום מגע־ומשא. ס׳איז גאַנץ לעכערלעך און אומגעזונט פאַר אים יעדע אַנדערע זאַך אויסער דעם, וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט. יונגע עלטערן מוזן קאַנען ברענגען דעם קרבן צו זיצן אין דער היים, אויב זיי האָבן נישט ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף זיין שלאָף, ווען זיי ווילן גיין שפּאַצירן אָדער צוגאַסט אָדער אויף שמחות. יונגע עלטערן דאַרפן קאָנען מוותר זיין אויף אַלע די פאַרגעניגנס, אויב זיי ווילן האָבן אַ געזונט קינד. מען טאָר דאָס קליינינקע נישט מיטנעמען, ווען מ׳גייט אויף פאַרווייילונגען אָדער אין טעאַטער. אין ערשטן יאָר פון זיין לעבן דאַרף זיין וועלט זיין דאָס שלאָפצימער און דער פאַרק; זיין וויינאַרט — דאָס וויגעלע, און זיין פּאָזיציע — דאָס ליגן כמעט אַ גאַנצן מעת־לעת.

אַז עלטערן וועלן מקיים זיין שטרענג אָט־די אַלע כללים, וועלן זיי האָבן שפּעטער אַ געזונט קינד און וועלן ווייניקער האָבן צו טאָן מיט דאָקטוירים. אין דעם באַשטייט די פונדאַמענטאַלע פּראָפילאַקטיק פאַר אַ גוטן און רואיקן נערוון־סיסטעם ביים קינד. פון דעם ערשטן יאָר לעבן הענגט אָפּ אפשר זיין גאַנצער געזונט־צושטאַנד פון שפּעטער, אַפילו ווען ער וועט זיין אַ דערוואַקסענער מענטש.

קרובים און געסט, וואָס מען לאָזט זיי צו צום קינד, קאָנען פאַר אים ברענ־גען נאָר צרות און קראַנקייטן. אויסער דעם, וואָס דאָס מיינט רייצן זיין רואיקן און נאָרמאַלן נערוון־סיסטעם אומזיסט און אומנישט, וואָס עס דאַרף עס נישט און טאָר עס נישט.

אין אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס ס׳איז גאָרנישט שווער דורכצופירן אין לעבן, וועט דאָס קינד זיין געזונט און נישט געבן קיין סך אַרבעט זיין מוטער... עס וועט זיך נישט פאַרקילן. און נישט צולאָזנדיק קיין מענטשן צו אים, וועלן זיי אים נישט אָנשטעקן מיט גריפּ און אַנדערע צרות.

ס׳איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז קינדער אין ערשטן יאָר פון זייער לעבן ליידן זעלטן פון היץ־קראַנקייטן. מען דענקט, אַז זיי ווערן געבוירן מיט אַ באַ־שטימטער אימוניטעט און ווידערשטאַנד קעגן היץ־קראַנקייטן, אַ רעזיסטענץ, וואָס ענדיקט זיך נאָכן יאָר, אָבער מן הסתם ליידט עס ניט פון די דאָזיקע קראַנק־הייטן, ווייל עס באַוועגט זיך ווייניק, קומט ווייניק אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע מענטשן און די געלעגנהייטן זיך אָנצושטעקן זענען זעלטענער.

אין די דאָזיקע אידעאַלע באַדינגונגען בלייבט נאָר איין קראַנקייט, וואָס איז אַמאָל געווען מוראדיק אָפט און געפערלעך און פלעגט אומברענגען אַ גרויסע צאָל קינדער אין ערשטן יאָר פון זייער לעבן: די קאַטאַרן אויף די קישקעלעך. די שליימהויט פון די קישקעלעך פון די קליינינקע קינדער איז זייער עמפּינדלעך פאַר די פאַרשידענע מיקראָבן, וואָס קומען אַריין מיט די שפּייזן. עס פאַרשטייט

זיך, אַז די, וואָס ווערן געשפּייזט מיט דער ברוסט, ליידן אַ סך ווייניקער פון די דאָזיקע קראַנקייטן, אָבער די, וואָס באַקומען אַ קינסטלעכע דערנערונג — קו־מילך — ווערן זייער אָפט קראַנק אויף די קישקעס און דאָס איז נאָך עד היום, מיטן גאַנצן פּאָרשריט פון דער מעדיצין, די ערשטע סיבה פון טויטפאַלן ביי קינדער אין דעם ערשטן יאָר לעבן.

———:———

אין היינטיקע צייטן, אין דער תקופה פון גן־ילדים, אין וועלכן מיר לעבן, הייבט זיך אָן די שול־עלטער ביי די דריי יאָר... אַזוי אַרום, אַז אַלע קראַנקייטן הייבן זיך אָן פריער מיט דריי יאָר ווי אַמאָל. די קינדער מאָזלען פריער און ליידן פריער פון אַלע אַנדערע שווערקייטן און קראַנקייטן, וואָס זענען פאַר־בונדן מיטן גיין אין שול. די שול גיט דעם קינד די בעסטע געלעגנהייט זיך אָנצושטעקן מיט אַלע סיפּ־קראַנקייטן: מאָזלען, שקאַרלאַטין, ווינטפּאָקן וכדומה. אַ צווייטע קאַטעגאָריע נישט אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, וואָס די שול איז גורם, זענען די פעלערן אויף דער ראיה און די פאַרשידענע בייגונגען פון רוקנביין.

די געביידע פון דער שול שפּילט דאָ אַ גרויסע ראָל.

מיר ווילן, פאַר אַ נאָווינע, ברענגען עטלעכע שורות וועגן אונדזערע שול־געביידעס, וואָס מיר האָבן געשריבן אין סעפּטעמבער 1931 („פאָלקסגעזונט", נומ. 11):

„מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז רעדן פון געביידעס פון יידישע שולן אין בוענאָס־איירעס איז אַ ביטערע איראָניע. מיר דענקען, אַז מיר מעגן זאָגן, אַז ס'איז אוממעגלעך צו באַגרייפן אַ קלאָגלעכערן צושטאַנד פון די געביי־דעס פון אונדזערע יידישע שולן. אין היינטיקע צייטן קאָן מען נישט באַ־גרייפן, אַז אַ שול זאָל זיין איינגעריכטעט אין אַ געביידע, וואָס איז נישט געבויט ספּעציעל פאַר דעם צוועק. אין היינטיקע צייטן, ווען מען מעסט די אַבליקוויטעט פון די זונשטראַלן, וואָס קומען אַריין אין קלאַס, ווען מען זוכט צו בויען די שולן אין דער מיט פון אַ שטח ערד, וואָס זאָל האָבן אַרום זיך, אין אַלע פיר זייטן, ווייניקסטנס 15 מעטער פרייע, נישט באַבויטע ערד, ווען דער הויף, אין וועלכן די קינדער שפּילן זיך אין די הפסקות, מוז זיין אויסער דער געביידע פון שול, אא"וו — אין אַזוינע צייטן מוזן מיר זיך דערוייל באַנוגענען צום טיפן באַדויערן מיט אונדזער אומבאַהאָלפנ־קייט אויף דעם געביט. אונדזערע שולן אין בוענאָס־איירעס זענען אַ שעד־לעכער ספּעקטאַקל אין די אויגן פון אַ היגיעניסט".

מיר פּרעטענדירן נישט, אַז די לאַגע אויף דעם געביט זאָל זיך האָבן ראַ־

דיקאָל געענדערט אַדאַנק די שורות, וואָס מיר האָבן געשריבן אין 1931... אָבער אַ פאַקט איז, אַז היינט וואָלטן מיר נישט געדאַרפט שרייבן אַזעלכע ווערטער; היינט האָבן מיר מקיים געווען מיט אַלע כללים פון דער היגיענע וואָס אָנבאַלאַנגט געביידעס פאַר די שולן... אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין דער לאַנגער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט אין גלות, איז נאָך נישט געווען אַ „ייִדישע״ שטאָט, וואָס זאָל זיך קאָנען באַרימען מיט אַזעלכע געביידעס. הלוואַי זאָלן מיר קאָנען זאָגן דאָס זעלביקע וועגן די שולן גופא. די צייט וועט באַווייזן, אויף וויפיל יידן קאָנען ווערן בעסערע יידן לערנענדיק אין שענערע שולגעביידעס...

אָבער אויפן געזונט פון דעם דור וועט מען עס זיכער באַמערקן.

די זון איז דער בעסטער פריינט און אויך דער בעסטער באַשיצער פון דעם קינד. זי איז אין דער זעלביקער צייט דער גרעסטער שונא פון די פאַרשידענע מיקראָבן, וואָס לויערן אויף דעם קינדס געזונט. די בעסטע שול־געביידע איז יענע, אין וועלכער די זון קאָן אַריינדרינגען אין אַלע קלאַסן. די לעצטע דאַרפן זיין גרויסע און לופטיקע און ביי יעדער הפסקה דאַרף מען עפענען די פענצטער, כדי די לופט זאָל זיך באַנייען.

מיר דאַרפן באַשטעטיקן, אַז ביי היינטיקן צושטאַנד פון אונדזערע שולגעביידעס וועלן די לעצטע נישט זיין די גורמים פון קיין קראַנקייטן ביי די קינדער.

## 3

די קראַנקייטן מיט אַן אויסשיט אויפן לייב, די אַזוי־גערופענע סיפּ־קראַנקייטן, זענען די אָפּטסטע און די געוויינלעכסטע.

זיי האָבן, ווי אַ סך אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, היינטיקע צייטן פאַרלוירן זייער ערנסטקייט און זייער בייזאַרטיקייט און קיין קינדישע לעבנס ווערן כמעט נישט פאַרלוירן דורך זיי. דער קעגנזאַץ מיט אַ נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט איז זייער גרויס. פעניצילין קורירט נישט אויס אַלע די קראַנקייטן, אָבער זי נעמט ביי זיי צו אינגאַנצן זייער ערנסטקייט. נעמלעך: זי פאַרמינערט אָדער זי מאַכט כמעט אוממעגלעך די קאָמפּליקאַציעס. און קינדער פלעגן אַמאָל שטאַרבן אין אַ גרויסער צאָל פון די דאָזיקע קראַנקייטן אָדער פון זייערע קאָמפּליקאַציעס וואָס זענען תמיד געווען זייער ערנסטע. אויף דעם געביט האָט די מעדיצין געמאַכט גיגאַנטישע שריט פאָרויס.

מיר דערמאָנען זיך, ווי בלינד די מעדיצין איז געווען אָט נישט מער ווי מיט אַ קורצע אַכציק יאָר צוריק; אונדז קומט אויפן געדאַנק יענער באַרימטער פראַנצויזישער פראָפעסאָר, וואָס ווען ער פלעגט קומען יעדן פרימאָרגן אין זיין זאַל אין שפּיטאָל, פלעגט אים זיין אַסיסטענט גלייך אָפּגעבן דעם ראַפּאָרט:

— נעכטן נאָכמיטיק האָט מען געבראַכט זעקס קינדער מיט שקאַרלאַט, — זאָגט דער פּראָפעסאָר.

— זעקס „סאַנגריאַס" (לאָזן בלוט פון די אָדערן), — פלעגט ער פאַראָרדענען.

— עס זענען אויך אָנגעקומען פינף קינדער מיט מאָזלען.

— פינף בלוט־לאָזונגען! — פלעגט ער ווייטער פאַראָרדענען.

בלוטלאָזן איז געווען כמעט די איינציקע בלינדע מעדיצין פון 18טן און 19טן יאָרהונדערט. מען האָט כמעט נישט געוווסט, פאַרוואָס און פאַר ווען. דאָס איז געווען אין גאַנצן עמפּיריש.

און — ס'איז ממש צום שטוינען! היינט לאָזט מען מער נישט קיין בלוט, אויסער ביי זייער זעלטענע פאַלן. היינט ג י ט מען בלוט „דער גאַנצער וועלט" (טראַנספוזיעס).

עס האָט ביי די כירורגן גענומען קנאַפּע 100 יאָר, ביז זיי האָבן אויסגע־פונען די רפואה קעגן „שאָק" פון דער אָפּעראַציע. נאָך יעדער אָפּעראַציע, אַמאָל דער מינדסטער, איז דער פּאַציענט געווען אַ פּאָר טעג אַ חולה מסוכן. דאָס עפענען אַ בויך, אַפילו ווען די אָפּעראַציע האָט ווייניק געדויערט, האָט גע־בראַכט דעם אַזוי־גערופענעם שאָק. ווען זי האָט געדויערט מער, איז דער שאָק־צושטאַנד צומאָל געווען אַ געפערלעכער. אָבער סוף־כל־סוף איז מען דערגאַנגען, אַז די בעסטע און איינציקע רפואה קעגן שאָק איז אַ בלוט־טראַנספוזיע. מיט דעם איז פאַרשוונדן אָט־דער צושטאַנד, וואָס פלעגט אָנוואַרפן אַן אַנגסטלעכע מורא אויף די אַלע, וואָס האָבן זיך געדאַרפט אָפּערירן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ טראַנספוזיע איז אַ וווּנדערבאַרע מעדיצין צו אַ סך פּאַטאָלאָגישע צושטאַנדן, שוין אָפּגערעדט פון די פאַלן פון בלוט־פאַר־לוסט (געבורטס, אַקצידענטן, אאַ"וו).

אַמאָל האָט מען ביי אַלע קראַנקע גענומען בלוט, היינט מאַכט מען כמעט אַלע קראַנקע טראַנספוזיעס פון בלוט. אַזוי איז די מעדיצין. זי איז די בייטנ־דיקסטע און באַוועגלעכסטע פון אַלע וויסנשאַפטן. עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז שפּעטער מיט נישט מער ווי 20 יאָר זאָלן זיך אונדזערע היינטיקע הייל־מעטאָדן און כירורגישע אָפּעראַציעס אויסווייזן אַזוי פאַרעלטערט, פונקט ווי עס ווייזן אונדז אויס די אַמאָליקע.

אָבער מיר גייען צוריק צו אונדזערע קינדער. די סיפּ־קראַנקייטן ווערן פאַר־אורזאַכט דורך אַן אומבאַוווסטן מיקראָב, וואָס איז וואַרשיינלעך אַזוי קליין, אַז אונדזערע היינטיקע זייער פיינע מיקראָסקאָפּן זענען נישט פעאיק זיי צו אַנט־פּלעקן. זיי הייסן דערפאַר „ווירוס". עס איז אַ סברה, אַז דער ווירוס איז די

סיבה פון אַ סך אַנדערע קראַנקייטן: געוויסע קאַטאַרן אויף דער לעבער, קינדער־פּאַראַליז, אאַ״וו.

די סיפּ־קראַנקייטן אַטאַקירן די קינדער זייער אָפּט, אַזוי ווייט, אַז אַ סך מאַמעס דענקען, אַז קינדער מוזן מאַזלען, וואָס איז דאָס זעלביקע ווי זאָגן, אַז דערוואַקסענע מוזן ליידן אויף גריפּ.

די אָפּטסטע און מילדסטע זענען די ווינטפּאָקן. די קלעפּיקייט איז אויסער־געוויינלעך אויף אַזוי פיל, אַז ווען די דאָזיקע קראַנקייט „באַזוכט״ אַ קלאַס, ווערן קראַנק אַלע קינדער אַ חוץ די, וואָס האָבן שוין געהאט די קראַנקייט. אויף דער הויט צעגיסט זיך נישט קיין אמתער סיפּ, נאָר זי ווערט באַדעקט, גאַנץ שיטערלעך, מיט אַזעלכע בלאָטערלעך, וואָס אַנטהאַלטן אַ וואַסערדיקע פליסיקייט, וואָס פאַרוואַנדלט זיך שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג אין אַזאַ מין ספּעציפישן אייטער. די קראַנקייט איז זייער מילד און אָפּטמאָל קומט זי אין גאַנצן אָן היץ. דאָס קינד דאַרף גלייך אַריינגעלייגט ווערן אין בעט. וואָס פריער איז געזינטער סיי פאַר אים, סיי פאַר זיינע חברים אין שול. אַזוי וועט ער זיי אפשר נישט אָנשטעקן. פאַר דער קראַנקייט איז נישטאָ קיין באַהאַנדלונג. אין אַ צען טעג „גייען איין״ די בלאָטערלעך און דאָס קינד קאָן ווידער אָנהייבן גיין אין שול.

איך האָב ביי אַזאַ קינד איינמאָל געזען אַ קאָמפּליקאַציע: דאָס קינד האָט געקראַצט די בלאָטערלעך מיט אומריינע נעגל און ס׳איז ביי אים געוואָרן אַ רויז (עריסיפּעלאַ) אויפן בויך. אַנדערע קאָמפּליקאַציעס זענען כמעט נישט באַיוּוסט. אָבער דאָס לערנט, אַז ביי די דאָזיקע קינדערלעך דאַרף מען אָפּשניידן די נעגל און זיי וואַשן אָפּט די הענטלעך.

מאַזלען איז מן הסתם די היימישסטע קראַנקייט צווישן אַלע סיפּן. היינט מאַזלט אַ קינד אין אַ שטוב און ס׳איז נישט קיין באַזונדער געשעעניש, אָבער אַמאָל, אַפילו אין דעם נישט ווייטן אַמאָל, אין דער (געוועזענער) היים פון מזרח־אייראָפּע, דאָרטן, וווּ אונדזערע מאַמעס און באָבעס און עלטערבאָבעס האָבן נישט חתונה געהאט ווי היינט אויף קאַטאָוועס און האָבן טאַקע געקינדלט ווי עס באַדאַרף צו זיין, דאָרטן האָט נישט געמאַזלט אַ קינד, נאָר די קינדער האָבן געמאַזלט. און דאָס איז שוין נישט געווען אַזוי פּשוט. ס׳איז באַוווּסט אין מעדיצין, אַז ווען איין קינד מאַזלט אין אַ שטוב, איז עס תמיד אַ מילדע און קורצע קראַנקייט, אָבער ווען קינדער מאַזלען אַזוי צו זאָגן בציבור אין איין שטוב איז די זאַך גאַנץ אַנדערש. די לונגען־קאָמפּליקאַציעס זענען אָפטע, מוראדיקע און געוויינלעך שטערבלעכע. דאַרף מען זיך פאַרשטעלן אַן אַמאָליקע יידישע שטוב פול מיט קינדערלעך, וואָס מאַזלען אַלע אינאיינעם. מיר דאַרפן זיך פאַרשטעלן, וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר אַן אַמאָליקער מאַמע. דאָס איז געווען אַ גרויסע טראַגעדיע. מען האָט געמאַזלט בציבור, מען האָט געהוסט בציבור און

— נישט היינט געדאַכט — מען איז געשטאָרבן בציבור פון לונגען־אַנטצינדונג (בראָנקאָפנעומאָניאַ). ווען עס בלייבן אַלע קינדערלעך, וואָס פלעגן געבוירן ווערן צוריק מיט אַפילו נאָר איין דור, וואָלט מן הסתם די וועלט, און אונדזער יידישע וועלט בתוכם, אויסגעזען גאָר אַנדערש. אָבער מאָזלען, שקאַרלאַט און קאַטאַר־קישקעלעך האָבן געקאָסט קינדערשע לעבנס אָן אַ שיעור. אָבער, ווייזט־אויס, אַז עפּעס אַן אומבאַוווּסטע און אומזעבאַרע האַנט רעגולירט דאָס לעבן פון מענטשן און מענטשלעכע מאַסן. דאָס, וואָס עס האָבן אַמאָל געטאָן די קראַנקהייטן און עפּידעמיעס, טוען היינט די מאָדערנע מלחמות און די מערדער־פעלקער.

און טראָץ דעם, וואָס די מלחמות און די מענטשלעכע מערדערייען זענען אַ פיינער „דערזאָץ" פון די אַמאָליקע עפּידעמיעס, איז מען שוין היינט שטאַרק באַזאָרגט אין די הויכע ספערן וועגן דער איבערבאַפעלקערונג אין געוויסע לענדער. אַמעריקע, דאָס לאַנד פון די גרויסע עקספּערימענטן און דעם גרויסן פּאָרשריט, איז באַזאָרגט וועגן אירע 12 מיליאָן זקנים (עלטערע פון 65 יאָר). די באַפעלקערונג האָט זיך דאָרטן פאַרדאָפּלט אין די לעצטע 50 יאָר. דאָס רופט זיך אָפּ אויף דעם זאַפּאַס שפּייז. אַן ענלעכע זאַך קומט פאָר אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס באַווייזט, אַז טראָץ דעם קאָנטראָל אויף די געבורטן, די מלחמות און אַלע אַנדערע מאָדערנע טויט־מאַשינען איז דאָך נישט אָפּגעהאַלטן געוואָרן די קאָלאָסאַלע פאַרמערונג פון דער באַפעלקערונג און זיי ברענגען אום נישט ווייניקער לעבנס ווי די אַמאָליקע קראַנקייטן און עפּידעמיעס, וואָס מען האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו היילן.

———:———

אַ סימן מובהק פון דעם, ווי די מאַמעס האָבן אַמאָל געציטערט פאַר מאָזלען, איז דער פאַקט, וואָס אַז דער דאָקטאָר קומט היינט אַריין אין אַ שטוב, וווּ אַ קינד מאָזלט, טרעפט ער פאַרהאַקט טיר און פענצטער און דאָס קינד, שטאַרק פאַרפּעלצט, ליגט אונטער זיבן קאָלדרעס, אַזוי צו זאָגן. די היינטיקע מאַמעס ווייסן גאַנץ גוט, אַז מאָזלען איז נישט געפערלעך, אָבער עפּעס פון יענער מורא פון אַמאָל איז דאָך איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. מורא גרייכט ווייט און קינדער זענען טייער. דער צימער ווערט געהאַלטן האַלב פינצטער, די מוטער ווייסט נישט פאַרוואָס און פון וואַנען, אָבער עפּעס האָט זי געהערט, אַז אין צימער דאַרף זיין ווייניק ליכט. מאָזלען האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף דורות פון מוטערס, און נישט אומזיסט: לונגען־אַנטצינדונגען זענען געווען אַ זייער אָפטע קאָמפּליקאַציע און, ווי געזאָגט, כמעט תמיד אַ שטערבלעכע. היינט, ווען אַ דאָקטאָר האָט אַ גרונט עפּעס חושד צו זיין אין דער ריכטונג ביי זיין

קליינעם פּאַציענט, מאַכט ער אים עטלעכע איינשפּריצונגען פון פּעניסילין און די געפאַר פאַרשווינדט. ווייל די קאָמפּליקאַציעס פון די קראַנקייטן ווערן פאַר־אורזאַכט פון געוויינלעכע מיקראָבן, וואָס באַקומען ביי די קינדער, וואָס מאָזלען, אַ באַזונדער בייזקייט און אַ באַזונדער ווירולענץ. חוץ דעם איז דאָס קערפּערל אַ גינסטיקער באָדן פאַר זייער פאַרמערונג, ווייל ס׳איז אָפּגעשוואַכט פון די מאָז־לען און פון דער שטרענגער דיעטע, אַ שטרענגע און באַגרענעצטע. ווייל עס איז שווער איינצורעדן די מאַמעס, אַז מען דאַרף אַזעלכע קינדער געבן גענוג שפּייז.

הכלל, דער פּחד פאַר באַשטימטע קראַנקייטן, וואָס זענען אַמאָל געווען גע־פערלעך, דערגרייכט אונדז נאָך ביז היינט, ווען די זעלביקע קראַנקייטן זענען שוין גאַנץ מילדע.

## 4

ביי אַלע קינדער, וואָס ווערן קראַנק אויף די פיבערן מיט אַן אויסשיט אויפן לייב, הייבן זיך די שלאָפקייטן אָן מיט היץ אַלס דער ערשטער סימן. אַזעלכע קינדער, וואָס באַקומען היץ, דאַרף מען גלייך אַריינלייגן אין בעט. דאָס האָט אַ גרויסן ווערט, פון וועלכער קראַנקייט עס זאָל זיך שפּעטער נישט האַנדלען.

אָבער קינדער זאָגן דאָך נישט אויס, ווען זיי פילן זיך שלעכט. דאַרפן די מוטערס האָבן אויף זיי אַ וואַכזאַם אויג; זיי דאַרפן זיך לערנען דערקענען זייערע קינדער, ווען זיי פילן זיך נישט גוט. איינמאָל האָט מיר אַ דייטשיש־יידישע פרוי געבראַכט איר קינד אין קאָנסולטאַריע. ווען איך האָב זי געפרעגט, פאַרוואָס זי האָט עס געבראַכט, האָט זי מיר געענטפערט — דאָס קינד האָט „אַ טריבן בליק״...

הגם איך בין נישט קיין מומחה אין דער דייטשישער שפּראַך, האָב איך, מן הסתם מיט דעם ספּעציפישן אינסטינקט, וואָס דער דאָקטאָר באַקומט מיט די יאָרן, פאַרשטאַנען, אַז דאָס קינד מוז האָבן היץ נאָך פאַר דעם ווי איך האָב אויסגעמאָסטן מיטן טערמאָמעטער.

אַ קינד מיט היץ באַקומט אַ באַזונדערן מילדן בליק. איך ווייס נישט, צי מילד איז טריב, אָבער ס׳איז אַ כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון די אייגע־לעך. דאָס קינד וויל אויך נישט עסן, און אויב מען וויל אים נייטן דערצו, ברעכט עס אויס דאָס, וואָס עס שלינגט איין. אָבער זיי זאָגן נישט, אַז זיי ווילן נישט גיין אין שול. דאָס לעצטע דאַרף מען יוסט אויסמיידן. ווייל אַלע סיפּ־קראַנ־קייטן זענען אַמשטאַרקסטן אַנשטעקנדיק אין די ערשטע טעג, ווען זיי האָבן היץ און דער אויסשיט אויפן לייב איז נאָך נישט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך.

עס וואָלט באַדאַרפט זיין אַ טערמאָמעטער אין יעדער שטוב, איבערהויפּט, ווו עס זענען פאַראַן קינדער.

דאָך אַנאָנסירן זיך די מאָזלען גאַנץ פּריציייטיק מיט אַ טרוקענעם, צומאָל אַ פיינלעכן הוסט און מיט רויטע אויגן. די אָנגעגריפענע האָבן רויטע אויגן און די פּולע ליכט פון צימער שטערט זיי. דערפאַר, און נישט איבער עפּעס אַנדערש, דאַרף זיין טונקל אין צימער! דער הוסט ביי די דאָזיקע קראַנקע איז נישט פאַראורזאַכט פון אַ פאַרקילונג. דאָס איז די שליימהויט פון די בראָנכן, גערייצט פון דעם אינערלעכן אויסשיט (ענאַנטעמאַ), דער סיפּ אויף דער הויט ווערט אָנגערופן עסקאַנטעמאַ.

אַזעלכע קראַנקע דאַרפן נישט אויפנעמען קיין געסט, וואָס זאָלן זיי מבקר חולה זיין, איבערהויפּט ווען די געסט זענען קינדער. הגם, ווען דער אויסשיט איז שוין דערשינען, איז די קלעפּיקייט שוין אַ זייער שוואַכע און פאַרשווינדט אינגאַנצן ביים דריטן טאָג פון דעם סיפּ.

דער הוסט איז פאַראורזאַכט פון דעם אינערלעכן סיפּ, אָבער זייער אָפט קומען די מאָזלען אינאיינעם מיט אַ פאַרקילונג. דאַן האָט דער הוסט צוויי סיבות, איז שטאַרקער און שווערער. ס'איז דאָך איבעריק צו זאָגן, אַז דער דאָקטאָר דאַרף כאָטש איין מאָל באַזוכן אַ נאָרמאַלן פּאַציענט מיט מאָזלען. די קאָמפּליקאַציעס זענען זייער זעלטענע און ביים מינדסטן פאַרדאַכט וועט דער דאָקטאָר באַנוצן פּעניסילין און יעדע געפאַר וועט פאַרשווינדן.

אַלע די דאָזיקע קראַנקייטן האָבן דעם אַזוי־גערופענעם אינקובאַציע־פּעריאָד, דאָס הייסט: אַז ווען אַ קינד קומט אין קאָנטאַקט מיט אַ קראַנקן, דאָס הייסט עס האָט זיך אָנגעשטעקט, גייען דורך פון 9 ביז 11 טעג, ביז עס דערשיינען ביי אים די ערשטע סימפּטאָמען און אַן ערך 14 טעג (צוויי וואָכן) ביז עס דערשיינט דער סיפּ. דאָס איז די אינקובאַציע ביי מאָזלען. נישט ביי אַלע איז ער דער זעלביקער.

ש ק אַ ר ל אַ ט: דאָס איז די ערנסטסטע פון אַלע סיפּ־קראַנקייטן. צומאָל איז דאָס בילד גאַנץ דראַמאַטיש: דאָס קינד ליגט אין בעט און שווידערט אין פערמאַנענטער היץ און דער טויט קומט נאָך געציילטע טעג. שקאַרלאַט איז זייער אַנשטעקנדיק און צומאָל אַטאַקירט ער אַ גאַנצע שטוב.

אַ סך דאָקטוירים האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן, צווישן זיי עטלעכע חברים מיינע — ביים באַהאַנדלען אַזעלכע קינדער. קינדער מיט דער דאָזיקער קראַנקייט וואָלטן תמיד געדאַרפט אינטערנירט ווערן. ליידער איז עס נישט אַזוי גרינג, ווייל די מוטערס ווילן זיך געוויינלעך נישט שיידן מיט זייערע קראַנקע קינדער. נישט איינע אַזאַ געטרייע מוטער האָט באַצאָלט דערפאַר מיט איר לעבן.

דער אינקובאַציע־פעריאָד ביי שקאַרלאַט איז זייער פאַרשידן: פון געצייל־טע שעהן ביז 22 טעג.

די זייער ערנסטע פאָרמען פון דער קראַנקייט זענען, צום גליק, נישט זייער אָפטע. מערסטנס פאַרלויפט די קראַנקייט אָן באַזונדערע קאָמפּליקאַציעס. אָבער דער דאָקטאָר דאַרף קומען אָפט און אַכטונג געבן מיט אַ וואַכזאַם אויג. איינע פון די אָפטסטע קאָמפּליקאַציעס, אָדער, בעסער געזאָגט, אַסאָסיאַציעס, איז דיפטעריט. אַט־די קראַנקייט דערשיינט נישט זייער זעלטן ביי קינדער, וואָס ליגן אויף שקאַרלאַטין.

מען דאַרף אויך זיין זייער פאָרזיכטיק מיט די שפּייזן, ווייל די קראַנקייט גרייפט אָן נישט זעלטן די נירן ביי די קינדער. די נירן בלייבן קראַנקע, און דאָס זענען ס׳רוב די שפּעטערדיקע יונגע מענטשן מיט אַ הויכן בלוט־דרוק, וואָס איז גאַנץ אַנדערש ווי ביי עלטערע מענטשן, וואָס ליידן אויף דעם זעלביקן צו־שטאַנד. דער דאָזיקער הויכער בלוטדרוק איז אַ סך ערנסטער. דערפאַר דאַרף אַ קינד מיט שקאַרלאַט זייער זאָרגפעלטיק באַהאַנדלט און אָפּגעהיט ווערן.

נאָכדעם ווי עס גייט איבער דער שאַרפער פעריאָד פון דער קרענק, הייבט זיך אָן דאָס שיילן פון דער הויט. די קראַנקייט איז נאָך אַלץ אָנשטעקנדיק. אין אַלע טראַקטאַטן דערמאָנט מען דעם פאַקט פון אַזאַ פּאַציענט אין דעם פעריאָד פון שיילונג פון דער הויט, וועלכער האָט געשריבן אַ בריוו צו אַ חבר און אין קאָנווערט פון בריוו איז צופעליק אַריינגעפאַלן אַזאַ שטיקל הויט. דער חבר, וואָס האָט באַקומען דעם בריוו, איז קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַט. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז אַזעלכע פּאַציענטן, אַפילו מילדע, באַקומען אַ געוויסע דאָזע פּעניסילין, וואָס מיידט אויס די קאָמפּליקאַציעס אין אַלגעמיין און פון די נירן אַריינגערעכנט. אָבער דאָס מיינט נאָך נישט, אַז מען דאַרף זיין נאכלעסיק נעבן אַזאַ קראַנקן.

דער ערשטער סימפּטאָם איז אויך די היץ. דער אויסשיט איז ווי איין רויטער פלעק אויפן גאַנצן לייב. די רויטקייט איז שטאַרקער ביי די קנייטשן פון די געלענקן (עלנבויגנס). ביי מאָזלען איז דער אויסשיט נישט אַזוי טאָטאַל, מען זעט אַ סך פאָרציעס הויט, וואָס זענען ריין.

ד י פ ט ע ר י ט איז אַ סך זעלטענער זייט מען האָט דערפונדן די וואַקסין קעגן דער קראַנקייט. אין אונדזער שטאָט איז די דאָזיקע וואַקסין (אימפונג) אָבליגאַטאָריש פאַר שול־קינדער, אַזוי אַז ס׳איז כמעט פאַרשוווּנדן דער פּראָ־בלעם. דאָך זענען דאָקטוירים פון צייט־צו־צייט פאַלן פון דיפטעריט. אַזוי אַרום, אַז ווען אַ קינד באַקלאָגט זיך אויף אַ ווייטאָג אין האַלדז מיט היץ, דאַרף מען קיין סך נישט טראַכטן און גלייך רופן דעם דאָקטאָר.

עס זענען פאַראַן אַנדערע, זייער מילדע קראַנקייטן מיט פאַרשידענע אויס־

שיטן אויפן קערפער. די אפטסטע איז די אַזוי־גערופענע „רוביאָלאַ״. זי איז נאָך מילדער פון מאָזלען. אָבער אַזעלכע קינדער דאַרפן אויך גלייך גיין אין בעט, סיי אויסצומיידן זיי זאָלן אָנשטעקן אַנדערע, סיי זיי זאָלן אויסמיידן קאָמפּליקאַציעס.

פּ אַ פּ ע ר אַ ס: מיר ווייסן נישט, ווי אַזוי די קראַנקייט הייסט אויף יידיש, הגם זי מוז זיכער האָבן אַ נאָמען. אין געוויסע געגנטן פון פּוילן איז זי באַקאַנט געווען מיטן נאָמען „קראָפּ״. זי דערשיינט זייער, זייער אָפט. אונטער די אויערן ווערן שטאַרק געשוואָלן די שפּייעכץ־גלאַנדן, וואָס הייסן „פּאַראָטידאָס״. די „גאַנצע וועלט״ קען די דאָזיקע קראַנקייט. ס׳איז אָבער וויכטיק צו ווייסן, אַז די קראַנקייט איז זייער מילד, אָבער מען קאָן נישט זאָגן דאָס זעלביקע וועגן די קאָמפּליקאַציעס, וואָס זענען זי״ער ערנסטע. די בעסטע פּראָפילאַקטיק קעגן זיי — און די איינציקע — איז דאָס בעט, די אומבאַוועגלעכקייט. ביי די יינגלעך קאָנען ווערן געשוואָלן די בצימלעך, און ביי די מיידלעך — די אייערשטאָקן. עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע קאָמפּליקאַציעס, וואָס פאַרוואַנדלען די קראַנקייט אין אַן ערנסטער מחלה. דאָס קינד דאַרף ליגן אין בעט און איבערהויפּט זיך נישט איילן אַראָפּצוגיין אַפילו עטלעכע טעג — צוויי־דריי — נאָך דעם ווי דאָס געשווילעכץ אונטער די אויערן איז פאַרשוווּנדן.

קאַפּיטל XIX

# קינדער, וואָס ווילן נישט עסן

איינע פון די אָפטסטע פּראָבלעמען פאַר די היינטיקע קינדער־דאָקטוירים, און אַפילו פאַר נישט קיין קינדער־ספּעציאַליסטן, ווייל כמעט אַלע דאָקטוירים באַהאַנדלען קינדער, איז דאָס באַקלאָגן זיך פון די מוטערס, אַז די קינדער ווילן נישט עסן.

איך האָב דאָס אַזוי פיל מאָל געהערט פון יונגיטשקע מאַמעלעך (קיין עלטערע מאַמעס זענען היינט נישט בנמצא), און יעדעס מאָל מיט אַזאַ צודרינגלעכקייט, אַז איך אַליין בין אָפט געווען פאַרצווייפלט.

אַ דאָקטאָר טאָר אָבער נישט ווערן פאַרצווייפלט, און גאָט זאָל אָפּהיטן, אַז דער פּאַציענט זאָל עס באַמערקן... האָב איך מיר, ווי מיין שטייגער איז, געזוכט אַ באַלדיקן אויסוועג ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דער סיטואַציע אויפן אָרט, הייסט עס, און דערנאָך זיך פאַרטראַכטן ביי יעדן פאַל באַזונדער, כדי צו געפינען, אויב מעגלעך, די רפואה.

— סעניאָראַ, — ענטפער איך זיי גלייך, — אַלע יידישע קינדער עסן נישט און דערנאָך וואַקסן זיי אויס דאָקטוירים...

איך האָב נישט קיין גרויסע פּראַקטיק מיט גויאישע קינדער, נאָר עפּעס האָב איך דעם איינדרוק, אַז ביי זיי איז נישט פאַראַן אַזוי פיל קינדער, וואָס ווילן נישט עסן. איך זאָג בכיוון „וואָס ווילן נישט עסן" און נישט, צום ביישפּיל, אַפּעטיטלאָזע. ווייל מיר דאַכט זיך, אַז ביי די מערסטע קינדער איז איין זאַך דער אַפּעטיט און אַ צווייטע דאָס נישט ווען עסן.

מעגלעך, אַז איינס מיטן צווייטן געהערט זיך גאָרנישט אָן...

און צו נאָך אַ זאַך האָב איך זיך דערטראַכט (אַ דאָקטאָר מוז אַמאָל טראַכטן אויך, איבערהויפּט ווען ער האָט מיט וואָס): עפּעס בין איך חושד, אַז ווען מאַ־מעס — לאָמיר זיך איינשטעלן און זאָגן יידישע — זענען געווען מאַמעס ווי־אין פּסוק שטייט און האָבן געהאַט כאָטש צו זעקס קינדערלעך, וואָס דאָס איז דאָך ביי אַמאָליקע אמתע מאַמעס געווען אַ שפּילעכל — דעמאָלט האָבן אַלע זעקס געגעסן ווי חזירימלעך און, אסור, צי מ׳האָט איבער אַזאַ קלייניקייט באַ־דאַרפט גאָר גיין צום דאָקטאָר און אים דערגיין די יאָרן...

אָט דעם געדאַנק, צו וועלכן איך בין דערגאַנגען, האָב איך נישט געפונען אין קיין שום טראַקטאַט וועגן קינדער־קראַנקייטן. די מעדיצינישע טראַקטאַטן זענען די טרוקנסטע זאַכן אין דער וועלט. מען געפינט דאָרטן אַלץ פאַרשריבן לויט אַ פּערפעקטן סדר. מען דאַרף עס לייענען און צעקייען און פאַרדייען און עס פּרווון אָנווענדן אויף די קליינע קינדערלעך, קליינע קרבנותלעך, וואָס מאַמעס פירן צו דאָקטוירים.

עס שטייט דאָרטן אויך גאָרנישט וועגן די מאַמעס, וואָס האָבן צופיל ליב זייערע קינדערלעך, אַז זיי פירן זיי איבער; וועגן מאַמעס, וואָס וויפיל דאָס בן־יחידל אָדער בת־יחידקעלע זאָל נישט עסן, איז נישט גענוג, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען צו־היימיש, צו־וואָכעדיק, אַז זיי זאָלן שטיין אין די טראַק־טאַטן.

איך וואָלט געזאָגט, אַז די גרעסטע טייל פון דער מעדיצין געפינט מען נישט אין די ביכער, נאָר אין לעבן... אין דער טעגלעכער אויפפּאַסונג פון די מענטשן, זייער לעבן און זייער סביבה. דאָ געפינט מען אַזוי פיל „מאַטעריאַל", אַזוי פיל אינטערעסאַנטע זאַכן און געשעענישן, אַז מען וואָלט באַדאַרפט שרייבן זייער אַ סך ביכער. עס איז צופיל — דאָס לעבן — פאַר די ראַמען פון אַ טראַקטאַט, וואָס מוז דאָך האָבן אַ סוף און אַ טאָלק. דאָס לעבן, אָבער, און דער מענטש איז אַ מעשה אָן אַ סוף און אָן אַ טאָלק.

יעדער פּאַציענט, גרויס אָדער קליין, איז אַ וועלט פאַר זיך און אַ פּראָבלעם פאַרן דאָקטאָר. אַ באַזונדער פּראָבלעם, וואָס דער דאָקטאָר דאַרף אויספאָרשן,

אויפקלערן און ציען זיינע שלוסן. דער דאָקטאָר אַליין דאַרף אָנשרייבן דעם טראַקטאַט פאַר יעדן פּאַציענט.

אַ זאַך, וואָס איך האָב אָפטמאָל באַמערקט, איז, אַז די קינדערלעך, אויף וועלכע די מוטערס באַקלאָגן זיך, אַז זיי עסן נישט, זעען גאָרנישט אויס אַזוי שלעכט... מאַמעס ווייסן צומאָל נישט, ווען עס דאַרף זיך ענדיקן דער מיטאָג פון דעם קינד... זאָלן זיי עסן וואָס מער, וועט זיין געזינטער — רעדן זיי זיך איין. צומאָל גיט מען נישט עסן די קינדער, נאָר מען שטאָפּט זיי ווי די גענדז פאַר פּסח. שוין אָפּגערעדט, וואָס קינדער עסן צווישן איבערבייסן און מיטאָג און צווישן מיטאָג און וועטשערע...

מאַמעס, וואָס האָבן ווייניק קינדער, ווילן גאָרנישט וויסן, אַז אַ מאָגן דאַרף אויך רוען; אַז קינדער דאַרפן עסן נישט מער ווי פיר מאָל אין טאָג. די דריי ערשט־דערמאָנטע מאָלצייטן און עפּעס צווישן מיטאָג אוז וועטשערע. לאָמיר לאָזן אויף אַ צווייט מאָל, וואָס מען דאַרף עסן. איך וועל נאָר זאָגן היינט, אַז מענטשן — און נאַטירלעך, קינדער — ליידן פון פאַרשידענע קראַנקייטן אָפטער פון דעם, וואָס זיי עסן יאָ, ווי פון דעם, וואָס זיי עסן נישט.

אַזוי אַז פון דעם סכום קינדער, וואָס מוטערס ברענגען צום דאָקטאָר, דאַרפן, ראשית־כל, אַראָפּגערעכנט ווערן די, וואָס עסן יאָ, נאָר וואָס די מוטער דענקט, אַז ס׳איז ווייניק. דער אויסזען פון די דאָזיקע קינדער רעדט פאַר זיך אַליין.

איך האָב מיר פאַרגעלייגט צו זיין תמיד אויפריכטיק און אָפנהאַרציג מיט מ׳יינע חשובע לייענער. דערפאַר וויל איך דאָ באַרירן אַ פּונקט, וואָס אויב מען וויל, געהערט דאָס יאָ צו דער טעמע, און אויב מען יויל, געהערט דאָס נישט. אָבער אַ פּונקט בלייבט ער. דער ענין איז פאָלגנדיקער:

ווען איך האָב אָנגעהויבן פאַרשרייבן דעם היינטיקן שמועס, האָב איך זיך גלייך געפרעגט, צי מיינע ווערטער וועלן דערגיין צו די מוטערס, צו וועלכע זיי זענען אַדרעסירט. די דאָזיקע מוטערס זענען זייער יונגע, און, משמעות, אַז דער יונגער דור לייענט נישט אַזוי אָפט יידיש. איז ווי אַזוי וועט עס דערגיין צו זיי? וויל איך זיך ווענדן מיט מיין הייסער בקשה צו די באָבעס, וואָס לייענען מיך יאָ, אַז זיי זאָלן דעם אינהאַלט איבערגעבן אויף יידיש צו זייערע טעכטער, וואָס זענען אויך באָבעס, נאָר ייִנגערע, כדי זיי זאָלן עס איבערגעבן — אין שפּאַניש — צו זייערע אויסגעגעבענע יונגע טעכטערלעך, וואָס זענען די אמתע מאַמעס, וועלכע וועלן דאַרפן אָנווענדן מיינע היינטיקע עצות.

איצט ווערט שוין אויך קלאָר דאָס, וואָס איך האָב מרמז געווען אויבן, ווען איך האָב געזאָגט, אַז קיין עלטערע מאַמעס זענען היינט נישט בנמצא. די וואָס זענען אַמאָל געווען עלטערע מאַמעס, זענען היינט יונגע באָבעס... אַ פאַרקערטע וועלט!

ווען דאָס, וואָס איך שרייב, וואָלט געווען ליטעראַטור, וואָלט איך געזאָגט, אַז די היינטיקע טעמע האָט אין זיך אַ סך דראַמאַטישן שטאָף. מער דראַמע ווי טראַגיקאָמעדיע, ווייל דאָס לעצטע האָט זי אויך.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַזאַ בילד: די יונגע מאַמע זיצט ביים טיש, האַלט דאָס צוויי־ אָדער דריי־יאָריקע קינד אויף די הענט און שטופּט אים אין מויל דעם לעפל זופּ. דאָס קינד וויל נישט עסן און דער לעפל פאַרפאַרט צום נעזל, צו די באַקן, צו די אויערן, אָבער נישט אין מויל. דאָס פּנים איז פול מיט זופּ. די יונגע מוטער איז נעבעך פאַרצווייפלט און קאָן זיך נישט קיין עצה געבן. זי בעט דאָס עלטערע קינד, אין די ווייניקע פאַלן, ווען אַזאַ איז פאַראַן, אַז עס זאָל עפּעס טאָן, עס זאָל טאַנצן, שפּרינגען אָדער גאָר דערציילן אַ מעשהלע. קינדער זענען זייער עמפּינדלעך פאַר מעשהלעך, זיי ווערן פולקאָם אַריינגעצויגן אין די געשעענישן; זיי זענען שוין נישט ביי דער מאַמען אין שויס, נאָר זיי זענען מיט לייב און לעבן אין דעם אַרגומענט, וואָס מען דערציילט זיי. זיי הייבן גלייך אָן שלינגען די לעפעלעך זופּ אָדער אַפילו ווען מען זאָל זיי געבן שטיינער. דאָס איז שוין אָבער נישט געגעסן, נאָר עפּעס אַ מעכאַניש שלינגען. און דאָס איז יאָ און נישט געגעסן. צום גליק, האָבן קינדער „אייזערנע״ מאָגנס און אַלץ ווערט פאַרדייעט. אָבער דעם טעם, דעם פאַרגעניגן פון עסן, פילן זיי נישט. עס איז אויך געגעסן, אָבער נישט אַזוי דאַרף מען עסן, נישט אַפילו קינדער.

מיר איז באַקאַנט אַ בחורל פון אַ יאָר פינף, אַ בן־יחיד, וואָס וויל בשום אופן נישט עסן. ער האָט געירשנט פון טאַטן אַ פיינע דאָזע נערוון און ביי יעדן מיטאָג אָדער וועטשערע לעבט מען איבער אַ דראַמע אין יענער שטוב. אָבער דאָס בחורל האָט אַ מומע, דער מוטערס עלטערע שוועסטער, וואָס האָט נישט קיין קינדער (די קינדערלאָזע מומעס זענען די בעסטע אין דער וועלט). דאָס יאַטל עסט נאָר דאַן, ווען די מומע, אַ מאַסיווע אשה פון אַ 40 יאָר, שטעלט זיך אויף אַלע פיר — ווי מען זאָגט — און מאַכט פאַרשידענע קונצן. דעמאָלט עסט ער יאָ.

הכלל, אַראָפּרעכענענדיק די, וואָס מען דאַרף אַראָפּרעכענען, בלייבט אַ פּראָצענט קינדער, וואָס ווילן נישט עסן, און אַנדערע, וואָס האָבן נישט קיין אַפּעטיט. מיר זענען צוגעקומען צום סאַמע עיקר און מיר וועלן מוזן אָנהייבן שרייבן ערנסט, דאָס הייסט טראַקטאַטמעסיק. מיר וועלן מוזן צעטיילן אונדזערע קליינינקע פּאַציענטן אין קאַטעגאָריעס.

אָבער ראשית־כל דאַרפן מיר דערמאָנען דאָס פאָלקסווערטל: דער אַפּעטיט קומט עסנדיק. מ׳דאַרף צוגעבן: עסנדיק גוט, עסנדיק די צוגעפּאַסטע שפּייזן, קומט דער אַפּעטיט. ס׳איז אַ טעות צו זוכן דעם אַפּעטיט אין דער אַפּטייק. דער אַפּעטיט געפינט זיך אין די שפּייזן. אַז זיי זענען צוגעפּאַסט, און אַז קינ־

דער עסן וואָס זיי דאַרפֿן עסן, האָבן זיי אַפּעטיט און ס'איז נישטאָ מיט זיי קיין שוועריקייטן. די וויטאַמינען, וואָס געפינען זיך אין די צוגעפּאַסטע שפּייזן, שאַפֿן דעם אַפּעטיט, און אַז זיי גייען נישט אַריין אין די דאָזיקע שפּייזן, פֿאַרלירט דאָס קינד דעם אַפּעטיט. עס פֿאַרלירט נישט נאָר דעם אַפּעטיט, נאָר עס ווערט אויך קראַנק.

דאָס נישט וועלן עסן דערגייט צומאָל צו אַזאַ ערנסטער לאַגע, אַז מען מוז די קינדער אַריינלאָזן די מילך גלייך אין מאָגן דורך אַ גומענער קישקעלע.

אָבער ביי יעדן פֿאַל קאָן דער דאָקטאָר געפֿינען די סיבה פֿון דעם נישט וועלן עסן.

אין די מערסטע פֿאַלן באַשטייט די רפֿואה אין בייטן די דיעטע און אַכטונג געבן, אַז אין די שפּייזן זאָלן זיך געפֿינען די פֿאַרשידענע וויטאַמינען, וואָס זענען אַזוי נייטיק פֿאַרן געזונט: זאַפֿט פֿון מאַראַנצן און פּאָמידאָרן, פֿרישער סאַלאַט, צעריבענע מייערן אויפֿן רייבאייזן (וויטאַמינען „סע"), מאַלטאַ און גרינוואַרג (וויטאַמינען „בע"), פֿיש־שמאַלץ און שוואַרץ ברויט (וויטאַמינען „דע" און „אַ").

מ'דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז נאָכדעם ווי דאָס קינד איז אַלט געוואָרן אַ יאָר, איז זיין דיעטע כמעט די זעלביקע ווי ביי דערוואַקסענע. דאָס דערלויבט דער מ'וטער צו ענדערן דעם מענו כמעט יעדן טאָג. און מען דאַרף ענדערן, און דאָס עסן דאַרף זיין פֿיין צוגעגרייט.

געזונטע קינדער עסן גוט. ווען עס הייבן זיך אָן שוועריקייטן ביים טיש, דאַרף דאָס קינד געניי אונטערזוכט ווערן דורך אַ דאָקטאָר. אַמאָל האַנדלט זיך עס פֿון אַ קלייניקייט; אַנדערע מאָל געפֿינט מען ביי אַזעלכע קינדער וויכטיקע קראַנקייטן. זיי דאַרפֿן באַהאַנדלט ווערן פֿון אַ קינדער־ספּעציאַליסט אין נערוון. עס מאַכט זיך אָפֿט, אַז פּלוצלינג קאָנען די קינדער נישט פֿאַרטראָגן די מילך, וואָס זיי טרינקען זייט זיי זענען געבוירן געוואָרן. אין אַזאַ פֿאַל דאַרף מען בייטן די דיעטע.

הכלל, יעדעס מאָל, ווען אַ קינד וויל נישט עסן, איז תמיד פֿאַראַן אַ סיבה, וואָס דאַרף ווערן אויסגעפֿאָרשט און באַזייטיקט.

## קאַפּיטל XX
# די „שלעכטע״ קינדער

## 1

עס זענען פאַראַן פאַרשידענערליי שלעכטע קינדער. עס זענען אויך פאַראַן די עקסטרעמען, די גרענעצן פון גוטע און שלעכטע.

די צו־גוטע זענען צומאָל נאַריש, אומבאַדייטנדיק, האָבן נישט קיין שום פּערזענלעכקייט, האָבן נישט קיין שום כאַראַקטער, פאָלגן טאַטע־מאַמע אין יעדער זאַך. זיי לערנען מער־ווייניקער גוט. הכלל — די עלטערן האָבן מיט זיי נישט קיין שום אַרבעט. זיי זענען אויך נישט נערוועז, גלייך זיי וואָלטן געבוירן געוואָרן אָן נערוון. אָבער צו־גוטע קינדער איז אויך נישט גוט. דאָס איז נישט דער נאָרמאַלער צושטאַנד. זיי זענען צומאָל אַביסל צוריקגעשטאַנענע.

דער אַנדערער עקסטרעם, די צו־שלעכטע, דאָס זענען געוויינלעך פּערווערזע קינדער. ערגער ווי שלעכט איז פּערווערז.

אַ נאָרמאַל קינד איז נישט גוט און נישט שלעכט. עס האָט זיינע קאַפּריזן, גייט זיך אַליין זיין וועג, אַזוי צו זאָגן. די עלטערן קאָנען עס אָריענטירן, מאָדעלירן, אויב זיי האָבן די גענוגנדיקע פאַרשטענדעניש און אויסדויער און אויב זיי אַליין זענען נאָרמאַלע מענטשן און האָבן נאָרמאַלע נערוון. און אַזוי קאָנען זיך ציען דורות פון דעם טיפּ מענטשן.

קינדער מיט טעמפּעראַמענט זענען שוין די, וועמענס כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט האָבן שוין בולטערע שטריכן. זיי זענען שוין נישט אַזעלכע „גרינגע״ קינדער ווי די פריערדיקע קאַטעגאָריע. מען דאַרף שוין צו האָבן אַ פעסטערע האַנט, נישט אַזוי זיי צו צוימען ווי זיי צו פירן אויפן גראַדן וועג, אָן דעם, אַז זייער טעמפּעראַמענט, זייער פּערזענלעכקייט זאָל דערפון ליידן.

איך האָב אַמאָל געלייענט ערגעץ, אַז דער נאָמען פון קינד האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין כאַראַקטער. אויב אין זיין נאָמען געפינען זיך אַ סך וואָקאַלן, די אַזוי־גערופענע קאַקאָפאָנישע, ווי „א״ אָדער „אָ״ צי גאָר „או״, וועט זיין פּערזענלעכקייט זיין שטרענג, זיין כאַראַקטער אַ האַרטער, מיט אַ טענדענץ צו מרה־שחורה. ווען די מערהייט וואָקאַלן פון זיין נאָמען זענען עופאָנישע, אַזעלכע ווי „ע״ און „אי״, פאַרמילדערט עס זיין כאַראַקטער און זיין טעמפּעראַמענט. די ערשטע נעמען וואָלטן געווען אַזעלכע ווי אברהם, נתן, וכד׳ און די צווייטע — משה, בנימין, אא״וו.

עס האַנדלט זיך וועגן אַ מערהייט פון עופאָנישע אָדער קאַקאָפאָנישע וואָקאַלן אין זייערע נעמען. עס וואָלט געהייסן, אַז אַ קינד, וואָס הערט פון די ערשטע

חדשים פון זיין לעבן זיין נאָמען, וואָס האָט מילדע און עופּאַנישע וואָקאַלן, ווירקט עס אויף זיין כאַראַקטער אַנדערש ווי ווען עס הערט תמיד האַרטע און קאַקאָפאָנישע נעמען. בנימין איז אַ מילד, שיין און אנגענעם וואָרט, הגם עס האָט איין וואָקאַל אַ האַרטן, דער קלאַנג „יאָ“, בעת אברהם איז אַ וואָרט אינ־גאַנצן האַרט און קאַקאָפאָניש. איך דענק, אַז מ׳דאַרף די דאָזיקע טעאָריע אינ־גאַנצן נישט אָװעקמאַכן מיט דער האַנט. דאָס קינד איז אַ זייער עמפּינדלעך וועזן, אַ סך מער ווי מען שטעלט זיך דאָס פאָר. אַז עס וועט הערן זיין גאַנץ לעבן דאָס מוזיקאַלישע, מילדע און שיינע וואָרט בנימ׳ין, וועט אפשר זיין כאַ־ראַקטער האָבן די זעלביקע מעלות. און פאַרקערט, ביי דעם אַנדערן ביישפּיל פון אברהם.

דאָס קינד פורעמט־אויס זיין כאַראַקטער לויט צוויי פונדאַמענטאַלע סיבות. אין אַ געוויסן גראַד ירשנט עס אייגנשאַפטן פון זיינע עלטערן, אָבער איבערהויפּט בילדעט עס זיין כאַראַקטער אין אַנבליק פון דעם, וואָס עס הערט און זעט אין זיין שטוב. קינדער זענען ווי מאַלפּעס אין דעם זין. זיי קאָפּירן אוי־סערגעוויינלעך. וויכטיקער איז די לעצטע סיבה. ס׳איז נישט אומבאַדינגט נייטיק עס זאָל ירשענען; עס נעמט איבער פון די עלטערן און פון דער משפחה־סביבה ביים לעבן. אַלע אַנדערע פאַקטאָרן זענען צווייטראַנגיקע: די גאַס, די שול, דאָס לייען־מאַטעריאַל, וואָס קומט אונטער זיינע הענט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער אידעאַל איז דער מיטלפּונקט: נישט איין עקסטרעם, נישט דער צווייטער. ביידע עקסטרעמען האָבן אין זיך אַ געוויסן גראַד אומ־נאָרמאַלקייט.

דער מיטלפּונקט וואָלט געהייסן אַ מענטש אָדער אַ קינד מיט טעמפּעראַ־מענט. האָבן טעמפּעראַמענט הייסט האָבן באַוועגלעכקייט, אומרו און נייגערי־קייט פאַר זאַכן און געשעענישן.

אַביסל מער ווי טעמפּעראַמענטפול וואָלט שוין געהייסן נערוועז, משוגע — אין היימישן זין פון וואָרט.

מיינער אַ פריינט, אַן אַמעריקאַנער יידישער געלערנטער, פלעגט זאָגן, אַז ווען ער מאַכט אין זיין היים אַ שמחהלע, פאַרבעט ער תמיד אַ פאָר נעוראָפּאַטן, מילד גערעדט — אַ פאָר אויסטערלישע פערזאָנען, ווייל נאָר אַזוי איז די שמחה אַ געלונגענע, אַ לעבעדיקע און דער עולם אַמוזירט זיך. ווען אַזעלכע געסט פעלן, ווערט די פאַרזאַמלונג לאַנגווייליק און אַביסל שווער...

די באַמערקונג איז זייער אַן אינטערעסאַנטע און אמתע.

די טעמפּעראַמענטפולע מענטשן — זיי זענען דאָס אמתדיקע לעבעדיקע לעבן. די פּאַסיוויטעט, די עקסטרעמע געמיטלעכקייט — דאָס איז האַלב לעבן. די וועלט ווערט געבויט — און אַמאָל צעטרייסלט — פון די ערשטע. די צווייטע, די פּאַ־

סיווע — דאָס זענען די שטומע עדות פון אַ וועלט, וואָס גייט פאַרביי נעבן זיי און רייסט זיי נישט מיט...

די וועלט פון די קינדער איז אַ קאָפּיע פון דער וועלט פון די דערוואַקסענע. ביי קינדער געפינט מען די זעלביקע טיפּן ווי ביי די דערוואַקסענע.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז ווען אַ קינד איז מער ווי שלעכט, איז עס פּערווערז.

פּערווערזיטעט איז די העכסטע מדרגה פון שלעכטקייט. עס זענען פאַראַן אַ סך אַזעלכע קינדער. מיר טרעפן זיי אומעטום. די עלטערן זענען די ערשטע קרבנות זייערע. דערנאָך קומען די חברים, די לערער און אַלע, וואָס קומען מיט זיי אין קאָנטאַקט. זיי קאָנען זיך נישט אַדאַפּטירן מיטצולעבן מיטן געוויינלעכן טיפּ קינד. זייער וויכטיקסטער שטריך איז אַ באַזונדערע שלעכטקייט און עקשנות. זיי צעשטערן אַלעס, וואָס קומט אין זייערע הענט. זיי האָבן אַ באַזונדער געַנוס צו פּייניקן שטוב־חיות, אַזעלכע ווי די קעץ און הינט.

די עלטערן זענען פאַרצווייפלט. די מוטער איז דער נאָענטסטער און אַל־טעגלעכער קרבן. דער פאָטער, וואָס איז צומאָל אויך פון דעם טיפּ — אויב דאָס איז נישט די מוטער — אָן עקסטרעם נערוועזער, איז ווי פייער און וואַסער מיט דעם קינד. ער קאָן פּשוט נישט פאַרטראָגן זיין אָנוועזנהייט.

דאָס זענען שווערע, ביטערע קינדער. זיי זענען אַ שרעקלעכער פּראָבלעם פאַר די עלטערן. זיי שאַפן שוועריקייטן אומעטום — אין שול, אויף דער גאַס, מיט די שכנים...

ביי אַזעלכע קינדער געפינט מען מערסטנס אויס, אַז זיי האָבן פּשוט צוויי כאַראַקטערן: איינער אַן אויבערפלעכלעכער, דער, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין זיין טאָגטעגלעכן לעבן, און איינער, וואָס איז, אַזוי צו זאָגן, פאַרדעקט פון דעם ערשטן, דעם ברוּיזנדיקן, דעם שרייענדיקן כאַראַקטער. און דער צווייטער כאַראַק־טער איז גראָד אַ מילדער, אַ ווייכער, אַ נאָרמאַלער. דאָס מיינט, אַז אין גרונט זענען זיי נאָרמאַלע, גוטע קינדער, נאָר אין דעם קורצן מאַרשרוט פון זייער לעבן איז עטוואָס געשען, וואָס האָט זיי פאַרוואַנדלט אין חיות. דאָס זענען די פאַלשע פּערווערזן. זיי לאָזן זיך גאַנץ אָפט היילן.

אין דעם קורצן לעבן פון די דאָזיקע קינדער איז עפּעס געשען, וואָס האָט געענדערט זייער כאַראַקטער אַלס רעאַקציע קעגן דעם וואָס ס׳איז געשען.

די דאָזיקע געשעענישן געהערן כמעט תמיד צו דעם אַפעקטיוון געביט. קינ־דער רעאַגירן זייער שטאַרק, ווען זיי באַמערקן, אַז די עלטערן האָבן זיי מער נישט ליב אָדער מען האָט זיי ווייניקער ליב ווי די אַנדערע קינדער. אַלס רע־אַקציע קעגן אַזאַ לאַגע ווערן זיי בייז, אומדערטרעגלעך און זיי באַקומען אַ נייעם

כאַראַקטער, וואָס פאַרדעקט, וואָס רוקט־אַראָפּ אין דער טיפעניש פון זיין וועזן דעם פריערדיקן, דעם נאָרמאַלן כאַראַקטער.

איין קינד אַזעלכעס, וואָס מען האָט צו מיר געבראַכט, האָט מיר דערקלערט, אונטער פיר אויגן, אַז זיין פאָטער, וואָס איז געוואָרן אַן אלמן און האָט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט, האָט מער ליב די צוויי קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון דער צווייטער פרוי.

פרויד און זיין שולע האָבן געניצלעך אויפגעקלערט די דאָזיקע פּראָבלעמען.

נישט תמיד האַנדלט זיך עס וועגן סיטואַציעס מיט שטיפברידער; קינדער קאָנען זיין קרבנות פון אַנדערע „שאָקן“, וואָס טרייסלען־אויף איינגאַנצן זייער נשמה. אַ נישט זעלטענע דערשיינונג איז דער באַרימטער „עדיפּוס־קאָמפּלעקס“: קינדער, וואָס זענען פאַרליבט אין זייערע יונגע מוטערס. דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם אפשר גרעסטן פון אַלע פראַנצויזישע דיכטער באָדלער, וועלכער איז געווען פאַרליבט אין זיין יונגער, שיינער מוטער, וואָס איז געבליבן אַ זייער יונגע אלמנה נאָך זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַן אַלטער מאַן. ער איז געווען אייפערזיכטיק אויף זיין שטיפפאָטער און דער דאָזיקער קאָמפּלעקס האָט אים געמאַכט אומגליקלעך זיין גאַנץ לעבן.

אַנדערע מאָל גייען־אַרום די דאָזיקע קינדער מיט אַ געפיל פון שולד, וואָס זיי בויען־אויף אין אַנבליק פון געשעענישן אין זייער שטוב, און ווילן זיך דערפאַר אַליין באַשטראָפן.

דאָס זענען זייער פאַרפלאָנטערטע ענינים, וואָס די פסיכאָאַנאַליטיקער קאָנען צומאָל אויפוויקלען און ביסלעכווייז אויפקלערן און דערקלערן. אין דעם עצם אויפקלערן די סיבות פון דעם שווערן כאַראַקטער פון קינד געפינט זיך שוין די רפואה. די זאַך איז נישט אַזוי גרינג.

איך דענק, אַז דער אַמעריקאַנער און ענגלישער קינאָ האָבן זייער גוט געטאָן מיט דעם שאַפן פילמען, וואָס קלערן־אויף, וואָס פּאָפּולאַריזירן דעם פּסיכאָאַנאַליז. פּסיכאָאַנאַליז איז די מאָנומענטאַלע געביידע, וואָס דער אומשטערבלעכער פרויד האָט אויפגעבויט און פאַר וועלכן די מענטשהייט וועט אים קיינמאָל נישט זיין גענוג דאַנקבאַר.

דער פסיכאָאַנאַליטיקער נעמט דעם פּאַציענט און ווייסט ווי צו מאַכן, אַז ער זאָל פאַר אים אויפוויקלען זיין גאַנץ לעבן, אָנגעהויבן פון די יאָרן, וואָס ער געדענקט. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די מאָמענטן און געשעענישן, וואָס האָבן געקאָנט גורם זיין, אַז זיין כאַראַקטער זאָל אַזוי געענדערט ווערן צום שלעכטן.

ליידער האַנדלט זיך דאָ וועגן לאַנגע, פיינפולע און קאָסטבאַרע באַהאַנדלונגען און פסיכאָאַנאַליטישע סעסיעס. אַ קאָלאָסאַלע צאָל פּאַציענטן האָט פּשוט

נישט געגוג געלט דערצו, און ס׳איז מיר נישט באַוווּסט, אַז ביי אונדז אין לאַנד זאָל מען אַזעלכע באַהאַנדלונגען קאָנען מאַכן אין די שפּיטעלער.

די פילמען, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט, ווייזן די גאַנצע פּראָצעדור, פּונקט ווי עס קומט־פאָר ביים פּסיכאָאַנאַליטיקער אין קאַבינעט. און אין די דאָזיקע פילמען איז עס זייער נעט דורכגעפירט.

די פאַרגאַנגענהייט פון דעם פּאַציענט ווערט גענוי שטודירט, צעגלידערט און אויפגעקלערט. דער דאָקטאָר ווייזט דעם אַנאַליז פון זיין פאַרגאַנגענהייט דעם פּאַציענט און קלערט אים אויף די סיבות פון זיינע ליידן און דאָס ווירקט אויף אים אַזוי, אַז אָפּטמאָל קומט דערפון אַ גאַנצער אומבייט אין זיין פּערזענ־לעכקייט, אין זיין כאַראַקטער און אַפילו אין זיין גאַנץ לעבן.

פון דעם דאָזיקן אַנאַליז ווייזט זיך אַרויס — איך מיין דאָ די פאַלן, אין וועלכע דער פּסיכאָאַנאַליטיקער האָט דערפאָלג — אַז דער בייזער כאַראַקטער פון קינד איז פאַרבליבן אויבערפלעכלעך, האָט נישט צערודערט די גאַנצע פּער־זענלעכקייט זיינע. דער אמתער טעמפּעראַמענט אָדער כאַראַקטער זיינער, דער וואָס איז פאַרשטויסן געוואָרן אין דער טיפעניש פון זיין וועזן, איז געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט און ער קאָן צוריק דערשיינען אויף דער אויבערפלאַך פון זיין פּערזענלעכקייט און ווערן צוריק זיין נאָרמאַלער כאַראַקטער. דאָס וואָלט גע־הייסן אַ גענצלעכע קוראַציע פון אַזאַ פאַל פון פּערווערזיטעט.

## 2

די כעסניקעס: — אַזעלכע קינדער ווי די, פון וועלכע מיר האָבן געשריבן אין פאַריקן קאַפּיטל, זענען צומאָל כעסניקעס. זיי האָבן אמתע אַטאַ־קעס פון כעס. מוראדיקע עפּיזאָדן, וואָס גרענעצן זיך מיט משוגעת. זיי כאַראַק־טעריזירן זיך אָבער מיט דעם, וואָס ווען די אַטאַקע גייט איבער, זענען זיי נאָכאַ־מאָל נאָרמאַלע מענטשן און צומאָל מילדע כאַראַקטערן אַפילו.

אַבסאָלוט די זעלביקע עפּיזאָדן באַמערקט מען ביי דערוואַקסענע, הגם ביי די לעצטע איז עס שוין אַ טעמפּעראַמענט אַזעלכער.

צושטאַנד פון כעס מיינט זיך געפינען אין אַ מאָמענט, אין וועלכן עס קאָנען אָפּגעטאָן ווערן די ערגסטע מעשים — פאַרברעכנס אַריינגערעכנט. אין דעם דאָ־זיקן צושטאַנד קאָן אויך באַגאַנגען ווערן אַ מאָרד.

אונדזערע חכמים האָבן אָפּגעשאַצט דעם דאָזיקן צושטאַנד, — נאָך אַלע־מען, אַן עמאָטיוועער צושטאַנד, אַ נערוון־צערודערונג בכלל, אין אַ געוויסן זין אַ פּאַטאָלאָגישער צושטאַנד. זיי האָבן אים אָפּגעשאַצט אין זיין גאַנצער טראַגיק,

ווייל דער מענטש ווערט דאָך אין אַזאַ מאָמענט אויס מענטש. ער ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַ חיה, סיי דאָס איז אַ קינד, סיי אַ דערוואַקסענער.

„אַריינפאַלן אין כעס — האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט — איז פונקט ווי דינען עבודה־זרה". דינען פרעמדע געטער — עבודה־זרה — איז איינע פון די שווערסטע חטאים. דער, וואָס האָט אָנגעשריבן די פראַזע, האָט געווי געוווּסט די סכנה פון אָט דעם מוראדיקן צושטאַנד, ווען ער האָט אים פאַרגלייכט מיט עבודה־זרה.

„דער, וואָס פאַלט אַריין אין כעס — זאָגט זיך ערגעץ אַנדערש — פאַר־געסט אַלצדינג, וואָס ער האָט געלערנט, און עס באַהערשט אים טיפּשות".

„דער כעסניק פאַרלירט די ליכטיקייט". דאָס וואָלט געהייסן, אַז ער פאַר־לירט פּשוט דעם קלאָרן פאַרשטאַנד.

„דעם כעסניק וועלן אַלע גיהנומס באַהערשן".

„דער כעסניק, וואָס איז אַ חכם, ווערט נאַריש".

„דער כעסניק וועט ליידן אויף אַלערליי אונטערשטע קראַנקייטן" (מערידו??!).

„אויף דעם כעסניק קאָן די שכינה נישט רוען".

אונדזערע חכמים, די גרויסע בעלי־מידות, האָבן אונטערגענומען אַן אמתן קרייצצוג קעגן כעס.

איך ווייס נישט פאַרוואָס מען זאָגט ביי יידן, אַז כוהנים זענען כעסניקעס.

דאָס וואָרט „קאָלעראַ" אין די לאַטייניש שפּראַכן איז דער טייטש כעס. עטימאָלאָגיש נעמט זיך עס פון דעם גריכישן וואָרט „קסאָלאָס", וואָס איז די טייטש גאַל. דאָס וואָלט געהייסן, אַז כעס נעמט זיך פון דער לעבער, וואָס פונקציאָנירט שלעכט.

פון תמיד־אָן — אַזוי לאַנג, אַז מען ווייסט פּשוט נישט פון ווען אָן — רופט מען די מענטשן מיט אַ בייזן כאַראַקטער „היפּאָקאָנדריאַקאָס" (היפּאָקאָנ־דריאַ הייסט דאָס פלאַץ, ווו עס געפינט זיך אונדזער לעבער). דאָס זענען מענטשן מיט אַ נייגונג צו מרה־שחורה. אַן אַנדער אויסדרוק איז „קאַראַקטער ביליאָסאַ", אַ גאַליקער כאַראַקטער. מען פּרעטענדירט צוצושרייבן דער גאַל אונדזערער אָדער דער לעבער עפּעס אַן איינפלוס אויף דעם געמיט־צושטאַנד, אויף דעם טעמפּע־ראַמענט, אויף דעם כאַראַקטער. איך גלויב, אַז דאָס האָט נישט קיין באַזונדער גרונט. דאָס איז אַ פאָלקס־אויסדרוק אָדער אַ פאָלקסטימלעכער אויסדרוק, וואָס האָט זיך כמעט ווי איינגעבירגערט אין דער מעדיצינישער טערמינאָלאָגיע.

—————:—————

די משפּחה, אין וועלכער עס געפינען זיך אַזעלכע קינדער, וואָס פאַלן אַריין אין כעס, פאַלט צומאָל נישט איין, אַז מען דאַרף די דאָזיקע קינדער פירן צום

דאָקטאָר. זיי זענען שלעכטע קינדער און מען דאַרף פון זיי ליידן — אַזוי דענ־קען די עלטערן און לאָזן דאָס קינד אַזוי וואַקסן, ביז דער דאָזיקער אויבער־פלעכלעכער כאַראַקטער, פון וועלכן מיר האָבן געשריבן אין פאָריקן קאַפּיטל, פאַרנעמט אינגאַנצן דאָס אָרט פון זיין אמתן, זיין פּרימיטיוון כאַראַקטער, און דאָס וועט זיין אַן אומגליקלעכער מענטש זיין גאַנץ לעבן. ווייל זיי אַליין — קינדער אָדער דערוואַקסענע — ליידן נישט ווייניקער ווי זייער משפּחה, וואָס דאַרף מיט זיי מיטלעבן. ווייל די ראשונים פון דער מעדיצין פלעגן זאָגן „אירא פוראָר ברעוויס עסט". כעס, דאָס איז אַ קורצע משוגעת. ווייל אין דער פּראַק־טיק איז נישט תמיד גרינג אונטערצושיידן אַ געוויינלעכע אַטאַקע פון כעס פון אַ קורצער אמתער מאַניאַקישער אַטאַקע. דאָס זענען, אַזוי אַרום, צושטאַנדן ביי קינדער, וואָס עלטערן דאַרפן נישט אונטערשעצן און זיך באַראַטן באַצייטנס מיט אַ דאָקטאָר אָדער מיט אַ נעווראָלאָג אָדער פּסיכיאַטאָר. די לעצטע ספּע־ציאַליסטן פאַרטיילן טאַקע דעם כעס־צושטאַנד אין אַ נאָרמאַלן כעס און אין אַ פּאַטאָלאָגיש־אַנאָרמאַלן כעס. דער לעצטער איז שוין ביי דער שוועל פון אמתער משוגעת און עס איז גאַנץ שווער צו באַשטימען די גענויע גרענעצן צווישןביידע צושטאַנדן.

אָט איז אַ בילד, וואָס איך נעם פון דעם פראַנצויזישן פּסיכיאַטאָר ל ע ל י מ ו ז ע ן:

„מען נעמט־צו ביי אַ קינד אַ שפּילעכל, ווייל עס איז, צום ביישפּיל, נישט זיינס. עס נעמט זיך באַלד קאַפּען מיט די פיס און שפּרינגען; עס קלאַפּט מיט זיינע קולאַקעס אין אַלעס, וואָס געפינט זיך אַרום אים, מיט אַ כוח, וואָס מען האָט ביי אים קיינמאָל נישט חושד געווען. עס וויינט, קווי־טשעט ווי נישט מיט זיין קול; עס פאַרסאָפּעט זיך, זיין אָטעם איז נישט רעגלמעסיק, מיט ספּאַזמען, עס פעלט אים לופט".

די כעס־אַטאַקע רופט אַרויס ביים קינד אַזאַ פיזישן כוח, וואָס עס וועט קיינמאָל נישט האָבן אין נאָרמאַלן צושטאַנד. אַ קליין קינד, הויט און ביין, וואָס קאָן נישט אויפהייבן קיין שווערערע זאַך, וואָס פאַרסאָפּעט זיך ביים לויפן עט־לעכע שפּאַן, באַקומט פלוצים אַן אומפאַרשטענדלעכן פיזישן כוח.

בשעת דער אַטאַקע, סיי ביי דערוואַקסענע, סיי ביי קינדער, הייבט זיך דער בלוטדרוק. דערפאַר ווערן זיי רויט אויפן פּנים, ווען געוויינלעך זענען זיי בלייכע. דער געהעכערטער בלוטדרוק פאַרשווינדט אינאיינעם מיט דער אַטאַקע, אָבער ביי דערוואַקסענע, וואָס ליידן פון הויכן בלוטדרוק, קאָן אַזאַ צושטאַנד ברענגען צרות. די דאָזיקע ווערן „רויט ווי אַ גזלן" בשעת זיי פאַלן אַריין אין כעס.

בשעת דער אַטאַקע פּליסט ביי די מענטשן מער שפּייעכץ ווי געוויינלעך. „זיי פאַרכלינען זיך פון כעס".

נאָך אַזאַ אָנפאַל באַקומען אָפטמאָל די דאָזיקע מענטשן אַ לויזן מאָגן. זיי האָבן עטלעכע שטולגענג נאָכאַנאַנד. דאָס מיינט אַ פאַרגרינגערונג און זיין סיבה וואָלט געווען אַ פאַרגרעסערטער אָפפלוס פון דער גאַל.

פון דעם סימפטאָם — דיאַרעאַ (לויזלייביקייט) — נעמט זיך אויך דער נאָמען „קאָלעראַ". קאָלעראַ — אין יידיש כאָלעריע — איז יענע שוידערלעכע, שוין האַלב־פאַרשווונדענע עפידעמישע קראַנקייט, וואָס האָט אַמאָל אומגעבראַכט אומצאָליקע מענטשן און וועמענס וויכטיקסטער סימפטאָם איז געווען אַן אומ־אויפהערלעכע דיאַרעע.

דאָס פאָלק דערציילט פון אַ „ווייסן כעס". דאָס זענען די כעסניקעס, וואָס באַהאַלטן אין זיך דעם צושטאַנד. פאַציענטן דערציילן אָפט וועגן זייערע נערוון: „איך גריזשע זיך אינעווייניק, איך גיב עס נישט אַרויס, דערפאַר לייד איך אַזוי פיל". דאָס וואָלט געווען דער „שטילער כעס" אַנטקעגן דעם אַנדערן, דעם „רויטן" כעס, וואָס איז רעשיק, באַגלייט מיט אַלע באַוועגונגען און האַווייעס... און ס'איז אמת: דער שטילער, ווייסער, קאָנצענטרירטער און, אַזוי צו זאָגן, אײַנגערלעכער כעס, איז נישט מילדער פון דעם אַנדערן. ווען דער שטילער כעס רייסט זיך אַמאָל אַרויס „אין דרויסן", איז עס מיט אַן עקספּלאָזיע פון מוראדיקע סימנים פון געפילדער, באַוועגונגען, געשרייען, ספּאַזמען...

אָבער דער פאַקט, וואָס דער כעס בלייבט אינעווייניק, באַווייזט דאָך, אַז דער דאָזיקער מענטש אָדער קינד איז אימשטאַנד זיך צו באַהערשן און דאָס איז שוין אַ געוויסע מדרגה.

אין קעגנטייל דער „רויטער" כעסניק קאָן נישט באַהערשן קיין איינעם פון זיינע געפילן און דער עפּיזאָד מאַכט דורך די גאַנצע עוואָלוציע מיט דעם גאַנצן געפילדער. די דאָזיקע זענען געוויינלעך מענטשן אָן אַ צוים אין אַלע אַקטן פון זייער לעבן. זיי וויסן נישט פון קיין גרענעצן ביים אויסדריקן זייערע געפילן. זיי זענען אַבסאָלוט דאָמינירט, באַהערשט פון זייער ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט. זיי זענען אַ שקלאַף פון זייערע פּאַסיעס און פון זייער צומאָל אומדערטרעגלעכן כאַראַקטער. זיי זענען שווערע מענטשן. ווען זיי זענען קינדער, טעראָריזירן זיי די מוטער, צומאָל דעם פאָטער און זייערע שוועסטער און ברידער. שפּעטער לעבן זיי אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט דער סביבה. זיי האָבן זעלטן אויפריכטיקע און נאָענטע פריינט. זייער לעבן איז איינזאַם. זיי זענען דער ערשטער קרבן פון זייער שווערן כאַראַקטער.

די אַנדערע, די שטילע כעסניקעס, די „ווייסע", זענען צומאָל מילדע מענטשן, שטילע, סימפּאַטישע, אָבער ווען זיי פאַלן־אַריין אין כעס, ווען זיי הייבן זיך אָן גריזשען „אינעווייניק", ווערן זיי בלייך, זיי גייען אַרום אין שטוב שטיל, רעדן נישט אַרויס קיין וואָרט. די משפחה דערקענט עס שוין אויף זייער פּנים.

זייער שווייגן איז אומהיימלעך פאַר די אַרומיקע. מען געפינט זיך אומבאַקוועם אין זייער געזעלשאַפט, מען פילט גלייך עפּעס דאַרף פּלאַצן, עפּעס אַ שטילער שטורעם דרייט זיך אַרום אין שטוב און אַט־אַט וועט ער זיך צעיאָגן און וועט אַלעס צעשטערן. ווען דאָס זענען פרויען, ענדיקט זיך געוויינלעך דער עפּיזאָד מיט אַן עקספּלאָזיע פון געוויין, אַ קאָנוולסיווע יללה, וואָס צעטרייסלט איר גוף אינאיינעם מיטן בעט, אין וועלכן זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן. און די טרערן גיסן זיך אָן אויפהער. וואָס מער טרערן קומט די רו שנעלער און פולקאָמער. מען וואָלט געזאָגט, אַז ביי די „ווייסע" כעסניקעס גייט דער כעס אַרויס מיט די טרערן, להיפוך צו די „רויטע", ביי וועלכע דער כעס גייט אַרויס דורך דער גאַל, ווי מיר האָבן פריער אָנגעמערקט.

דער גרויסער פראַנצויזישער פילאָזאָף דעקאַרט זאָגט, אַז עס זענען פאַראַן צווייערליי כעסן: איינער, וואָס איז אַ פּלוצלינגער און שפּרינגט אַרויס באַלד מיט אַלע זיינע סימנים, איז אָבער נישט באַזונדער שעדלעך און קאָן גרינג גע־שטילט ווערן; דער צווייטער מין כעס איז נישט באַלד מערקבאַר. נאָר גריזשעט שטילערהייט דאָס האַרץ און וואָס איז שעדלעכער ווי דער ערשטער. די, וואָס האָבן אין זיך אַ סך גוטסקייט און ליבע זענען מער אויסגעשטעלט צום ערשטן טיפּ כעס. ביי די צווייטע, וואָס זענען געוויינלעך טרויעריקע, מרה־שחורהדיקע מענטשן, פול מיט שנאה, דערקענט מען זייער צושטאַנד נאָר אין דעם, וואָס זייער פּנים ווערט בלייך...

ס'איז פאַראַן אַ טעאָריע, אַז די כעסניקעס זענען עפּילעפּטיקער (פאַליקע), אָבער אנשטאָט צו באַקומען דעם געוויינלעכן אַטאַק (אומפאַלן אָן באַוווסטזיין מיט שוים אין מויל), דריקן זיך אויס די אַטאַקעס אין אַן אַנדער פאָרמע, דאָס הייסט מיט אַן אַטאַקע פון כעס. דאָס זענען די אַזוי גערופענע „עפּילעפּטישע עקוויוואַלענטן" אין מעדיצין.

—:—

אַזעלכע קינדער אָדער דערוואַקסענע דאַרפן תמיד באַטראַכט ווערן פון אַ דאָקטאָר, וואָס וועט געניי אויספאָרשן זייערע אַנטעצעדענטן, פאַראַנגענהייט און ירושה־אייגנשאַפטן.

די קינדער פון אַלקאָהאָליקער זענען אָפטמאָל אַזעלכע כעסניקעס.

ס'איז אויך אַ סברה, אַז קינדער, וואָס ווערן גענערט מיט ציגן־מילך,ליידן פון אַזעלכע אַטאַקעס פון כעס אָדער זענען אין אַלגעמיין גרויסע כעסניקעס.

ס'איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז אויב מען געפינט אויס ביי אַזאַ קינד עפּעס אַ קראַנקייט, דאַרף זי שטרענג געהיילט ווערן.

דאָס איבעריקע, די באַהאַנדלונג פון זיין כאַראַקטער, פון זיין טעמפּעראַ־

מענטש. פון זיינע נאָכאַנאַנדיקע קאַפּריזן קאָן דורכגעפּירט ווערן אין שטוב, אויב ס׳איז פאַראַן ווער עס זאָל עס טאָן. קלאָרער: אויב דער פאָטער אָדער די מוטער זענען מענטשן מיט כאַראַקטער. מיט ענערגיע און איבערהויפּט מיט פאַרשטאַנד. און פאַרשטיין דאַרפן זיי, אַז די גרעסטע רעה, וואָס מען קאָן טאָן אַ קינד, איז אים „נאָכגעבן די שמד״. אויב די עלטערן באַזיצן נישט די דאָזיקע מעלות, דאַרפן זיי אנערקענען, אַז זיי זענען נישט אימשטאַנד צו דערציען זייער קינד און אָוועקגעבן עס אין די פאַרשידענע ספּעציאַליזירטע אינסטיטוטן אָדער שולעס. אין קעגנטייל וועלן זיי זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוקונפט נישט נאָר פון זייער קינד, נאָר פון אַ מענטשן, וואָס וועט אפשר זיין דער ערשטער קרבן פון זיין כאַראַקטער; וועט אַליין זיין אומגליקלעך און וועט מאַכן אומגליקלעך אַנ־דערע.

אַזאַ קינד קאָן אויך בשום אופן נישט דערצויגן ווערן אין אַ שטוב, ווו עס איז נישטאָ קיין שלום־בית, ווו עס איז נישט רואיק. ווייל דאָס ערשטע, וואָס מען דאַרף טאָן מיט אַזאַ קינד, איז אים געבן אַ שטילע סביבה מיט רואיקע קינדער און רואיקע דערוואַקסענע, כדי ער זאָל נישט האָבן קיין געלעגנהייט צו באַווייזן זיין טעמפּעראַמענט... אים אַרומרינגלען — הייסט עס — מיט אַ פּסי־כיש געזונטער אַטמאָספער. זייער אַ סך רו און רואיקייט, וואָס קאָן פאַרוואַנדלט ווערן באין ברירה אין אַ גענצלעכער אָדער רעלאַטיווער איזאָלירטקייט. עס טאָר זיך קיינמאָל נישט שפּילן מיט אַנדערע קינדער, וואָס זענען אַזוי געררייצט ווי ער.

דאָס דאַרף איז דאָס אידעאַלע וווינאָרט פאַר אַזאַ קינד. דאָרטן וועט עס האָבן אַ מעגלעכקייט פאַר פרייער באַוועגונג; עס וועט זיך פיזיש אַביסל פאַר־מאַטערן, וואָס איז פאַר אים זייער אַ געזונטע זאַך. אין די ספּעציעלע שולעס לאָזט מען אַזעלכע קינדער אַרבעטן ביי סטאָלערייַ אָדער ענלעכע פאַכן, וואָס פאַדערן אַ פיזישע אָנשטרענגונג. זיי טוען עס זייער גערן. זייער ברוזנדיקער טעמפּעראַמענט לאָדנט זיך אויס — וואָלט איך געזאָגט — דורך דער אַרבעט פון זייערע מוסקולן... ווען זיי זענען מיד, פאַרגעסן זיי אין זייערע קאַפּריזן און זייער טעמפּעראַמענט ווערט באַרואיקט. נאָכדעם דאַרף מען זיי לאָזן רוען. זיי דאַרפן שלאָפן עטוואָס מער ווי אַ דורכשניטלעך קינד; זיי דאַרפן עסן זייער ווייניק פלייש; און אויב זיי זענען פיזיש גוט אַנטוויקלט, דאַרפן זיי אינגאַנצן נישט עסן קיין פלייש. מען דאַרף שטאַרק היטן זייער שטולגאַנג. אויב נייטיק, געבן זיי מילדע אָפּפיר־מיטלען און יעדע נאַכט פאַרן גיין שלאָפן — אַ לענגער באָד אין קוים וואַרעמען וואַסער.

ווען אַזאַ קינד קומט אין די יאָרן פון פאַרשטיין עפּעס, דאַרף מען מיט אים רעדן. דאָס קאָנען טאָן די עלטערן, אויב זיי זענען צו דעם פּעאיק. אויב נישט, קאָן עס טאָן אַ קרוב אָדער גאָר אַ לערער. מען דאַרף דעם קינד פּשוט דערקלערן

די געפאַר פון אַנגיין ווייטער מיט קאַפּריזן און כעס־אַטאַקעס. אים באַווייזן איבערהויפּט, אַז דאָס ברענגט אים נישט קיין נוצן; פאַרקערט, עס ברענגט אים נאָר שאָדן סיי פאַר זיין געזונט סיי מיט דעם, וואָס אַנדערע קינדער ווייכן אים אויס, ווילן זיך מיט אים נישט שפּילן און ער קריגט נישט קיין גוטע חברים.

עס טאָרן זיי סיסטעמאַטיש נישט נאָכגעגעבן ווערן די קאַפּריזן. דאָס איז איינע פון די געזינטסטע מאָסמיטלען קעגן זיי. אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע קינדער זענען איינאונאיינציקע אָדער גלאַט אַזוי געפּיעשטשעטע ביי עלטערן, וואָס האָבן „צו ליב" זייער קינד. זיי האָבן עס אַזוי ליב, אַז זיי מאַכן פון אים אַ תל. עס ווערט ביי די דאָזיקע קינדער אַ מין סופּעריאָריטעט־קאָמפּלעקס און זיי מיינען, אַז אַלעס קומט זיי, אַז זיי זענען די קליגסטע און אָט־דער צושטאַנד האַלט־אָן ביי זיי דאָס גאַנצע לעבן.

דאָס נישט נאָכגעבן די קאַפּריזן איז אַ גאַנץ עפעקטיווער און ווירקזאַמער דערציאונג־סיסטעם. עס וועט אפשר ביים אָנהייב אָנקומען שווער, אָבער ביס־לעכווייז וועט דאָס קינד באַמערקן, אַז זיינע אַטאַקעס גיבן נישט דעם געהעריקן רעזולטאַט. ווען עס באַקומט פאַר זיי גאָרנישט, וועט עס ביסלעכווייז זיך איבער־צייגן, אַז — נישט דאָס איז דער וועג...

קינדער זענען דאָך אין אַ געוויסער מאָס ווי היימישע שטוב־חיהלעך. מען דאַרף זיי לאָזן פילן, אַז זיי זענען נישט די באַלעבאטים איבער זיך; אַז ס'איז פאַראַן עמ'יצער אין שטוב, וועמען זיי דאַרפן פאָלגן...

## קאַפּיטל XXI
# קינדער־פּאַראַליז

„קינדער־פּאַראַליז", אָדער „פּאָדערשטע פּאָליאָמיעליטיס" אָדער „היינע־מעדין־קראַנקייט", איז איינע פון די מוראדיקסטע עפּידעמישע קראַנקייטן, וואָס זענען אַ פּערמאַנענטע געפאַר פאַר די קליינע קינדער, איבערהויפּט פון די שטעט.

אַ קראַנקייט, וואָס שטעלט אין געפאַר דאָס לעבן און, אין בעסטן פאַל, דאָס געזונט פון די קינדער, וואַרפט אָן אַן אימה אין יעדער שטוב, ווו עס געפינען זיך קינדער. ס'איז כמעט די אימה פון די אַמאָליקע צייטן, ווען אין אַ שטאָט האָט אויסגעבראָכן איינע פון די „קלאַסישע" עפּידעמיעס פון כאָלערע אָדער געלער פיבער, אא"וו.

און די עפּידעמיעס פון קינדער־פּאַראַליז זענען נישט קיין זעלטנקייטן. זיי דערשיינען כמעט יעדעס יאָר.

צום גליק איז די צאָל קרבנות קיינמאָל נישט אַזאַ גרויסע ווי ביי די פריער

דערמאָנטע עפּידעמיעס. דאָך זענען געווען פאַלן, ווען די צאָל איז יאָ געווען אַ גרויסע. אין אייראָפּע איז דער צענטער, אַזוי צו זאָגן, פון דער דאָזיקער קראַנקייט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. אין די יאָרן 1905־6 זענען דאָרטן געווען 2.000 פאַלן. פון 1911 ביז 1913 זענען אין שוועדן אַליין געווען צען טויזנט פאַלן. שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר זענען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד עטלעכע קלענערע עפּידעמיעס. אין 1916 איז אין ניו־יאָרק און אומגעגנט פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע עפּידעמיע מיט 24 טויזנט פאַלן, און אין 1917 — מיט 35 טויזנט פאַלן. מען דאַרף דערביי געדענקען ווי געדיכט די באַפעלקערונג איז אין ניו־יאָרק.

די היינע־מעדין־קראַנקייט איז אַן צווייפל זייער אַן אַלטע, אָבער ערשט אין 1840 איז זי אינדיווידואַליזירט און באַשריבן געוואָרן פונעם דייטשישן דאָקטאָר היינע. אין 1884 איז זי אנערקענט געוואָרן אַלס אַן אָנשטעקנדיקע קראַנקייט און זינט דעמאָלט זענען נאָכאַנאַנד אָנגעווענדט געוואָרן קעגן איר די פאַרשידנסטע רפואות און באַהאַנדלונגען אָן אַ שום דערפאָלג. און אפילו היינט, נאָך אַלע טראַנסצעדענטאַלע דערפינדונגען קעגן פאַרשידענע אינפעקציעס — מיר מיינען דאָ די סעריע פון פעניצילין און ווייטער — האָט זיך קיין איינע פון די רפואות נישט אַרויסגעוויזן ווירקזאַם קעגן קינדער־פאַראַליז.

די מעדיצין איז אַזוי אַרום אינגאַנצן אוממעכטיק און דאַרף זיך באַגרענעצן צו ראַטעווען די מוסקולן, וואָס בלייבן נאָך האַלב פאַראַליזירט, ווי מיר וועלן שפּעטער זען.

דער מיקראָב, וואָס פאַראורזאַכט די קראַנקייט, איז נאָך נישט אינדיווידואַליזירט. לויט אַלע סימנים האַנדלט זיך דאָ פון דעם אַזוי־גערופענעם „ווירוס". ווירוס מיינט אויך אַ מיקראָב, אָבער ער איז, ווייזט אויס, אַזוי קליין, אַז מיט אונדזערע היינטיקע, אגב גאַנץ פיינע, מיקראָסקאָפּן, קאָנען מיר אים נישט דערזען. ס'איז אויך מעגלעך, אַז זיי זענען נישט אַזוי קליין, נאָר עס איז נאָך נישט אויסגעפונען געוואָרן צו וועלכער פאַרב ער איז עמפינדלעך. דורכן מיקראָסקאָפּ זעען מיר דאָך נאָר יענע מיקראָבן, וואָס לאָזן זיך פאַרבן אָדער וואָס „נעמען אָן" אַ געוויסע פאַרב. זיי ווערן דאָך קלאַסיפיצירט לויט דער פאַרב, וואָס זיי נעמען אָן. אַזוי זענען פאַראַן מיקראָבן גראַם פּאָזיטיווע אָדער גראַם נעגאַטיווע (גראַם איז איינע פון די פאַרבן).

דאָך האָט מען באַוויזן צו איבערפירן די קראַנקייט פון אַ קינד צו אַ מאַלפּע. דאָס ווערט געמאַכט נעמענדיק אַ שטיקל געהירן אָדער מאַרך פון רוקנביין פון אַ קינד, וואָס איז געשטאָרבן פון דער קראַנקייט, וועלכער ווערט צעמאָלן און איינגעשפּריצט אין אָדער פון דער מאַלפּע. אַזוי דערשיינט תמיד די קראַנקייט ביי דער דאָזיקער חיה.

עס ווערט אַזוי אַרום גאַנץ קלאָר באַוויזן, אַז דער ווירוס אָדער מיקראָב געפינט זיך ביים קראַנקן אין די געהירן אָדער אין מאַרך פון רוקנביין. דער ווירוס איז פון די אַזוי־גערופענע „נעוראָטראָפאָס״, ד. ה. ער לאָקאַליזירט זיך נאָר אין נערוון־סיסטעם.

ווען ער לאָקאַליזירט זיך אונטן, אין די פאָדערשטע „הערנער״ פון מאַרך פון רוקנביין, ברענגט ער דעם פּאַראַליז פון די מוסקולן פון די הענט אָדער פון די פיס אָדער פון בויך אָדער ברוסט, לויט דער פּאַרציע פון מאַרך, וואָס ער אַטאַקירט. ווען ער לאָקאַליזירט זיך אויבן, אין „קליינעם מוח״ (סערעבעלאָ), פּאַראַליזירט ער דעם צענטער פון אָטעם און דער טויט — תמיד אַ שנעלער — איז די קאָנסעקווענץ פון דער דאָזיקער לאָקאַליזאַציע.

די קראַנקייט איז אין אַ געוויסן זין ענלעך צו מאָזלען און שקאַרלאַטין. מען באַקומט זי נאָר איין מאָל אין לעבן, ווייל די קינדער בלייבן אינמוניזירט אויף תמיד. נאָר אין גאַנץ זעלטענע אויסנאַמפאַלן — פונקט ווי ביי די פריער דערמאָנטע צוויי קראַנקייטן — קאָן מען קראַנק ווערן צוויי מאָל אויף קינדער־פּאַראַליז.

אין נאָך אַ כאַראַקטעריסטיק איז פּאַראַליז ענלעך צו יענע קראַנקייטן: ווייזט אויס, אַז ווען דאָס קינד ליגט שוין קראַנק און האָט שוין היץ, קאָן עס שוין נישט אָנשטעקן אַ צווייט קינד.

יענע, וואָס צעפירן די קראַנקייט, זענען די „געזונטע טרעגער״ פון דעם ווירוס. דאָס זענען געזונטע מענטשן, וואָס זענען געווען נעבן אַ קראַנקן, זיך אָנגעשטעקט און נישט געוואָרן קראַנק, אָבער זיי קאָנען די קראַנקייט אַריבערפירן צו אַ צווייט קינד.

דער ענין מיט די „געזונטע טרעגער״ פון קראַנקייטן איז אַן אַלט־באַקאַנטע זאַך אין דער מעדיצין. צום ביישפּיל: אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט טיפוס, טראָגט במשך פון לאַנגע חדשים אין זיין גאַל דעם „עבערט״־באַציל, דעם פּאַראורזאַכער פון טיפוס. דער מיקראָב ליגט אין זיין גאַל־זעקעלע, פון וואַנען ער פליסט אַריין אין דער קישקע און פון דאָרטן גייט ער אַרויס מיט דער צואה. דער דאָזיקער געזונטער טרעגער קאָן פאַראורזאַכן נייע פאַלן פון טיפוס ביי די מענטשן, וואָס פאַרען זיך מיט זיין אונטערוועש.

אין די סקאַנדינאַווישע לענדער גיט זיך אָפּ די סאַניטאַרישע פּאָליציי מיט אַזעלכע געזונטע טרעגער, געוועזענע טיפוס־קראַנקע. זי פאָלגט זיי נאָך און גיט אַכטונג אויף זיי. זיי באַקומען די געהעריקע רעקאָמענדאַציעס און ווערן אינפאָרמירט, אַז זיי זענען נאָך אַ געפאַר פאַר זייערע נאָענטע.

די געזונטע טרעגער פון קינדער־פּאַראַליז טראָגן דעם ווירוס נישט אין דער גאַל, ווי די געוועזענע טיפוס־קראַנקע, נאָר אין האַלדז. ווען זיי רעדן אָדער הוסטן

אָדער ביסן, שליידערן זיי אַרויס קליינינקע שפריצלעך שפייעכץ אָדער פלעגמאַ, וואָס אַנטהאַלט דעם ווירוס, און קאָן אינפעקטירן קינדער.

די געזונטע טרעגער זענען אַ סך אַ גרעסערע געפאַר פאַר דער באַפעלקע־רונג ווי די קראַנקע זעלבסט. אַ באַווייז איז דער פאַקט, וואָס אין די שפּיטעלער, וווּ עס ליגן די דאָזיקע קינדער, זענען זייער זעלטן, כמעט נישט פאַראַן קיין פאַלן פון קראַנקנשוועסטער אָדער דאָקטוירים, וואָס זאָלן זיך האָבן אָנגעשטעקט. עס זענען זייער באַקאַנט די פאַלן פון מענטשן, וואָס זענען געקומען אין אַ קליין שטעטל אָדער אַ דאָרף, פון אַ שטאָט, ווו עס האָט געבושעוועט אַ פאַראַליז־עפּי־דעמיע, און געבראַכט די קראַנקייט אין דאָרף, הגם זיי אַליין זענען געווען גע־זונט.

די ענלעכקייט מיט די פריער דערמאָנטע קראַנקייטן גייט ווייטער: פאַר־וואָס ווערן קראַנק כמעט נאָר קינדער? ווייל די דערוואַקסענע זענען אימוניזירט דורך צוויי אופנים: אָדער זיי זענען שוין געווען קראַנק, אָדער זיי האָבן געהאט אַ לייכטע אינפעקציע, וואָס איז אַדורך אומבאַמערקט, זי איז געווען אַזוי שוואַך, אַז זי האָט די קראַנקייט נישט געקאָנט אַרויסרופן, אָבער זי איז געווען גענוג שטאַרק צו אימוניזירן דעם מענטשן.

מאָזלען און שקאַרלאַטין ביי דערוואַקסענע דערשיינען מערסטנס אין דאָרף און דאָס זעלביקע קומט פאָר מיט קינדער־פאַראַליז. אין דאָרף איז עס נישט קינדער־פאַראַליז, נאָר בלויז פאַראַליז — אַן עפּידעמישע קראַנקייט ביי דער־וואַקסענע.

די ענדעמישע פאַלן, ד. ה. די, וואָס דערשיינען אויסער די צייטן פון עפּי־דעמיעס, זענען אַלע פאַראורזאַכט דורך דעם קאָנטאַקט מיט די געזונטע טרע־גער. די לעצטע זענען זייער אָפט קינדער, וואָס האָבן געהאַט די קראַנקייט אין אַ מילדערער פאָרמע. זיי שטעקן אָן זייערע חברים אין די שולן.

די קינדער, וואָס זענען מער אין געפאַר קראַנק צו ווערן זענען די, וואָס זענען אַלט ביז 4 יאָר. ביי דערוואַקסענע איז די קראַנקייט כמעט תמיד זייער געפערלעך.

צווישן 2.759 פאַלן, וואָס וו י ק מ א ן האָט אויסגעפאָרשט, זענען 1.083 געווען ביי קינדער ביז 3 יאָר אַלט; 667 זענען אַלט געווען פון 3 ביז 6 יאָר און נאָר 300 זענען געווען עלטער פון 15 יאָר. דאָס איז אַ סטאַטיסטיק פון אַ גרויסער שטאָט. אין 1924 האָט אַ צווייטע סטאַטיסטיק, אין אייזלאַנד, אַרומ־גענומען 40 פראָצענט קינדער פון 5 ביז 15 יאָר און 27 פראָצענט פון 15 ביז 65 יאָר. די דאָזיקע סטאַטיסטיק איז געמאַכט געוואָרן אין אַ געגנט ווייט פון אַ גרויסער שטאָט.

אַלע סטאַטיסטיקעס באַווייזן, אַז ייִנגלעך ווערן אָפטער קראַנק ווי מיידלעך.

ס׳איז אויך אַ סברה, אַז קינדער פון דער אַזוי־גערופענער העכערער געזעלשאַפט זענען מער געשטראָפט ווי די קינדער פון אָרעמע קלאַסן.

ווי ביי אַלע סיפ־קראַנקייטן ביי קינדער האָט די פּאַראַליז אויך אַן אינקו־באַציע־פּעריאָד. דאָס הייסט די צייט, וואָס גייט אדורך פון דעם מאָמענט, וואָס דער ווירוס איז אַריין אין קערפּער פון קינד, ביז די קראַנקייט דערשיינט אַלס אַזעלכע.

דער דאָזיקער „אינקובאַציע־פּעריאָד״ דויערט ביי מאַזלען אַ פּיר טעג, ביי שקאַרלאַטין אַ צוויי וואָכן, ביי קינדער־פּאַראַליז פון 3 ביז 10 טעג, אָבער צו־מאָל אויך ביז 20 טעג.

די קראַנקייט דערשיינט נישט מיט טיפּישע סימנים אָדער סימפּטאָמען. געוויינלעך שיינט עס צו זיין אַ גריפּ, עס איז דאָך כמעט תמיד ווינטער אין צייטן פון גריפּ. מען טרעפט צומאָל אַלע סימנים פון גריפּ: הויכע היץ, ווייטיקן אין גאַנצן קערפּער, שווידערן, אין האַלדז איז רויט, בראָנכיט מיט אַ הוסט אאַ״וו. אָבער דאָך זענען פאַראַן אַ פּאָר פריע סימפּטאָמען, לויט וועלכע דער דאָקטאָר קאָן חושד זיין, אַז עס האַנדלט זיך פון פּאַראַליז: די קראַנקע שוויצן שטאַרק; דער גאַנצער קערפּער איז באַדעקט מיט אַ שטאַרקן שווייס; צומאָל שוויצן נאָר געוויסע טיילן פון קערפּער. דער צווייטער סימפּטאָם באַשטייט אין די ווייטיקן, וואָס דאָס קינד פילט ביי דער מינדסטער באַוועגונג אַפילו נאָר, ווען מען רירט אים אָן אַ הענטל אָדער אַ פיסל. נאַטירלעך זענען די ווייטיקן שטאַרקער — און דאָס קינד וויינט שטאַרק — ווען מען וויל עס אויפזעצן אין בעט. ווען דער דאָקטאָר אָדער די מוטער דערנענטערט זיך צום בעטעלע, וויינען זיי שוין אויס מורא, אַז מען וועט זיי אָוועקזעצן אָדער אַפילו אָנרירן. זיי האָבן צומאָל זייער מעגעלע אין בעט, כדי מען זאָל זיי נישט דאַרפן אָוועקזעצן אויפן טעפּעלע. די דאָזיקע ווייטיקן זענען דער אָנזאָג, אַז דער פּאַראַליז וועט קומען אינגיכן.

אָבער דער פּאַראַליז פון די גלידער (הענט אָדער פיס) קאָן קומען פּלוצ־לינג, אָן קיין שום פריערדיקן סימפּטאָם אָדער קראַנקייט־צושטאַנד. דאָס קינד לייגט זיך שלאָפן גאַנץ געזונט און ביינאַכט דערשיינט אַ פּאַראַליז פון אַ האַנט אָדער אַ פוס. עס קאָן שוין נישט אויפשטיין. דאָס איז דער אַזוי גערופענער „פּרימאָרגן־פּאַראַליז״. אַנדערע מאָל דערשיינט דער פּאַראַליז מיטאָגצייט, בשעת דאָס קינד שפּאַצירט אין פּאַרק. פּלוצלינג קאָן עס מער נישט גיין אָדער רירן מיט אַ הענטל. דער פּאַראַליז נעמט אַרום ביים אָנהייב אַ גרעסערע צאָל מוסקולן, אָבער שפּעטער מיט עטלעכע טעג באַמערקט מען, אַז נישט אַלע אַטאַקירטע מוס־קולן בלייבן פּאַראַליזירט. דער דעפיניטיווער פּאַראַליז בלייבט געוויינלעך ביי אַ קלענער צאָל מוסקולן אין פּראָפּאָרץ צו די, וואָס זענען געווען צום אָנהייב אַטאַקירט.

אין די פיר פינפטלעך פון די פאַלן אַטאַקירט דער פּאַראַליז די פיס, לויט מ ו ל ע ר, און אין 78,6 פּראָצענט פון די פאַלן, לויט וו ע ר נ ס ט ע ד.

אַ גרויסע צאָל פאַלן פון פּאַראַליז פאַרבעסערט זיך פון זיך אַליין. עס דויערט צומאָל אַ גאַנץ יאָר ביז די קראַנקייט פאַרשווינדט אינגאַנצן.

נעמענדיק אין אַכט דאָס, וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, קומט אויס אומ־מעגלעך צו שרייבן וועגן פּראָפילאַקטיק פון דער קראַנקייט. וויבאַלד די געפאַר איז נישט דער קראַנקער גופא, נאָר די אומבאַוווסט־געזונטע טרעגער פון דער קראַנקייט, קומט אויס פשוט אוממעגלעך זיך אויסצוהיטן. עס וואָלט אויסגע־קומען, אַז די דערוואַקסענע פון אַ שטוב, ווו ס׳איז פאַראַן אַ פאַל פון פּאַראַליז, זאָלן נישט אַריינקומען אין אַ צימער, ווו עס זענען דאָ קינדער. נישט די דער־וואַקסענע, נישט די דאָקטוירים, נישט די קראַנקנשוועסטער אא״וו. ס׳איז אַן אוממעגלעכע זאַך. אוודאי דאַרף מען סיי ווי איזאָלירן די קראַנקע און דעזינ־פעקטירן די שטוב. ס׳איז שווער צו זאָגן וויפיל צייט אַזאַ קראַנק קינד דאַרף בלייבן איזאָלירט אין שפּיטאָל. מען רעכנט, אַז מ׳דאַרף אים דאָרטן האַלטן פון זעקס ביז אַכט וואָכן. די גאַנצע צייט דאַרף אַזאַ קינד נישט קומען אין קאָנ־טאַקט מיט אַנדערע קינדער. קינדער דאַרפן אין צייטן פון עפּידעמיע נישט גיין אויף קיין פאַרזאַמלונגען. די שולן ווערן געוויינלעך געשלאָסן; די פּערזענלעכע פּראָפילאַקטיק פון שווענקען דעם האַלדז מיט אַנטיסעפּטישע פליסיקייטן האָט זיך נישט אַרויסגעוויזן ווירקזאַם.

די הויפּט־באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע קינדער געהער צום מעדיקער־אָרטאָ־פּעדיסט און דעם מאַסאַזשיסט. זיי דאַרפן באַצייטנס גערופן ווערן צו די קינ־דער. זיי וועלן ראַטעווען פון אַ גענצלעכן פּאַראַליז פון די מוסקולן, וועלכע קאָ־נען נאָך געראַטעוועט ווערן, און וועלן אַכטונג געבן אויף דעם, אַז דער פּאַראַ־ליזירטער פוס זאָל נישט אָננעמען אַזאַ פּאָזיציע, וואָס וועט שפּעטער נישט דערלויבן עפּעס טאָן (צומאָל אָפּערירן), כדי ער זאָל אַפילו טיילווייז נוצלעך זיין צום גאַנג.

מ׳אַסאַזשן, דיאַטערמיע, ראַדיאָטעראַפּיע און פאַרשידענע איבונגען במשך וואָכן, חדשים און אַפילו יאָרן און — די גרויסע מערהייט פון די דאָזיקע קינ־דער וועלן שפּעטער זיין נוצלעכע מענטשן פאַר דער געזעלשאַפט און אַפילו קאָנען דערגרייכן צו ווערן פּרעזידענט פון אַ גרויס לאַנד, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיטן באַרימטן פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט אין די פ. שטאַטן...

די וואַקסין קעגן קינדער־פּאַראַליז, וואָס ד״ר יונה סאלק האָט, נאָך לאַנגע פאָרשונגען, אויסגעפינען, וועט בלי ספק, אין דער נאָענטער צוקונפט, זיין די פולע רפואה קעגן דער פּלאָג.

## קאַפּיטל XXII

# „ענורעזיס"

ענורעזיס — אַזוי רופט מען די קראַנקייט, וואָס באַשטייט אין דעם, וואָס די קינדער פאַרלירן די השתנה ביינאַכט אין בעט.

דער דאָזיקער, לאָמיר אים אָנרופן פּאַטאָלאָגישער, צושטאַנד איז ליידער זייער אָפט היינטיקע צייטן.

ביי פריערדיקע דורות איז די דאָזיקע דערשיינונג געווען זעלטענער. מסתמא ווייל אַמאָליקע מאַמעס זענען געווען מער מאַמעס ווי די היינטיקע, זאָלן מיר פאַרגעבן די היינטיקע טויזנטער און טויזנטער יונגע מאַמעס.

היינט זענען אַלע מאַמעס יונגע. זיי קומען אָפּ מיטן געבאָט פון פריה ורביה אין די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה מיט איינעם אָדער צוויי קינדער און זיי ווערן אויס מאַמעס. זיי ווערן מוטערס. פון מאַמע ביז מוטער איז אַ גרויסער אונטערשייד. מאַמע איז אַ סך מער ווי מוטער. מאַמעס — וואָלט איך געזאָגט — זענען יענע, וואָס האָבן קליינע קינדער; מוטערס זענען יענע, וואָס האָבן גרויסע קינדער. אַזוי אַז די היינטיקע זענען מאַמעס נאָר אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה. די אַמאָליקע זענען געווען ביז כמעט די פופציק יאָר, ווייל ביז אַט־דער עלטער, מער־ווייניקער, האָבן זיי געקינדלט.

דער באַגריף מאַמע־קינד איז זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין, זייער אַ קאָמ־פּליצירטע אינסטיטוציע — לאָמיר עס אַזוי אָנרופן.

מאַמע און קינד זענען פאַרבונדן מיט אַ גאַנצער ריי אומזעבאַרע פעדים, פאַרבינדונגען, צו וועלכע דאָס קינד האָט אַן אומגלויבלעכע, אויסערגעוויינלעכע שפּירעוודיקייט. דאָס סענטימענטאַלע און אַפעקטיווע לעבן פון קלייניקן קינד מוז זיין זייער אַ קאָמפּליצירטער צושטאַנד, וואָס איז אונדז אומבאַקאַנט. מיר זענען חושד זיין עקזיסטענץ נאָר דורך דעם, וואָס מיר באַשטעטיקן די ליידן פון קינד — אַ קאָלאָסאַלע גאַמע פון ליידן — ווען די באַציאונגען פון מוטער צו קינד זענען נישט אין אָרדענונג. דאָס הייסט, ווען די מאַמע איז נישט גענוג מאַמע.

גראַפיש וואָלט איך עס אויסגעדריקט אַזוי: דאָס קינד פילט און ליידט פון די מינדסטע ענדערונגען פון די געפילן פון דער מוטער צו אים, אַפילו ווען די דאָזיקע געפילן זענען אונטערבאַוווסטזיניקע. דאָס קינד איז באַגאַבט מיט אַזאַ מין אויסערגעוויינלעך סובטילער „אַנטענע", וואָס איז אימשטאַנד אויפצונעמען די דאָזיקע געפילן פון דער מוטער, אַפילו די מינימאַלסטע, אַפילו די אומבאַ־דייטנדיקסטע. און עס רעאַגירט אויף פאַרשידענע אופנים.

מאַמע און קינד זענען צוויי וועזנס, וואָס זענען אויסערגעוויינלעך פאַר־

בונדן און פאַראייניקט פסיכיש און אויך גייסטיק. זיי זענען כמעט איין וועזן.

מוטער און קינד זענען קרובים, אָרגאַנישע קרובים — אויב מען וויל, אָבער בישט מער. אַזוי אַז מיר וואָלטן געקאָנט זאָגן, אַז אַ מאַמע, וואָס איז עס נישט אינגאַנצן, ווערט אַ מוטער, דאָס הייסט, בלויז אַ קרובה פון דעם קינד.

אַ גרויסער דיכטער (שאַרל לואי פיליפ: „די מוטער און דאָס קינד") באַשרייבט אַזוי די מאַמע, וואָס האָט ערשט געבוירן אַ קינד:

„. . . אַזעלכע גוטע און אַזעלכע בלייכע, האָבן אַ פּרעכטיקע עמפּינדלעכקייט זיך אויסצולערנען דערקענען זייערע קינדער, זייערע אויגן האָבן דאָס מילדע לעבן פון בלומען און קוקן מיט בליקן, וואָס זענען אַזוי דין ווי געפילן".

און אויף אַן אַנדערער זייט:

„די מאַמע צעשפּרייט אירע פליגל מיך צוצודקען און צעעפנט איר האַרץ מיט רחמנות. זי האָט מיך מער ליב, וויסנדיק, אַז איך בין שוואַך און שטילערהייט טראָגט זי מיך אין בעט. איר ציטערדיקע נשמה שמייכלט צו מיר און באַשיצט מיך..."

און ווייטער וועגן די געפילן פון קינד צו דער מוטער. די דיכטער זענען דאָך גרויסע קינדער:

„. . . עס איז נישטאָ גענוג גליק אין מיינע פּראַזן; עס איז נישטאָ גענוג פּיעטעט אין מיינע געפילן. איז דען פאַראַן גענוג גוטסקייט צו באַפרידיקן דיין האַרץ? אָ, מוטער, איך וואָלט דאָ געוואָלט אַוועקשטעלן אַזעלכע ווייסע ווערטער ווי דיין קופּקע, אַזעלכע ריינע געדאַנקען ווי דיין שטערן; עמאָציעס אַזעלכע פּשוטע ווי דיין בלוזע, און דאָס בילד פון אַ לעבן פון אַרבעט אין דיין בלויען פאַרטוך. איך וואָלט איבערהויפּט געוואָלט, אַז עס זאָל דאָ זיין אַן אומענדלעכע ליבע פאַר דיר".

דער גרויסער דיכטער באַשרייבט די באַציאונגען און פאַרבינדונגען פון דעם קינד צו זיין מאַמען בעסער ווי עס וואָלט עס געטאָן דער בעסטער דאָקטאָר. דאָס איז אַ קעגנשטאַנד, פאַר וועלכער די מעדיצין באַזיצט נישט קיין ווערטער־אוצר, נאָר דער דיכטער געפינט די ווערטער. דערפאַר וועלן מיר נישט זיין שפּאָרזאַם אין פּלאַץ און מיר וועלן אים ווייטער געבן דאָס וואָרט:

„ווען איך בין אַלט געווען צוויי יאָר, מאַמע, ביסטו געווען אַזוי שטאַרק ווי אַ געטלעכער כוח; ביסט געווען שיין מיט אַלע מינים נאַטירלעכע שיינקייטן; ביסט געווען זיס און קלאָר ווי דאָס לויפנדיקע וואַסער; ביסט געווען פאַר מיר די פולקאָמסטע פאָרשטעלונג פון דער וועלט. איך זע דיך

און פיל דיך. דו ביסט ענלעך צו דער גרינגער און שטילער ערד פון אונדזער דאָרף, וואָס דערוווייטערט זיך אין טאָלן און בערגלעך, אין פעלדער און אין לאָנקעס. דו נעמסט דיין קינד אין די הענט, גלעטסט אים מיט צאַרטע הענט און דאָס איז אַזוי גוט ווי ווען אַ מאַן לייגט זיך אָפּרוען אין אַ זומערדיקן זונטיק נאָכמיטאָג, אונטערן שאָטן פון אַ בוים; עס איז מיר אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן די וועלט אָן דיר. דו ביסט דער הימל, וואָס צעשפּרייט זיך איבער אונדז, בלויער ברודער פון פלאַכפעלד. דו רינגלסט אַרום מיין האַרץ מיט אַ ליבע אויך אַ בלויע און וואָס דערגרייכט ווייטער פון האָריזאָנט. איך דענק, אַז דאָס לעבן, וואָס שטעלט נעבן אונדז אַוועק אַ געטרייע מוטער, איז גליקלעך און גרינג״.

די מאַמע איז צוגענאָגלט, צוגעשמידט צום קינד, פּונקט ווי דאָס קינד צו דער מוטער, מיט אַלע נאַטירלעכע און איבערנאַטירלעכע כוחות. די מאַמע איז פאַר איר קינד די שפּייז און די לופט, וואָס ווען עס באַקומט זי נישט ווי געהעריק, ווערט עס פאַרדאַרבן. די מאַמע איז פאַרן קינד —

„. . . אַן אויפמערקזאַמע מוטער, וואָס קוקט אויף אונדז, אַ צאַרטע מוטער, וואָס שמייכלט צו אונדז, אַ שטאַרקע מוטער, וואָס פירט אונדז ביי דער האַנט. — דו ביסט איבערהויפּט, מאַמע, אַ ברייטער, רואיקער טייך, וואָס שפּאַצירט זיך צווישן צוויי מיט גראָז באַוואַקסענע ברעגן, אונטער רואיקע הימלען. איך בין געוועזן אַ ניי שיפל, וואָס לאָזט זיך אויפן שיינעם טייך און וואָס שיינט אים צו זאָגן: פיר מיך וווהין דו ווילסט, שיינער טייך, איך האָב מיין לעבן אָנפאַרטרויט דיין לעבן, ווייל איך ווייס, אַז דו קענסט שיינע לענדער, ווו מען לעבט גליקלעך. און אַזוי בין איך מיר געגאַנגען, קוקנדיק אויף דער וועלט, פאַרבייגייענדיק, ווייל די וועלט האָט זיך געשפּיגלט אין דיין ברוסט״.

דאָס קינד איז זייער סענסיטיוו נישט נאָר צו די אינטימסטע געפילן פון זיין מוטער, נאָר אויך צו די באַציאונגען פון זיינע עלטערן צווישן זיך.

ביי די חיות, וואָס פירן נאָר אַן אינסטינקטיוו לעבן, ווייסן מיר גאַנץ גענוי, וואָס די מוטער איז אימשטאַנד צו טאָן פאַר איר קינד. מיר ווייסן ווי ביי די חיהשע מוטערס ווערן, ווען מען באַלעסטיקט זייערע קליינע קינדער.

אינסטינקטן זענען אַ מעכטיקער כוח ביי די לעבעדיקע וועזנס.

דאָס לעבן פון די קליינע קינדערלעך איז אויך געפירט און אָריענטירט פון די אינסטינקטן. זיי לעבן מיט זייערע אינסטינקטן, וואָס זענען זיכער מער סענסיטיוו און שפּירעוודיק ווי אונדזערע חושים.

עס איז, צום ביישפּיל, פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ווען אַ מוטער, וואָס

גיט צו זייגן איר קינד, וויל, אָדער וואָלט געוואָלט, אָדער האָט בדעה עס צו אַנטוויינען פֿאַר דער צייט, וויל שוין דאָס קינד נישט זייגן. דאָס קינד איז אימשטאַנד צו דערשפּירן אַ מינדסטן געדאַנק ביי דער מוטער, וואָס איז פֿאַר־בונדן מיט אים, און עס רעאַגירט באַלד.

אַ סך מוטערס דערציילן דעם דאָקטאָר, אַז זיי האָבן אַנטוויינט זייער קינד צו די דריי חדשים, ווייל עס האָט נישט געוואָלט זייגן. זיי ווערן דערביי דער־שטוינט, ווען דער דאָקטער ענטפערט זיי: — נישט דאָס קינד האָט נישט גע־וואָלט זייגן, נאָר איר האָט אים מער נישט געוואָלט געבן די ברוסט. די יונגע מוטערס פּראָטעסטירן דערביי, ווייל זיי קענען זיך נישט דערמאָנען, אַז ס'זאָל זיין אמת, אין יענער צייט האָבן זיי אַ פּאָר מאָל געגעבן אַ טראַכט: „ווי גוט וואָלט געווען, ווען דאָס זייגן יעדע דריי שעה וואָלט זיך שוין געענדיקט!"

דאָס זענען אפשר אומגלויבלעכע זאַכן פֿאַר געוויינלעכע מענטשן, אָבער עס זענען ברייט־באַשטעטיקטע פֿאַקטן.

די פּסיכיק פֿון מענטשן — פֿון גרויסע און קליינע — איז אַזוי טיף, קאָמ־פּליצירט, רייך און פֿאַרשידן, אַז מען וועט זיך דאַרפֿן צוגעוווינען צו דעם געדאַנק זי צו נעמען אין אַכט.

דאָס איז אַ גרויסע וועלט פֿון געפֿילן, געדאַנקען — באַוווסטזיניקע און אונטערבאַוווסטזיניקע אינסטינקטן, טעמפּעראַמענטן, נייגונגען, חלומות, אין וועלכע די וויסנשאַפֿט דרינגט אַריין בהדרגהדיק, טיפֿער און טיפֿער און אַנט־דעקט און באַשטעטיקט צומאָל שטוינענדיקע פֿאַקטן.

דער ערשטער, אָדער איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָט געוואַגט אַריינצו־קוקן אין דער דאָזיקער וועלט, איז געווען זיגמונד פֿרויד. זיין וועלט, זיין פּסי־כישע אָנשויאונג שטיצט זיך אפשר אויף דעם מעכטיקסטן אינסטינקט ביים לעבעדיקן וועזן, אויף דעם געשלעכטלעכן אינסטינקט.

מיר זאָגן, אַז פֿרויד האָט געוואַגט, ווייל דער מענטש באַהאַלט זיינע אינס־טינקטן. און וואָס אינטימערע זיי זענען — אַלץ מער — און ער לאָזט נישט אַזוי גרינג, אַז אַפֿילו דער דאָקטאָר זאָל זיך אין זיי גריבלען. דערפֿאַר דאַרף מען זאָגן, אַז פֿרויד האָט געוואַגט. ער האָט געעפֿנט די טיר און האָט געוויזן דעם וועג צו אַ פֿאַרבאָרגענער גרויסער, רייכער און ברייטער וועלט: די וועלט פֿון די מענטשלעכע אינסטינקטן.

די אינסטינקטן, וואָס זענען געפֿילן אין אַ גרויסער מאָס אויטאָמאַטישע, וואָס זענען צומאָל שטאַרקער פֿון מענטשלעכן ווילן. זיי זענען צומאָל די באַשי־צער פֿון מענטשנס לעבן און צומאָל זיינע צעשטערער...

די אינסטיקטן ביים קינד, ווי ביי די חיות, ווייסן נישט פֿון קיין באַגרענע־

צונגען, ווען זייערע אינסטינקטן ווערן נישט באַפרידיקט, רעאַגירן זיי אויף די פאַרשידנסטע אופנים, ווער ווייסט דורך וועלכע מיסטעריעזע וועגן און קאַנאַלן!

ווען דאָס קינד שפירט דורך זיינע אינסטינקטן, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג מיט זיין מוטער אָדער מיט זיינע עלטערן, פאַרלירט עס ביינאַכט זיין השתנה. דאָס איז אַ טיפּישער ביישפּיל. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האַנדלט זיך אויך פון אַ ספּעציעלן נערוועזן באַדן. נערוועזע עלטערן, נערוועזע קינדער.

פאַר דעם דאָקטאָר איז יעדער פאַל פון אַ קינד, וואָס ליידט אויף ענורעזיס, אַ פּראָבלעם פון אַ קינד און פון אַ מוטער אָדער פון עלטערן, וואָס זענען נישט אין אָרדענונג און ביידע צדדים דאַרפן באַהאַנדלט ווערן. קיין איין קינד וועט נישט אויסגעהיילט ווערן פון ענורעזיס, אויב עס וועט נישט געביטן ווערן די גאַנצע אַטמאָספער פון זיין שטוב, אויב עס וועט נישט געביטן ווערן די באַציאונג פון די עלטערן צווישן זיך און פון די עלטערן צום קינד. אויב נישט וועט דאָס קינד זיך באַפּישן ביינאַכט ביז די 15 יאָר און מער, דאָס הייסט, ביז עס וועט דערגרייכן אַ גראַד באַוווסטזיניקייט, ביי וועלכער עס וועט קאנען קאָנטראָלירן זיינע פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן.

פיזיש זענען 95 פּראָצענט פון די דאָזיקע קינדער פולקאָם געזונט. אָבער עס דאַרף שטרענג גענומען ווערן אין אַכט, אַז די באַהאַנדלונג באַשטייט נישט אין באַשטראָפן דאָס קינד, אין שרייען אויף אים, אין דיסציפּלינירן אים. דאָס אַלץ וועט פאַרערגערן די לאַגע אַרום און אַרום. דאָס קינד וועט ווערן נערוועזער און מען וועט נישט מערקן די מינדסטע טענדענץ צו פאַרבעסערן די לאַגע. די באַציאונג פון די עלטערן צום קינד דאַרף זיך ראַדיקאַל בייטן נאָר צום גוטן. באַנוצן די מילדסטע ווערטער סיי ווען מען ווענדט זיך צו אים, סיי ווען די עלטערן רעדן צווישן זיך.

ס׳איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז אַ קינד, וואָס באַפּישט זיך נאָך די צוויי אָדער דריי יאָר, דאַרף גענוי אונטערזוכט ווערן פון אַ קינדער־דאָקטאָר. עס קאָן זיך דאָך האַנדלען פון עפּעס אַ קראַנקייט פון פּוזיר אָדער אַן אַנדער אבר, וואָס זאָל מאַכן אַז דאָס קינד זאָל פּשוט נישט קאָנען איינהאַלטן די השתנה. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פאַל פאַרלירן זיי אויך בייטאָג די השתנה. אין די פאַלן פון ענורעזיס פאַרלירן זיי זי נאָר ביינאַכט, און דאָס קינד איז דערפאַר נישט פאַראַנטוואָרטלעך. מיט זיין בעסטן ווילן קאָן עס דאָס נישט פאַרמיידן, סיידן עס זאָל נישט שלאָפן, וואָס דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך.

אַלע זיינע אברים זענען געזונט, אָבער זיין „פּסיקיס״ איז קראַנק און אין דער ריכטונג דאַרפן אָנגעווענדט ווערן די הייל־מעטאָדן. דאָס זענען מערסטנס די אַזוי־גערופענע „שווערע״ קינדער, וועלכע ס׳איז שווער צו דערציען, אָדער גאָר שוין שלעכט דערצויגענע, ווייל ס׳איז נישט געווען די געהעריקע פּאָזיכ־

טיקייט אָדער צאַרטקייט ביי דער מוטער אָדער ביים פּאָטער. די קינדער דאַרפן זיך פילן אַרומגערינגלט מיט ליבע און גוטן ווילן, גלייך זיי וואָלטן באמת גע־וועזן קראַנק. זייער פעלער דאַרף אַפילו נישט דערמאָנט ווערן.

אַזעלכע פאַלן ווערן זייער אָפט באַמערקט אין די אינטערנאַטן און פּענסיאָ־נאַטן, ווו זיי ווערן באַהאַנדלט שטרענג און אָן ליבע.

דער דאָקטאָר אינאיינעם מיט די עלטערן אָדער דערציער דאַרפן געווינען דעם קינדס צוטרוי. עס דאַרף פאַרלירן יעדע מורא, עס דאַרף זיך געפינען אין אַן אַטמאָספער פון מילדע מאַנירן, מילדע ווערטער און זייער אַ מילדער און גוטוויליקער באַציאונג צו זיך. עס קאָנען ווירקן באַשטימטע און זייער פּאַרזיכ־טיקע שמועסן. דאָס דאַזיקע וועט זיכער יעדנפאַלס מער ווירקן ווי די דראָאונגען און דיסציפּלינאַרע שטראָפן.

די סיבה פון דעם דאָזיקן צושטאַנד געפינט זיך אויך צומאָל אין דעם, וואָס פאַר די צוויי יאָר האָט די מוטער אים נישט געהאַלטן ריין און טרוקן און האָט צומאָל נישט אין אַכט גענומען דאָס ערשטע מאָל — ביי די צוויי יאָר — ווען עס האָט געבעטן דאָס טעפּעלע. דאָס זענען אַלץ זייער וויכטיקע פּאַרזיכט־מיט־לען, וואָס זענען אָפּהענגיק פון דער מוטער. אין דער הינזיכט דאַרף דאָס קינד צווישן איינס און דריי יאָר שטרענג אָפּגעהיט ווערן. ס'איז נויטווענדיק, אַז דאָס קינד זאָל וויסן און פילן, אַז עס האָט אין זיין מוטער די גאַנצע שטיצע און באַשיצונג. ס'איז נישט גוט, אַז עס זאָל איבערגיין פון איין האַנט צו דער אַנ־דערער. אויב איבער וויכטיקע סיבות קאָן די מוטער אים נישט אָפּהיטן, דאַרף עס טאָן אַן אַנדער פּערזאָן, וואָס זאָל נישט געביטן ווערן אָפּט. אַ קינד פילט זיך שלעכט מיט אַ סך „מאַמעס".

די מוטער דאַרף זיך פּאַרהאַלטן רואיק און זייער פּאַרזיכטיק לגבי ברידער־לעך, שוועסטערלעך און אפשר אויך לגבי דעם פּאָטער. זיי דאַרפן האָבן דאָס געפיל, אַז די מאַמע ווידמעט איר גאַנץ לעבן, איר גאַנצן טאָג, איר גאַנצע זאָרג פאַר אים.

מען דאַרף אָנהייבן סטימולירן באַצייטנס ביים קינד דאָס געפיל פון אַ געוויסער אומאָפּהענגיקייט און עפּעס אַזוינס ווי אַ זעלבסטקאָנטראָל. עס זענען פאַראַן מוטערס, וואָס וואָלטן תמיד געוואָלט זען אין זייער קינד עפּעס אַזוינס ווי אַ קליינטשיק ווענז, תמיד אַן אומבאַהאָלפנס, און ווען טאָן פאַר אים זאַכן, וואָס עס וואָלט שוין אַליין געקאָנט טאָן. און עס וועט געשען, אַז ער וועט ווייטער זייגן איינעם פון זיינע פינגער און וועט זוכן אין זיין סביבה ווער עס זאָל פאַר אים טאָן יעדע מינדסטע זאַך און אַפילו באַוועגונג. דאָס פאַרלירן די השתנה ביינאַכט איז צומאָל אַן אונטערבאַוווסטזיניק מיטל צו ציען די אויפמערקזאַמ־קייט אויף זיך.

אַזאַ קינד, וואָס האָט שוין פאַרלוירן זיינע שלעכטע געוווינהייטן, קאָן זיי־ווידעראַמאָל באַקומען, ווען צווישן זיינע עלטערן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווער לעבן: קריגערייען, אַמפּערונגען אָדער אַ גט. נישט נאָר באַפּישט זיך נאָכאַמאָל אַזאַ קינד, נאָר עס באַקומט אַ שווערן כאַראַקטער: קאַפּריזן, זאָגן ליגנס, גרינגער כעס און פאַרצווייפלונג, אַן אומרואיקן שלאָף און שווערע קאָשמאַרע חלומות.

אין אַנדערע פאַלן איז דאָס באַפּישן זיך ביינאַכט נאָר איין סימפּטאָם צווישן אַ סך אַנדערע שווערע סימפּטאָמען פון אויפרעגונג און פון כאַראַקטער, וואָס פאָדערט די דרינגנדיקע אינטערווענץ פון אַ ספּעציאַליסט אין קינדער־נעוור־ראָפּסיכיאַטריע.

אין די אַלע דאָזיקע פאַלן דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז דאָס דראָען דאָס קינד מיט פאַרשידענע שטראָפן איז פּונקט אַזוי שלעכט און אָן רעזולטאַט. ווי דאָס צוזאָגן, אַז מען וועט אים באַלוינען, ווען ער וועט זיך נישט באַפּישן און זיך גוט אויפפירן. נישט איין זאַך נישט די צווייטע איז ראַטזאַם.

אַזעלכע קינדער דאַרף מען האַלטן זייער ריין. זיי צוגעוווינען צו אַ היגיע־ניש לעבן, איינפלאַנצן גוטע געוווינהייטן, זיי געבן ווייניק מעדיקאַמענטן. דאָס לעצטע איז וויכטיק, ווייל יעדע שכנה און יעדע פריינדן וועט דער מוטער פון אַזאַ קינד רעקאָמענדירן אַ פּאָר רפואות, וואָס האָבן כלומרשט אויסגעהיילט אַ פּאָר באַקאַנטע קינדער.

עס האַנדלט זיך דאָך תמיד פון נערוועזע קינדער און נערוועזע, צומאָל פּסיכיש הילפלאָזע עלטערן. דאָך דאַרף מען אָפּהיטן, אַז אַזאַ קינד זאָל לעבן אין אַ רואיקער סביבה, זיך שפּילן מיט נישט נערוועזע, רואיקע קינדער, אויסמיידן כלערליי עמאָציעס און שרעק אָדער רייצונגען. אַ שטרענגער רעזשים פון עסן, שלאָפן און שפּאַצירן אין פּאַרק אין באַשטימטע שעהן. קינדער נאָך די פינף יאָר און צומאָל פריער קאָנען פּראַקטיצירן באַשטימטע צוגעפּאַסטע פאָרמען פון ספּאָרט. נישט פאָדערן ביי זיי צופיל ביים לערנען, ווייל סיי די פיזישע, סיי די פּסיכישע פאַרמאַטערטקייט פאַרערגערט זייער צושטאַנד און קינדער אַזעלכע, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן די געוווינהייט פון באַפּישן זיך, קאָנען זי צוריק באַ־קומען.

אַזעלכע קינדער באַקומען צומאָל די שלעכטע געוווינהייט צו טרינקען אַ סך וואַסער, אָן צו האָבן דאַרשט; דאָס איז פּשוט נאָך אַ שלעכטע געוווינהייט, צו וועלכער זיי האָבן אַ נייגונג. מען דאַרף זיי פאָרזיכטיק אָפּגעוווינען פון דעם. פון נאָכמיטאָג ביז דער שעה פון שלאָפן דאַרף מען זיי נישט געבן קיינע שפּייזן וואָס אַנטהאַלטן וואַסער, ווי זופּ אָדער טיי. ס׳איז נישט שווער צו פאַרטוישן די פליסיקע שפּייזן אויף אַנדערע סאָלידע.

די רפואות, וואָס נאָר דער דאָקטאָר דאַרף פאַרשרייבן, זענען נאָר אַ צו־

גאָב־מיטל צו דער אויסגעהאַלטענער און בהדרגהדיקער רעעדוקאַציע פון קינד. דאָקטוירים ווענדן אָן געוויסע פיזישע אָדער עלעקטרישע באַהאַנדלונגען. מען דאַרף זיי עס דערלויבן. זיי זענען אַ מין צוגאָב צו די אַנדערע באַהאַנדלונגען און וועלן קיינמאָל נישט שעדיקן.

עס איז נישט איבעריק — און עס איז אַ גוטע פּראַקטיק — אויפצוּוועקן דאָס קינד אין געוויסע שעהן, איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין דער נאַכט, כדי ער זאָל לאָזן זיין השתנה. מען דאַרף אים וועקן, אים אַליין לאָזן אָנצינדן דאָס ליכט, בעמען זיין טעפּעלע און לאָזן די השתנה, אַזוי לאַנג, ביז עס וועט זיך אַליין צוגעוויינען. דאָס ערשטע מאָל אים פּרוּוון וועקן אַ צוויי שעה נאָך דעם ווי עס איז געגאַנגען שלאָפן. אויב מען באַשטעטיקט, אַז אין דער שעה האָט ער זיך שוין באַפּישט, דאַרף מען עס מאַכן פריער, אאַ״וו.

אָבער מען דאַרף קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז אַזאַ קינד איז נישט אינ־גאַנצן נאָרמאַל און עס דאַרפן ביי אים אָנגעווענדט ווערן מילדערע דערציאונג־מעטאָדן ווי ביי אַנדערע קינדער.

## קאַפּיטל XXIII

# אַסטמאַ

### 1

אָט האָבן מיר נאָך אַ היימישע קראַנקייט. זי איז אַזוי היימיש ווי אַ וואָ־כעדיקער טאָג, ווי אַ הוסט, ווי אַ שטוב־חיהלע, ווי אַ היימישע צרה, וואָס מ׳קאָן פון איר נישט פּטור ווערן. מיט אַסטמאַ לעבט מען זיך דורך. דערפאַר, מן הסתם, פלעגן אַמאָליקע דאָקטוירים זאָגן, אַז מען שטאַרבט נישט פ ו ן אַסטמאַ נאָר מ י ט אַסטמאַ.

פאַר אַסטמאַ איז פאַראַן אויפן פאַרמאַצעווטישן מאַרק אַ סך רפואות, אָבער צווישן דאָקטוירים גייט אַרום אַ ווערטל, אַז ווען צו אַ באַשטימטער קראַנקייט זענען פאַראַן אַ סך רפואות, טויגן זיי אַלע אויף כפּרות...

אָבער אין די אַלטע גוטע צייטן פלעגט מען זיך צופּאַסן צו דער קראַנקייט. נישטאָ קיין רפואה — פלעגט מען זאָגן — און פאַרטיק. וועט מען הוסטן. ווי עס פלעגט מיר זאָגן אַ זייער אַלטיטשקער פּאַציענט מיינער: „ווען איך הייב אָן הוסטן אין גאַס, מוז איך זיך אָנהאַלטן אָן אַ בוים...“

— דאָקטאָר, די „דוכאַניע“ פּעלט מיר, — פלעגן זיך באַקלאָגן מיינע אַמאָ־ליקע רוסניאַקעס.

אָבער היינט זענען זיי פאַרשווונדן, די רוסניאַקעס; היינט הייסט די זעל־ביקע קראַנקייט די „סאַפּקע״ אָדער די „זאַדושקע״. דרך אגב, כ׳האָב אומזיסט געזוכט אין סטוטשקאָווס „אוצר״ דאָס וואָרט אַסטמאַ און נישט געפונען. איך בין געווען אַ בעלן צו וויסן, ווי אַזוי די קראַנקייט איז אָנגערופן געוואָרן ביי יידן פון קדמונים אָן ביז היינט. אָבער כ׳האָב נישט געפונען. אין קעגנטייל האָב איך געפונען, ווי אַזוי דאָס פאָלק איז זיך „נוקם״ אין די דאָקטוירים מיט גלייכ־ווערטלעך. כאָטש מען וועט זאָגן, אַז תמיד פאַרפאַר איך ערגעץ און פאַרגעס מיין טעמע, קאָן איך נישט ביישטיין דעם נסיון און וויל דווקא ברענגען עטלעכע פון די ווערטלעך. זאָלן יידן (און יידענעס) הנאה האָבן: „אַז דער קראַנקער גייט צום דאָקטאָר, ווערט דער ערשטער געהאָלפן דער דאָקטאָר״; „אַ רבי און אַ דאָקטאָר ווערן רייך נאָר פון ווייבער״; „דאָקטוירים ווייסן אַ חולאת אינעווייניק, און רופאים — אַ מכה אויסנווייניק״; „אַ דאָקטאָר און אַ רופא טאָר מען נישט ווינטשן אַ גוט יאָר״; „אַ דאָקטאָר קאָן זיך אַליין נישט היילן״; „דער דאָקטאָר קאָן אַלץ, נאָר נישט אַרויסטרייבן דעם דלות״; „אַ דאָקטאָר און אַ קברות־מאַן זענען שותפים״; „די מצבות זענען די בעסטע שבחים פאַרן דאָקטאָר״; „גוט איז די דאָקטוירים: זייערע מעלות פאַרקלינגען די וועלט; זייערע פעלערן פאַרדעקט די ערד״; „דער טויט איז דער בעסטער דאָקטאָר״; „שפּאָר, שפּאָר, קומט דער רוח און נעמט צו גאָר״...

די רשימה איז אַ לאַנגע, אָבער איך וויל שאַנעווען מיינע קאָלעגן... מיר קערן זיך אום צו אַסטמאַ:

איז אַסטמאַ, אָדער אַסטמע, הייסט עס, געווען אַ היימישע קראַנקייט; דאָק־טוירים האָבן פאַרשריבן אַ „פלעשל״ און אַ ביסל ביטערע טראָפּן (יאָדינע) און נישט באַלאַמוטשעט אָן אַ סוף.

פראָגרעסירט דאָך אָבער די מעדיצין. מעדיצין האָט נישט ליב צו שטיין אויף איין אָרט. זי מוז כסדר מאַכן פאָרשריט — אַזוי צו זאָגן. איז מען נאָך לאַנגע עקספּערימענטן און מוחן זיך דערגאַנגען, אַז עס הייבט זיך גאָרנישט אָן: אַסטמע איז גאָרנישט קיין אַסטמע; עס איז גאָר „אַלערגיע״. און עס האָט אַזוי פיל יאָרן גענומען, ביז מען איז דערגאַנגען צו אַ פשוטער זאַך: אַלערגיע. אַ גדולה אין דער מעדיצינישער וועלט: אַלערגיע. אַ שיין וואָרט, בפירוש. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה אין די שפּיטעלער. אין יעדן אנשטענדיקן שפּיטאָל איז גע־גרינדעט געוואָרן אַן אַלערגישע אָפּטיילונג. די עלטערע ווייבער אין אונדזער יידישן שפּיטאָל האָבן זיך בשום אופן נישט געקאָנט צוגעוווינען צו דעם נייעם וואָרט און פלעגן פאַרבייטן די יוצרות: ביי זיי איז עס אויסגעקומען „אַלעגריע״ (פרייד).

— וואָס קומט מיר אַרויס — פלעגט צו מיר טענהן מיינע אַן אַלטע פּאַ־

ציענטקע — אַז איצטער איז עס „אַלערגיע״, ווען מיין „סאַפּקע״ איז תמיד די זעלביקע...

— מיט דער וויסנשאַפט — פלעג איך איר ענטפערן — שפּילט מען זיך נישט. אַלערגיע איז אַלערגיע... און מען פרעגט נישט קיין קשיות. מען דאַרף זיך צופּאַסן; עס שאַדט נישט, אַז מען ווערט אַ ביסל מאָדערן אויף די עלטערע יאָרן...

איצטער וואָלט איך זיך באַדאַרפט פּאַרקאַטשען די אַרבל און פּרווון צוקנעלן אַ ביסל מיט מיינע חשובע לייענער (און לייענערנס), וואָס עס איז אַזוינס אָט דאָס שיינע וואָרט, וואָס עס באַדייט און וואָס ווילן די דאָקטוירים מיט דעם געבן אָנצוהערן און איבערהויפּט, וואָס זענען נעבעך די קראַנקע שולדיק.

אָבער אסור, צי איך וועל עס טאָן. איך וויל נישט, אַז מיינע לייענער זאָלן פאַרלירן דעם הומאָר, און איך אַליין וויל אויך נישט פאַרלירן מיין בידנע ביסל הומאָר.

דאָקטוירים לצים זאָגן, אַז דאָס איז נאָר אַ נייער תירוץ... אָבער די קראַנקייט איז די זעלביקע. במקום פאַרשרייבן דאָס אַלטע פּלעשל און נאָך עלטערע יאָדינע, שטעלט מען אומצאָליקע אינזשעקציעס אין דער סאַמע הויט אַריין, וואָס טוען וויי ווי אַ שוואַרץ יאָר. און די אינזשעקציעס זענען אַזוי גרויס אין צאָל, קיין עין הרע, אַז דאָקטוירים באַדינגען זיך מיט זייערע פּאַציענטן אויפן חודש... און די דאָזיקע שטעכיקע און אין־סופיקע רפואות זענען אַזעלכע דעליקאַטע, אַזעלכע איידעלע, אַז דער דאָקטאָר אַליין, בכבודו, מוז זיי מאַכן... עס זאָל, חלילה, דעם חשובן פּאַציענט קיין שלעכטס נישט געשען. עס איז דאָך דער סאַמע היכל פון דער וויסנשאַפט, טאָר מען קיין קשיות נישט פרעגן.

הכלל, וואָס וועל איך מוטשען און מאריך זיין; עס איז די אַלטע כלה, נאָר געשליירט אין אַ שפּאָגל נייעם וויסנשאַפטלעכן שלייער. און דער שלייער איז פון אַזאַ איידעלער וויסנשאַפטלעכער מאַטעריע, אַז נאָר יחידים...

אַז די נאַטור וויל עפּעס באַהאַלטן און נישט מגלה זיין דעם סוד איז נישט גוט... האָט די מעדיצין געטאָן מיט אַסטמאַ דאָס, וואָס יידן פלעגן אַמאָל טאָן אין די אַלטע (גוטע) צייטן מיט אַ געפערלעכן קראַנקן: מען פלעגט אים געבן אַ נייעם נאָמען... אברהם. נאָך דעם ערשטן פון די אבות... פון דאַנען נעמט זיך, מן הסתם, זכות אבות. און הייסן וואָלט עס געהייסן, אַז אַן אַסמאַטיקער, אַ חוץ אַ דאָקטאָר, דאַרף ער זיך אויך באַזאָרגן מיט אַ ביסל זכות־אבות... ווייל אַסטמאַ איז אַ פלאָנטער, אין וועלכן דאָקטוירים האָבן זיך פאַרפלאָנטערט און עס איז שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן.

איך וואָלט געזאָגט, אַז אונדזער תקופה איז נישט נאָר די תקופה פון דער אַטאָמישער באָמבע, נאָר אויך די תקופה פון אַלערגיע. דאָס איז אַ נייער מעדי־

צינישער באַגריף אָדער טעאָריע, איבער וועלכער מען האָט שוין אָנגעשריבן בערג מיט ביכער. אָבער אַ סך קליגער איז מען נאָך נישט געוואָרן.

## 2

אַן אַסמאַטיקער איז אַ מענטש, וואָס שיינט צו זיין תמיד געזונט, נאָר פון צייט צו צייט האָט ער אַזאַ מין אַטאַקע: ער ציט אַריין גרינג די לופט, אָבער ס׳איז אים שווער זי אַרויסצולאָזן. די גראַדאַציעס פון דעם דאָזיקן עפּיזאָד האָבן נישט קיין שיעור; פון דער מינדסטער שטערעניש, אַ קוים פילבאַרע, ביז אַ דראַמאַטישער סיטואַציע, ביי וועלכער דער מענטש שטיקט זיך פשוט, ווייל עס איז אים אוממעגלעך צו אָטעמען.

ווען די אַטאַקע גייט אַריבער, שיינט דער מענטש צו זיין געזונט. אָבער פאַרן געניטן אויג פון אַ דערפאַרענעם דאָקטאָר זענען מערקבאַר אויף זיין פנים געוויסע שטריכן; עס ליגט ביי אים אויפן פנים אַ מין שטעמפּל, וואָס נאָר דער דאָקטאָר קען באַמערקן.

ניינציק פּראָצענט פון די דאָזיקע מענטשן האָבן שלעכטע נעזער, וואָס אויב זיי זענען נישט תמיד די הויפּט־סיבה, זענען זיי וויניקסטנס איינע פון די סיבות פון דער קראַנקייט. אָבער עס זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע פּאַציענטן, וואָס האָבן נעזער, וואָס פירן־דורך פּערפעקט זייערע פונקציעס.

עס איז פאַראַן עפּעס מער ווי בלויז אַ דעפעקטיווע נאָז. עס איז אַזאַ מין נאַטור, אַזאַ מין אייגנאַרטיקייט, אַזאַ מין באָדן. אין געוויינלעכע ווערטער וואָלט איך געזאָגט, אַז זיי זענען עמפּפינדלעכע נאַטורן.

עמפּפינדלעך אין באַצוג צו געוויסע שפּייזן אָדער געוויסע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אין דער לופט, אָדער צו געוויסע כעמישע סובסטאַנצן (אייווייס). דער קאָנטאַקט פון די דאָזיקע מענטשן מיט די אויסגערעכנטע עלעמענטן דריקט זיך אויס אין פאַרשידענע מינים קריזיסן, עפּיזאָדן אָדער אַטאַקעס. ביי איינעם איז עס אַן אַטאַקע פון אַסטמאַ, ביי אַן אַנדערן איז עס קריזיס פון אורטיקאַריע (קראַפּיווקע), ביי אַ דריטן מיט אַן אויסשיט פון עקזעמאַ און ביי אַנדערע מיט געוויסע פאַרבייגייענדיקע געשווילעכצן אויפן קערפּער.

דאָס זענען אַלץ פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען, וואָס האָבן אַ קרובהשאַפט צווישן זיך. דאָס זענען די פאַרשידענע פּראָטעסט־אויסדרוקן פון אָרגאַניזם, וואָס איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַן עלעמענט, צו וועלכן ער האָט אַן אומנאָרמאַלע עמפּפינדלעכקייט (סענסיביליטעט).

די שוועריקייט פון לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם באַשטייט אין דעם, וואָס עס קומט אויס זייער שווער צוצונעמען ביים פּאַציענט די דאָזיקע סענסיבילי־

טעט און ס׳איז אויך שווער אויסצומיידן, אַז ער זאָל קומען אין קאָנטאַקט מיט די עלעמענטן, וואָס זענען פאַר אים אַ ספּעציפישע רייצונג.

די ערשטע שווערקייט באַשטייט דערין, וואָס די דאָזיקע עמפּינדלעכקייט באַקומט מען געוויינלעך בירושה, מען ווערט שוין געבוירן מיט איר און זי ווייזט זיך אַרויס ביי דער ערשטער געלעגנהייט, צומאָל אין די ערשטע יאָרן פון לעבן. דערפאַר זענען פאַראַן אַזוי פיל קינדער, וואָס ליידן אויף אַסטמאַ, אור־טיקאַריע אָדער עקזעמאַ. דערפאַר זוכט איצט די גענעטיק די אורסיבות פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן באַדן. די גענעטיק פאָרשט די סיבות פון ירושה בכלל און פון באַשטימטע ירושות בפרט, זי פאָרשט, וועלכע שטריכן פון פאָטער אָדער מוטער עס גייען איבער צו קינדער, אין וועלכער פּראָפּאָרץ און ביי וועלכע באַ־דינגונגען. ס׳איז אַ פאַרכאַפּנדיק קאַפּיטל פון דער ביאָלאָגיע, וואָס איז שוין ווייט אַוועק. ס׳איז אַ סברה, אַז מען האַלט שוין ווייט פון געפינען דעם סוד פון געשלעכט פון קינד. דער דאָזיקער סוד זאָל זיך געפינען אין די אַזוי גערופענע גענעס, אַ באַשטאַנדטייל פון דער זריעה.

אַסטמאַ און די אַנדערע אויסגערעכנטע צושטאַנדן־קראַנקייטן ווערן אָנגע־רופן „אַלערגישע קראַנקייטן". אַלערגיע באַטייט עטימאָלאָגיש אַן „אומנאָרמאַ־לער ענטפער", אַן אומנאָרמאַלע רעאַקציע פון אָרגאַניזם אין קאָנטאַקט מיט אַ באַשטימטער סובסטאַנץ.

אַסטמאַ מיינט לופטנויט, נישט קאָנען אָטעמען, זיך שטיקן. אַזאַ צושטאַנד דערשיינט אויך ביי פאַרשידענע קראַנקייטן (האַרץ, כראָנישער בראָנכיט, אאַ"וו). אָבער דאָס איז נישט די אמתע אַסטמאַ און מען דאַרף זיי נישט פאַרבייטן.

ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש: די בעסטע באַשרייבונגען פון אַסטמאַ האָבן געמאַכט דאָקטוירים, וואָס זענען אַליין געווען אַסטמאַטיקער.

די עלטסטע פון די דאָזיקע באַשרייבונגען האָט געמאַכט ס ע נ ע ק אַ, דער יונגער. ער זאָגט, אַז די אַסטמאַטישע אַטאַקע איז איינע פון די גרויזאַמסטע ליידן, וואָס אַ מענטש קאָן דורכמאַכן. אַ ר ע ט ע אַ דע ק אַ פּ אַ ד אָ צ י אַ ברענגט אין זיינע ווערק אַ באַשרייבונג פון אַן אַטאַקע, וואָס איז נאָך היינט פּערפעקט: „דער אָנהייב איז אַ פּלוצלינגדיקער, אַ שטיקעניש, באַגלייט מיט אַ שרעקלעך געפיל פון אַנגסט, גלייך דער צימער און די גאַנצע שטוב וואָלטן גע־ווען צו־קליין. דער קראַנקער ווערט באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס, די אויגן אַרויסגעשטאַרצט, גלייך עמ׳יצער וואָלט אים געהאַלטן אין וואַרגן..."

דריי ענגלישע דאָקטוירים, אַלע דריי אַסטמאַטיקער, האָבן מיט זייערע פאָר־שונגען גורם געווען אַ גרויסן פּראָגרעס אין דער דערקענטעניש פון דער קראַנ־קייט. זיי האָבן געהייסן וו י ל י ס, פּ ל אָ י ע ר און ב ר י ע. אָבער אַן אַנ־דערער געניאַלער דאָקטאָר, אויך אַן אַסטמאַטיקער, פּ אַ ן ה ע ל מ אָ נ ט, האָט

אויסגעפּאָרשט דעם חלק, וואָס דער נערוון־סיסטעם האָט אין דער קראַנקייט אין אַלגעמיין און איבערהויפּט אין דער אַטאַקע. ער האָט פאַרגליכן אַסטמאַ מיט עפּילעפּסיע (פאַליקע). ער איז דערגאַנגען דעם איינפלוס פון קלימאַט. ער אַליין פלעגט באַקומען אַן אַטאַקע, ווען ער פלעגט פאָרן קיין בריסל (בעלגיע) און ער פלעגט קיינמאָל נישטליידן, בשעת ער האָט געוווינט אין אָקספאָרד (ענגלאַנד).

צום סוף פון זעכצנטן יאָרהונדערט איז, אַדאַנק די דאָזיקע פיר דאָקטוירים, די קראַנקייט געווען גענוי באַשריבן. זייער וויניק איז שפּעטער צוגעגעבן געוואָרן צו דער קענטעניש פון דעם אויסערלעכן אויסזען פון דער קראַנקייט: דער ספּאַזם פון די דינע בראָנכן, וואָס לאָזן נישט אַרויס די לופט, איז גענוי באַשריבן געוואָרן אין לאַבאָראַטאָריע, רייצנדיק אַ באַשטימטן נערוו. די לונג ווערט „אָנגעבלאָזן״ און קאָן זיך נישט אויסליידיקן. אין קעגנטייל איז דאָס אַריינציען די לופט נאָרמאַל. דערפאַר באַמערקט מען ביי די אַלטע אַסטמאַטיקער אַ קיילעכדיקן ברוסטקאַסטן, גלייך ער וואָלט געווען אין שטענדיקער פּאָזיציע פון „איינאָטעמען״.

עס זענען נאָך פאַראַן זייער אַ סך טונקעלע אַספּעקטן אין דער אינטימער נאַטור פון דער דאָזיקער קראַנקייט. נישט נאָר דער נערוון־סיסטעם שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער קראַנקייט, נאָר אַפילו די פּסיכיק, די גאַנצע מענטאַליטעט פון די דאָזיקע קראַנקע איז אַן אייגנאַרטיקע.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז נישט אַלע פאַלן פון אַסטמאַ זענען פון אַלערגישער נאַטור. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס בלייבן אָן אַ דערקלערונג, ביי וועלכע די סיבה בלייבט אומבאַוווּסט. איך אַליין זאָג צומאָל מיינע פּאַציענטן, אַז אַסטמאַ איז אַ משוגענע קראַנקייט. די אַטאַקעס קומען צומאָל פשוט, „ווען זיי ווילן״, און ס׳איז אוממעגלעך זיי צו קאָנטראָלירן.

דער צוזאַמענשטויס פון אַן עמפּינדלעכן אָרגאַניזם מיט אַ סובסטאַנץ קעגן וועלכער ער איז סענסיבל אָדער סענסיביליזירט, דריקט זיך נישט תמיד אויס אין אַן אַטאַקע פון אַסטמאַ. מיר האָבן שוין אין דער הינזיכט דערמאָנט די עקזעמאַ און געשווילעכצן. אַנדערע מאָל ברעכט דער פּאַציענט שוידערלעך אָדער ער באַקומט אַ לויזן מאָגן. דער בלוטדרוק פאַלט ביז אַ מינימום, און די לאַגע קאָן צומאָל ווערן ערנסט. די דאָזע פון דער סובסטאַנץ, קעגן וועלכער דער פּאַציענט רעאַגירט, איז געוויינלעך אַ מינימאַלע. אַ פּאַציענט, וואָס האָט אַלערגיע קעגן אייער, רעאַגירט ביים ערשטן לעפל פון אַ זופּ, אין וועלכער מען האָט (אין דער גאַנצער זופּ) אַריינגעמישט נאָר איין איי. דער צוויט פון אַ סך פלאַנצן פּראָוואָצירט ביי אַ סך מענטשן אַן אַלערגישע רעאַקציע. די צאָל פון די דאָזיקע אַלערגישע עלעמענטן איז זייער גרויס. ס׳איז אָן צווייפל, אַז אַ סך פון זיי זענען נאָך אומבאַ־

קאַנט. די פּשוטע קעלט קאָן זיין איינע פון די סיבות, געוויסע באַקטעריעס, הויט פון געוויסע אינזעקטן און פליגן. עס שפּילט אויך אַ גרויסע ראָלע אַ ריי סובסטאַנצן, וואָס געפינען זיך אין שטויב פון די צימערן.

אַ סך מענטשן זענען סענסיביליזירט קעגן פאַרשידענע עלעמענטן מיטאַמאָל: צ״ב, איינע פון מיינע פּאַציענטנס פלעגט באַקומען אַן אַטאַקע פון אַסטמאַ יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט עסן פיש. אָבער אינדערפרי, אַז זי פלעגט אַראָפּגיין פון בעט אָן די זאָקן, האָט זי געהאַט די זעלביקע אַטאַקע, וואָס פלעגט נישט דער־שיינען, ווען זי פלעגט זיך אָנטאָן די זאָקן. דאָס איז בפירוש אַ סענסיביליטעט קעגן דער קעלט.

אין אָנבליק פון געוויסע דערשיינונגען איז מען געקומען צום געדאַנק, אַז אַסטמאַ האָט אויך אַ פּסיכאָגענישן הינטערגרונט. א י ס ע ר ל י ן האָט פּראָוואָצירט אַסטמאַטישע אַטאַקעס דורך סוגעסטיע אָדער היפּנאָטיזם, אָן צו באַנוצן דעם עלעמענט, קעגן וועלכן דער פּאַציענט איז געווען סענסיביליזירט.

אַ צווייטע פּאַציענטן, וועלכע האָט געהאַט פיל אַסטמאַטישע אַטאַקעס, פּאַראורזאַכט דורך אַ באַשטימטער פלאַנצונג, קענאָפּאָדיום, גאַנץ גענוי באַשטע־טיקט, פלעגט באַקומען די אַטאַקעס נאָר אין דער צייט, ווען דער קענאָפּאָדיום פלעגט בליען. בשום אופן נישט אין אַן אַנדער סעזאָן. אָבער מיט דער צייט האָט זי אָנגעהויבן באַקומען אַטאַקעס פון אַ שרעק אָדער ביי שטאַרקע עמאָ־ציעס, איבערהויפּט ווען איר מאַן פלעגט אַוועקפאָרן אויף אַ געוויסער צייט פון דעם שטעטל, ווו זיי האָבן געוווינט.

אָבער דער קלאַסישער פאַל מיט די אַטאַקעס פון אַ נעוראָפּסיכישן כאַראַק־טער איז דער פאַל מיט יענער פרוי, וואָס מ א ק ע נ ז י ציטירט, וואָס איז געווען סענסיביליזירט קעגן דעם דופט פון רויזן. מיט דער צייט פלעגט אָבער די זעלביקע פרוי אויך באַקומען איר אַטאַקע, ווען מען פלעגט איר ווייזן אַ קראַנץ קינסטלעכע רויזן.

דער זייער קאָמפּליצירטער כאַראַקטער — ביז מיסטעריע — פון דער דאָ־זיקער קראַנקייט ווייזט זיך אויך אַרויס ביי יענע פּאַציענטן, מערסטנס קינדער, וואָס ליידן צו דער זעלביקער צייט פון אַסטמאַ און עקזעמאַ. תמיד קומט ביי זיי פאָר, אַז ווען עס דערשיינט די אַטאַקע, פאַרבעסערט זיך די עקזעמאַ, און פאַרקערט, ווען דער אויסשיט פאַרשפּרייט זיך און ווערט נאַס, פאַרשווינדן די אַטאַקעס.

דאָס איז איינע פון די פילצאָליקע טונקעלע, כמעט מיסטעריעזע אַספּעקטן פון דעם פּאָלימאָרפישן, קאָמפּליצירטן, כמעט אומפאַרשטענדלעכן צושטאַנד, וואָס אַסטמאַ איז נאָר איין רינגעלע פון אים, און יעדן טאָג קומען צו נייע רינ־

גען, נייע מיסטעריעס, וואָס וועט נאָך ברענגען אַ סך שלאָפלאָזע נעכט פאַר די פאַרעקשנטע פאַרשער, וואָס וועלן זיך פאַרלייגן צו געפינען אַ טאָלק אין אָט דעם פלאָנטער, וואָס הייסט אַלערגיע.

## 3

ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך, וואָס איך האָב בדעה צו שרייבן וועגן דער אָט אַזוי היימישער, אָבער אומהיימלעכער קראַנקייט, שטעלט איך מיר אָפּט די פראַגע: צי דאַרף מען מאַטערן דעם לייענער איין מאָל און נאָכאַמאָל מיט אַבסטראַקטע באַגריפן וועגן פּראָבלעמען, וואָס זענען נאָך מער אַבסטראַקט און טונקל פאַר די דאָקטוירים גופא?

דעם אינטעליגענטן לייענער אינטערעסירט דאָך, נאָך אַלעמען, זיך צו באַקענען מיט קראַנקייטן, וועלכע מען קאָן אויסמיידן, כדי ער זאָל זיי טאַקע אויסמיידן. אָבער, דאָרטן, ווו די קראַנקייט איז אַזעלכע, וואָס ס׳איז אוממעגלעך אויסצומיידן, האָט אפשר נישט קיין זין אים אַריינצופירן אין דעם לאַבירינט פון טעאָריעס און מיינונגען פון פאַרשידענע פאָרשער, וואָס קיין איינע פון זיי באַפרידיקט נישט און קלערט נישט אויף די פּראָבלעם.

אָבער איין געדאַנק האָט מיך פאָרט באַוויגן פאָרצוזעצן די דאָזיקע שווערע אַרבעט: עס זענען פאַראַן קראַנקייטן, און אַסטמאַ איז איינע פון זיי, ווענעמס באַהאַנדלונג איז אַ שווערע און אַ לאַנגע. עס פאָדערט זיך פון פּאַציענט אַ סך געדולד, אויסדויער און דיסציפּלין, איך זאָג צומאָל מיליטערישע דיסציפּלין, ביז מען זעט די פּרוכטן פון דער שווערער און צומאָל פּיינפולער קוראַציע. די פּראַקטיק באַווייזט, אַז אַ סך מענטשן פאַרלאָזן זייער קוראַציע נאָך אַ געוויסער צייט, ווייל זיי זעען נישט קיין פאַרבעסערונג. אָבער פון אַסטמאַ קורירן זיך געוויינלעך אויס נאָר יענע, וואָס האָבן געדולד, אויסדויער און דיסציפּלין. דערפאַר האַלט איך פאַר מעגלעך, אַז באַקענענדיק די פּאַציענטן מיט דער נאַטור פון דער קראַנקייט, די מעגלעכקייטן און שוועריקייטן פון קוראַציע, וועט זיי זיין גרינגער זיך צו באַוואָפענען מיט דעם געהעריקן פעסטן ווילן זיך אונטערצוואַרפן דער דיסציפּלין, וואָס עס פאָדערט אַזאַ קוראַציע. עס זענען מסתמא פאַראַן, דענק איך, אַ סך מענטשן, וואָס זענען פאַרבליבן אויף אייביק מיט זייער קראַנקייט נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ מערווייניקער גענצלעכער קוראַציע.

מען דאַרף שטאַרק קעמפן קעגן די פאָראורטיילן פון געוויסע פּאַציענטן.

אין דעם זין איז אַסטמאַ אַ ביסל ענלעך צו טובערקולאָז. נאָך היינט איז פאַראַן ביי די מאַסן אַן איינבילדונג, אַז טובערקולאָז איז אומקורירבאַר. דער אמת איז, אַז אַ פיינער פּראָצענט טובערקולאָז־קראַנקע האָבן זיך תמיד אויסגע־

הײלט. דער דאָזיקער פּראָצענט איז געשטיגן אין די לעצטע 20 יאָר מ׳יט אַן אימפּעט, וואָס דער עולם האָט נישט באַמערקט. אָבער דער פּאַראורטײל איז נאָך נישט פאַרשוווּנדן.

עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זייער אָרגאַניזם איז אַזאַ באָדן (אין מע־דיצינישע טערמינען „דיאַטעזע״), וואָס איז עמפּינדלעך און געניײגט צו אַ גאַנ־צער גרופּע קראַנקייטן, וואָס דערשײנען צומאָל ביי איינעם פון די דאָזיקע מענטשן אָדער זענען פאַרטײלט אין אַ משפּחה (איין ברודער לײדט פון אַלער־גישער אַסטמאַ, אַן אַנדערער פון אַלערגישער אורטיקאַריע, אַ דריטער פון סענאָן־קאַטאַר (הײ־פיבער פון די אַמעריקאַנער), אַ פערטער פון מיגרען, אַן אַנדער מיטגליד פון דער זעלביקער פאַמיליע לײדט פון אַ באַשטימטער פאָרמע פון אַלערגישן קישקע־קאַטאַר, אאַ״וו).

די פראַנצויזישע מעדיצינישע שול האָט די ערשטע באַמערקט די דאָזיקע דערשײנונגען און האָט זיי אָנגערופן „אַרטריטיזם״, אָדער „אַרטריטישע דיאַ־טעזע״.

די געמײנזאַמע סיבה פון די דאָזיקע פּאַטאָלאָגישע דערשײנונגען איז אַ באַזונדערע עמפּינדלעכקייט אָדער סענסיביליטעט צו געוויסע סובסטאַנצן, וואָס, ווען זיי דרינגען אַרײַן אָדער קומען אין קאָנטאַקט מיט אַזאַ אָרגאַניזם, רעאַגירט ער אין אַן אומנאָרמאַלער און אומגעוויינלעכער „שרײַענדיקער״ פאָרם, וואָס איין מאָל איז עס אַסטמאַ, אַן אַנדער מאָל — אורטיקאַריע, אאַ״וו. עס דערגײט צו אַ כראָנישן צושטאַנד פון היפּערסענסיביליטעט (היפּערעסטעסיע).

די דאָזיקע אומנאָרמאַלע רעאַקציע פון אָרגאַניזם האָט פּ אָ ן פּ י ר ק ע ט אָנגערופן „אַלערגיע״, די סובסטאַנץ, וואָס רופט אַרויס די רעאַקציע, הײסט „אַלערגענאַ״ און דער גינסטיקער באָדן פאַר די דערשײנונגען הײסט „אַלערגי־שע דיאַטעזע״.

מיר האָבן שוין איין מאָל געזאָגט: שײנע און קלינגענדיקע נעמען...

מיר דאַרפן נאָך צוגעבן, אַז אַט דער דאָזיקער גינסטיקער באָדן פאַר אַזעל־כע רעאַקציעס ירשנט דער פּאַציענט טײלווײז פון זײנע עלטערן אָדער פון אַ פריערדיקן דור, און חוץ דעם עלעמענט ירושה איז תּמיד ביי אים נישט אין אָר־דענונג דער גלייכגעוויכט פון זיין אינערלעכן (וועגעטאַטיוון) נערוון־סיסטעם און די לײסטונג פון זײנע אינערלעכע דריזן (הומאָרן).

## 4

בלויז לשם אינפאָרמאַציע וועלן מיר זיך אָפּשטעלן נאָך אַ ביסל ביי די פאַרשידענע „אַלערגענאַס״, ד״ה די עלעמענטן, וואָס קומענדיק אין קאָנטאַקט

מיט דעם עמפינדלעכן אָרגאַניזם, רופן זיי אַרויס די גרופּע סימפּטאָמען, וואָס בילדן די אַסטמאַ־אַטאַקע.

די סימפּטאָמען פון דער אַטאַקע זענען געוויינלעך פאָלגנדיקע: צום אָנהייב הייבט אָן צו קיצלען אָדער בייסן אין דער נאָז אָדער אין האַלדז; דערנאָך ווערט די נאָז ווי געשוואָלן און עס הייבט אָן צו רינען פליסיקייט „ווי פון אַ קראַן", זאָגן אייניקע פּאַציענטן. אין דער זעלביקער צייט הייבט אָן דער פּאַציענט צו ניסן. דאָס איז אַ פּיינלעכער סימפּטאָם. דאָס ניסן קומט כסדר, נאָכאַנאַנד, ווי די קוילן פון אַ מאַשין־ביקס. ווען די סימפּטאָמען בלייבן ביי דער דאָזיקער סטאַדיע, הייסט עס נאָז־אַסטמאַ אָדער „היי־פיבער" פון די אַמעריקאַנער. אָבער געוויינלעך קומט פאָר, אַז דער פּראָצעס לאָזט זיך אַראָפּ אין דער ברוסט, די בראָנכן „צעשפּילן" זיך און דער פּאַציענט הייבט אָן פּילן, אַז עס פעלט אים לופט. מיר האָבן שוין איינמאָל געזאָגט, אַז דאָס דאָזיקע פעלן פון לופט אָדער לופטנויט, ווי מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן, דערשיינט מיט אַלע גראַדאַציעס, פון אַ מינדערוויכטיקער שטערונג ביז אַ דראַמאַטישן צושטאַנד, ביי וועלכן דער קראַנקער ראַנגלט זיך קעגן דער לופטנויט מיט אַלע זיינע כוחות. מיר ווילן אָבער גלייך צוגעבן, אַז ס'איז כמעט אומבאַוווסט אַ פאַל, אין וועלכן אַ פּאַציענט זאָל אומקומען בשעת אַ שטאַרקער אַטאַקע. ערשטנס, ווייל די לופטנויט איז דאָך קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק, אַז דער פּאַציענט זאָל פּשוט דערשטיקט ווערן, און צווייטנס, זענען פאַראַן אויפן פאַרמאַצעווטישן מאַרק אָן אַ שיעור מעדיקאַמענטן צו פאַרגרינגערן די דאָזיקע אַטאַקע, און זיי פעלן, נאַטירלעך, נישט אין יעדער שטוב, ווו ס'איז פאַראַן אַן אַסטמאַטיקער.

די מיקראָסקאָפּישע עלעמענטן, וואָס פּראָוואָצירן די קראַנקייט, זענען אין דער ערשטער ריי דער צוויט פון די בלומען, וואָס ווערן אָנגערופן „פּאָלען". זיי ווערן צעטראָגן פון ווינט און פאַלן אָן די לופט אין די חדשים, ווען די בלומען צעבליען זיך. דאָס באַקענען זיך מיט די דאָזיקע „פּאָלענס" האָט באַוויזן די דאָקטוירים צו מאַכן אַן אמתע עקסקורסיע אין דער באָטאַניק. דאָס איז אַ לאַנג קאַפּיטל אין יעדן גוטן טראַקטאַט וועגן אַסטמאַ. דער דאָזיקער 'פּאָלען" איז די סיבה פון סעזאָן־אַסטמאַ, און דאָס איז דער מאָטיוו פאַרוואָס אַ סך מענטשן, וואָס זענען עמפּינדלעך צו דעם צוויט פון די בלומען, ווייסן שוין, אַז אין אַ באַשטימטן סעזאָן פון יאָר מוזן זיי פאַרלאָזן זייער וווינאָרט און אַוועקפאָרן אין אַן אַנדערער געגנט, ווו דער צוויט, צו וועלכן זיי זענען עמפּינדלעך, איז נישט פאַראַן, ווייל די פלאַנץ וואַקסט נישט אין יענער געגנט.

ווייטער קומט די עמפּינדלעכקייט צו פּראָדוקטן, וואָס קומען פון שטוב־חיות: שטויב פון דער הויט פון בהמות, הינט, פערד, קעץ, אאַ"וו, האָר, פעדערן, וואָל, אאַ"וו; פּאַראַזיטן פון די זעלביקע חיות און פון פאַרשידענע פלאַנצן.

עמפינדלעכקייט צו עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אין שטויב פון די צימערן. דאָס זענען אפשר די אָפטסטע פאַלן. דאָס ווערט אָנגערופן די „שטויב־אַסטמאַ״.

ס׳איז אויך פאַראַן די אַסטמאַ פון די סוחרים: שניט־קראָמען, פוטער־געשעפטן, גרינוואַרג. אַסטמאַ פון די שטאַלן. אין שטויב געפינען זיך די אַסטמאַטישע עלעמענטן אויף דעם מעבל, אויף די קישנס, מאַטראַצן אא״וו. ס׳איז אויך פאַראַן אַן אַסטמאַ פון באַשטימטע קלימאַטן (פייכטע). און צום סוף (און מן הסתם נישט צום סוף) דאָס גרויסע קאַפּיטל פון עמפינדלעכקייט צו די שפייזן. מענטשן באַקומען אַן עמפינדלעכקייט צו אַ באַשטימטער שפייז און יעדעס מאָל, ווען זיי עסן זי, אַפילו אין אַן אומבאַדייטנדיקער דאָזע, באַקומען זיי אַן אַטאַקע. די באַקאַנטסטע זענען: שאָקאָלאַד, פיש, סאַרדינען, אייער, געוויסע פרוכטן א. א.

עס זענען אויך פאַראַן מענטשן, וואָס באַקומען אַן אַטאַקע, ווען זיי נעמען איין געוויסע רפואות: אַספירין, פּיראַמידין, געוויסע וויטאַמינען, אא״וו.

אַוודאי ווערט שווער אויפן האַרץ, ווען מען טראַכט זיך אַריין, דורך וויפיל וועגן מען קאָן באַקומען אַסטמאַ; די וועגן און די מעגלעכקייטן זענען טאַקע זייער אָפטע און די קראַנקייט איז טאַקע אָפט. דאָס בילד פון אַן אַסטמאַ־אַטאַקע איז טאַקע דאָס אָפטסטע, וואָס אַ דאָקטאָר קומט אויס צו זען. אָבער דאָך ווערן נישט אַלע מענטשן קראַנק; און דאָס איז דערפאַר, ווייל עמפינדלעכקייט אַליין איז נישט גענוג, בעסער געזאָגט, נישט יעדער מענטש קאָן ווערן עמפינדלעך.

ראשית־כל, ירשנט מען דעם דאָזיקן צושטאַנד פון עלטערן אָדער אורעלטערן און עס קומט פאָר ביי די פופציק פּראָצענט פון די אַסטמאַטיקער.

ס׳איז פאַראַן אַ צווייטער פאַקטאָר, וואָס פאַרגרינגערט די אַנטשטייאונג פון אַסטמאַ. דאָס זענען די שטערונגען און געוויקסן אין נאָז־רער. די דאָזיקע נאָז־שטערונגען (אַ געבויגען ווענטל, פּאָליפּן, גרויסע מאַנדלען אא״וו) זענען אויך אָפט ירושה־זאַכן. עס זענען פאַראַן גאַנצע משפחות, וואָס האָבן שלעכטע נעזער אָדער פאַרגרעסערטע מאַנדלען. די סיבה דערפון איז אויך נישט קלאָר.

אָבער עס זענען פאַראַן מעטאָדן — זייער אומפערפעקטע — צו פאַרמינערן אָדער אינגאַנצן באַפרייען די מענטשן פון זייער עמפינדלעכקייט קעגן אַ באַשטימטן עלעמענט. דאָס איז דער אַמעריקאַנער סיסטעם פון די „טעסטס״ (פּרוּוון אָדער פשוט פּראָבן).

עס ווערן צוגעגרייט עקסטראַקטן פון די געוויינלעכסטע עלעמענטן — אַלערגען. שטויב פון די צימערן, צוויטן, האָר, שיילונג פון הויט, אא״וו, און מען דעפּאָזיטירט זיי אין אַ הויטקראַצונג, וואָס מען מאַכט ביים פּאַציענט. דעם צווייטן טאָג קאָנטראָלירט מען, צי עס האָט זיך באַקומען אַ לאָקאַלע רעאַקציע (עס ווערט רויט די הויט). די דאָזיקע פּראָבן זענען געוויינלעך צאָלרייכע און דאָס נעמט צומאָל זייער פיל צייט. אַז מען געפינט אויס דעם עלעמענט, צו

וועלכן דער פּאַציענט איז סענסיביליזירט, גרייט מען צו געוויסע עקסטראַקטן פון דעם זעלביקן עלעמענט, וועלכע מען שפּריצט איין דעם קראַנקן, אין פּראָגרעסיווע דאָזעס, ביז ער זאָל האָבן פאַרלוירן זיין עמפּינדלעכקייט. די פּראָצעדור איז אַ לאַנגע און שווערע. אָפטמאָל ווערט אַ פּאַציענט סענסיביליזירט צו פאַרשידענע עלעמענטן און עס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ קוראַציע, וואָס פאַרלענגערט זיך אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, ביז יאָרן.

ווען מ׳איז חושד, אַז דער פּאַציענט איז עמפּינדלעך צו געוויסע שפּייזן, איז פאַראַן דער גרויזאַמער מעטאָד פון סעלעקציאָנירן די שפּייזן: מען האַלט דעם פּאַציענט אַ וואָך אָדער צוויי נאָר אויף איין שפּייז, געוויינלעך „פּאַלענטאַ״ אָדער מאַמעליגע. שפּעטער גיט מען צו אַנדערע שפּייזן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט, ביז מען „פּאַקט״ די שפּייז, וואָס ברענגט דעם שאָדן. געוויינלעך טוט מען עס מיט שווערע פּאַציענטן, וואָס ליידן פון פּערמאַנענטער מער־ווייניקער שטאַרקער אַסטמאַ; די אַטאַקעס פאַרלענגערן זיך און עס געלינגט נישט זיי אָפּצושטעלן מיט די געוויינלעכע מיטלען.

די זאַך איז קאָמפּליצירט און שווער, ווייל מען באַוועגט זיך אין אַ לאַבירינט פון מעגלעכקייטן, אין חשדים און נישט פון קאָנקרעטע סימנים אָדער געשעענישן. דאָך איז דער אַמעריקאַנער סיסטעם פון די פּראָבן (טעסט) אַ גרויסער פאָרשריט אין דער באַהאַנדלונג פון אַלערגישע דערשיינונגען ביים מענטשן — אַסטמאַ אַריינגערעכנט. די קראַנקייט בלייבט אָבער אַלץ אַ שווערע און די באַהאַנדלונג — אַ קאָמפּליצירטע.

מיר זענען אָבער דאָך אימשטאַנד צו זאָגן, אַז מיט די פאַרשידענע באַהאַנדלונגען, וואָס זענען דערשינען די לעצטע יאָרן — אויסער די פּראָבן — און איבערהויפּט מיט די „אַנטיהיסטאַמינען״ (בענאַדריל א״א), איז מען אומשטאַנד אויסצוקורירן אַ גרויסן פּראָצענט אַסמאַטיקער און צו פאַרבעסערן די לאַגע פון נאָך אַ גרעסערן פּראָצענט.

ווען מען וואָלט מיך געפרעגט, וועלכע איז די בעסטע פּראָפילאַקטיק פון אַסטמאַ, ד. ה., ווי אַזוי קאָן מען די דאָזיקע קראַנקייט אויסמיידן, וואָלט איך געענטפערט:

1. — אַסטמאַטיקער זאָלן, אויב מעגלעך, נישט חתונה האָבן, און אויב יאָ, זאָלן זיי קיין קינדער נישט האָבן. דאָס זאָג איך אויף מיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך האָב עס אין קיין טראַקטאַט נישט געפונען, אָבער מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען, אַז פופציק פּראָצענט פון די אַסטמאַטיקער באַקומען די דאָזיקע נייגונג צו דער קראַנקייט בירושה. ס׳איז כמעט נישט פאַראַן קיין אַסטמאַטישער פאָטער אָדער מוטער, ביי וועלכע איינער אָדער מער פון זייערע קינדער זאָלן אויך נישט זיין קיין אַסטמאַטיקער. אויב די מעדיצין האָט קלאַסיש

אַנגעווענדט דאָס דאָזיגע גרויזאַמע געזעץ קעגן געוויסע האַרצקראַנקע, זע איך נישט איין, פאַרוואָס מען זאָל דאָס נישט קאָנען אָנווענדן קעגן אַנדערע קראַנק־קייטן.

2. — די וועלט איז פול מיט מענטשן, וואָס האָבן שלעכטע נעזער (מיר דאַכט זיך, אַז ביי יידן איז עס אָפטער ווי ביי נישט־יידן), איבערהויפט מיט אַ געבויגן וואַנט פון דער נאָז, פּאָליפּן או״וו. דאָס זענען גרינגע קרבנות פון אַסטמאַ; גרינגע און זייער אָפטע. ס׳איז געוויינלעך פאַראַן אַ ווידערשטאַנד ביי די פּאַציענטן זיך צו לאָזן אָפּערירן דאָס נאָז־ווענטל. ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק דאָס צו טאָן ווי אַ וויכטיקע פּראָפילאַקטיק קעגן אַסטמאַ.

3. — איך האָב אין פריערדיקע קאַפּיטלעך גערעדט וועגן באָדן, ד. ה., וועגן אָרגאַניזם, וואָס איז נישט אין אָרדענונג און וואָס קאָן דערפאַר ווערן אַ גרינגער קרבן פון אַסטמאַ. מיר מיינען דאָ די אָן אַ שיעור פעטע מענטשן, די האַרטלייביקע, די פּרעסערס, ביי וועלכע די לעבער איז נישט אין אָרדענונג; די פאַרשיידענע יונגע מענטשן, ביי וועמען די דריזן פון אינערלעכער סעקרעציע זענען נישט אין אָרדענונג (טיראָיד, אייערשטאָק, או״וו).

4. — דאָס פירן אין אַלגעמיין אַ היגיענישן לעבן איז אַ גוטע פּראָפילאַקטיק קעגן אַסטמאַ און קעגן די קראַנקייטן אין אַלגעמיין. „היגיעניש״ לעבן איז זייער אַ ברייטער טערמין. ס׳איז דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן. עס נעמט אַרום דאָס עסן גוט און געזונט, סיי אין קוואַליטעט ווי אין קוואַנטיטעט. אַרבעט און רו, אַ היגיענישע וווינונג (געביידע און איינריכטונג פון די צימערן, מעבל או״וו), און אַפילו, און אפשר איבערהויפט, פּסיכישע היגיענע. דאָס פּסיכיש־גייסטיקע לעבן האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם געזונט, און ווען ס׳איז נישט נאָרמאַל, קאָן עס פירן צו פאַרשידענע שטערונגען, אַסטמאַ אַריינגערעכנט.

## קאַפּיטל XXIV

# הימל און ערד און וויטאַמינען

## 1

אַז עס בייסט אין דער דלאָניע גייט מען צום הויט־דאָקטאָר און ער געפינט אויס, אַז די לעבער אָדער עפּעס אַן אַנדער מין צרה — אַלערגיע אַריינגערעכנט — איז שולדיק. ער פאַרשרייבט, ווי דער שטייגער איז, אַ רפואהלע און כמעט תמיד פאַרשווינדט דאָס בייסעניש.

ס׳איז אָבער פאַראַן אַן אַנדער מין בייסעניש אין דער דלאָניע, וואָס קיין

שום דאָקטאָר קאָן צו דעם נישט העלפן, ווייל דאָס איז אַ קראַנקייט פון די שרייבער. פען־מענטשן ווייסן, אַז ווען עס בייסט זיי אין דער דלאָניע, זענען דאָס טעמעס, וואָס ווילן האָבן אַ תיקון; וואָס רייסן זיך מען זאָל זיי באַפרייען, מען זאָל זיי ברענגען אויף דער ליכטיקער וועלט.

אַ דאָקטאָר טאָר נישט דערציילן פון זיינע קראַנקייטן אָדער ליידענישן, ווייל ווען ער דערציילט עס זיין פּאַציענט, טראַכט דער לעצטער באַלד, און מיט רעכט: „אַז ער קאָן זיך אַליין נישט אויסהיילן, ווי אַזוי זשע וועט ער מיך אויסהיילן?״. איך זאָג צומאָל, אַז אַ דאָקטאָר, כדי ער זאָל האָבן דערפאָלג, דאַרף ער זיין אַ שיינער, אַ הויכער, אַ געזונטער, אַ רייכער, האָבן אַ שיינעם קאָטש, און, ר״ל, אַז מען מורמלט נאָך אונטער דערצו, אַז ער האָט עפּעס אַ ראָמאַנס, אַ לינקע צי אַ רעכטע ליבע, דעמאָלט איז ער דער ריכטיקער דאָקטאָר. פּאַציענטן האָבן פאַר אים דרך־ארץ און גלייבן אין אים...

אָבער איך מוז מגלה זיין פאַר מיינע לייענער, אַז שוין אַ געוויסע צייט, אַז עס בייסט מיך אין דער דלאָניע. דאָס האָט געמוזט זיין די טעמע „וויטאַמינען״, וואָס האָט זיך געפילט געקריוודעט, ווייל דאָס בייסעניש האָט אויפגעהערט, ווען איך האָב באַשלאָסן צו שרייבן וועגן וויטאַמינען. דער דיאַגנאָז שטימט: דאָס איז געווען אַ שרייבערישע בייסעניש. איך בין ב״ה געזונט און שטאַרק און פאַר־האָף נאָך לאַנג צו שרייבן.

———:———

וויטאַמין איז אפשר דאָס וואָרט, וואָס ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט אין די שמועסן, ווען מען רעדט וועגן געזונט און אַפילו ווען מען רעדט וועגן אַנדערע זאַכן. מיר לעבן אין דער תקופה פון וויטאַמינען. עס איז אוודאי אַ היסטאָרישע תקופה אין דעם לעבן און געזונט פון דער מענטשהייט.

די „גאַנצע וועלט״ שלינגט פילן מיט וויטאַמינען. ווען מען איז אין דער היים און ווען מען פאָרט אויפן ים, אויף דער יבשה און אין דער לופטן. ווען איך בין געפלויגן קיין נאָרד־אַמעריקע, האָט אַ ייד, וואָס איז געזעסן נעבן מיר, געשלונגען פילן מיט וויטאַמינען, „ווייל מ׳זאָגט, אַז ס׳איז גוט...״

ס׳איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז „זינט די וועלט שטייט״ האָבן די בעלי־חי געשלונגען וויטאַמינען, אָבער נישט אין עלעגאַנטע קאַפּסולן אָדער פילן, נאָר מיט די שפייזן. אָבער די וויטאַמינען זענען נישט אַזוי צעשפּרייט אין דער נאַ־טור און איבערהויפּט זענען זיי נישט פאַראַן אין אַלע לענדער און אונטער אַלע קלימאַטן צוגלייך.

דאָס, וואָס די יאַפּאַנעזער זענען אַזוי קליינגעוויקסיק און די פּאָלינעזיער צב״ש זענען געווען הויכע און קרעפטיקע מענטשן, אין לכל הדעות דערפאַר,

ווייל אין יאַפּאַן האָבן די שפּייזן ווייניקער וויטאַמינען און אַנדערע אייגנשאַפטן, ווי אויף די אינדזלען פון אָצעאַניע. די דאָזיקע פאַרשידענע געשטאַלטונגען זענען נישט קיין צופאַל.

אין 1913 האָט דער פּוילישער דאָקטאָר קאַזשימיעזש פונק דער ערשטער אָנגעוויזן, אַז געוויסע קראַנקייטן דערשיינען ביים מענטשן, ווייל אין זיינע שפּייזן פעלן אַזעלכע סובסטאַנצן, וואָס ער האָט אָנגערופן וויטאַמינען.

נאָך פונקס באַשטעטיקונג האָבן זיך געמערט די פאָרשונגען אין פאַרשידענע לענדער און עס זענען אַנטדעקט געוואָרן איין וויטאַמין נאָכן אַנדערן, אין אַ רעלאַטיוו קורצער צייט.

גרויסע פאַרמאַצעווטישע פירמעס אין אַלע לענדער האָבן גלייך אָנגעהויבן צוצוגרייטן די באַרימטע פּילן. די דאָזיקע קאָמערציעלע פירמעס האָבן גלייך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דאָקטוירים און צווישן די מאַסן. עס איז געוואָרן אַן ענין פון סוחרישער קאָמפּעטענץ. דער קאַפּיטאַל, וואָס מען האָט אַריינגעלייגט אין די קאָלאָסאַלע אינדוסטריעס, האָט געפּאָדערט פאַרדינסטן, און זיי זענען געקומען אַלס פּועל־יוצא פון אַ קאָלאָסאַלער קאָמערציעלער וועלט־פּראָפּאַגאַנדע.

מען האָט די פּראָדוקטן געלויבט ביז אין הימל אַריין און מען האָט איבער־געכאַפּט די מאָס — צוגעזאָגט וווּנדערלעכע קוראַציעס; מענטשן וועלן ווערן גיבורים, וכדומה.

די קאָמערציעלע פּראָפּאַגאַנדע איז פאַרלאָפן דעם וועג דער מעדיצינישער וויסנשאַפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. אַזוי אַרום, אַז די פּאַציענטן, וואָס האָבן אַליין נישט געקויפט די מיסטעריעזע פּילן, האָבן געבעטן זייערע דאָקטוירים זיי זאָלן זיי פאַרשרייבן.

דאָס האָט געקאָסט דער מענטשהייט אַ שיינע פּאָר איבעריק און אומזיסט אויסגעגעבענע מיליאָנערן דאָלאַרן...

די וויטאַמינען זענען אַ געוויסע צאָל מיסטעריעזע פליסיקייטן, וואָס דער לעבעדיקער אָרגאַניזם באַדאַרף אין אַ קלייניקער דאָזע יעדן טאָג, און ווען ער האָט זיי נישט, קומט די קראַנקייט און אַפילו דער טויט.

ס׳איז אַ סברה, אַז נישט נאָר דער וווּקס פון דעם מענטשן איז אָפּהענגיק פון די וויטאַמינען און שפּייזן אין אַלגעמיין, נאָר אויך זיין כאַראַקטער, זיין שטייגער, זיין אימפּולסיוויטעט, און אפשר זיין אינטעליגענץ. עס זענען שוין געמאַכט געוואָרן, און עס ווערן פאָרגעזעצט, זייער אינטערעסאַנטע עקספּערי־מענטן אויף דעם געביט.

ביז איצט איז געווען אָנגענומען, אַז דער קלימאַט „מאַכט״ דעם מענטש.

היינט דאַרף געזאָגט ווערן: דער קלימאַט מאַכט די שפּייזן און די שפּייזן מאַכן דעם מענטש.

קיינער האָט נאָך נישט באַשלאָסן, אַז עס זענען שוין אַנטדעקט געוואָרן אַלע וויטאַמינען אָדער ענלעכע עלעמענטן, וואָס זענען נייטיק, כדי דער בעל־חי זאָל קאָנען אָנהאַלטן דאָס לעבן. די פאָרשונגען גייען אָן אין דער גאַנצער וועלט און עס וועלן זיכער נאָך אַנטדעקט ווערן, ווער ווייס וויפיל נייע לעבנסנייטיקע עלעמענטן.

ס׳איז נאָר אַ פראַגע, צי די וויטאַמינען פון די פּילן זענען פּונקט אַזוי גוט ווי די פון די פרישע שפּייזן. דאָס איז נאָך אויך אַ שטיקל מ׳יסטעריע. אָבער אַז די וויטאַמינען פון די פּילן זענען וויטאַמינען, אין דעם צווייפלט קיינער נישט. דאָס האָט שוין באַוויזן זייער אָנווענדונג אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק.

ס׳איז צו האָפן, אַז די היינטיקע קאָמערציעלע תקופה פון די וויטאַמינען וועט איבערגיין און די דאָזיקע אומשאַצבאַרע עלעמענטן וועלן אינגאַנצן בלייבן ביי די דאָקטוירים אין די הענט און זיי וועלן אָנגעווענדט ווערן נאָר דאָרטן, וווּ מען דאַרף, און די גאַנצע וועלט וועט מער נישט שלינגען וויטאַמינען אומזיסט און אומנישט. דערווייל איז דאָס וואָרט וויטאַמין געוואָרן אַ סוחרישע מאַרקע און אויפן מאַרק זענען דערשינען „וויטאַמינישע״ זייפן און פאַרשידענערליי זאַלבן און פּאָמאַדעס פאַרן פּנים. ס׳איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרע „מאַרקע״, און פאַרשידענע פּיפּיקע סוחרים נוצן זי אויס.

מיט די וויטאַמינען קומט פאָר דערווייל אַן ענלעכע זאַך ווי מיט פּעניצי־לין. דאָקטוירים פאַרשרייבן זי אָן אַ שיעור מער ווי מען באַדאַרף, און קעגן קראַנקייטן, וואָס האָבן מיט זיי גאָרנישט צו טאָן. אָבער, „אפשר וועט דאָס ווירקן...״

———:———

ראַכיטיזם איז אַ צושטאַנד־קראַנקייט, פון וועלכער עס ליידן אַ סך מער קינדער פון די שטעט ווי פון דאָרף. ווייל אין שטאָט איז די זון אָדער נישטאָ אָדער אירע שטראַלן קענען נישט דערגרייכן דעם מענטש, ווייל די לופט איבער דער שטאָט איז געדיכט, פול מיט שטויב אָדער רויך אָדער גאָר באַדעקט מיט אַ געדיכטן נעפּל, ווי צב״ש אין לאָנדאָן. חוץ אין די שטעט זענען פאַראַן גאַנצע קאָלאָסאַלע שטחים, וווהין די זון קומט נישט צו. דאָס נעפּלדיקע ענגלאַנד, דער מיטל־מערב אין אַמעריקע, ווו די זון פעלט פון נאָוועמבער ביז אַפּריל. אַ גאַנץ שטיק צענטראַל קאַליפאָרניע איז באַדעקט מיט נעפּל אַ באַדייטנדיקן טייל פון יאָר.

דאָ, ווו די זון קומט נישט צו, ליידן קינדער פון ראַכיטיזם, ווייל דאָרטן,

זוו די זון קומט נישט צו, איז נישט פאַראַן קיין וויטאַמין „דע", און ווען אין דער שפּייז פון די קינדער פעלט די דאָזיקע וויטאַמין, ליידן זיי אויף ראַכיטיזם.

קאָן זיין, אַז נישט דאָס פעלן פון דער „גאַנצער" זון פאַרמינערט די וויטאַמין „דע", נאָר דאָס פעלן פון געוויסע זונשטראַלן, ווי די אַזוי־גערופענע אַקטינישע אָדער אולטראַוויאָלעטע, ווייל ס'איז אַ סברה, אַז די דאָזיקע שטראַלן שאַפן וויטאַמין „דע" ביי די בעלי־חי און פלאַנצן.

דער איינפלוס פון דער זון אויף דעם אַנטשטיין פון וויטאַמין „דע" איז אינגאַנצן איינגעוויקלט אין אַ טיפער מיסטעריע. מען ווייס נאָר די פאַרבינדונג פון זון־וויטאַמין „דע", אָבער ס'איז אינגאַנצן אומבאַקאַנט ווי אַזוי און פאַרוואָס.

אויף דער אויבערפלאַך פון די טראָפּישע ימען לעבן אָן אַ שיעור קלייניקע, קוים מערקבאַרע, באַשעפענישן, וואָס זענען האַלבע בעלי־חי און האַלבע פלאַנצונגען, וואָס ווערן אָנגערופן „פּלאַנקטאָן" און וואָס באַזיצן די אויסערגעוויינלעכע אייגנשאַפט צו אַבסאָרבירן און צונויפזאַמלען אין זיך די זונשטראַלן. די דאָזיקע באַשעפענישן זענען די שפּייז פון פאַרשידענע קליינע פישעלעך אין ים־ראַקן. דער גרויסער און מעכטיקער פיש „באַקאַלאַאָ" (שטאָקפיש), שפּייזט זיך מיט אָט די פישעלעך און ראַקן.

די אָנגעזאַמלטע זונשטראַלן, וואָס ער שלינגט מיט די פישעלעך, ווערן אָנגעזאַמלט ביים „באַקאַלאַאָ" אין דער לעבער, כדי זיי אויסצונוצן אין די ווינטער־חדשים. אָבער איידער נאָך ער הייבט אָן פאַרדייען די וויטאַמין „דע" פון זיין לעבער, וואָס דאָס זענען די מיסטעריעזע „זונשטראַלן", ווערט ער פון דעם מענטש געפאַנגען, זיין לעבער ווערט אַרויסגענומען און עס ווערט פון איר אַרויסגעצויגן דער באַרימטער פישטראָן אָדער פיש־שמאַלץ, וואָס אַנטהאַלט אַ גרויסע דאָזע וויטאַמין „דע". פישטראָן איז כמעט די איינציקע פליסיקייט אין דער נאַטור, וואָס אַנטהאַלט אַ באַדייטנדיקע דאָזע וויטאַמין „דע".

מען ווייסט נישט וועלכע ס'איז געווען די ערשטע מאַמע, וואָס האָט געגעבן איר שוואַך קינד פישטראָן און האָט עס אויסגעהיילט פון זיין שוואַכקייט.

דאָס וואָרט „ראַכיטיזם" קומט פון אַן אַנגלאָזאַקסיש וואָרט „ריקען", וואָס מיינט איינבייגן, דעפאָרמירן. ביי ראַכיטישע קינדער ווערן די ביינדלעך נישט גוט פאַרהאַרטעוועט, איבערהויפּט די ביינער פון די פיס, וואָס ווערן איינגעבויגן ווי אַ שווערד, און זיי באַקומען אַ קאָמישן גאַנג. זייערע ריפּן האָבן פון פאָרנט אַ כאַראַקטעריסטישע פאָרמע: זיי ווערן פאַרגרעבערט און שטאַרצן אַרויס (האָנברוסט פון די דייטשן) ווי די ברוסט פון עופות.

דאָס זענען די ראַכיטישע קינדער. אַ העלפט פון די קינדער פון ניו־יאָרק און לאָנדאָן האָבן ראַכיטישע סימנים אויף זייער קערפּער. זיי וואַקסן שלעכט:

זיי הייבן אָן שפּעט צו גיין; די ציינדלעך וואַקסן אַרויס שפּעט; זיי זענען נער־וועזע, גערייצטע אא״וו.

פון דעם פישטראָן האָבן די כעמיקער אָפּגעטיילט אַ מין שמאַלץ, וואָס איז די סאַמע וויטאַמין „דע״. דערפאַר איז אַצינד נישט נייטיק צו פייניקן די קינ־דער מיטן העסלעכן פישטראָן, וואָס איז אַחוץ זייער שווער צו פאַרדייען.

אָבער ס׳איז גלייך באַוויזן געוואָרן, אַז ווען די דאָזיקע קינדער האָבן די־רעקט און גאַנץ פשוט גענומען זונבעדער, נאַקעט, האָט עס געמאַכט אויף זיי די זעלביקע ווירקונג, ווי דער פישאייל. און גאַנץ גיך איז באַוויזן געוואָרן, אַז אַנשטאָט זונבעדער קאָנען עס זיין אולטראַוויאָלעטע שטראַלן־בעדער. די זון אָדער די אַרטיפיציעלע אולטראַוויאָלעטע שטראַלן, וואָס זענען אַ טייל פון די זונ־שטראַלן, מאַכן, אַז אין אָרגאַניזם פון קינד זאָל דערשיינען די וויטאַמין „דע״. ווער ווייס ווי אַזוי און פון וואָס.

וויטאַמין „דע״ איז די איינציקע, וואָס געפינט זיך אין אַ זייער קליינער דאָזע אין אונדזערע שפּייזן. זי איז פאַראַן אין אַ געוויסער מאָס אין געלעכל פון איי און אין דער לעבער פון דער בהמה. זי געפינט זיך, ווי שוין געזאָגט, אין פישאייל, און זי שאַפט זיך אָן אויפהער אונטער דער ווירקונג פון די זונשטראַלן, אָדער אולטראַוויאָלעטע שטראַלן. אָבער די פאָרשער זענען אונדז גלייך געקומען צו הילף. אין ענגלאַנד איז באַוויזן געוואָרן, אַז אין אַ מעדיצין, וואָס הייסט „ערגאָסטין״, און אין די פאַרשידענע איילן געפינט זיך אַ סובסטאַנץ, דער „ער־גאָסטעראָל״, וואָס, ווען ער ווערט אויסגעשטעלט אונטער די זונשטראַלן, אָדער באַשטראַלט מיט אולטראַוויאָלעטע שטראַלן, דערשיינט אין אים אַ סך מער ווי־טאַמין „דע״ ווי אין פישטראָן.

דאָס אויבנגעזאָגטע מיינט, אַז ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז קינדער, וואָס וווינען אין די גרויסע שטעט, מוזן פאַרברענגען יעדן טאָג אַ פּאָר שעה אין פּאַרק אונטער דער זון.

וויטאַמין „דע״ קאָן מען איצטער קויפן אין יעדער אַפּטייק אונטער פאַרשי־דענע נעמען. באַזונדערס נייטיקן זיך אין איר די קינדער, ווייל אָן איר קאָנען זיי נישט וואַקסן און זיך אַנטוויקלען. אָבער, נאָך אַלעמען, אַפילו ווען די קינדער באַקומען דעם פּראָדוקט יעדן טאָג, איז בעסער זיי זאָלן פאַרברענגען עטלעכע שעה אין טאָג אונטער דער זון אָנגעטאָן אין העלע מלבושים, ווייל די טונקעלע, די שוואַרצע מלבושים, לאָזן נישט דורך די זונשטראַלן. די זון איז, אַזוי אַרום, אַ גוטער „דערזאָץ״ פון די פילעכלעך און זענען מסתמא בעסער אויך.

דערוואַקסענע מענטשן נייטיקן זיך ווייניקער אין „דע״ וויטאַמין. און עס איז פאַר זיי גענוג די קליינע דאָזע, וואָס געפינט זיך אין די שפּייזן. דאָס מיינט

נישט, אַז דערוואַקסענע דאַרפן נישט, ווי ווייט מעגלעך, פאַרברענגען יעדן טאָג אַ געוויסע צייט אונטער דער זון אויף דער פרייער לופט.

## 2

וויטאַמין „אַ" געפינט זיך אויך אין אַ גרויסן סכום אין פישטראַן, איבער־הויפט אין דעם פיש, וואָס הייסט „היפּאָגלאָס". די בלעטלעך פון קרויט און סאַ־לאַט (לעטשוגאַ), די אויסערלעכע, די טונקעלע, די וואָס זענען דירעקט אויס־געשטעלט צו די זונשטראַלן און וואָס די באַלעבאָסטעס וואַרפן אַוועק, ווייל זיי זענען טונקעלער ווי די אינעווייניקסטע בלעטלעך, האָבן אין זיך אַ גרויסן פּראָ־צענט וויטאַמין „אַ". זי איז אויך פאַראַן אין די מערן און בולבעס. וויטאַמין „אַ" האָט אַ מיסטעריעזע ווירקונג אויף דער ראיה און אויף דער שליימהויט. ווען מען באַקומט נישט קיין וויטאַמין „אַ", פאַרמינערט זיך בהדרגהדיק דער חוש־הראיה, ביז מען ווערט אינגאַנצן בלינד. דער פאַקט איז אַ גענוג באַשטעטע־טיקטער. אָבער דער אופן, ווי אַזוי דאָס קומט פאָר, איז איינגעוויקלט אין אַ טיפער מיסטעריע. שוין יאָרהונדערטער, אַז מען האָט באַמערקט אַ פאַרבינדונג צווישן פאַסטן און אַ שוואַכקייט פון דער ראיה. אין פאַרשידענע פאַרצייטיקע מלחמות, און אַפילו נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מען באַמערקט, ווי אַ סך זעלנער פאַרלירן ביסלעכווייז די ראיה. ס'איז שפּעטער געווען באַשטעטיקט געוואָרן, אַז דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אין זייערע שפּייזן האָט גע־פעלט וויטאַמין „אַ". מען האָט אַזעלכע מענטשן פשוט געגעבן צו עסן אַ סך פרישע ספּינאַטש (עספּינאַקאַ) און זיי האָבן גלייך באַקומען צוריק די גאַנצע ראיה.

וויטאַמין „אַ" איז די שפּייז פון אונדזער שליימהויט. שליימהויט מיינט די „אינערלעכע הויט" פון אַלע אונדזערע אינערלעכע אברים: מאָגן און קישקעס, בראָנכן און פּוזירן, אאַ"וו. ווען עס פעלט זיי די וויטאַמין „אַ", ווערן זיי פּשוט אויסגעטריקנט. די טרערן פליסן נישט מער, די קישקעס טריקענען און גיבן נישט אַרויס זייערע פאַרשידענע זאַפטן; די בראָנכן ווערן קראַנק. אָן דער פּראָ־טעקציע פון וויטאַמין „אַ" ווערט די שליימהויט אינפעקטירט און באַדעקט מיט ווונדן און געשווירן און די פאַרשידענע דריזן פון קערפּער קאַנען נישט אויסאַר־בעטן זייערע וויטאַלע זאַפטן פאַרן אָרגאַניזם. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס לעבן ווערט אוממעגלעך אָן דער דאָזיקער מיסטעריעזער פליסיקייט, פון וועל־כער דער גרעסטער בעל־חי דאַרף נישט מער ווי אַ פאָר גראַם אַ טאָג. דאָך גע־פינען זיך נאָך היינט אין אָריענט און אין כינע אָן אַ שיעור ליידנדיקע אויף די אויגן איבער מאַנגל אין וויטאַמין „אַ". ס'איז אַ סברה אַז די זעלביקע וויטאַמין

האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פאַרהיילונג פונעם שניט פון דער הויט נאָך די אָפּעראַציעס. לויט דער דאָזע וויטאַמין „אַ״ קאָן מען די היילונג פאַרשנעלערן אָדער פאַרלענגערן.

הגם וויטאַמין „אַ״ איז זייער פאַרשפּרייט אין דער נאַטור, זענען דאָך פאַראַן מיליאָנען מענטשן, וואָס ליידן פון פאַרשידענע קלענערע שטערונגען אין זייער געזונט, ווייל אין זייערע שפּייזן קומען אַריין ווייניק פון דער דאָזיקער וויטאַמין. אין מיין פּראַקטיק טרעף איך נישט זעלטן מענטשן, וואָס האָבן פיינט סאַלאַט און עסן אים קיינמאָל נישט. דאָך זענען די גרינע בלעטלעך די וויכטיקסטע קוועלע פון נאַטירלעכער וויטאַמין „אַ״. די דאָזיקע מענטשן האָבן אַ שוואַכע ראיה, איבערהויפּט זעען זיי ווייניקער, ווען עס ווערט טונקל, נאָך זונאונטערגאַנג. זיי ליידן אויך פון פאַרשידענע שטערונגען, טיפּישע און אַטיפּישע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע ווירקונגען פון דער דאָזיקער וואונדערלעכער און האַלב־מיסטעריעזער פליסיקייט, מיט וועלכער די זון האָט אויך עפּעס צו טאָן.

———::———

די באַרימטע וויטאַמין „בע״ איז די ערשטע אַנטדעקט געוואָרן. און דאָס איז געשען מער־ווייניקער צופעליק. דער עפּיזאָד פון דער אַנטדעקונג איז זייער באַקאַנט. דאָך וועלן מיר אים פאַרצייכענען.

אַ האָלענדישער דאָקטער, קריסטיאַן עיכקמאַן, האָט צופעליק באַמערקט, אַז די טויבן וואָס פלעגן זיך דערנערן מיט די רייז, וואָס מען פלעגט אַרויסוואַרפן פון אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין אַ האָלענדישער קאָלאָניאַלער שטאָט (האָלענדישע אינדיע), פלעגן ליידן אויף פּאַראַליז. זיי האָבן נישט געקאָנט פליען און נישט גיין. און ס׳איז געשען, אַז מען האָט אין אַ טאָג געמוזט בייטן די דיעטע פון די איינוווינער פון שפּיטאָל: אנשטאָט באַנוצן די ווייסע ראַפינירטע רייז, האָט מען אָנגעהויבן נוצן די טונקעלע, די נאַטירלעכע, די „איבעגראַלע״, וואָס קומט מיט די שאָלעכץ. ווען די טויבן האָבן אָנגעהויבן זיך צו דערנערן מיט די שריים פון אָט־די רייז, האָבן זיי זיך אויסגעהיילט פון זייער פּאַראַליז.

ד״ר עיכקמאַן האָט גלייך פאַרטראַכט אַן עקספּערימענט, וואָס ער האָט דורכגעפירט אויף הינדלעך. ער האָט גלייך באַשטעטיקט, אַז דאָס אויסערלעכע הייטל פון די רייז, דאָס וואָס פאַרשווינדט ווען מען פּולירט זיי — אַנטהאַלט אַזאַ מין עלעמענט, וואָס פאַרמיידט, אַז יענע, וואָס עסן זיי, זאָלן באַקומען פּאַראַליז (פּאָלינעוריטיס — אַנטצינדונג אָדער קראַנקייט פון די נערוון).

אין אָריענט איז זייער פאַרשפּרייט אַ קראַנקייט, וואָס הייסט „בערי־בערי״

(איך קאָן נישט). עס ליידן פון דעם מיליאָנען מענטשן. זיי שלעפּן זיך אויף פּאַראַליזירטע אָדער האַלב־פּאַראַליזירטע פיס, מ׳טו אַ גרויסן בויך פול מיט פלי־סיקייט, ביז זיי שטאַרבן אין אַ מער־וויינקער קורצער צייט. דאָס נעמט זיך ביי זיי פון איין קליניקייט: זיי שפּייזן זיך איבערהויפּט מיט רייז. די רייז, וואָס זיי עסן, האָט מען ביים מאָלן אָדער רייניקן באַפרייט פון דעם אויסערלעכן די־נעם הייטעלע, און פּונקט אין דעם הייטעלע געפינט זיך די וויטאַמין „בע״, אָן וועלכער די נערוון ווערן קראַנק און מען באַקומט פּאַראַליז.

די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג פון אָריענט ליידן ווייניקער פון דער קראַנקייט, ווייל זיי קאָנען נישט קויפן די ראַפינירטע רייז און דערנערן זיך מיט „פּראָסטן״ רייז.

דערפאַר, ווייל די באַפעלקערונג פון יענע לענדער דערנערט זיך כמעט אויס־שליסלעך מיט רייז, פעלן ביי זיי אַנדערע וויטאַמינען אויך; דערפאַר זייער קליי־נער וווקס, זייער קאָליר און די אָן אַ שיעור קראַנקייטן, וואָס בושעווען אין יענע געגנטן. אָבער דאָס עסן רייז כמעט אויסשליסלעך איז אַ טראַדיציע פון יאָר־הונדערטער, און ס׳איז שווער צו ווירקן אויף דעם מענטשן, ווען עס האַנדלט זיך פון אַלטע טראַדיציעס, וואָס קומען פון דורות און דורות. ס׳איז אַ פאַקט, אַז היינט צו טאָג איז דאָרטן די שטערבלעכקייט פון „בערי־בערי״ קוים פאַרמי־נערט אויף אַ קליינעם פּראָצענט.

אין דער הינזיכט דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז די טראַדיציע פון עסן ווייס ברויט, וואָס איז איינגעפירט אין די מערב־לענדער, איז אויך אַ טעות־דיקע. ביים צעמאָלן דאָס מעל גייט אויך פאַרלוירן דאָס אויסערלעכע הייטל פון ווייץ, וואָס אַנטהאַלט וויטאַמין „א״, „דע״, „ע״ און אַנדערע. דאָס אידעאַלע ברויט איז דאָס אַזוי־גערופענע „גראַהאַם״־ברויט, וואָס ווערט געמאַכט פון איינ־טעגראַלן ווייץ, וואָס ווערט נישט אונטערגעוואָרפן קיין פּראָצעדור פון רייניקן און ראַפינירן... דאָס איז דער טעות פון ווייס ברויט אין מערב און פון ווייסע רייז אין מזרח, הגם ביי אונדז, אין אָקצידענט, איז אונדזער טעות נישט אַזוי פאַ־טאַל, ווייל מיר עסן אַ סך אַנדערע שפּייזן, וואָס אַנטהאַלטן די וויטאַמינען, וואָס גייען לאיבוד ביים „רייניקן״ דעם ווייץ. אָבער דאָרטן, אין אָריענט, איז דאָך רייז כמעט די איינציקע דערנערונג.

אין די אויסערלעכע הייטלעך פון דער תבואה געפינט זיך אויך וויטאַמין „בע״, פּונקט אַזוי ווי אין פרישן גרינוואַרג, אין לעבער פון דער בהמה, ניס, מילך, הייוון.

די אַסימילאַציע אין אונדזער אָרגאַניזם פון די וויטאַמינען איז נישט זייער גוט באַקאַנט. דאָס זעלביקע מיט זייערע פונקציעס. מען ווייסט, אַז אונדזערע נערוון צ״ב קאָנען נישט לעבן אָן וויטאַמין „בע״.

אַז מען נעמט אַרויס פון די שפּייזן פון אַ חיהלע פון לאַבאָראַטאָריע די גאַנצע וויטאַמין „בע״, באַמערקט מען, ווי דאָס האַרץ הייבט אָן שלאָגן שוואַכער און לאַנגזאַמער. די טעמפּעראַטור פון קערפּער און דער בלוטדרוק פאַלן אונטערן נאָרמאַלן ציפער, דאָס אָטעמען ווערט שווער, און עס דערשיינען ערנסטע שטערונגען אין זיין אָרגאַניזם.

אין יאַפּאַן איז געמאַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט, וואָס באַציט זיך צו שפּייזן און וווקס: מען האָט דאָרטן גענומען אַ גרופּע קינדער פון איין אינטערנאַט און מ׳האָט זיי דערנערט אויסשליסלעך מיט אַן אייראָפּעישער דיעטע. די קינדער זענען געוואַקסן הויכע און ברייטבייניקע, פּונקט ווי די אייראָפּייער. זיי זענען גאָרנישט ענלעך געווען צו זייערע מיטבירגער די יאַפּאַנעזער. אָבער ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, די יאַפּאַנעזער און די אַנדערע פעלקער פון אָריענט וועלן נישט בייטן זייערע רייז אַפילו נישט פאַר אַ זאַק באָרשט...

עס זענען פאַראַן עטלעכע מינים וויטאַמין „בע״. מען רופט „בע־1״ די געווײנלעכע, די, וואָס מיר האָבן באַשריבן פריער; די וויטאַמין „בע־2״ אָדער „ריבאָפלאַווין״, געפינט זיך אין די פאַרשידענע הייוון. ווען אין די שפּייזן קומט נישט אַריין די וויטאַמין „בע־2״, דערשיינט אַ באַקאַנטע הויט־קראַנקייט, וואָס הייסט „פּעלאַגראַ״; „בע־2״ געפינט זיך איבערהויפּט אין מאָגער פלייש, אין די הייוון, מילך, אייער און גרינוואַרג. אין אַמעריקע האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז פּעלאַגראַ דערשיינט איבערהויפּט אין יוני, ווען דער רעזערוו גרינוואַרג איז שוין כמעט אויסגעשעפּט. די קראַנקייט פאַרשווינדט באַלד נאָך יוני, ווען מען הייבט אָן זיך שפּייזן מיטן גרינוואַרג פון נייעם זומערדיקן סעזאָן. אין חודש סעפּטעמבער איז שוין דאָרטן כמעט נישטאָ קיין פאַלן פון פּעלאַגראַ. אין 1930 זענען אין אַמעריקע געשטאָרבן מער פון זיבן טויזנט מענטשן — איבערהויפּט שוואַרצע — פון דער דאָזיקער קראַנקייט. געוויינלעך שטאַרבן ביי די דריי טויזנט יערלעך.

די וואָס וויסן ווי אַזוי עס עסן די שוואַרצע פון דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ, פּונקט אַזוי ווי די שוואַרצע פון בראַזיל, וואונדערן זיך גאָרנישט אין אַנבליק פון אַזעלכע ציפערן. זייער עסן איז אויסערגעוויינלעך מאָנאָטאָן און די מאכלים זענען תמיד די זעלביקע און זייער באַגרענעצט אין צאָל. זיי עסן פרישע גרינוואַרג נאָר דעמאָלט, ווען ס׳איז זיי אוממעגלעך צו קריגן זייערע געוויינלעכע שפּייזן, אין וועלכע קיין גרינס גייט נישט אַריין.

ס׳איז באמת צום שטוינען ווי אַזוי די קראַנקייטן, וואָס קומען פון מאַנגל אין וויטאַמינען אין די שפּייזן, קורירן זיך אויס „מיטן אויג״, ווען דער פּאַציענט באַקומט אַפילו אַ מינימאַלע דאָזע פון דער וויטאַמין, וואָס פעלט אים.

אַ קראַנקער, וואָס ליידט אויף „פּעלאַגראַ״, באַקומט געציילטע טראָפּן ווי־

טאַמין „בע־2" אָדער „ניקאָטינאַמידאַ" (אַן אַנדער וויטאַמין פון דער גרופּע „בע") און אין געציילטע שעהן פאַרשווינדט די אַפּאַטיע, די שוואַכקייט, עס פאַרשווינדט די רויטקייט פון דער הויט און שליימהויט און די וווּנדן פון דער הויט. דער אַפּעטיט דערשיינט און דער פולקאָמער געזונטצושטאַנד קומט צוריק אין אַ מעת־לעת, ווי אַרויסגערופן דורך אַ מאַגיש שטעקעלע...

ס ק אָ ר ב ו ט („עסקאַרבוטאַ") איז שוין היינט אַ זעלטענע קראַנקייט. ווען זי דערשיינט דאָך, איז עס נישט מיט דער אַמאָליקער קראַפט און מיט דער אַמאָליקער ערנסטקייט און ס'איז אויסגעשלאָסן, אַז עמיצער זאָל אומקומען פון דער דאָזיקער קראַנקייט, ווי ס'איז געשען אַמאָל מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן.

איבערהויפּט פלעגט אַמאָל ליידן פון סקאָרבוט די מאַנשאַפט פון די שיפן, וואָס פלעגן זיך אַוועקלאָזן אויף לאַנגע רייזעס איבער די ווייטע ימען.

די קראַנקייט באַשטייט אין דעם, וואָס די יאַסלעס פון מויל הייבן אָן צו בלוטיקן. זיי טוען שרעקלעך וויי און עס גייט בלוט אָן אויפהער. די ציין הייבן זיך אָן באַוועגן, ווייל די באַקנביינער פאַרלירן זייער פעסטקייט, און זיי פאַלן־אַרויס. די הויט ווערט ביי זיי טרוקן און דין ווי פאַפּיר און זיי ליידן פון פאַר־שידענע ווייטיקן.

ווען אַ שיף מיט אַזאַ קראַנקער מאַנשאַפט קומט־אָן אין אַ פּאָרט, ווו עס זענען פאַראַן אַ סך מאַראַנצן, היילן זיי זיך אַלע אויס אין אַ צוויי וואָכן צייט.

אין דער שפּייז פון די דאָזיקע מענטשן האָט געפעלט די וויטאַמין „צע". די דאָזיקע וויטאַמין איז אפשר מער באַרימט ווי די וויטאַמין „בע", ווייל מען האָט איר נאָכאַנאַנד צוגעשריבן וווּנדערלעכע ווירקונגען קעגן פאַרשידענע גע־פערלעכע קראַנקייטן, איבערהויפּט קעגן טובערקולאָז און קלעפּיקע קראַנקייטן אין אַלגעמיין. אָבער ביז מען האָט באַשטעטיקט, אַז ס'איז נישט אמת, האָבן זי דערווייל דאָקטוירים פאַרשריבן אין אַ פאַנטאַסטישן סכום און פּאַציענטן האָבן אויסגעגעבן אומזיסט און אומנישט פאַנטאַסטישע סומעס.

דער וועג פון דעם פאַרשריט פון דער מעדיצין איז ליידער אויסגעשפּרייט מיט אָן אַ שיעור אַזעלכע קאָסטבאַרע עקספּערימענטן.

די עקספּערימענטן פון דעם מין מוזן, ווייזט אויס, זיין אויפן חשבון פונעם פּאַציענט. אין דעם פאַל מיט דער וויטאַמין „צע" איז עס נאָך געווען מיט גרויס חסד, ווייל דאָס באַקומען עטלעכע צענדליק איינשפּריצונגען פון וויטאַמין „צע" האָט דעם פּאַציענט נאָר געקאָסט געלט, אָבער נישט קיין געזונט, ווייל זי איז אַבסאָלוט אומשעדלעך. אַנדערש איז אָבער פאָרגעקומען, צום ביישפּיל, מיט ק אָ כ ס טובערקולין, ווו אינאיינעם מיטן געלט איז אַוועק דאָס לעבן.

שולדיק אין די זאַכן איז אויך דער פאַקט, וואָס די פאַרמאַצעווטישע פּראָ־

דוקטוירים זענען קאָמערציאַליזירט און געפינען זיך אין די הענט פון מעכטיקע פירמעס.

געפינט אַזאַ פירמע אויס, אַז עפּעס אַ דאָקטאָר פון בויבעריק האָט פאַר־עפנטלעכט אַן „אַרבעט״ אין אַ מעדיצינישן זשורנאַל, אַז ער האָט געהאַט אַ „פאַל״ — די באַרימטע מעדיצינישע פאַלן — פון אַ לונגען־קראַנקן, וואָס ער האָט „אויסגעהיילט״ מיט וויטאַמין „צע״, אָדער עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט אים אויסגעהיילט, דאַן הייבט די פירמע אָן באָמבאַרדירן די דאָק־טוירים מיט פּראָפּאַגאַנדע, אַז, צום ביישפּיל, וויטאַמין „צע״ איז גוט פאַר טור־בערקולאָז. די צירקולאַרן ווערן געשריבן פאַרזיכטיק, מיט אַ געניטער האַנט; מען קאָמפּראָמעטירט זיך נישט צו שטאַרק. אָבער דאָקטוירים האָבן נישט קיין צייט צו לייענען צירקולאַרן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. געוויינלעך קוקט מען אויף דער פירמע, וואָס שיקט די פּראָפּאַגאַנדע. אויב זי איז אַ באַוווסטע — און כמעט אַלע זענען באַוווסט — הייבט מען אָן פאַרשרייבן די רפואה. דאָס מיינט גלייך אַן אוצר מיט גאָלד פאַר דער פירמע, וואָס גרייט־צו דעם פּרעפּאַראַט אין עלעגאַנטע אַמפּולן אָדער קעסטעלעך, און פאַרן קראַנקן — אַ שטיקעלע בלייכע האָפענונג, וואָס דויערט אַזוי פיל וויפיל עס נעמט זיך איינשפּריצן עט־לעכע צענדליק נאָדלען. און ס׳איז נישטאָ צו וועמען צו האָבן טענות...

אַזוי איז געווען דער פאַל מיט וויטאַמין „צע״, פון וועלכער עטלעכע גרוי־סע וועלטפירמעס זענען נתעשר געוואָרן. וויטאַמין „צע״ האָט אירע מיסטעריעזע פונקציעס אין מענטשלעכן אָרגאַניזם און מען ווייסט נאָר, אַז ווען זי פעלט אין די שפּייזן, הייבט־אָן גיין בלוט פון די יאַסלעס. אויף דער יבשה טרעפט עס גאַנץ זעלטן, ווייל זי געפינט זיך אין אַ גרויסער צאָל שפּייזן, איבערהויפּט אין די מאַראַנצן, פּאָמעלן און לימענעס.

מענטשן, וואָס האָבן היינט, פאַרנוצן אַ סך מער פון דער דאָזיקער וויטאַמין ווי ווען זיי זענען געזונט. דערפאַר דאַרף מען אין זיינען האָבן אין אַזעלכע פאַלן, אַז עס זאָלן נישט פעלן אויפן נאַכט־טישל אַ גלאָז מאַראַנצן־זאַפט אָדער זאַפט פון פּאָמעלאָס.

וויטאַמין „צע״ ווערט שנעל צעשטערט אין די פאַרשידענע פרוכטן און גרינ־וואַרג, ווו זי געפינט זיך: ציטרישע פרוכטן, פּאָמידאָרן און פאַרשידענע גרינ־וואַרג. איבערהויפּט ווערט זי צעשטערט ביים קאָכן. מער ווי אַ העלפט גייט פאַר־לוירן. וואָס לענגער דאָס גרינוואַרג קאָכט זיך, ווערט צעשטערט אַ גרעסערער פּראָצענט וויטאַמינען. ס׳איז אַ סברה, אַז ווען מען קאָכט די קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ, ווערט די וויטאַמין נישט צעשטערט. די רפואה קעגן דעם פאַרלוסט פון דער וויטאַמין „צע״ וואָלט געווען, אַז מען זאָל דאָס גרינס זידן וואָס ווײ־

ניקער צייט און חוץ דעם זאָל דאָס וואַסער שוין זידן אין מאָמענט, **ווען מען** וואַרפט אַריין דאָס גרינס.

ס׳איז באַוווסט, אַז אַלע גרינסן און פרוכטן האָבן אין זיך אַ גרעסערע דאָזע וויטאַמינען און אויך אַנדערע אייגנשאַפטן (מינעראַלן, קאַלציום, אייזן, וכד׳) וואָס פרישער זיי זענען. דערפאַר איז דאָס גרינוואַרג און די פרוכטן, וואָס דער פאַרמער פאַרברויכט פון זיין אייגענעם גאָרטן אַ סך געזינטער, נאַרהאַפטיקער און אַפילו געשמאַקער ווי די, וואָס מען קויפט אין די שטעט. ס׳איז געווען באַוויזן געוואָרן, אַז אַ סך גרינסן פאַרלירן זייערע וויטאַמינען אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי זיי ווערן אָפּגעשניטן. גרינוואַרג, וואָס ליגט געפרוירן אין אייזקאַסטן, פאַרלירט נישט זיינע וויטאַמינען און אַנדערע אייגנשאַפטן.

נישט לאַנג צוריק זענען אַנטדעקט געוואָרן נאָך עטלעכע וויטאַמינען, די וויטאַמין „קאַ״, אָן וועלכער דאָס בלוט קאָן זיך נישט פאַרקאָכן, ווען מען באַקומט אַ שניט. ווען נישט די „קאַ״, וואָלטן מיר געליטן אַזעלכע בלוט־פאַרלוסטן, אַז דאָס לעבן וואָלט אפשר געוואָרן אוממעגלעך. זי געפינט זיך אין פאַרשידענע שפייזן, אָבער די פאַבריקאַנטן ציען זי אַרויס פון דער „אַלפאַלפאַ״.

די וויטאַמין „ע״ איז די, אָן וועלכער, ס׳איז אַ סברה, אַז קיין בעל־חי וואָלט נישט געקאָנט ברענגען קיין צווייטן דור אויף דער וועלט. אַ גרופּע מייז, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען וויטאַמין „ע״ פון איר שפייז, האָט אַ לענגערע צייט זיך נישט געמערט און דאָס איז געשען באַלד נאָכדעם, ווי מען האָט אין זייער שפייז אַריינגעטאָן אַ מינימאַלע דאָזע פון דער דאָזיקער וויטאַמין. די פונקציעס פון דער דאָזיקער וויטאַמין אויף דעם געשלעכט זענען אָן צווייפל פונ־דאַמענטאַלע, אָבער די איינצלהייטן זענען דערווייל נאָך איינגעוויקלט אין אַן אַבסאָלוטער מיסטעריע. די „ע״־וויטאַמין געפינט זיך אומעטום און זי איז נישט קיין פּראָבלעם פאַר דעם מענטשן. גינעקאָלאָגן פאַרשרייבן זי ביי פרויען, וואָס קינדלען נישט און ביי מיידלעך מיט אַ קנאַפּער מענסטרואַציע. אָבער דאָס איז גאַנץ עמפּיריש, דאָס הייסט בלינד, ווייל מען ווייסט נישט ווו און ווי אַזוי זי ווירקט. מען האָט אויך דערווייל נישט באַשטעטיקט קיין שום רעזולטאַטן.

געזונטע מענטשן דאַרפן נישט קויפן קיין וויטאַמינען אין פּילן און שלינגען גלאַט אין דער וועלט אַריין. ס׳איז אַרויסגעוואָרפן געלט. דאָס דאַרפן פאַרשרייבן דאָקטוירים אין יעדן פאַל באַזונדער.

מיט די וויטאַמינען קומט עס אויס גאַנץ אייגנאַרטיק. די רייכערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע עסן גוט און אין זייערע שפייזן געפינען זיך אַלע וויטאַמינען, זיי קויפן פּילן און שלינגען זיי אָן אויפהער. די אָרעמערע שיכטן, וואָס זייער שפייז איז אָרעם אין וויטאַמינען, זיי קויפן זיי נישט און ליידן פון די פאַרשידענע מחלות, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן מאַנגל אין וויטאַמינען.

מיר ווילן איבערחזרן: די אמתע וויטאַמינען דאַרף מען קויפן יעדן פרי־מאָרגן אין מאַרק און נישט אין אַפּטייק...

## קאַפּיטל XXV

# זאַלץ און אַנדערע שאר ירקות

## 1

איך האָב ערגעץ געלייענט אַ טשיקאַווע פראַזע: „דער מענטש גראָבט זיין קבר מיט זיינע אייגענע ציין״.

דאָס האָט מען געוואָלט זאָגן, אַז אַזוי ווי ער עסט, אַזוי וועט ער לעבן.

זייער, זייער אַ סך קראַנקייטן זענען פאַרבונדן מ׳יטן עסן. ווי אַזוי מען עסט, וואָס מען עסט און וואָס מען עסט נישט. איך וואָלט צוגעגעבן: און ווי אַזוי מען קייט. ווייל דאָס צעקייען די שפּייזן איז דער ערשטער אַקט איז דער פאַרדייאונג פון די זעלביקע. מיט נישט גוט צעקייען נאָר איין ביסן און אים אַזוי אַראָפּשלינגען נישט אינגאַנצן דורכגענומען מיט דעם שפּייעכץ, באַשווערט מען שוין אין אַ געוויסער מאָס די אַרבעט פון מאָגן, וואָס וועט מוזן פאַרדייען די קאַרבאָהידראַטן, אַן אַרבעט, וואָס דאַרף זיך אָנהייבן אין מויל, מיט דער הילף פונעם מויל־שפּייעכץ. דאָס מויל איז סוף־כל־סוף אויך אַ שטיקל מאָגן.

בנוגע זאַלץ: מיינער אַ חשובער לייענער און פריינד האָט מיר אויפ־מערקזאַם געמאַכט, אַז פּת במלח תאכל איז נישט געזאָגט געוואָרן אין אימפּע־ראַטיוון זין. אונדזערע חכמים האָבן מיט דעם נישט געוואָלט זאָגן, אַז מען מוז עסן אַ סך זאַלץ. ס׳איז נישט קיין מוז, אָבער ס׳איז גוט צו עסן ברויט מיט זאַלץ. ס׳איז אונדז באַוווסט, אַז אין די גאָר אַלטע צייטן האָט מען געוווסט וועגן דער וויכטיקייט פון זאַלץ, נישט אַלס שפּייז, נאָר אַלס צוגאָב צו די שפּייזן. די רוימישע זעלנער פלעגט מען אַמאָל צאָלן דעם געהאַלט מיט זאַלץ. פון דעם קומט דאָס לאַטייניש וואָרט „סאַלאַריום״, אָדער אין שפּאַניש „סאַלאַריאָ״, וואָס איז די טייטש — געהאַלט.

זאַלץ געפינט זיך אין אַלע פליסיקייטן און אין אַלע געוועבן פון אונדזער קערפּער. אונדזער בלוט מוז תמיד האָבן אַ געוויסן פּראָצענט זאַלץ, און ווען עס קומט נישט אַריין אין אַ גענוגנדיקער מאָס מיט די שפּייזן, נעמט זי עס פון אָרגאַניזם זעלבסט, פון די אברים און איבערהויפּט פון די ביינער.

אַ מענטש קאָן לעבן אַ סך מער צייט בלויז מיט וואַסער און זאַלץ, ווי מיט פאַרשידענע שפּייזן, פון וועלכע מען האָט ארויסגענומען דאָס זאַלץ.

דער מענטשלעכער אָרגאַניזם באַדאַרף יעדן טאָג פאַרנוצן פיר גראַם זאַלץ (אַ קאַווע־לעפעלע), אָבער אַביסל מער קען נישט שאַטן (ביז אַ צען גראַם).

די מענטשן, אין וועמענס טעגלעכער שפייז עס קומט אַריין מער זאַלץ — ביז פופצן גראַם צב״ש — פילן אַ שטאַרקן דאָרשט. ווייל וואַסער און זאַלץ דאַרפן זיך געפינען אין אָרגאַניזם אין אַ שטענדיקער פּראָפּאָרץ. זיבן מיט אַ האַלבן גראַם זאַלץ אויף יעדן ליטער וואַסער, וואָס געפינט זיך אין אונדזערע געוועבן. דער מענטשלעכער אָרגאַניזם קאָן נישט זאַמלען קיין רעזערוון פון זאַלץ, אַזוי אַרום אַז דאָס איבעריקע זאַלץ, וואָס קומט אַריין אין קערפּער, ווערט פּערמאַנענט אַרויסגעגעבן דורך די נירן און דעם שווייס.

ווען די נירן ווערן קראַנק און קאָנען נישט אַרויסגעבן דאָס זאַלץ פון קערפּער, ווערט דער מענטש געשוואָלן, ווייל דאָס וואַסער בלייבט אין אָרגאַניזם (געשווילעכץ איז עגאַל וואַסער). אין אַזאַ פאַל באַשטייט די רפואה כמעט תמיד אין פאַרמינערן — ווייל צונעמען אינגאַנצן איז אוממעגלעך, דאָס זאַלץ געפינט זיך דאָך אין אַלע שפייזן — דאָס זאַלץ, און די געשווילעכץ גייט אָפּ. פאַר ווייניקער זאַלץ דאַרפן שוין די געוועבן נישט אַזוי פיל וואַסער.

זאַלץ איז אַן עלעמענט, צו וועלכן דאָס פאָלק האָט אינסטינקטיוו גרויס צוטרוי. מען באַטראַכט עס ממש ווי אַ רפואה. ווען עס טוט וויי אַ פוס אָדער מען כאַפּט אַ קלאַפּ ערגעץ אין קערפּער, לייגט מען צו קאָמפּרעסן פון זאַלץ־וואַסער. אגב האָט עס נישט קיין זין. ס׳איז אומבאַוווסט, פאַרוואָס די לונגען־קראַנקע פלעגן ביז נישט לאַנג טרינקען וואַסער מיט זאַלץ יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן געליטן אַ בלוטשטורץ. איך האָב דאָס זייער אָפט באַמערקט ביי מיינע פּאַציענטן פון צוריק מיט אַ צוואַנציק יאָר. איך דענק, אַז ס׳איז נישט מער ווי בלינדער צוטרוי צו אַן עלעמענט, וואָס מען האָט געפילט, אַז ער איז אַ לעבנס־וויכטיקע דערגאַנצונג פון די שפּייזן. ס׳איז אַ פאַקט, אַז זייער אַ גרויסע צאָל פּאַציענטן טראָגן שווער איבער די דיעטע אָן זאַלץ. „דאָס עסן האָט נישט קיין טעם״ — באַקלאָגן זיי זיך. עסן אָן אַ טעם איז כמעט ווי דאָס לעבן אָן אַ טעם.

דאָס וואָרט זאַלץ איז אַריין אין דער שפּראַך: יעדער איינער ווייסט, וואָס עס הייסט אַ געזאַלצענער וויץ. עס איז נישט קיין שפּייז, אָבער עס האָט אַ טעם... מען קאָן אויך „איבערפּעפּערן״ אַ וויץ, ווייל מען האָט אים „איבערגע־זאַלצן״, ער ווערט־אָן דעם טעם. נו, און אַ ווייבל אָדער אַ מיידל אָן זאַלץ ווייסט יעדער איינער וואָס דאָס מיינט. און אַז דער וויץ איז „דאָס זאַלץ פון לעבן״. און וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ „פּאַרטי״, וווּ מען דערציילט נישט קיין וויצן... געזאַלצן איז דער היפּוך פון זיס. אָבער אַ סך מענטשן האָבן מער ליב געזאַלצן... און אַז ס׳איז סיי געזאַלצן, סיי געפּעפּערט!...

איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ היגיענישן באַדייט עס האָט דאָס זאַלצן דאָס

פלייש ביי יידן. זאַלץ איז נישט אַנטיסעפּטיש. דאָס מאַכן אַ המוציא און דער־נאָך עסן אַ שטיקל ברויט מיט זאַלץ איז אפשר סימבאָליש. ברויט מיט זאַלץ איז אַ נישקשהדיקע שפּייז...

———:———

אונדזער אָרגאַניזם מוז האָבן אַ געוויסע דאָזע אייזן. דער דאָזיקער מינע־ראַל געפינט זיך איבערהויפּט אין פלייש און אין פאַרשידענע גרינסן, איבער־הויפּט ספּינאַטש. אייזן איז איינער פון די ווייניק עלעמענטן, וואָס פעלן אין דער מילך. אונדזער בלוט מוז האָבן אייזן, ווייל עס געפינט זיך אין דער „העַ־מאָגלאָבין״, וואָס זאַפּט־איין אין זיך דעם זויערשטאָף פון דער לופט אין די לונגען און פאַרטיילט עס דערנאָך צווישן די געוועבן.

———:———

קאַלציום איז אַן עלעמענט, אין וועלכן מיר נייטיקן זיך פּערמאַנענט. זיינע פונקציעס זענען קאָמפּליצירט. ער האָט אַ וויכטיקע ראָל אין מעכאַניזם פון דער פאַרטיידיקונג פונעם אָרגאַניזם קעגן פאַרשידענע אינפעקציעס. ער איז נויטווענ־דיק פאַר דער אַרבעט פון האַרץ־מוסקול און די אַנדערע מוסקולן פון קערפּער. אין דער כעמישער פאָרם פון קאַלציום־פאָספאַט געפינט ער זיך אין בלוט, אין שפּייעכץ, אין מאַגן־סאָק, אין דער אויסערלעכער שיכט פון די ציין.

קאַלציום געפינט זיך אין דער מילך אין אַ גרויסער פּראָפּאָרץ. חוץ דעם, אין די שטעט איז כמעט נישטאָ קיין קינד, וואָס זאָל נישט איינגעמען אַ גע־וויסע דאָזע קאַלציום די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן. דאָקטוירים און איבער־הויפּט קינדער־דאָקטוירים פון היינטיקע צייטן האָבן אַ טבע אים צו פאַרשרייבן אָן אַ מאָס און אָן אַ סוף. פאַרשטייט זיך, אַז אַ קאָלאָסאַלער פּראָצענט פון דעם געשלונגענעם קאַלציום אָן אַ מאָס גייט פאַרלוירן. דער אָרגאַניזם אַסימילירט אים נישט. ראשית דאַרף ער קומען באַגלייט מיט וויטאַמין „דע״, כדי ער זאָל בלייבן אינקאָרפּאָרירט אין די פאַרשידענע געוועבן און חוץ דעם איז דאָ נישט חל דאָס געזעץ „וואָס מער איז בעסער״. דער אָרגאַניזם נעמט נאָר וויפיל ער באַדאַרף.

אָבער יעדער שכן, יעדער אַפּטייקער און יעדער ציינדאָקטאָר רעקאָמענ־דירט דעם קאַלציום, און אַזוי אַרום ווערט ער געקויפט אין קאָלאָסאַלן סכום. קאַלציום איז נישט דאָס, וואָס מען רופט אַ „טאָניקאָ״. מען פּאָפּראָוועט זיך נישט, טרינקענדיק אַ סך קאַלציום. זיינע פונקציעס אין אָרגאַניזם זענען אַנ־דערע און זייער פאַרשידענע.

אין דעם, וואָס קינדער האָבן קאַליע ציין, איז נישט שולדיק געוויינלעך דער־

מאַנגל אין קאַלציום. דאָס הענגט אָפּ פון דער אַלגעמיינער דיעטע פון קינד און אַפילו פון דערוואַקסענע.

אין דער אמתן ווייסט מען נישט גענוי פאַרוואָס די ציין ווערן קאַליע, דאָס הייסט אינפעקטירט. ס׳איז אַ פאַקט, אַז כדי אַ צאָן זאָל קאַליע ווערן, דאַרף פריער געשעדיקט ווערן די אויסערלעכע שיכט פון צאָן, דער עמייל („עסמאַל־טע״). ווען דער עמייל איז גאַנץ, קאָנען די מיקראָבן זיך נישט מאַכן זייער נעסט. קאַלציום שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם אויפהאַלטן גאַנץ דעם עמייל ביי קינדער און דערוואַקסענע. אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך אַנדערע סיבות. זיי געפינען זיך אין דער דיעטע, הגם די זאַך איז נישט אינגאַנצן קלאָר.

ס׳איז אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז מיט בערשטלען די ציין צוויי און אַפילו דריי מאָל אין טאָג איז מען שוין פאַרטיק. דאָס בערשטלען די ציין האַלט זיי אויף ווייס און דאָס איז אַביסל היגיענע און מער עסטעטיק. עס זענען אויך זייער אָפּט די פאַלן פון זייער שיינע און געזונטע ציין ביי מענטשן, וואָס נוצן קיינמאָל נישט דאָס ציינבערשטל. די בעסטע פּראָפילאַקטיק קעגן קאַליע ציין איז אויפהאַלטן גאַנץ די אויסערלעכע שיכט, דעם עמייל, און נישט שלינגענדיק קאַלציום־טאַבלעטן, נאָר אים באַקומען אין די שפּייזן. קאַלציום, שוועבל („פאָס־פאָראָ״) און די אַנדערע מינעראַלן וואָס איז פאַראַן אין מילך און אין די פאַר־שידענע גרינסן.

ס׳איז אַ סברה, אַז ווען די רעשטן פון ברויט און אַנדערע קאַרבאָהידראַטן (טייג, קאַרטאָפל) און צוקער בלייבן צווישן די ציין שטייף אַריינגעקוועטשט און פאַרבלייבן דאָרטן, ווירקן זיי אויף דעם עמייל פון די ציין, וועלכער ווערט געשעדיקט, און די מיקראָבן, וואָס געפינען זיך אין די מיליאָנען אין מויל, קאָנען אויף יענע געשעדיקטע שטעלן זיך קאָלאָניזירן, מאַכן זייער נעסט און בילדן אַ לאָקאַלע אינפעקציע („קאַריע״). ס׳איז גענוג, אַז נאָר איין צאָן זאָל באַקומען אַ לעכל (קאַריע) און די איבעריקע ווערן שוין אינפעקטירט פשוט „פער קאָנ־טאַקט״, און עס הייבט זיך אָן אַ לאַנגע סעריע פון וויזיטן צום דענטיסט, קו־רירן איין געלעכערטן צאָן, אַ צווייטן, און ס׳איז שווער צו וויסן, ווען עס וועט נעמען אַ סוף.

דאָס זענען די ספּעציפישע נעסטן („פאָקאָס סעפּטיקאָס״), וואָס ברענגען צו־מאָל די ווייטיקן אין די שלעסער (פאָקאַלער רעומאַ).

דאָס קייען ווערט באַשווערט און עס קומען דערנאָך אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע קאָנסעקווענצן.

עס איז פאַראַן אַ געוווינהייט צו שטאָפּן די קינדער מיט דער באַוווסטער „סאָפּאַ״: אַ ביסל יויך, אין וועלכער מען לייגט אַריין אַ סך בולבעס, קאַבאַק, צומאָל נאָך עפּעס אַן ענלעכע זאַך און דאָס איז דער מיטאָג פון קינד. עס ווערט

טאָקע פּעט אין אַ קורצער צייט, אָבער אָט די מאכלים, גאַנץ שווערע, פון קאַר־באָהידראַטן מאַכן, אַז ער זאָל טרינקען ווייניקער מילך, ווייל זיין מעגעלע דאַרף עטלעכע שעה צום פאַרדייען דאָס דאָזיקע מאכל, וואָס די יונגע מוטערס רופן עס „פּאַפּוראַ״. אָבער עס לאָזט זיך אויס, אַז אין דער מאַסיווער שפּייז פעלט די וויטאַמין „אַ״ און די „דע״, — קאַלציום, שוועבל און אַנדערע מינעראַלן, און די ציין, הייבן זיך אָן קרישלען און זיי ווערן גלייך אינפעקטירט.

פון דעם באַקומט שוין דאָס קינד אַ שלעכטן מאָגן, אָפטע בראָנכיטיס און אַנדערע ווייניקער באַשטימטע און באַקאַנטע ליידענישן.

קאָליפלאָר, פאַר וועלכן דער עולם האָט מורא, ווייל „מען זאָגט״, אַז ס׳איז אַ שווערער עסן, איז פון אַלע גרינסן דאָס, וואָס האָט מער קאַלציום, און צווישן די פרוכטן איז די מאַראַנץ די, וואָס האָט דעם גרעסטן פּראָפּאָרץ קאַלציום.

און צום סוף די מילך: זי האָט קאַלציום און אַלע אַנדערע מינעראַלן, מען דאַרף אַכטונג געבן, אַז דאָס קינד זאָל זיך נישט אָפּגעווינען פון דער מילך.

## 2

אונדזער אָרגאַניזם איז אַ מאַשין, וואָס האַלט זיך אויף ביים לעבן אַדאַנק די שפּייזן, וואָס מיר געבן אין אים אַריין. די שפּייזן זענען די קוילן, וואָס מיר שיטן אַריין נאָכאַנאַנד אין אַ מאָטאָר, כדי ער זאָל פונקציאָנירן. דער פּראָדוקט פון דעם ברענען פון די קוילן רופט זיך אָדער איז ע נ ע ר ג י ע.

דאָס זעלביקע קומט פאָר מיט אונדזער אָרגאַניזם. אונדזערע שפּייזן זענען די קוילן און זייער פאַרדייאונג און אַסימילאַציע ברענגט אַלס רעזולטאַט ענער־גיע, ד. ה. וואַרעמקייט.

זומער, ווען ס׳איז וואַרעם, דאַרף דערפאַר אונדזער קערפּער ווייניקער שפּייז, ווייל ער קריגט די וואַרעמקייט פון דער לופט.

ווינטער, ווען די טעמפּעראַטור נידערט ביז 20 גראַד און נאָך נידעריקער, דאַרף דער קערפּער מער שפּייז, כדי צו קאָנען האַלטן די הויט און דעם אָטעם־אַפּאַראַט ביי דער געהעריקער וואַרעמקייט, ווייל אַנדערש ווערן זיי געשטערט אין זייערע פונקציעס.

די שפּייז, וואָס העכערט שנעל די טעמפּעראַטור פון אונדזער קערפּער — וואָס שאַפט מער ק אַ ל אָ ר י ע ס, איז דאָס פעטס. לאָמיר נאָר דערמאָנען, אַז די עסקימאָסן, וואָס לעבן אין נאָרדפּאָל און וואָס דאַרפן דערפאַר זייער אַ סך קאַלאָריעס, שפּייזן זיך מיט דעם שמאַלץ פון די פאָקאָס. מיר קאָנען אָנשטאָט דעם עסן ווינטערצייט אַביסל מער פּוטער, ניס און אַנדערע שפּייזן, וואָס אַנט־האַלטן פעטס, פעט פלייש וכד׳.

הגם איך האָב נישט ליב אַריינצומישן אין מיינע שמועסן עכט וויסנשאַפט־לעכע דעפיניציעס, וויל איך דאָך דערקלערן, וואָס עס איז אַזוינס אַ קאַלאָריע און וואָס עס איז מ ע ט אַ ב אָ ל י ז ם.

אַ קאַלאָריע איז די נייטיקע וואַרעמקייט צו הייבן די טעמפּעראַטור פון איין קוביק סענטימעטער וואַסער אויף איין גראַד. מיט דעם דאָזיקן באַגריף אָדער קאָנצעפּט באַנוצט זיך די וויסנשאַפט צו רעדן פון דער טעמפּעראַטור־ענערגיע און זי מעסטן.

אַ מענטש, וואָס פירט אַ לעבן, וואָס פאָדערט נישט קיין פיזישע אָנשטרענ־גונגען, נייטיקט זיך אין 2.500 קאַלאָריעס יעדן טאָג. די דאָזיקע ציפער ענדערט זיך מיט דער גרויס פון דעם קערפּער: גרעסערע מענטשן נייטיקן זיך אין מער קאַלאָריעס, קלענערע — אין ווייניקער. דערפאַר איז דאָך פעטקייט אַ פאַר־כישופטער קרייז, פון וועלכן ס'איז שווער זיך אַרויסצודרייען. וואָס דיקער דער מענטש ווערט, נייטיקט ער זיך אין מער קאַלאָריעס־שפּייז און וואָס מער ער עסט, ווערט ער פעטער...

„מעטאַבאָליסמאָ באַסאַל" (באַזע) איז די מאָס וואַרעמקייט־ענערגיע, וואָס אַ מענטש באַדאַרף, כדי צו דערהאַלטן ביים לעבן זיין אָרגאַניזם אין צושטאַנד פון רו.

מעטאַבאָליזם איז די קאָמפּליצירטע און טיילווייז מיסטעריעזע פּראָצעדור, וואָס פאַרוואַנדלט אונדזערע שפּייזן אין עלעמענטן, וואָס דער קערפּער קאָן אַסי־מילירן, זיי פאַרוואַנדלענדיק אין דעם „האָלץ", וואָס שפּייזט דעם „אויוון", וואָס האַלט־אויף די וואַרעמקייט פון קערפּער.

דאָס זענען טיילווייז אַבסטראַקטע באַגריפן פון פיזיאָלאָגיע, וואָס איך האָב דאָך געהאַלטן פאַר נייטיק צו ברענגען, כדי צו מאַכן אַביסל קלאָרער די עלעמענ־טאַרע באַגריפן וועגן דעם קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון אַסימילאַציע פון די שפּייזן.

ווען עס זאָל מעגלעך זיין צו באַשטימען ביי יעדן מענטשן, וויפיל וואַרעמ־קייט־ענערגיע ער באַדאַרף און אַזוי אויסרעכענען געגוי וויפיל שפּייז ער מוז פאַרנוצן טעגלעך, וואָלט מען געלייזט מיט דעם אַ זייער וויכטיקן פיזיאָלאָגיש־עקאָנאָמישן פּראָבלעם.

ביי אַ גרעסערער אָנשטרענגונג פאָדערט זיך אַ גרעסערער קאָנסום פון קאַ־לאָריעס און, פאָלגלעך, מער שפּייז. אַ מענטש, וואָס אַרבעט אויף דער פרייער לופט, נייטיקט זיך אין אַ טאָפּלטער צאָל קאַלאָריעס, ד. ה. פינף טויזנט. דעם גרעסטן סכום קאַלאָריעס, אין פּראָפּאָרץ, פאָדערן קינדער אַרום די 5 אָדער 6 יאָר, ווייל דאָס וואַקסן פאַרנוצט אַ גרויסע צאָל קאַלאָריעס־ענערגיע. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן פאַרנוצט אַ דריטל מער פון אַ זקן.

מענטשן, וועמענס באַשעפטיקונג פאָדערט נישט קיין פיזישע אָנשטרענגונ־

גען, וואָלטן באַדאַרפט באַנוצן אַבסאָלוט אַ מינימום צוקער און פעטס (פוטער, פעט פלייש, וכד׳), ווייל פון דעם ווערט מען פעט און מען באַקומט אַ נייגונג קראַנק צו ווערן אויף דיאַבעטעס. איך וויל מיט דעם נישט זאָגן, אַז דאָס איז די איינציקע סיבה, וואָס רופט אַרויס די קראַנקייט. אין דער אמתן איז די סיבה פון דיאַבעטעס אומבאַקאַנט. מען ווייסט נאָר, אַז דער „פּאַנקרעאַס" (מילץ אָדער בויכדריז) גיט נישט אַרויס איינעם פון זיינע זאַפטן, יענעם, וואָס רעגולירט דעם פּראָצענט צוקער אין בלוט און פאַרוואַנדלט אים אין ענערגיע. דער דאָזיקער זאַפט הייסט אינסולין.

ווי באַוווּסט, דאַרפן דערפאַר די דיאַבעטיקער זיך איינשפּריצן יעדן טאָג במשך זייער גאַנץ לעבן אַ געוויסע דאָזע אינסולין. צום גליק איז געלונגען, צוריק מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר, צו פּרעפּאַרירן אינסולין, וואָס מען ציט אַרויס פון דער מילץ פון בהמות.

צווישן דאָקטוירים איז אָנגענומען, אַז געוויינלעכע מענטשן היטן זיך נישט אָפּ „בערך אַזוי ווי זיי היטן יאָ אָפּ זייערע אויטאָמאָבילן". דערפאַר זאָגט מען אין מעדיציינישע קרייזן, אַז כדי אַ מענטש זאָל זיך ווי געהעריק אָפּהיטן און דערגרייכן אַ טיפע עלטער, דאַרף ער ליידן עפּעס פון אַ כראָנישער קראַנקייט. והא ראיה: דיאַבעטיקער, אַסטמאַטיקער און אַנדערע, וואָס ליידן מילדע כראָנישע קראַנקייטן, לעבן טאַקע געוויינלעך ביז אַ טיפער עלטער. די דאָזיקע מענטשן מוזן שענקען זייער באַשפּייזונג און אין אַלגעמיין זייער אַרט לעבן אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און דערפאַר קומט עס אַרויס בעסער אָפּגעהיט ווי ביי געזונטע. זיי ווייסן, אַז זיי „האָבן אַ מאָגן און אַ לעבער" און מען דאַרף זיי אָפּהיטן אָדער ווייניקסטנס זיי שענקען די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט.

זאָגט דאָך איינער פון שלום עליכמס העלדן: „איך האָב, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ מאָגן". ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אַ מאָגן, ווען ער האָט אָנגעהויבן ליידן אויפן מאָגן. ביז דעמאָלט האָט ער נישט געוווּסט, אַז ער האָט אים. דערפאַר איז בעסער צו וויסן, אַז מען האָט אַ מאָגן איידער ער ווערט קראַנק. אַזוי וועט מען פאַרשפּאָרן אים שפּעטער צו „האָבן".

אַזוי איז גוט צו וויסן באַצייטנס אַ סך זאַכן. מען דאַרף וויסן פון געוויסע אברים און זייערע פונקציעס און נויטווענדיקייטן איידער זיי לאָזן זיך הערן פון זיך אַליין. איידער זיי נעמען „שרייען", ווי מען זאָגט אויפן מעדיצינישן אַרגאָ.

ס׳איז, צום ביישפּיל, כדאַי צו וויסן באַצייטנס, וואָס פאַר אַ פונדאַמענטאַלע ראָל דאָס וואַסער שפּילט אין אונדזער לעבן און אין אונדזער געזונט.

ווען דער מענטש שטייט אויף אינדערפרי, מאַכט זיין „טואַלע", האָט אַ גוטן שטולגאַנג, וועט ער אָנהייבן זיין טאָג מיט אַ פיינער דאָזע אָפּטימיזם און

ענערגיע און עס וועט זיך אים אויסווייזן, אַז ס׳איז גאָרנישט פֿאַראַן קיין זאַך, וואָס ער זאָל נישט קאָנען דערגרייכן אָדער אונטערנעמען.

אָט דער דאָזיקער צושטאַנד הענגט אָפּ מערסטנס פֿון איין קליייניקייט: וו אַ ס ע ר. אָן וואַסער קאָן אונדזער גראָבע קישקע נישט מאַכן די אַזוי־גערו־פֿענע פֿעריסטאַלטישע באַוועגונגען, מיט וועלכע זי שטויסט אַרויס פֿון זיך די צואה. מיט דעם באַפֿרייט זיך דער קערפּער פֿון זיין גאַנצן אָפּפֿאַל, וואָס מוז אַרויסגיין, אָדער עס וועט זיין דער טויט פֿון אָרגאַניזם. אָן וואַסער קאָן מען נישט שוויצן. זומער „שוויצט מען אויס״ אַ צוויי ליטער שווייס אַ טאָג און מיט דעם שווייס באַפֿרייט זיך אויך דער אָרגאַניזם פֿון סמען, וואָס מוזן אַרויס אָדער עס וועט זיין נישט גוט.

דאָרשט איז דער אַנאָנס, אַז מיר דאַרפֿן טרינקען וואַסער. מען טאָר נישט קעמפֿן מיטן דאָרשט און נישט טרינקען קיין וואַסער. איך וויל דערביי דערמאָ־נען, אַז עס רעדט זיך דאָ וועגן געזונטע מענטשן. ס׳איז פֿאַראַן אַן איינרעדע־ניש ביי אַ סך מענטשן, אַז וואַסער זאָל זיין שעדלעך. עס איז אַ טעות. געזונטע מענטשן וועלן קיינמאָל נישט קראַנק ווערן פֿון טרינקען וואַסער יעדעס מאָל וואָס דער קערפּער פֿאָדערט. געוויסע האַרץ־קראַנקע, נירן־קראַנקע און מענטשן מיט אַ הויכן בלוטדרוק דאַרפֿן אויך טרינקען וואַסער, אָבער דאָ שוין אין איינקלאַנג מיט זייער דאָקטאָרס פֿאָרשריפֿט.

ס׳איז באַוווּסט, אַז אַ סך מענטשן, וואָס ליידן אויף אַ האַרטן מאָגן, ליידן נאָך מער אין ווינטערצייט. דאָס איז גאַנץ פּשוט: ווינטער טרינקט מען ווייניקער וואַסער. דערפֿאַר ווערט דער מאָגן האַרטער.

אָן וואַסער איז נישטאָ קיין השתנה. השתנה קאָן פֿאַרגלייכט ווערן צו דער צואה. אַזויפֿיל סמען גייען מיט איר אַרויס פֿון קערפּער!

וויפֿיל וואַסער דאַרף מען טרינקען? דאָס איז געוואָנדט אין סעזאָן: זומער, ווינטער. ס׳איז אויך געוואָנדט אין יעדן מענטשן באַזונדער און אין זיין באַ־שעפֿטיקונג. יעדער איינער דאַרף זיך צוקוקן צו זיין השתנה: איז זי טונקל און געדיכט איז אַ סימן אַז מען טרינקט ווייניק וואַסער. טאָמער איז זי זייער וואַסער־דיק, איז אַ סימן אַז מען טרינקט צופֿיל. און טרינקען צופֿיל קאָן זיין אַזוי שלעכט ווי טרינקען צו ווייניק. אונדזער קערפּער אַנטהאַלט ביי די 37 ליטער וואַסער, וואָס געפֿינט זיך אין אַ מין רערן־סיסטעם. ווען מען טרינקען מער ווי די מאָס, וועלן זיך די רערן צעציען מיט די געהעריקע שעדלעכע פֿאָלגן.

## 3

אַז מען טראַכט זיך אַריין טיפער אין דעם ווונדערלעכן און האַלב מיסטע־ריעזן פיזיאָלאָגישן פענאָמען, וואָס הייסט אַסימילאַציע פון די שפּייזן מצד אונדזער אָרגאַניזם, ווערט מען דערשטוינט פון דער גרויסער צאָל עלעמענטן, די פאַרשידנאַרטיקסטע, וואָס אונדזער אָרגאַניזם מוז פאַרנוצן. צומאָל האַנדלט עס זיך פון אַבסאָלוט מינימאַלע דאָזעס, אָבער אָן זיי דערשיינען פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין דער פּערזענלעכקייט פון דעם מענטשן.

צום ביישפּיל: אונדזער אָרגאַניזם מוז פאַרנוצן אַן אַבסאָלוט מינימאַלע דאָזע יאָד אָדער יאָדינע, ווי עס רופן אים די פּויליש ייִדן.

אָן דער קליינינקער דאָזע יאָד קאָן דער מענטש אָדער דאָס קינד ווערן אַן אידיאָט. אַן אידיאָט אין דעם מעדיצינישן זין פון דעם וואָרט און נישט אין דעם „אַרגאָ״ פון קיבעצן אָדער רכילות טרייבן. אַן אמתער אידיאָט, וואָס קען נישט רעדן און פאַרשטייט נישט וואָס מען רעדט צו אים. עס האַנדלט זיך פון אַ 25־טויזנטסטל פון 6 סענטיגראַם יאָד. ס׳איז אַ סברה, אַז אַ קיילעכדיק יאָר פאַרנוצט דער נאָרמאַלער מענטש נישט מער פון 30 סענטיגראַם (ווייניקער פון אַ האַלבן גראַם) יאָד.

ווען אַ מענטש באַקומט נישט די דאָזיקע דאָזע מיט זיינע שפּייזן, קאָן ער ווערן אַן אידיאָט און ווען ער באַקומט זי יאָ, קאָן ער אַפילו דערגרייכן גאונות, אויב ער פאַרמאָגט נאָר דערצו דאָס „טייג״.

אָן אָט די 30 סענטיגראַם יאָד קאָן אונדזער שילדדריז (טיראָידדריז) נישט פונקציאָנירן און אויב זי פונקציאָנירט נישט, קומען פאָר אַזעלכע ענדערונגען אין דער אַסימילאַציע פון די שפּייזן, אַז עס דערשיינען פונדאַמענטאַלע פּאַטאָ־לאָגישע צושטאַנדן, נישט נאָר אידיאָטיזם.

טיראָיד איז אַן אבר, וואָס נעמט אַרום די פאָדערשטע טייל פון אונדזער האַלדז, פּונקט ווי מיר וואָלטן אים אַרומגענומען מיט איין האַנט — דעם גראָבן פינגער פון איין זייט און די אַנדערע פינגער פון דער צווייטער זייט.

טיראָיד איז אַ דריז ווי אַלע דריזן פון קערפּער, אָבער וועמעס פונקציע איז אַ ספּעציפישע. זי ספּעציאַליזירט זיך, אַזוי צו זאָגן, אין אַזעלכע מיסטע־ריעזע פונקציעס, וואָס רעגולירן דעם שכל און נאַרישקייט, פעטקייט און מאָגער־קייט, דאָס וואַקסן פון די האָר אויפן פּנים און נאָך און נאָך באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פונקציעס.

וווּ ליגט דער סוד פון אָט דער ספּעציפישער אייגנאַרטיקער און איינציק־אַרטיקער פונקציע? דאָס איז איינע פון די מיסטעריעס פון אונדזער אָרגאַניזם און איינע פון די ווונדער צו דער זעלביקער צייט.

יאָד געפינט זיך איבערהויפּט אינעם וואַסער פון די ימים. ער איז אָבער אויך פאַראַן אינעם וואַסער וואָס קומט פון די בערג, אויף וועלכע עס געפינט זיך דער מינעראַל יאָד. ער געפינט זיך אויך אין גרינוואַרג, וואָס וואַקסט נישט ווייט פון ים.

יאַפּאַן, צום ביישפּיל, איז אַ לאַנד, ווו עס זענען נישט פאַראַן קיין קראַנקייטן אָדער שטערונגען פון דער טיראָידדריז, ווייל אַלע שפּייזן דאָרטן האָבן עפּעס צו טאָן מיטן ים: דאָס גרינוואַרג, דאָס וואַסער, די לופט, די פאַרשידענע פיש און אַנדערע ים־חיות, וואָס לעבן אין ים.

אין קעגנטייל אין דער שווייץ זענען פאַראַן גאַנצע געגנטן, ווו אַ גרויסער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג ליידט אויף דער טיראָידדריז — פון באַסיאַגוידער. די דאָזיקע דריז איז ביי די שווייצאַריער פאַרגרעסערט. דאָס באַמערקט מען באַלד. די פאָדערשטע טייל פון זייער האַלדז איז פאַרגרעסערט. זיי זענען דאָרטן ווייט פון ים און פון דער ים־לופט און אין זייערע שפּייזן איז נישט פאַראַן קיין יאָד. אמת, די רפואה באַשטייט אין איינצונעמען אַ פּאָר טראָפּנס יאָד. אָבער ווען דאָס נעמ׳ט אַרום אַ גאַנצע מאַסע מענטשן, איז די זאַך נישט אַזוי פּשוט.

אַפילו אין צענטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן קומט פאָר דאָס זעלביקע מיט דער באַפעלקערונג פון אַ גרויסן שטח.

דאָס וואַסער פון די גרויסע אָזיערעס האָט געוויינלעך גאָרנישט קיין יאָד אָדער אַזאַ קליינעם פּראָצענט, אַז די פיש, וואָס מען כאַפּט דאָרטן, אַנטהאַלטן נישט קיין יאָד.

אין די געגנטן, ווו מען האָט מיט צוואַנג איינגעפירט דאָס באַנוצן יאָד אין טראָפּנס (מ׳דאַרף צומאָל אַרויפצווינגען אויף די מענטשן מאַסמיטלען, כדי זיי זאָלן זיין געזונט), זענען גלייך פאַרשוואונדן אַכציק פּראָצענט פון די פאַרגרעסערטע טיראָידדריזן, הגם די צוריקגעשטאַנענקייט אָדער גאַנצער און האַלבער אידיאָטיזם איז נישט פאַרשוואונדן, מעגלעך דערפאַר, ווייל מיט דער צייט פאַרלירט די דריז טיילווייז איר פעאיקייט פאַר אירע ספּעציפישע פונקציעס. די 20 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, אויף וועלכער עס ווירקט נישט דער יאָד, וואָלט באַוויזן, אַז די טיראָידדריז נייטיקט זיך חוץ אין דעם יאָד אויך אין אַנדערע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אויך נישט אין די שפּייזן פון די דאָזיקע געגנטן.

ביי אונדז אין לאַנד האָבן מיר נישט די דאָזיקע פּראָבלעם. מיר פאַרנוצן אַ סך שפּייזן, וואָס קומען פון ים אָדער וואַקסן נעבן ים. די פאַלן פון „היפּאָטיראָידיזם" (היפּאָ — ווייניק), וואָס באַווייזן זיך אין אונדזער שטאָט, האָבן לכל הדעות אַנדערע סיבות ווי דער מאַנגל אין יאָד.

**

אינדעראמתן איז דאָס אַנאַליזירן און וויסן עפּעס וועגן די שפּייזן אַ נייע ספּעציאַליטעט. עס זענען נאָך נישט אַוועק קיין סך יאָרן זינט דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען די פונדאַמענטאַלע וויכטיקייט פון דער באַשפּייזונג פון דער באַפעלקערונג. ערשט נישט לאַנג האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דאָקטוירים דער פאַקט, אַז אַ סך קראַנקייטן און שטערונגען און אומבאַשטימטע פּאַטאָלאָגישע צושטאַנדן נעמען זיך פון עסן שלעכט, פון דעם, וואָס מען עסט און פון דעם, וואָס מען עסט נישט.

דערפאַר ווערט די ספּעציאַליטעט ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצער וויסנשאַפט.

די שפּייזן, וואָס קומען פון דער ערד (פלאַנצן), ווערן גענוי געפאָרשט, און נישט נאָר די שפּייזן, נאָר דער באָדן, אויף וועלכן זיי וואַקסן.

ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק, האָב איך דאָרטן געגעסן סאַלאַט פון אַ לעטשוגאַ, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק גרין און די בלעטער זענען געווען אַזעלכע גרויסע, וואָס ביי אונדז זעט מען נישט אַזעלכעס. אויף מיין אָנפראַגע האָט מען מיר דערקלערט, אַז דער דאָזיקער סאַלאַט, ווי דאָס רוב גרינצייג, וואָס מען עסט אין ניו־יאָרק, קומט אָן יעדן פרימאָרגן פון קאַליפאָרניע אין אַ גרויסער צאָל באַנען. דאָרטן פלאַנצט מען די דאָזיקע גרינסן אויף אַ באָדן, וואָס ווערט ספּעציעל באַמיסטיקט. ווייל די פלאַנץ אַנטהאַלט נאָר דאָס, וואָס זי קאָן אַרויסציען פון דעם באָדן, אויף וועלכן זי וואַקסט. אַזוי אַרום, אַז ווען מיר עסן צוויי מייערן, וואָס זענען געוואַקסן אויף פאַרשידענע פּלעצער, עסן מיר נישט די זעלביקע מייערן.

מייערן האָבן גאָר אַ באַזונדערע מעלה: דאָס צעקייען זיי באַפעסטיקט די ציין.

דאָס יאָ אָדער נישט באַמיסטיקן די פעלדער שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל אין דעם אינהאַלט פון די גרינסן, וואָס מיר עסן.

ווען דער באָדן איז אָרעם אין מינעראַלן, צ. ב., קאָנען די גרינסן אַנטהאַלטן זייער ווייניק אָדער גאָרנישט קיין אייזן און קאַלציום.

סוף־כל־סוף וועט מען מוזן באַמיסטיקן די פעלדער, אַ זאַך, וואָס איז אין אונדזער לאַנד נאָך נישט אינגאַנצן איינגעפירט ווי אין נ. אַמעריקע אָדער אין אייראָפּע. אויב נישט וועט אונדזער גרינצייג זיין נאָר גרין און נישט מער.

מען דאַרף יעדן טאָג עסן עטלעכע גרינע בלעטלעך.

אַ סאַלאַט, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון אַפּיאַ, קאַליפלאָר, שפּינאַט, לעטשוגאַ, קאַרטאָפל, גרינע פאַסאָליעס (כודיאַס), אַלמענדראַס (מאַנדלען), פּאָמי־

דאָרן (טאָמאַטן) מיט אַביסל זאַלץ און מיט לימענע־זאַפט, אַנטהאַלט אין אַ גרויסן סכום פון אַלע מינעראַלן, יאַד אַריינגערעכנט, וואָס אונדזער אָרגאַניזם באַדאַרף האָבן.

דאָקטוירים טרעפן זיך אָן יעדן טאָג מיט פּאַציענטן, און צווישן מיין יידי־שער קליענטור טרעף איך זיי אין אַ פיינער צאָל, וואָס עסן נישט קיין סאַלאַט. זיי האָבן עס פיינט. דאָס זענען די אַזויגערופענע „משוגענע", וואָס האָבן פיינט אַ סך שפייזן. זיי זענען מפונקים און זייער באַשפייזונג איז מאַנאָטאָן און זייער אָרעם. איך האָב אַזאַ פּאַציענט, וועמען דאָס ווייב מוז קאָכן 14 יויכן אַ וואָך. זיין וויכטיקסטע שפייז איז אַ „טרוקענע יויך", ווייל זי דאַרף פאַר אים ווערן געקאָכט אָן שום גרינסן. דאָס זענען אומפאַרשטענדלעכע מפונקים, וואָס „אַלץ האָבן זיי פיינט"... דאָס זענען נישט קיין מענטשן, נאָר נעוראָפּאַטן, שווערע מענטשן, אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט אַלץ און אַלעמען, אַפילו מיט דער קיך.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע מענטשן זענען תמיד „נישט מיט אַלעמען" און אָפטע באַזוכער ביים דאָקטאָר. זייער רפואה באַשטייט אין עסן ווי נאָרמאַלע מענטשן.

ווען דאָס גרינוואַרג ווערט געקאָכט, דאַרף עס געקאָכט ווערן אין ווייניק וואַסער. ביים קאָכן גייען אַריבער די מינעראַלן פון די בלעטלעך אָדער וואָרצלען אין וואַסער אַריין, ד. ה. אין דער זופּ.

## קאַפּיטל XXVI

# די בהמה, די מילך און דער מענטש

### 1

ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן דער ראָל, וואָס די בהמה שפּילט אין אונ־דזער לעבן און אין דעם לעבן פון אונדזערע קינדער, דערמאָן איך זיך, אַז קיינער האָט איר נאָך נישט געזונגען דאָס פאַרדינטע לויבגעזאַנג.

כדי ליב צו האָבן די בהמה, דאַרף מען געבוירן ווערן אין דאָרף.

איך דערמאָן זיך: עס איז צווישן טאָג און נאַכט. פון זון־אונטערגאַנג איז אין מערב נאָר פאַרבליבן אַ פייערדיקער פלעק דאָרטן העט ווייט, ווו די זון באַהעפט זיך מיט דער ערד. עס איז נאָך גענוג ליכטיק צו באַמערקן, וואָס עס קומט פאַר אין דער שעה פון בין־השמשות אַרום דער דאָרפישער שטוב.

עס איז אַ סימפאָניע פון הוך־ און האָן־געקריי אויף אַ נידעריקער אָקטאַווע; דאָס איז נישט דאָס צעלאָזנקייט, דאָס בחיפזונדיקע פון דעם האָן־געקריי פון

כאור הבוקר; עס איז די שטילע שפּראַך פון די הינער אין הינערשטאַל פאַר דעם שטילשווייגן פון דער נאַכט; עס איז דאָס שטילע געזעגענען זיך פון הינער־פּאַרפאָלק, זיך ווינטשנדיק, אויף זייער הינער־לשון, אַ גוטע נאַכט. דערנאָך פאַר־זיכערט זיך יעדעס געפליגל זיין גלייכגעוויכט אויף דעם הילצערנעם לייסטל. עס ווערט אין גאַנצן שטיל אין הינערשטאַל. מען שלאָפט.

קאַטשקעס און גענדז איילן, פאַרשפּעטיקטע, צו זייער געלעגער מיט אַ גראַ־געריי, וואָס ווערט וואָס אַמאָל שטילער, שטילער, ביז מען הערט שוין גאָרנישט. זיי שלאָפן שוין אויף זייער ביסל היי.

ערגעץ ווייט הערט זיך דאָס האַווקען פון אַ הונט. דאָס היימישע האַווקען פון די הינט פון דאָרף, פאַר וועלכע קיינער האָט נישט מורא.

דאָ און דאָרט אַ הירזשע פון אַ לאָשיקל אָדער אַ שווערערער און נישט אַזאַ קלינגענדיקער הירזשע פון אָגער, וואָס האָט פּלוצלונג, צווישן טאָג און נאַכט, פאַרבענקט זיך נאָך ווייב און קינד, די שקאַפּע מיטן לאָשיקל.

פונדערווייטנס ציט דער בוהאַי מיט שווערע טריט צו דער שטוב, ווו די בהמות ווערן צוגעפירט אָדער קומען אַליין. זיין מרוקע איז אַביסל אַ היי־זעריקער, אָבער אַ לאַנגער און טיפער. אַ זיכערער. ער ווייסט, אַז ווייטער פון אָפּצוימונג וועלן זיינע ווייבער־קי נישט גיין. לעבן אָפּצוימונג איז גוט צו זיין. דאָרטן קאָן מען טרינקען פריש און געשמאַק וואַסער פון אַ ריינער קאָרעטע. מען קאָן אומגעשטערט לעקן פון אַ גרויסער און געשמאַקער גרידע זאַלץ און זיך באַלעקן.

די בהמות דרייען זיך אַרום דער אָפּצוימונג, דאָרטן, ווו מען האָט פאַר־שפּאַרט זייערע קעלבלעך אויף דער נאַכט, כדי זיי זאָלן נישט אויסזויגן די גאַנצע מילך און קאַיאַר זאָל זיין וואָס צו מעלקן. קעלבלעך זענען פריילעכע באַשעפענישן. רק זיי שפּרינגען, בוצקען זיך, וואַרפן זיך אויף דער ערד, שטייען אויף, כאַפּן נאָך אַ צי פון דער מאַמעס אייטער, איידער זיי גייען שלאָפן אין זייער באַזונדערער אָפּצוימונג.

אַ מחיה צו שטיין דערביי און קוקן ווי די קינדער־קעלבלעך שפּילן זיך. מען באַקומט זיי ליב ווי חברים. צומאָל זענען זיי פאַר אַ דאָרפסקינד די איינ־ציקע היימישע חברים. איך האָב גוט פאַרשטאַנען און געפילט דעם דיכטער אפרים אויערבאַך, ווען איך האָב געלייענט אין זיינעם אַ ליד, אַז זיין ערשטע ליבע איז געווען צו אַ קעלבל. איך האָב אים פאַרשטאַנען.

אַביסל אָפּגערוקט פון די אַנדערע ליגט אַ בהמה און מעלה־גרהט. זי ליגט שווער, מאַסיוו אויף דער גוטער, היימישער און ווייכער ערד, וואָס אַרום דער שטוב. עס איז אַ רויטע קו מיט ווייסע פלעקן. איין ווייסער פלעק פאַרנעמט אַ

האַלב פּנים פון אויבן אַראָפּ. דער רוקן איז רויט. אונטן ביים בויך איז נאָכאַמאָל אַ גרויסער ווייסער פלעק ביז צו די אייטערס.

זי ליגט און מעלה־גרהט. זי פאַרדייעט איר וועטשערע דאָס צווייטע מאָל, ווי עס פּירט זיך ביי באַלעבאַטישע בהמות. פון דעם וועט מאַרגן זיין מילך.

זי ליגט מיט ברייט־צעעפנטע גרויסע קיילעכדיקע אויגן, וואָס האָבן נישט קיין שום אויסדרוק, ווייל זיי ווילן נישט גאָרנישט. אָבער עס איז פאַראַן אַ באַזונדער חן, אַ באַזונדער שיינקייט אין אירע אויסדרוקלאָזע אויגן. זיי דערציילן נישט פון קיין שום אַמביציע, פון קיין שום באַגער. אָבער מען קאָן אין זיי לייענען די תמימות פון דער וועלט. דער קוק פון די אויגן איז אַן אומבאַשטימטער, געריכטעט אין דער ווייטקייט אַריין.

אומשולדיקע אויגן פון דער גוטער היימישער בהמה, וואָס זאָגן גאָרנישט און ווילן גאָרנישט.

גאָט האָט איר געגעבן די אויגן נאָר צו זען די וועלט אַרום זיך, אָבער נישט ווייטער...

די וועלט האָט פאַר זיך פאַרכאַפּט אַן אַנדער בעל־חי, וואָס לאָזט זיך רופן מענטש...

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, ליגנדיק אָדער שטייענדיק, ווייל אין דיביידע פּאָזיציעס שלאָפט די בהמה, ווערט איר ברוסט אָנגעפולט מיט מילך, וואָס דאָרפישע מיידלעך וועלן מעלקן גאַנץ קאַיאָר. דאָס איז די גרינגע מילך פון דאָרף, וואָס די קו לאָזט אויסמעלקן מיט אַ פרייגעבערישקייט, וואָס מ׳וועט ביים מענטשן נישט געפינען. די זיסע, געשמאַקע און גוטע מילך פון דער גוטער היימישער קו.

קאָן זיין, אַז מיינע היינטיקע כוחות קומען נאָך פון יענער מילך פון מיין דאָרפישער קינדהייט...

די מילך איז ווייס ווי שניי און ווי די אומשולד. ווען זי איז ערשט אויסגעמאָלקן איז זי וואַרעם ווי אַ ברוסט, זיס און געשמאַק ווי אַ מוטער.

ווען מען דערלאַנגט זי אייך גלייך פון דער ברוסט פון דער בהמה, האָט זי אַ שוים, וואָס איז ווי יונגער שניי.

איר נאַטירלעכע זיסקייט איז זיסער און געשמאַקער ווי די זיסקייט פון האָניק.

עס וואָלט זיך געטרונקען און געטרונקען אָן אַ סוף.

פון דער ווייסער פרישער מילך ווערן די בעקעלעך פון די קינדער רויט און פריש ווי די מיט טוי באַדעקטע רויזן פון פרימאָרגן.

ווען קינדער זאָלן קאָנען דערציילן, וואָלטן זיי געזאָגט אַז די ערשט־אויסגעמעלקטע מילך „צעגייט זיך אין יעדן אבר״.

## 2

די מילך איז אַ „קיילעכדיקע״ שפּייז. אַ גאַנצע שפּייז איינע אַליין. אַ גאַנ־צער מיטאָג. זי אַליין קאָן אויפהאַלטן דעם מענטשןביים לעבן אַן אומבאַשטימ־טע צייט.

האָמער פלעגט רופן „באַרבאַרן מילך־פּרעסער״ יענע, וואָס פלעגן טרינקען מילך אין יענע אַלטע צייטן. מען האָט דעמאָלט נישט געהאַלטן פון דער מילך.

די אַלטע כינעזער פלעגן זי רופן „ווייס בלוט״ און האָבן געקוקט אויף איר מיט אומצוטרוי.

ווען מענטשן וואָלטן געטרונקען מער מילך, וואָלטן זיי געווען געזינטער און אפשר אויך בעסער...

אָבער קינדער דאַרפן דאָס ערשטע יאָר זייגן די מילך ביי זייער מוטער. ס׳קומט איר צו פון דעם אַ שטיק געזונט. דאָס איז, אַחוץ דער „מאַמעס מילך״, אויך בעסער און געזינטער. זי איז אַביסעלע מער אַ „קיילעכדיקע״ שפּייז ווי דער בהמהס מילך.

מיט דער מאַמעס מילך זייגט דאָס קינד דריי מאָל מער וויטאַמין „צע״, אַביסל מער צוקער און פעטס און אַביסל ווייניקער אייווייס ווי ווען עס וואָלט זיך געשפּייזט מיט מילך פון דער קו.

דאָס קינד באַדאַרף דער מוטערס מילך און די מוטער באַדאַרף, אַז דאָס קינד זאָל ביי איר זייגן.

דעם קינדס זייגן איז פאַר דער מוטער אַ פיזיאָלאָגישע נויטווענדיקייט.

ווען דאָס קינד נעמט אַריין אין זיין מויל, וואָס איז אַ מעכטיגער זייג־אַפּאַ־ראַט, דער מוטערס „פּיפּקע״, פילט זי אַן אייגנאַרטיקן געווס; זי פילט, אַז עס קומט איר צו אַ שטיק געזונט, ווייל נאָר דאַן און נאָר אַזוי פולן זיך די ברוסטן אָן מיט מילך. אָן דעם קינדס זייגן „לאָזט זיך נישט אַראָפּ״ די מילך.

די דאָרפסמענטשן ווייסן עס גאַנץ גוט. ווען ביים מעלקן האָט די קו ווייניקער מילך, לאָזט מען צו צו איר דאָס קעלבל אויף אַ פּאָר מינוט.

אָן דעם קינדס זייגן פילט זיך נישט אָן מיט מילך די ברוסט און ווען דאָס קומט פאָר, פילט זיך די מוטער נישט גוט.

דעם קינדס זייגן איז גורם נאָך אַנדערע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע דער־שיינונגען אין דער מוטערס אָרגאַניזם.

ווען דאָס קינד נעמט זייגן די ערשטע פּאָר מאָל, ציט זיך איין די הייבמוטער (מאַטריס) ביי דער מוטער־קימפּעטאָרן און אַזוי קוועטשט זי פון זיך אַרויס דאָס פאַרקאָכטע און נישט־פאַרקאָכטע בלוט, וואָס געפינט זיך נאָך אין איר פונעם „האָבן״. דער בלוטפאַרלוסט דורך דער הייבמוטער נאָך דער קימפּעט שטעלט זיך

אָפּ פריער ביי די מוטערס, וואָס גיבן צו זייגן, ווי ביי די, וואָס קאָנען נישט אָדער ווילן נישט געבן צו זייגן זייער קינד.

ווען דאָס קינד זייגט ביי זיין מוטער, זייגט עס אויך אַריין אַ באַדייטנדיקע אימוניטעט־ווידערשטאַנד קעגן פאַרשידענע אינפעקציעזע קראַנקייטן. עס איז באַוווּסט, ווי זעלטן עס דערשיינען פיבער־קראַנקייטן ביי קינדער אין משך פון זייער ערשטן לעבנסיאָר.

לויט פרווידס פאָרשונגען וואָלט אויסגעקומען, אַז ווען דאָס קינד זייגט, פילט עס אינאיינעם מיט דעם געָנוס פונעם עסן, אויך אַן ערָאָטישן פאַרגעניגן. דאָס וואָלט געווען, לויט פרוידן, דער ערשטער עראָטישער געָנוס ביים מענטשן.

לויט די גרעסטע מומחים אויף דעם געביט דאַרף סיי אַ קינד, סיי אַ דערוואַקסענער טרינקען אַ ליטער מילך יעדן טאָג.

די געוווינהייט צו טרינקען טיי מיט מילך אָדער קאַווע מיט מילך האָט גורם געווען, אַז מען זאָל טרינקען ווייניקער מילך.

מען זאָגט, אַז די פינלענדער געווינען די ערשטע פּריזן אויף אַ סך אַטלעטישע פאַרמעסטן, ווייל זיי טרינקען אַ סך מילך.

די קינדער נייטיקן זיך אין אַ סך מער אייווייס (פּראָטעאין) ווי די דערוואַקסענע, ווייל זיי באַדאַרפן עס צום וואַקסן. עס איז אָבער בעסער, אַז זיי זאָלן באַקומען דעם דאָזיקן לעבנסוויכטיקן עלעמענט פון דער מילך אנשטאָט פון פלייש.

די קוואַליטעט פון דער מילך פון דער קו איז נישט תמיד די זעלביקע. די קו, וואָס מען האַלט ווינטערצייט אין שטאַל, גיט נישט די זעלביקע מילך ווי די קו, וואָס פּאַשעט זיך אונטער דער זון מיט צאַרטער גרינער פּאַשע.

עס איז אָנגענומען, אַז די מילך פון דער פרוי איז אומגעפער פון דעם זעלביקן ווערט אַלס שפּייז ווי די מילך פון דער קו.

די מילך וואָלט געווען אַבסאָלוט אַ גאַנצע און פּערפעקטע שפּייז, ווען זי וואָלט אַנטהאַלטן אַביסעלע מער אייזן. זי באַזיצט אין די געהעריקע פּראָפּאָרצן די פונדאַמענטאַלע לעבנסוויכטיקע עלעמענטן, וואָס דער בעל־חי דאַרף האָבן: אייווייס, פעטס, קאַרבאָהידראַט, וויטאַמינען און מינעראַלן.

מילך איז די שפּייז, וואָס ווערט צום גרינגסטן פאַרדייט. ווען זי איז אַביסעלע געלבלעך, איז עס דערפאַר, וואָס זי האָט מער פעטס.

קינדער פאַרדייען גרינגער געזאָטענע מילך.

מילך דאַרף מען טרינקען פּאַמעלעך, אַ זופּ נאָך אַ זופּ. צווישן איין זופּ און דעם צווייטן איז גוט צו עסן אַ שטיקל זעמל אָדער פּשוט ברויט.

ווען מען טרינקט אַ ליטער מילך יעדן טאָג, אינגאַנצן אויסער דער געוויינלעכער שפּייז־דיעטע, ווערט מען פעט. די, וואָס נעמען צו זייער פיל וואָג, ווען זיי טרינקען מילך, קאָנען זי טרינקען אָן דער פעטקייט. נאָך אַ טאָג שטיין, זאַ־

מעלט זיך צונויף די פעטקייט אויף דער אויבערפלאַך. אַזוי אַרום קאָן מען אַראָפּנעמען די אייבערשטע שיכט און עס בלייבן די מינעראַלן, וויטאַמינען, איי־ווייס, אַ סך קאַלציום, שוועבל און סירקע (אַסופּרע).

זויערמילך איז אַ מחיהדיקע פליסיקייט פאַר עלטערע מענטשן, ווייל כעמיש איז זי שוין אַ פאַרדייטע. דער מאָגן האָט ביי איר נישט קיין שום אַרבעט.

אָבער מיט מילך דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק. די פאַרשידנסטע באַק־טעריעס און מיקראָבן פילן זיך אין איר אויסגעצייכנט און וואַקסן און פּרוכפּערן זיך אין אַ מוראדיקער צאָל.

דערפאַר דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק.

די אידעאַלע מילך איז די, וואָס מען טרינקט פאַרטאָג, נישט מער ווי אַ שפּאַן פון דער קו, און ווען געמאָלקן האָט זי אַ מענטש אַ געזונטער און מיט גוט־געוואַשענע הענט.

צוויי שפּאַן ווייטער פון דער מעלקנדיקער קו האָט שוין געקאָנט אַריין אין איר אַ פליג. די פליגן זענען די העסלעכסטע באַשעפענישן אויף דער וועלט. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבן פיסלעך און זיי שטעלן זיך מיט זיי אַוועק אויף די שמוציקסטע זאַכן און אַ רגע שפּעטער קאָנען זיי אַריינפאַלן גלייך אין אייער גלאָז מילך.

אויף זייערע פיסלעך קאָנען זיי ברענגען צו טראָגן פון דער פּשוטסטער באַק־טעריע, וואָס ברענגט אַביסל בויכווייטיק, ביז אַ פאַר באַצילן, וואָס פאַראורזאַכן די כאָלערע, פון וועלכער מען קאָן שטאַרבן אין איין מעת־לעת. אָבער מען דאַרף זיך נישט שרעקן. אין אונדזערע מקומות זענען נישט פאַראַן קיין כאָלערע־באַ־צילן. אָבער בויכווייטיק קאָן מען האָבן...

די גרויסע פּראָבלעם איז די מילך פאַר די שטעט. פון דעם מאָמענט, ווען די מילך ווערט אויסגעמאָלקן, ביז מיר האָבן זי אין ווייסן פלעשל נעבן דער טיר פון אונדזער דעפּאַרטאַמענט ווען מיר שטייען אויף, גייט די מילך אדורך אַ סך הענט, וואָס קאָנען זיין שמוציקע אָדער געהערן צו קראַנקע מענטשן.

היינט איז די דאָזיקע שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעם געלייזט. ווען די מילך קומט אָן צום קאָנסומענט אין אַלע שטעט, איז זי שוין פּאַסטעוריזירט.

דאָס וואָרט איז איינגעפירט געוואָרן לזכרון ל ו א י  פּ אַ ס ט ע ו ר, דעם פראַנצויזישן געלערנטן, וואָס איז דער פאָטער פון דער מאָדערנער באַקטעריאָ־לאָגיע.

ווען מען דערוואַרעמט די מילך ביז 63 גראַד היץ, ווערן פאַרלענדט אַלע באַקטעריעס און מיקראָבן, וואָס לעבן אין איר „ווי גאָט אין אָדעס". דאָס ווערט געטאָן נישט מיטאַמאָל; ווען די וואַרעמקייט דערגרייכט 63 גראַד, ווערט אָט־די טעמפּעראַטור אָנגעהאַלטן אַ פאָר מינוט און דערנאָך לאָזט מען זי פאַלן

עטלעכע גראַד. דערנאָך ווערט זי ווידער געהויבן ביז 63 גראַד און ווידער אָראָפּ־געגנידערט. אַזוי עטלעכע מאָל. עס איז באַוויזן געוואָרן גרינטלעך, אַז מיט דער פּאַסטעוריזאַציע פון דער מילך פאַרשווינדן אַלע מיקראָבן און די מילך ליידט נישט אין איר קוואַליטעט און צוזאַמענשטעל.

אַלע גרויסע פירמעס, וואָס פאַרקויפן מילך, האָבן די געהעריקע אַפּאַראַטן פאַר אַ פּערפעקטער פּאַסטעוריזאַציע, נאַטירלעך אונטערן שטרענגן קאָנטראָל פון דער שטאָט־אַדמיניסטראַציע.

איצט פעלט נאָך, אַז אין דעם שטח, וואָס די מילך מוז דורכמאַכן פון דער פּאַסטעוריזאַציע ביז צו דער טיר פון אונדזער דעפּאַרטאַמענט, זאָל זי פון עמעצן נאָכאַמאָל נישט אינפעקטירט ווערן, ספּעציעל דורך די כלים, די מילך־צעפירער אד״גל. וועגן דעם זאָרגט זייער שטרענג די שטאָט־אַדמיניסטראַציע. די דאָזיקע מענטשן, וועלכע פאָרען זיך אַרום דער מילך, ווערן אַלע זעקס חדשים אונטער־זוכט און באַקומען אַ דאָקומענט, אַז זיי מעגן אַרבעטן. די כלים און אַלע אַנדערע מכשירים ווערן שטרענג אינספּעקציאָנירט.

## 3

ווען דער מענטש גייט פאַרביי אַ בהמה, פאַלט אים גאָר נישט איין, אַז פון זיין מוטערס ברוסט איז ער גלייך אַריבערגעגאַנגען אויף איר ברוסט, אויף דער בהמהס.

די בהמה איז אַזוי אַרום זיין אַם. ביי אַנשטענדיקע מענטשן ווערט די אַם באַטראַכט אַלס אַ צווייטע מוטער.

איך וויל דערביי גלייך באַמערקן, אַז איך מיין נישט מיט דעם צו זאָגן, אַז ווען דער מענטש דערזעט די בהמה, דאַרף ער זיך גלייך כאַפּן קושן מיט איר אין די פּיסקלעך. איך וויל אָבער זאָגן, אַז די בהמה ווערט פּערמאַנענט געקריוו־דעט און באַליידיקט פון דעם צווייפיסיקן בעל־חי.

אונדזער תורה האָט געטאָן אַלעס מעגלעכס דאָס צו פאַרמיידן. געטאָן אַלעס מעגלעכס, אַז די דאָזיקע שרייענדיקע אומגערעכטיקייט זאָל נישט באַגאַנגען ווערן.

„זאָלסט נישט קאָכן דאָס ציגעלע אין דער מילך פון זיין מוטער״. אַזוי שטייט געשריבן — איך וואָלט געזאָגט ברוטאַל קלאָר. דער גרויסער בעל־מידות, דער פיינער גייסט, וואָס האָט דאָס אַריינגעשטעלט אין דער תורה, האָט געמוזט האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן חוש פאַר אַנשטענדיקייט, פאַר סובטעלער איידל־קייט. דאָס איז אַ זאַך נישט צו דערקלערן, נאָר צו פילן. אָדער מען פילט דאָס אָדער ס׳איז נישט צו דערקלערן.

ליידער דאַרפן מיר זאָגן: אויב מען האָט דאָס באַדאַרפט פאַרבאָטן צוריק מיט 2,800 יאָר מער־ווייניקער, דאַרף מען עס היינט אויך דערמאָנען, קען זיין,

אַז מער ווי אַמאָל. אין אנשטענדיקייט האָט די וועלט נישט פּראָגרעסירט אפשר זינט די וועלט איז אַ וועלט.

עסן מילך מיט פליישׁ איז אכזריותדיק, איז גראָב, איז אַ גראָבע באַליידי־קונג פאַר דער נאָבעלער בהמה. עס איז אויך נאַריש. עס איז עסן ברויט מיט ברויט. מילך איז אַ גאַנצע שפּייז פאַר זיך אַליין. פליישׁ איז עס אויך ביז אַ געוויסער מאָס.

פון תמיד אָן עקלט מיך, ווען איך באַמערק אין אַ רעסטאָראַן, ווי מענטשן עסן אויף זייער טיש און עס שטייען גרויסע גלעזער מילך. דאָס טרינקען זיי מילך אנשטאָט וואַסער. דאָס דעגראַדירן זיי די מילך צו דער קאַטעגאָריע פון וואַסער. עפּעס ווייזן זיי מיר אויס ווי נאַרישע פּוריטאַנער. די גלעזער מילך אויף זייער טיש זענען אַ דעמאָנסטראַטיווער, אַ כלומרשט שרייענדיקער פּראָטעסט קעגן וויין.

ווען מילך ווערט געטרונקען ביים טיש אַנשטאָט וואַסער, באַשווערט זי גראַד די פאַרדייאונג. אַביסל וויין, אין קעגנטייל, פאַרגרינגערט און פאַרשנע־לערט אפשר די פאַרדייאונג.

לאָמיר געבן דער מילך איר געהויבענע מדרגה אַלס ערשטקלאַסיקע, נאָבעלע און גאַנצע שפּייז און זי נישט אויסמישן מיט אַנדערע שפּייזן.

מילך איז די טהרה צווישן די שפּייזן. וויין איז תאווה.

אָבער מיר, מענטשנקינדער, לאָמיר נישט מישן (קאָכן אין איין מאָגן) דאָס פליישׁ פון דעם ציגעלע אין זיין מוטערס מילך. עס איז פּיין, עס איז אנשטענ־דיק, עס איז הערלעך. עס איז, ווי זאָגט מען אין פראַנצויזיש: זשאַנטיל... עס איז אויך פאַרדינטער דרך־ארץ און פיעטעט פון אונדז מענטשן פאַר אונדזער בהמה־אַם, אַפילו ווען זי ווייסט עס נישט...

## קאַפּיטל XXVII

# פּרוכטן

עסט מען ביי יידן אַ סך פרוכטן? איך טרעף אין מיין פּראַקטיק אַ סך יידן, וואָס עסן נישט קיין פרוכטן. זיי האָבן פּשוט פיינט פרוכטן. אַזוי ענט־פערן זיי.

פיינט האָבן די אָדער אַנדערע שפּייזן איז בכלל אַ נישט נאָרמאַלע דערשיי־נונג. דאָס איז אַן עניין פון נעוראָפּאַטן. מען קען פיינט האָבן אַ שפּייז, וואָס האָט נישט קיין טעם אָדער האָט אַן אויסטערלישן טעם. אָבער פרוכטן? קיינער קען נישט זאָגן, אַז זיי זענען נישט אנגענעם פאַר דעם גומען.

נעוראַפּאַטן האָבן — אָן אַ פּאַרוואָס — אויך פּיינט אַנדערע נאָרמאַלע שפּייזן. אַ נאָרמאַלער מענטש האָט ליב אַלע שפּייזן און עסט זיי.

אויף דער פראַגע, וואָס מיר האָבן דאָ אַוועקגעשטעלט, איז אין אַ געוויסן זין שווער צו ענטפערן, ווייל עס איז פאַרבונדן מיט דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון די מאַסן.

פּרוכטן זענען תּמיד געווען — און זענען נאָך — אַ טייער מאכל און די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג מוזן אָדער איינגאַנצן מוותר זיין אויף זיי אָדער זיך שטאַרק באַגרענעצן אין זייער באַנוץ. עס איז איינע פון די איראָניעס פון אונדזער קאַפּיטאַליסטישער (און אויך נישט קאַפּיטאַליסטישער) ציוויליזאַציע: פּרוכטן וואַקסן אין אַזאַ שפע אין אַלע לענדער און זיי זענען דאָך נאָר צוגענגלעך פאַר מענטשן מיט אַ רעלאַטיוו גוטן עקאָנאָמישן צושטאַנד.

איך האָב אין בראַזיל געזען, ווי די באַנאַנעס וואַקסן אַליין, אָן קיין שום באַריר פון אַ מענטשלעכער האַנט, אַרום דער הויפּטשטאָט ריאָ דע זשאַנעיראָ, און דאָך, אַז מען וויל זיי קויפן, זענען זיי טייער. סיידן מען זאָל גיין ווינען אין די דזשאַנגלס, ווו זיי וואַקסן...

פּרוכטן זענען אַ פּרעכטיקע שפּייז. עס איז כמעט איבעריק דאָס צו באַטאָנען. סיי קראַנקע, סיי געזונטע מעגן זיי עסן. עס איז נישט פאַראַן אַזאַ מין קראַנקער, וואָס זאָל זיי נישט טאָרן עסן. אַפילו דיאַבעטיקער.

זייערע אייגנשאַפטן זענען זאָנדערבאַרע און וווּנדערבאַרע. זיי טראָגן אין זיך כמעט אַלע וויטאַמינען, פּראָטעאין (אייוויס), קאַרבאָהידראַטן, מינעראַלן, קאַלציום... חוץ דעם ווערט זייער געוועב נישט פאַרוואַנדלט אין פליסיקייט — אין די קישקעס — ווי דאָס קומט פאָר מיט פלייש, צ. ב. זייער געוועב, די אַזוי גערופענע צעלולאָזע, פילט אָן די קישקע און דאָס הייסט שוין מיטווירקן. אַז מען זאָל האָבן אַ בעסערן טעגלעכן שטולגאַנג.

עס איז איינגעפירט אין אונדזערע לענדער, אַז מען עסט די פּרוכטן אַלס לעצטן מאַכל, אַ נאָכשפּייז, וואָס מען רופט „פּאָסטרע", אָדער מער (אָדער ווייניקער) יידיש — דעזערט.

קומט אויס, אַז ווען מען עסט די פּרוכטן, איז שוין דער מאָגן פול מיט אַנדערע שפּייזן. דאָס מיינט נישט, אַז זיי ווערן נישט פאַרדייעט. דאָס עסן די פּרוכטן צום לעצט איז נישט מער ווי קאָנווענציאָנאַליזם, פּונקט אַזוי ווי דאָס עסן ברויט אַלס צוגאָב צו אַנדערע שפּייזן. ברויט איז אַ שפּייז פון אַזאַ מדרגה און יחוס, אַז מען וואָלט עס באַדאַרפט עסן אַליין, אַלס אַ באַזונדער מאכל, אָבער די געוווינהייט האָט עס ליידער דעגראַדירט צו דער מדרגה פון אַ צוגאָב־שפּייז אָדער אַ מיטשפּייז. ווייל עסן פלייש אַליין איז עסן פּיסנע פלייש און מ'האָט זיך איינגערעדט, אַז ס'איז נישט גוט. דאָס זענען אַלץ מנהגים, וואָס ענדערן

זיך קוים פון איין לאַנד צום אַנדערן, אָבער וואָס ווען מן הסתם אַמאָל רעווי־דירט און געביטן ווערן.

די מידה ביי אונדז אין שטאָט צו פאַרבייטן די פּרוכטן אויף קאָמפּאָט, ווייל די לעצטע איז כלומרשט אַביסל לאַקסאַטיוו, איז נישט קיין געזונטע מידה. די פרישע פּרוכט פאַרלירט אַ סך מיט דעם זידן און אַחוץ דעם איז די פרישע צייטיקע פּרוכט אַזוי לאַקסאַטיוו ווי די געקאָכטע און איז רייכער אין וויטאַ־מינען, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט.

די קלוגע נאַטור, וואָס קען אַלץ און ווייס אַלץ, האָט באַצירט די פּרוכטן מיט די וואונדערלעכסטע קאָלירן, וואָס נאָר די גאָר גרויסע מאָלער האָבן באַוויזן נאָכצומאַכן און איך ווייס נישט, צי זיי האָבן עס באמת באַוויזן...

מסתמא האָט זיי דער באַשעפער געגעבן די דאָזיקע קאָלירן, כדי דער בעל־חי זאָל זיי גרינגער קענען געפינען אין דער געדיכטעניש פון וואַלד (עס איז אוממעגלעך צו באַגרייפן אַ געטרייערן שפייזער ווי דעם באַשעפער)...

אָבער נישט וועגן דעם אַליין האָט מען זיי אָנגעטאָן אין אַזעלכע קאָלירן. דער קאָליר רייצט דעם אַפּעטיט, פאַרבעט זיי צו עסן, איינגראָבן די ציין אין אַ פּרעכטיקן עפּל... עס פאַרבעסערט זיך אין אַזאַ פאַל אַפילו דער הומאָר און ווען דער הומאָר איז אין אָרדענונג, וועט שוין דער מאָגן פאַרדייען...

אנשטאָט דעם זוכט מען צו „וועקן" דעם אַפּעטיט מיט אַ גלעזעלע משקה אָדער ווערמוט, וואָס וועקן גראָד נישט דעם אַפּעטיט; עס איז בלויז איינרעדע־ניש, אויטאָסוגעסטיע, און דאָס איז אויך אַ וועג צו דערגיין צום אַפּעטיט. אין אַ טאָג וועט מען זיך איינרעדן אַז אַ גלאָז מילך וועקט דעם אַפּעטיט, וועט מען טרינקען מילך פאַרן עסן און דער אַפּעטיט וועט קומען, און עס וועט זיין בעסער, ווייל אַלקאָהאָל „פאַלט" אויפן ליידיקן מאָגן פונקט ווי פייער.

אַנשטאָט דעם אַלעמען באַשטייט דער נאַטירלעכער וועג צום אַפּעטיט אין אַ שיינ־ און פיינ־געגרייטן טיש: די שיינע קאָלירפולע פּרוכטן אינדערמיט און די געשמאַקע פאַרשפּייזן ביי דער זייט. נישטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל קענען שטעלן אַ ווידערשטאַנד אַזאַ טיש. עס פאַרשטייט זיך, אַז די באַלעבאָסטע דאַרף דאָס אַלץ באַצירן מיט אַ שמייכל... דעמאָלט איז סיי דאָס עסן, סיי דאָס פאַר־דייען, געזיכערט...

ביי אונדז אין אַרגענטינע עסט מען פּרוכטן אַלס לעצט מאכל, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז די רוסישע יידן דאָ און די פּוילישע זענען מכבד מיט פּרוכטן פאַרנאַכט ביי טיי און שפּעט ביינאַכט, נאָכאַמאָל מיט דער טיי אָדער כיבוד. דער רמב״ם האָט, צוריק מיט אַ קיימא־לן פון 800 יאָר, רעקאָמענדירט מען זאָל עסן פּרוכטן פאַרן עסן. ער איז דאָך געווען אַ באַרימטער דאָקטער.

איך דענק, אַז מען קאָן און מען מעג עסן פּרוכטן צו יעדער צייט. אָבער,

און דאָס איז זייער וויכטיק, מען קען נישט געבן אַרבעט דעם מאָגן צו יעדער צייט. די געזינטסטע מענטשן זענען די, וואָס עסן נאָר אין באַשטימטע שעהן פון טאָג. איבערבייסן אָדער פרישטיק, מיטאָג אָדער אָנבייסן און וועטשערע אָדער אוונטברויט. איך האָב מיר מיינע סיבות צו באַנוצן צוויי ווערטער פאַר יעדן מאָלצייט, ווייל אין יידיש שטימט עס נישט. דאָס, וואָס מיר רופן דאָ איבערבייסן, איז אין פוילן אַן אַנדער מאָלצייט, און ווען איך בין געווען אין אַמעריקע, האָט מען מיך פאַרבעטן אויף אָנבייסן — 6 אַזייגער פאַרנאַכט... די יידישע אַקאַדע־מיע פון דער שפּראַך וואָלט זיך באַדאַרפט אַריינמישן...

אָבער זאָגן וויל איך זאָגן, אַז מען דאַרף נישט מאַטערן דעם מאָגן אַ גאַנצן טאָג. ער דאַרף אויך רוען. דערפאַר קען מען נישט עסן קיין פרוכטן צו יעדער צייט, ווייל דער מאָגן האָט אויך אַ דעה און פאָדערט רו.

בלייבט עס, אַז מען וואָלט טאַקע געמעגט עסן פרוכטן צו יעדער צייט, אָבער עס איז בעסער דאָס צו טאָן אַלס אַ טייל פון די צוויי גרויסע מאָלציַיטן: מיטאָג און וועטשערע. מען קען אויך עסן אַ פרוכט אַרום 5 אַזייגער. און דער גאַנצער פרישטיק קען באַשטיין אין אַ פיינער פאַרציע פרוכטן אנשטאָט דער באַרימטער קאַווע מיט מילך.

איך וועל זיך אָפּשטעלן אַ רגע נאָר אויף צוויי פרוכטן: באַנאַנעס און באַרנעס.

די באַנאַנע טיילט זיך אויס פון די אַנדערע פרוכטן מיט דעם, וואָס אחוץ וויטאַמינען וכדומה, האָט זי אַ גרויסן ווערט אַלס שפּייז, ווייל זי האָט אַ גרויסן סכום קאַרבאָהידראַטן. מיר מיינען די צייטיקע באַנאַנע. זי ווערט פאַרדייעט זייער גרינג סיי פון קינדער, סיי פון אַלטע לייט. עס איז אַ גוטע שפּייז פאַר די, וואָס דאַרפן קומען צו זיך נאָך אַ שווערער קראַנקייט (גריפּ א״אַנד.). די באַנאַנע דאַרף אָנקומען אין מאָגן זייער גוט צעקייעט. דערפאַר איז צומאָל בעסער זי צו עסן אַלס „פּיורע״. „פּיורע״ פון באַנאַנעס פאַר גרויס און קליין, פאַר קראַנקע און געזונטע...

די באַרנעס זענען לויט זייער כעמישן אינהאַלט זייער ענלעך צו די באַ־נאַנעס. זיי ווערן אויך זייער גרינג און געשווינד פאַרדייעט פון די שוואַכסטע מאָגנס אַפילו און צו יעדער עלטער. הגם זיי האָבן אַ סך צוקער מעגן זיי עסן די דיאַבעטיקער, ווייל דער צוקער געפינט זיך ביי זיי אונטער דער פאָרמע פון „לעוואולאָסאַ״, וואָס דיאַבעטיקער מעגן עסן, הגם נישט צופיל, נישט איבער־געכאַפּט די מאָס.

דער קאָמפּאָט פון באַרנעס, חוץ דעם וואָס ער איז געשמאַק און צוגעפּאַסט פאַר קראַנקע און געזונטע מאָגנס, איז אויך אַביסל לאַקסאַטיוו.

אָבער איך פיל אַז ס'איז איבעריק צו אַגיטירן, אַז יידן זאָלן עסן קאָמפּאָט. דער טראַדיציאָנעלער קאָמפּאָט.

און די באַרימטע „וואַרעניע" פון די רוסישע יידן, האָט דאָך אַריינגעבראַכט דעם יום־טוב אינדערוואַכן...

## קאַפּיטל XXVIII

# סעקסועלע דערציאונג

## 1

זינט פרויד האָט אויפגעדעקט און אָפן אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט די פּראָבלעמען פון געשלעכט, איז די טעמע געוואָרן אַקטועל.

אויף וויפל מען דאַרף דורך איין וועג אָדער אַן אַנדערן אָנווייזן דעם יונגן בחור, אַז דאָס מאַסטורבירן זיך איז שעדלעך — אגב נישט אַזוי שעדלעך ווי מען דענקט — אָדער אָפּוועגדן די יונגע מיידלעך פון געוויסע שמועסן אָדער לייען־מאַטעריאַלן, אויף אַזויפיל איז אויך גוט, ווייל, אמת און רעקאָמענדירבאַר די פּראַקטיק פון סעקסועלער דערציאונג.

אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן יונגע קינדער, וועלכע מ'וויל אַריינפירן אין דער מיסטעריע פון מאַן־ און ווייב־לעבן, מאַכן פון דעם „יום־טוב פון די געפילן" אַ וואָכעדיקע, אַ פּראַקטישע זאַך, וואָס וואָלט לאָגישערווייז עקזיסטירט נאָר כדי צו פּאַראייביקן דעם מענטשלעכן מין; ווען ס'גייט וועגן אַנולירן פון דער מענטשלעכער פּסיכיק די צניעות ביי ביידע געשלעכטער, וואָס איז פּונקט די סאַמע וויכטיקסטע, אגב אַ זייער סובטעלע קעגנזייטיקע אַטראַקציע פון בחור צו מיידל און פאַרקערט — פרעגט זיך: וואָס־זשע וועט בלייבן אין אינטימען לעבן, אין דער אינטימער פּסיכיק פון די דאָזיקע יונגע וועזנס?

אין דער הינזיכט האָט דערפאַר פרויד אַ סך קעגנער און עס קאָן לייכט געמאָלט זיין, אַז אין אַ טאָג זאָל פרוידס וויסנשאַפטלעכער אמת אַרונטערפאַלן אונטער יענעם געזעץ, פון וועלכן איך האָב שוין אַמאָל געשריבן: אין דער וויסנשאַפט קומט זייער אָפט פאָר, אַז דאָס, וואָס האָט נעכטן אויסגעוויזן אַן אומבאַוועגלעכער אמת, קאָן היינט דערוויזן ווערן ווי אַ פאַלשקייט.

מ'ניר זענען נאָך נישט אינגאַנצן זיכער, אַז פרוידס מאָנומענטאַלע וויסנשאַפטלעכע געביידע שטייט אויף אַזעלכע שטאַרקע פּיס, וואָס וועלן זיך קיינמאָל נישט אָנהייבן וואַקלען... אָבער, לאָמיר זיך נישט איילן. די נאַטור האָט מן הסתם אין איין „וועסטל־קעשענע" מער חכמה ווי אפשר די גאַנצע מענטש־

הייט. די נאַטור איז די בעסטע לערערן, אַפילו בנוגע סעקסועלער דערציאונג. די נאַטור און אויך דאָס לעבן גופא.

לאָמיר אַביסל באַטראַכטן דאָס לעבן:

מיין טאַטע האָט נישט געהאַלטן פון סעקסועלער דערציאונג: במשך מיין גאַנץ לעבן וועל איך נישט פאַרגעסן די שבתים פון מיין פרייער יוגנט, אין וועלכע מיין פאָטער ר' משה זכרונו לברכה פלעגט מיט מיר לערנען חומש און פרקי אבות. די שבתים פון דער קאָלאָניע זענען געווען אַ פּולקאָמער המשך פון די שבתים אין דער אַלטער היים, בעסאַראַביע. שבת האָט גערוט אויף באַראָן הירשס קאָלאָניעס און האָט אַלע זאַכן, פערד און קעלבלעך און בהמות אַריינגערעכנט, געגעבן אַ מילדן אויסזען. שטיל איז דאָרט געווען אין די שבתים, קיין רייטער, קיין וועגענער, חלילה... איך רעד דאָ פון דעם ערשטן יאָרצענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט.

נאָך דעם אָפּעסן דעם גוטן און געשמאַקן שבתדיקן טשאָלנט, אַ וואָרט, וואָס קלינגט אין היינטיקע אויערן ווי אַרכאַיש, פלעגט זיך דער טאַטע צולייגן. דאָס איז געווען ווי אַ טייל פון דעם שבת. נאָכן אויפשטיין, ביי אַ גלאָז טיי, פלעגט ער לערנען מיט מיר חומש, דאָס חומש מיט טייטש פון פאַרצייטנס, וואָס יידישע יונגע קינדער פלעגן לערנען מעכאַניש, נישט פאַרשטיין, נאָר וואָס האָט גערוט אין זכרון ביז מ'איז עלטער געוואָרן און מ'האָט עס אָנגעהויבן אויסליידיקן ביסלעכווייז „האַקנדיק" מיט פסוקים ביי יעדער געלעגנהייט...

און געלערנט האָט דער טאַטע מיט מיר לויט דעם, אין יענער צייט, אוניווערסאַלן „פּעדאַגאָגישן" סיסטעם, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן פון איין עק יידישער וועלט ביז דעם אַנדערן, דאָס הייסט טאַקע די גאַנצע וועלט.

חומש מיט טייטש: ויהי — און דאָס איז געשען — כי חטאו בני ישראל — ווייל די קינדער פון ישראל האָבן געטאָן זינדיקן — ליהוה אלקיהם — צו גאָט זייער גאָט...

אין איינעם אַ שבת נאָכמיטיק, וואָס איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, כאָטש איך ווייס נישט פאַרוואָס, אפשר וואָלט אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער יאָ אויסגעפּילפּולט פאַרוואָס, אָבער איך ווייס עס נישט, — אין יענעם שבת נאָכמיטיק האָבן מיר געהאַלטן ביי דער פרשה ויצא. עס איז צופעליק אַריינגעקומען אַ שכן, וואָס האָט זיך שווייגנדיק צוגעהערט צו דער „לעקציע". ווען עס איז געקומען צו „וישכב עמה בלילה ההיא" און דער טאַטע האָט עס מיר באַדאַרפט פאַרטייטשן, האָט ער זיך גאָר פאַררעדט מיטן שכן. איך זאָג איין מאָל, צוויי מאָל: טאַטע, ס'טייטש, און ער רעדט מיטן שכן. נאָך אַ קורצער הפסקה מאַכט ער שוין צו מיר: נו, ווייטער: וישמע אלוהים אל לאה — און גאָט האָט צוגע-

הערט צו לאהן — ותהר — און זי איז טראַגעדיק געוואָרן... מיך האָט מן הסתם שטאַרק נישט געקימערט וואָס דער טאַטע האָט „פאַרקוקט" און האָט מיר נישט פאַרטייטשט יענע פּאָר ווערטער. אָבער היינט, אַז איך בין שוין געוואָרן אויס מלופן־קינד, טייטש איך אויס זיין נישט פאַרטייטשן מיר יענע פּאָר ווערטער אַזוי: כדי מיר זיי צו פאַרטייטשן, האָט ער מיט מיר באַדאַרפט אַריינקנעלן וועגן די ענינים אין די פאַרפּלאָנטערטע לאַבירינטן פון סעקסואַליטעט און איך בין זיך היינט משער, אַז ער האָט נישט געהאַלטן דערפון. ווייל ווען נישט, וואָלט ער מיר דאָך מן הסתם געוועזן געזאָגט מער־ווייניקער בזה הלשון: זיי וויסן, יואליקל מיין זון, אַז גאָט האָט געבאָטן, אַז מאַן און ווייב דאַרפן זיך באַהעפטן, כדי מקיים צו זיין די מצווה... און מען דאַרף אויך ליב האָבן דאָס ווייב. אָבער, ווי געזאָגט, ער האָט פון דעם נישט געהאַלטן, פונקט אַזוי ווי זיין טאַטע און זיין זיידע האָבן פון דעם נישט געהאַלטן, און ברוך השם, די וועלט איז זיך געגאַנגען איר וועג אַזוי זינט בראשית...

***

י. י. זינגערס מאַקס אשכנזי איז אין סעקסועלער דערציאונג געוועזן אַן אוי־טאָדידאַקט.

אַלע מיינע חשובע לייענער האָבן דאָך מסתּא געלייענט י. י. זינגערס ראָ־מאַן „ברידער אשכנזי". דער צענטראַלער העלד דאָרט איז מאַקס אשכנזי. אין אַ טאָג מאַכט אים זינגער חתונה. דעם טאָג פון דער חופּה, דעם גאַנצן פרי־מאָרגן, האָט נאָך מאַקס, וואָס איז געוועזן אַ פיינער תכשיט, געשפּילט אין קאָרטן מיט אַנדערע זינדלעך אויף די זעק מעל אין דער בעקעריי פון לאָדוש. אין אָט יענער בעקעריי האָבן זיי אָפּגעטאָן נאָך אַ סך פיינע זאַכן... אָבער יענעם פרי־מאָרגן, ווען ער האָט מיטיקצייט פאַרענדיקט שפּילן אין קאָרטן מיט דער חברותא, האָט ער מיט זיי אָפּגעמאַכט, אַז צומאָרגנס, נאָך דער חתונה־נאַכט, זאָלן זיי קומען צו אים און ער וועט זיי אַלעס אויסדערציילן...

ויהי, און עס איז טאַקע געשען, אַז צומאָרגנס גאַנץ פרי פאַרזאַמלט זיך די חברה ביי זיין טיר און מען קלאַפּט אָן. מאַקסעלע שטייט אויף, טוט זיך אָן זיין שלאָפראָק און עפנט די טיר. ווען ער דערזעט פאַר זיך די זינדלעך, זיינע חברים פון נעכטן, ציט ער זיך אויס אויף די שפּיץ פינגער, פאַרריכט זיין ראָק, קוקט אָן די יינגלעך מיט אַ געפיל פון ביטול און צעשרייט זיך:

— פּאַשאָל וואָן ! !

מאַקס איז אין זיין חופּה־נאַכט דערצויגן געוואָרן אָן סעקסועלער דערציאונג. דאָס לעבן האָט אים דערצויגן. דאָס לעבן, די חופּה... די מאַיעסטעטישקייט פון

זיך באַהעפטן מיטן געזעצלעכן ווייב נאָך חופּה וקדושין, — דאָס איז שוין נישט קיין פאַרוויילונג ווי אויף די זעק אין דער בעקעריי מיט די מיידן; דאָס איז שוין דאָס לעבן גופא. און דאָס לערנט צומאָל בעסער פון אַ לערער, אַפילו בעסער ווי אַ גאַנצער פראָפעסאָר. דאָס לעבן און די דערציאונג בכלל, אין שטוב, ביי טאַטע־מאַמען.

איך דערמאָן זיך דאָ אין מאמר חז״ל: „הכל יודעין כלה למה נכנסת לחופּה״... (יעדער איינער ווייסט, פאַרוואָס מען פירט אַ כלה צו דער חופּה...).

„יעדער איינער ווייסט, וואָס עס קומט נאָך דער חופּה, אָבער דער, וואָס רעדט וועגן דעם ניבול פּה, איז אַ מערזאַוועץ״, האָב איך געלייענט אַמאָל ביי שלמה ביקל. דער מאמר חז״ל איז אויטענטישע סעקסועלע דערציאונג.

די שטוב, די אַלגעמיינע דערציאונג, דאָס איז דער עיקר.

אין זיין גרויסן ראָמאַן „די קעניגלעכע שטאָט״ („סיודאַד אימפּעריאַל״) דערציילט דער באַרימטער אַמעריקאַנער שרייבער עלמער רייס וועגן איינעם פון די וויכטיקסטע העלדן פון זיין ראָמאַן, אַן אַמעריקאַנער מיליאָנער. ער האָט זיך דערצויגן אין אַן אויסגעלאַסענער שטוב. זיין מוטער, אַ געוועזענע אָפּערע־זינגערן, האָט געהאַט איין געליבטן נאָכן אַנדערן און דאָס איז פאַר די קינדער, דערוואַקסענע, נישט געווען קיין סוד. ער איז, נאַטירלעך, געווען אַ לעביונג, גע־ווינט צו פּראָסטיטוטקעס, אָן דרך־ארץ פאַר דער פרוי. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אַ באַרימטער משפּחה פון ניו־יאָרק, אַ פרומע, אַ צאַרטע און אַ צניעותדיקע און פון גרויס יחוס. ער האָט דאָך געירשנט מיליאָנען.

נאָך דער חתונה האָט ער דאָס פרומע און צניעותדיקע יונגע און ראָמאַנ־טישע ווייבל אַריינגעזעצט אין זיין קאָטש און אַוועקגעפאָרן מיט איר אין איינעם פון זיינע גיטער. דער דאָזיקער לעביונג און נישט דערצויגענער פאַרשוין האָט צו קיינעם נישט געפילט קיין ליבע און אויך נישט צום ווייבל. די ערשטע נאַכט איז ער געווען גראָביאַניש און ברוטאַל. אויפגעשטאַנען אינדערפרי און אַוועק־געגאַנגען אויף יאַגד.

דאָס יונגע ווייבל, וואָס האָט תמיד געחלומט פון דער ערשטער נאַכט און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די דאָזיקע נאַכט וועט פאַר איר עפענען די טויערן פון גן־עדן; אַז זי וועט אָנהייבן לעבן דאָס גליקלעכע לעבן, וואָס אַ מיידל חלומט, האָט געליטן אַ שטאַרקן נערוון־שאָק און איז איר גאַנץ לעבן פאַרבליבן טרויע־ריק, מעלאַנכאָליש און גלייכגילטיק צו אַלעס אין איר רייכן לעבן. זי איז פאַר־לאָשן געוואָרן אין דער נאַכט, ווען איר אמת לעבן האָט זיך באַדאַרפט פאַר איר אָנהייבן מיט דעם גאַנצן גלאַנץ און פּראַכט פון ליבע פלוס רייכטום. איר באַ־שערטער איז געווען אַזוי פאַרדאָרבן און אויסגעלאַסן, אַז ער האָט קיין פרוי נישט געקאָנט גליקלעך מאַכן.

דאָס איז אַ פאַל פון גראַביאַנישקייט און אויסגעלאַסנקייט, צו וועלכער קיין סעקסועלע דערציאונג וואָלט סיי ווי נישט געהאָלפן.

אַ צווייטער אַמעריקאַנער גרויסער שרייבער, אַפּטאָן סינקלער, האָט אַ העלד, וואָס הייסט לאַני באַד, אין אַ מאָנומענטאַלן ראָמאַן אין צען בענדער, ווו ער באַשרייבט דאָס לעבן פון דאָזיקן העלד. זיין מוטער איז געווען אַ בילד־שיין אַמעריקאַנער אַרבעטער־מיידל, וואָס איז געפאָרן קיין פּאַריז מאַכן אַ לעבן און האָט זיך טאַקע דאָרטן באַקענט מיט אירן אַ לאַנדסמאַן, אַן אַמעריקאַנער געווער־פאַבריקאַנט, און נאָך אַ קורצער פּאַריזער ליבע איז געוואָרן אַ ברית. דעם פּראָ־דוקט פונעם „ברית״ האָט מען אַ נאָמען געגעבן לאַני און דעם טאַטנס פאַמיליע באַד. דער טאַטע האָט חתונה געהאַט אויף אַ ווייל מיט זיין מוטער, כדי דאָס קינד זאָל זיין געזעצלעך, און זיך באַלד געגט. (דידאָזיקע ציטאַטן מיינע זענען אויף אויסנווייניק. וועט זיך מעגלעך אַריינכאַפּן אַן אומפּינקטלעכקייט, אָבער צום סיפּור המעשה האָט עס נישט).

די מוטער מיט לאַנין זענען געבליבן וווינען אין פּאַריז. דער טאַטע פלעגט שיקן דאָלאַרן פון אַמעריקע און מאַמע און קינד האָבן געפירט אַ פּאַריזער לעבן. לאַני איז געוואַקסן אַן עכטער פּאַריזער. ער האָט מיט נאַטירלעכקייט באַטראַכט דער מאַמעס נאָכאַנאַנדיקע חתנים. ער האָט אויך באַקומען אַ זייער ציכטיקע בילדונג אין אַלע הינזיכטן — פּיאַנאָ שפּילן אַריינגערעכנט. ער האָט באַקומען גאַנץ פרי עכטע סאַלאָן־מאַנירן, זייער נאַטירלעכע. ער איז פרי געוויר געוואָרן אַ סך פּרטים פון לעבן. ווען ער איז אַלט געווען ביי די פערצן יאָר האָט די מאַמע זיינע סוף־כל־סוף חתונה — טאַקע חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזישן מאָלער, אַן אינוואַליד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען די מאַמע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן און לאַני האָט דאָס באַמערקט, מאַכט ער צו איר מיט דער גרעסטער נאַטירלעכקייט:

— מאַמע, דאָס איז בזיון אָדער איבער אַן אומפּאָרזיכטיקייט?

לאַני האָט נישט באַקומען קיין באַזונדער געשלעכטלעכע דערציאונג, אָבער ווייזט אויס, אַז אין פּאַריז דאַרף מען עס נישט. דאָרטן איז טאַקע די ליבע — ליבע, אָבער מען פרעטענדירט נישט מרעיש עולם זיין מיט איר. די ליבע איז דאָרטן סיי וואָכעדיק, סיי יום־טובדיק. דערפאַר איז זי נישט באַהאַלטן אונטער זיבן שלעסער. עס איז די עכטע אייגנאַרטיקע פראַנצויזישע ליבע, וואָס קיין פאָלק אין דער וועלט קאָן נישט נאָכמאַכן, ווייל ווייזט אויס, אַז ביי די פראַנ־צויזן איז עס „אין בלוט״...

איז, הייסט עס, אונדזער לאַני באַד אַ נאַטירלעכער פּאַריזער און אייראָ־

פייער מיט אַלע פיינע באַנעמונגען בן אדם לחברו; ער איז ערנסט, ערלעך; הכלל דאָס, וואָס מען רופט אַ גוט־דערצויגענער אייראָפּייער. והא ראיה:

ער האָט געוווינט ווינטער אין פּאַריז און זומער אין קאָט ד׳אַזור, אין דער מוטערס געזעלשאַפט. זי האָט שוין געהאַט דעם מאַן, אָבער דאָס מאַכט נישט; אין יענער געזעלשאַפט איז עס געווען נאַטירלעך. אַרום אים און דער מוטער — אַ גאַנצע געזעלשאַפט פון אַמעריקאַנער דאַמען מכל המינים, וואָס קומען אַראָפּ אַ לעב־טאָן אין פראַנקרייך אָדער וווינען דאָרט. עס איז אויך געווען אַ פראַנצויזישער געזעלשאַפטלעכער קרייז. אונדזער לאַני באַד איז שוין ב״ה אַ בחורל פון אַכצן יאָר און ער קאָן נאָך נישט חתונה האָבן, ווייל ער איז זייער יונג און דאַרף נאָך לערנען. די מאַמע זיינע, באַוואָפנט מיט אַ גאַנץ ברייטער דערפאַרונג אין ליבע־ענינים, באַראַט זיך מיט אינטימע פריינדנס, עלטערע און יינגערע חברטעס, און מען זוכט אים אויס אַ געליבטע, אַ פּאַריזער ווייבל — דאָס איז געשען אין קאָט ד׳אַזור — וואָס איז נעבעך אומגליקלעך מיט איר מאַן אין פּאַריז, וואָס איז געווען אַ סך עלטער פון איר און האָט זיך דערצו געטשעפּעט צו אַלע מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין זיינע ביוראָען. דאָס אומגליקלעכע ווייבל קומט דערפאַר אָפּט זיך „באַרואיקן״ אין קאָט ד׳אַזור.

עס האָט קיין סך נישט גענומען און דער „שידוך״ איז דורכגעפירט געוואָרן. לאַני איז גליקלעך, שעצט אויפריכטיק זיין געליבטע און איז איר פולקאָם געטריי.

נו, טרעפט זיך אַ מעשה: עס קומט אַראָפּ קיין פּאַריז די וועלטבאַרימטע איסאַדאָראַ דונקאַן, אַן אַמעריקאַנערן, אַ געטלעכע טענצערן, די גרינדערן פון דער גריכישער שיטה אין קונסט פון טאַנצן נאַקעט אָדער כמעט נאַקעט, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פון באָרוועס איז דאָך אָפּגערעדט.

לאַני באַד ווערט איינגעלאַדן אין דער שטוב פון אַן אַמעריקאַנער מיליאָנערן אין פּאַריז. איסאַדאָראַ וועט אויך זיין און ער וועט זיך מיט איר באַקענען. איסאַדאָראַ איז געווען, ווי באַוווּסט, אַ פייערדיקע אָנהענגערן פון פרייער ליבע.

מען קומט זיך צונויף ביי דער גאַסטגעבערן. קיין אַנדערע געסט זענען נישט איינגעלאַדן. מען רעדט פון קונסט, מוזיק. דער יונגער בחור איז רייצנדיק מיט זיין יוגנט, מיט זיין אינטעליגענץ, מיט זיינע פּראַקטיקע פרייע מאַנירן, מיט זיין שמועס — ער האָט שוין געהאַט אַ סך געלייענט. און ער שפּילט ווונדערבאַר פּיאַנאָ. ער לאָזט זיך נישט בעטן און הייבט אָן שפּילן. די באַלעבאָסטע האָט צוליב עפּעס געמוזט אַוועקגיין און זיי בלייבן אַליין — לאַני באַד און די פּראַקטיקע איסאַדאָראַ דונקאַן. ער שפּילט ווונדערלעכע מוזיק און זי הייבט אָן טאַנצן. זי טאַנצט ווונדערבאַר און עס הייבט אָן אין איר געבוירן ווערן אַ וואַקסנדיקע ליידנשאַפט צום בחור.

דער טאַנץ האָט זיך געענדיקט און זי בעט זיך ביי אים ווי ביי אַ גזלן:

— לאַני טייערער, קום מיט מיר, נעם מיך!...

ער שטעלט אַ ווידערשטאַנד. אירע טרערן רירן אים נישט. זי קאָן עס נישט פאַרשטיין. עס איז דאָך ביי איר אַזוי נאַטירלעך. אירע צוויי קינדער זענען דאָך פון צוויי פאַרשידענע מענער, וואָס האָבן צופעליק אָנגעצונדן איר ליידנשאַפט.

זי איז פאַרצווייפלט; איר וווּנדערלעכער קערפּער ווערט אַ קנויל, צעריסן פון איר ליידנשאַפט, אָבער לאַני איז אומבייגזאַם.

די סצענע ענדיקט זיך, ווען לאַני זאָגט איר:

— איסאַדאָראַ, איך קען נישט, פאַרשטיי מיך, איך האָב דאָך אַ געליבטע...

פראַנצויזישע סעקסועלע דערציאונג אָן אַ לערער, זעלבסט־דערציאונג. פער־זענלעכע פיינקייט. הכלל — אַ צווייטער אויטאָדידאַקט.

נו, לאָמיר נאָך דערמאָנען די געשלעכטלעכע דערציאונג אין רוסלאַנד. אין „פרייען״ רוסלאַנד פון היינט. דאָס בוך, וואָס איך האָב געליינט האָט געהייסן „די ליבע אויף דער פריי״. דעם מחבר געדענק איך ליידער נישט.

עס האַנדלט זיך וועגן אַ רוסישן אוניווערסיטעט מיט אַן אינטערנאַט, ווו עס ווינען אינאיינעם יינגלעך מיט מיידלעך און יעדער בחור האָט זיך „איינ־פאַרשטאַנען״ מיט אַן אַנדער סטודענטקע. פון די הויפּטהעלדן האָט ער געהייסן גאַראַגאַרין און זי האָט געהייסן גאַנץ פּשוט אַנאַ.

דאַרף זיך אָבער מאַכן, אַז אין אַ טאָג האָבן זיי זיך צעקריגט און פּונקט — ווי אומיסטן — ווען גאַראַגאַרין דאַרף האַלטן זיין דיסערטאַציע פון ענדע זמן אַ פּאָר טעג שפּעטער, און צו דעם מוז ער האָבן אין אָרדענונג זיין „גייסטיקן גלייכגעוויכט״ — אַזוי הייסט עס ביי זיי.

און ער בעט זיך ביי אַנאַן, ווי ביי אַ גזלן:

— איך דאַרף דאָך האַלטן מיין דיסערטאַציע און איך מוז צו דעם האָבן מיין „גלייכגעוויכט״. טאָ קום־זשע...

אָבער אַנאַ האַלט זיך פעסט, זי איז ברוגז. און דער העלד בעט זיך ווייטער:

— דו האָסט אַ סך ברויט און איך בעט ביי דיר נאָר אַ שטיקל, גיב עס מיר! דו דאַרפסט עס דאָך נישט האָבן... מיין דיסערטאַציע...

עס האָט דעמאָלט, ווייזט אויס, געהאַלטן זייער ווייט ביי די רוסן מיט סעקסועלער דערציאונג; ס׳איז זייער ראָמאַנטיש... אַז מען זאָגט פּראָגרעסיוו איז דאָך נישט שייך קיין קשיות...

## 2

אין תוך גענומען דאַרף דאָס גרויסע קאַפּיטל „סעקסועלע דערציאונג" צע־טיילט ווערן אין צוויי פּעריאָדן אָדער טיילן: סעקסועלע דערציאונג ביז דער חתונה און סעקסועלע דערציאונג נאָך דער חתונה.

ביידע קאַפּיטלען זענען געוואָרן אַ נויטווענדיקייט פון די מאָדערנע צייטן.

ווען די קינדער האָבן, גוט צי שלעכט, מיט רעכט אָדער נישט, חתונה געהאַט פרי, האָבן זיי אין דער הינזיכט נישט באַדאַרפט קיין דערציאונג. אַלע מאָדערנע גאונים און געלערנטע אויף דעם געביט וואָלטן געמעגט גיין אין חדר ביי דעם גרויסן יידישן היגיעניסט און דערציער, וואָס האָט אָנגעשריבן נאָך פיר ווערטער — בן שמונה עשרה לחופה.

בן שמונה עשרה אָדער נאָך פריער. וויפל דורות האָבן ביי אונדז פּינקט־לעך מקיים געווען דעם דאָזיקן געבאָט פון דער תורה! חכמים וועלן זאָגן, אַז דאָס איז אין סתירה מיטן מאָדערנעם לעבן. די מאָדערנע צייטן האָבן געבראַכט צו אַ ביאָלאָגישער רעוואָלוציע אין לעבן. אַמאָל איז די וועלט געווען באַפעל־קערט מיט אַ סך יוגנטלעכע און ווייניק זקנים. אָבער דער וואָס פירט אָן — פון זיין באַהעלטעניש — מיט אונדזער וועלטל האָט אונדז אָפּגעטאָן אַ פיין שפּיצל: די מענטשהייט האָט באַשלאָסן צו קאָנטראָלירן דעם שלאָפּצימער. דאָס זאָג איך באַנוצנדיק אַ מין וויסנשאַפטלעכע עלעגאַנטע שפּראַך; אָבער אין פּשוטע ווערטער הייסט עס: חתונה האָבן און אָפּטאָן אַלערליי געמיינקייטן קעגן דער נאַטור און קעגן גאָט (אַבאָרטן) און ברענגען ווייניקער קינדער אויף דער וועלט. וואָס־זשע האָט דער בלינדער גורל אָפּגעטאָן? ער האָט געשיקט פלעמינגן און וואַקסמאַנען און זיי האָבן אַנטדעקט פּעניסילין און סטרעפּטאָמיצין און מיט דעם ווערט די וועלט אָנגעפילט מיט זקנים! מענטשן שטאַרבן אַ סך עלטער ווי פריער.

איר ווילט נישט האָבן קיין קינדער, טאָ האָט אייך אַ סך זיידעס! אַ וועלט איז נישט הפקר; מען שפּילט זיך נישט אין לעבן; מען דאַרף לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן. און גאָט האָט געבאָטן בן שמונה עשרה און פּרו ורבו...

דאָס חתונה האָבן שפּעט האָט מיט זיך געבראַכט אָן אַ שיעור פּראָבלע־מען און דאָס חתונה האָבן און נישט וועלן ברענגען קינדער אויף דער וועלט האָט אויך געבראַכט אָן אַ שיעור פּראָבלעמען.

אַ לאַ הלל הזקן וואָלט איך רעזומירט אַזוי די גאַנצע תורה פון סעקסועלער דערציאונג פ אַ ר דער חתונה: — לערנען די יונגע קינדער פון ביידע גע־שלעכטער דרך־ארץ צו זיך אַליין און דרך־ארץ פאַרן צווייטן געשלעכט.

אַזוי וואָלט מען באַדאַרפט דערציען די יוגנט. אָבער עס איז כמעט אוטאָ־

פיש. אָבער אַנדערש איז נישט פאַראַן קיין געשלעכטלעכע דערציאונג, סיידן בן שמונה עשרה... און אַ סוף צו דער „דערציאונג״.

דאָס געשלעכט פולט אויס דאָס לעבן. דער גרויסער ענגליש־אַמעריקאַנער רייזנדער ס ט אַ נ ל ע י האָט אין זיין טאָגבוך פון זיין לאַנגער רייזע אין אַפריקאַנער קאָנטינענט באַשריבן אַלץ, אָבער נישט זיין פּערזענלעך־געשלעכט־לעך לעבן צווישן ווילדע פעלקער במשך פון צוויי יאָר. מען האָט אים דערפאַר אַ סך קריטיקירט. ס'טייטש, האָט מען געשריבן, דאָס איז דאָך אַ טייל פון לעבן, דאָס לעבן זעלבסט. געוויסע קריטיקער זענען דערפאַר געקומען צו דער מסקנה, אַז ער איז געווען אַן איבערגעקערטער (אינווערטידאָ) און האָט „געלעבט״ מיט זיין שוואַרצן דינער, פון וועמען ער רעדט אין זיין רייזעבוך אין צאַרטע טער־מינען.

אַן אַלטער ייד, אַ גרויסער למדן, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: פאַרוואָס האָט מען ליב קינדער בכלל, אייגענע צי פרעמדע? — ווייל אַ קינד דערמאָנט אין סעקס.

קעגן אָט־דער דאָזיקער אויפפאַסונג פון לעבן שטעלט זיך אַוועק די איינגע־בוירענע צניעות ביים מענטשן. דער סעקס דאַרף בלייבן פאַרהוילן פאַר דער אויסערלעכער וועלט. ער איז עטוואָס פּערזענלעכס און אינטים ביי יעדן מענטשן. און דאָס דאָזיקע אינטימע לעבן דאַרף רעספּעקטירט ווערן פונקט אַזוי ווי דאָס פּערזענלעכע און אינטימע לעבן אין אַלגעמיין פון יעדן איינעם.

די אָרטאָדאָקסישע וויסנשאַפט ווייזט אָן, אַז מען דאַרף באַציִיטנס און בהדרגהדיק אויפקלערן קינדער וועגן געשלעכט און וועגן דער געהויבנקייט פון געשלעכטלעכן לעבן, וועמענס אייגנציקער צוועק וואָלט געווען צו בילדן די משפחה און דאָס ריינע משפחה־לעבן. זייער פיין. אָבער ווען איז ב אַ צ יי ט נ ס ? אין די שטעט וווינט דאָך דער רוב מנין ורוב בנין פון דער באַפעלקערונג — און אין זיי האָט שוין יעדעס יונגע קינד — ביידע געשלעכטער — געלייענט אַ פּאָר ראָמאַנען אָדער געזען עטלעכע פילמען אַז צו די דרייצן יאָר, צום ביישפּיל, זענען זיי שוין אַזוי „פאַרגעשריטן״, אַז דעם טאַטנס אָדער דער מאַמעס רייד קלינגען נאַאיוו אין זייערע אויערן.

אַז אין אַלע בוכהאַנדלונגען וואַלגערן זיך אָן אַ שיעור ביכער, אַזעלכע ווי, צום ביישפּיל, סאָמערסעט מאָם'ס „די אַנדערע קאָמעדיע״, ווו דער גאונישער ענגלישער שרייבער האַלט פאַר נייטיק צו באַשרייבן מיט אַלע פּרטים ווי אַזוי אַן אַלטע אַקטריסע „לעבט״ מיט אַ יונגן בחור. נאָר טאַקע מיט אַלע פּרטים... נאָך אַזאַ בוך ווערט אַ יונג מיידל אָדער בחור מער ווי דערצויגן, זיי ווערן רייף. צום גרויסן גליק ווייסן געוויינלעך נישט די עלטערן, וועלכע ביכער די

קינדער לייענען, ווען יאָ, וואָלטן זיי רויט געוואָרן... מיר לעבן אין אַ מאָדערנער וועלט אָן צניעות. אפשר איז די דאָזיקע מאָדערנע וועלט גערעכט! דער פאָר־שריט פון דער נייער טעכניק און ציוויליזאַציע האָט שוין צעשטערט אַזוי פיל אַלטע באַגריפן און איבערצייגונגען. אָבער זאָל מען נישט פּרעטענדירן, אַז די געשלעכטלעכע דערציאונג איז די רפואה.

געשלעכטלעכע דערציאונג איז — דערציאונג. לאָמיר זיך אָפּגעבן מיט דערציאונג בכלל. די סעקסועלע דערציאונג האָבן שוין צוגענומען ביי אונדז די ראָמאַנען־שרייבער און די פילם־פּראָדוקטאָרן. מיר וועלן עס שוין פון זייערע הענט נישט אַרויסרייסן. און איבערהויפּט לאָמיר חתונה מאַכן די קינדער יונג. אָבער, אוי! דאָס האָט שוין די ליבע אויך אַרויסגעריסן פון אונדזערע הענט. פריער פלעגט מען ביי אונדז חתונה מאַכן די קינדער יונג, דורך אַ שדכן, און זיי אָנזאָגן, אַז נאָך דער חתונה דאַרף מען ליב האָבן דאָס ווייב. אַזוי שטייט געשריבן... היינט, אין אונדזער פּאַרקערטער וועלט, פאַרליבט מען זיך פריער, דערנאָך האָט מען חתונה און באַלד דערנאָך ווערט די ליבע צומאָל אויסגעוועפּט.

אָבער די שדכנים פאַרן זיך אַזוי מיט אונדזער מאָדערנער וועלט ווי דער בעל־עגלה מיט זיין בויד צו אַ „קאָנסטעליישן"־אַוויאָן.

די ליבע האָט אַ סך מעלות — איך רעד שוין נישט פון איינשפּאַרן שדכנות־געלט, זי האָט אָבער איין חסרון, וואָס וועגט מער ווי אַלע מעלות: זי איז בלינד... עס וואָלט נאָך געווען צו דערטראָגן, ווען זי בלייבט אייביק בלינד. איז אָבער די צרה, וואָס תמיד באַקומט מען צוריק די ראיה העט ווייט נאָך דער חתונה...

די גאַנצע וועלט פרעגט זיך: זענען גליקלעכער די פאַרפאָלקן, וואָס זענען עס געוואָרן דורך אַ שדכן, אָדער די, וואָס זענען עס געוואָרן דורך דער שדכנטע ליבע? איך וואָלט אַ בעלן געווען זיך דערוויסן פון עפּעס אַ סטאַטיסטיק אויף דעם געביט, אויב עמיצער האָט זי ווען געמאַכט.

צו דערציען קינדער איז פאַראַן נאָר איין „פּעדאַגאָגישער" סיסטעם: זיי ווייזן זייער אייגענע היים ווי אַ מוסטער פון געמיינזאַמער אַכטונג און דרך־ארץ צווישן די עלטערן. אַ שטוב אָן שלום־בית פאַרטרייבט די קינדער און פאַר־וואַנדלט זייער היים אין אַ גהינום. מיר שאַצן אונטער די פילבאַרקייט און די תפיסה פון די קינדער. אין אַ שטוב אָן שלום־בית ליידן זיי שרעקלעך. זיי פאַר־שטייען און באַנעמען אַ סך מער און סך טיפער ווי מיר שטעלן זיך פאָר. אַ יונגע דאַמע, מיינע אַ פּאַציענטן, האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז זי האָט חתונה געהאַט יונג און זייער אומגליקלעך, ווייל זי האָט געוואָלט אַנטרינען פון איר היים, וווּ עס איז קיין שלום־בית נישט געווען. מ'דאַרף לערנען מיטן ביישפּיל. עס איז נישט אוממעגלעך. קינדער דאַרפן נישט וויסן פון די חלוקי־דעות אָדער גרעסערע שוועריקייטן צווישן די עלטערן.

יינגלעך דאַרפן באַצייטנס אינפאָרמירט ווערן וועגן די געפאַרן פון ווענערי־שע קראַנקייטן. געוויינלעך ווערן זיי עס געוווּיר פון די חברים, אָבער בעסער איז, אַז דער משפחה־דאָקטאָר זאָל דאָס זיי אויפקלערן. איך גלויב נישט, אַז דאָס זאָל קאָנען טון דער פאָטער אָדער די מוטער.

די מיידלעך: די בעסטע סעקסועלע דערציאונג פאַר די מיידלעך באַשטייט אין דעם, אַז מען זאָל אויפפּאַסן, אַז זיי זאָלן אַרומגיין און פאַרברענגען מיט פיינע בחורים. דאָס איז די איינציקע מעגלעכע סעקסועלע דערציאונג פאַר אונ־דזערע היינטיקע מיידלעך.

פיינע בחורים און אַ לייטישע היים. אַ היים אָ ן קאָרטן און מיט אַ סך גוטע ביכער...

## 3

סעקסועלע דערציאונג — אויב אַזאַ זאַך איז איבערהויפּט מעגלעך אין בוכ־שטעבלעכן זין פון וואָרט, דאַרף זיך אָנהייבן מ׳ט דעם, אַז יונגע (און נישט יונגע) עלטערן זאָלן ביי די קליינע יינגלעך אויפפּאַסן ווי עס האַלט מיט דער אַנטוויקלונג פון זייערע געשלעכט־אָרגאַנען. ביי אַ גרויסער צאָל קינדער פון מענלעכן מין מאַכט זיך נישט זעלטן, אַז עס אַנטוויקלט זיך נאָר איין גאָנאַד. אַזאַ זאַך שיינט צו זיין גאַנץ עלעמענטאַר, אָבער אַ סך עלטערן באַמערקן עס נישט. די דאָזיקע קינדער האָבן נאָר איין גאָנאַד אין זעקל. דער אַנדערער איז געבליבן אויבן, האָט זיך נישט אַראָפּגעלאָזט. דאָס קומט פאָר איבער אַ געוויסער פּעלערהאָפּטיקער אַנטוויקלונג ביי אַ צאָל קינדער.

דאָקטוירים ווייסן, אַז זיי דאַרפן די זאַך אויפפּאַסן ביי יעדן קינד, וואָס זיי אונטערזוכן, אַפילו איבער גאַנץ אַנדערע סיבות (פאַרקילונג צ. ב.). די דאָזיקע לאַגע פאָדערט אַ גרינטלעכע באַהאַנדלונג מיט האָרמאָנען און עווענטועל אַן אָפּע־ראַציע. ביי אַנדערע יינגלעך אַנטוויקלען זיך אינגאַנצן נישט די געשלעכטלעכע אָרגאַנען אין דער זעלביקער צייט, וואָס מען באַמערקט ביי זיי גאַנץ פרי די אויסערלעכע סימנים פון פרויען־געשלעכט (גרעסערע ברוסטן). די דאָזיקע קינ־דער זענען געוויינלעך פעטע און האָבן אַ שווערן כאַראַקטער. דאָס איז אַ קאָמ־פּליצירט בילד פון אַ פיזישן און פסיכישן צושטאַנד אינאיינעם. דאָס איז דער אַזוי גערופענער „פרעליך־סינדראָם״ (סינדראָם — אַ גרופע סימפּטאָמען).

ס׳איז זייער וויכטיק אויסצוגעפינען גאַנץ באַצייטנס אַזעלכע דערשיינונ־גען, ווייל שפּעטער קאָן די באַהאַנדלונג זיין אַ שווערע, אַ לאַנגע און אַ קאָסט־באַרע.

ווייל דאָס געשלעכט פון אָט דעם צוקונפטיקן מ אַ ן איז אין געפאַר. איך

האָב געזען אין מיין לעבן פאַרצווייפלטע עלטערן, בשעת קינדער זענען געווען קראַנק, אָבער די פאַרצווייפלונג אין די פאַלן אין וועלכע דאָס געשלעכט פון קינד איז אין געפאַר, קאָן מען נאָר פאַרגלייכן מיט די אַנדערע, אין וועלכע אַ קינד ווערט גייסטיק קראַנק.

אין ביידע פאַלן שטייט נישט אין געפאַר דאָס לעבן, אָבער די פאַרצווייפלונג און פיין פון די עלטערן דערגרייכט דעם העכסטן סטאַדיום.

די פונדאַמענטאַלע וויכטיקייט איז דאָ נישט נאָר פאַר דער געשלעכטלעכער פונקציע גופא, נאָר פאַרן גאַנצן לעבן, פאַרן גאַנצן וועזן. אַ מאַן מיט אַ פאַרקריפּלטן געשלעכט איז נישט נאָר נישט קיין „מאַן", נאָר אויך נישט קיין מענטש.

מיר טרעפן אָן, פון צייט צו צייט, אַזעלכע. אין אַלע פאַלן איז דאָס געשען, ווייל עלטערן און צומאָל דאָקטוירים האָבן עס פאַרזען. דער אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס איז ביי די דאָזיקע מענער גוואַלדיק גרויס און טיף. זייער אויסערלעכער אויסזען איז כאַראַקטעריסטיש. זיי זענען געוויינלעך דיקע מענטשן מיט הויכע, ברייטע און פעטע קליבעס, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע ברוסטן און מיט דעם פּנים אָן האָר. דאָס זענען אַרומגייענדיקע שאָטנס פון מענטשן.

דערפאַר דאַרף אוודאי נישט וואונדערן, וואָס פרויד האָט אַרויסגעשטעלט דעם סעקס אין דער ערשטער ריי אַלס לעבנס־פאַקטאָר און ער וויל דערקלערן אַ סך אומנאָרמאַלע גייסטיקע און פּסיכישע צושטאַנדן מיט אומאָרדענונגען און פּראָבלעמען פון געשלעכטלעכן לעבן. פרויד האַלט, ווי באַוווּסט, אַז דער סעקס הייבט־אָן שפּילן זיין ראָל און האָט זיין השפעה אויף דעם לעבן, דעם כאַראַקטער און דער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקייט פון די סאַמע ערשטע יאָרן פון לעבן.

ער געפינט אויס די השפעה פון סעקס ביים קינד אין אַ סך געשעענישן און מאַניפעסטאַציעס, וואָס מען האָט פריער געהאַלטן פאַר באַנאַל.

דער סעקס און דער אַנדערער ערשטראַנגיקער סענטימענטאַלער צושטאַנד — די ליידנשאַפט.

צוויי זאַכן, וואָס דער קלאַסישדערצויגענער מענטש וויל באַהאַלטן, פאַרבאָרגן, אַראָפּשטופּן אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין, אָבער וואָס לאָזן נישט לעבן, דערגרייען די יאָרן, אַזוי צו זאָגן, ווילן נישט בלייבן פאַרשפּאַרט, ביז דער פּסיכאָאַנאַליטיקער, וואָס באַהאַנדלט דעם מענטשן, מאַכט, אַז די דאָזיקע געפילן, סוד־סודות, וואָס דריקן און קלאַמערן די נשמה, זאָלן סוף־כל־סוף באַפרייט ווערן, צומאָל מיט דעם פאַקט אַליין, וואָס דער קרבן קאָן זיך פון זיי באַפרייען, דערציילנדיק אַלעס דעם דאָקטער, אין דעם פאַל דעם פּסיכאָאַנאַליטיקער.

דאָס אַרויסברענגען די דאָזיקע געפילן אויף דער אויבערפלאַך, דאָס זיך באַפרייען פון זיי און זיי אַליין באַפרייען, איז שוין צומאָל אַ רפואה.

די פונדאַמענטאַלע וויכטיקייט פון סעקס אין אַפעקטיוון לעבן זענען די געפילן, וואָס באַהערשן דאָס לעבן. אפשר דערפאַר ווילן די פּסיכאָאַנאַליטיקער אַריינבנעמען דאָס גאַנצע לעבן אין זייערע הענט. זיי ווילן אין אַלע געשעענישן, אין אַלע אַקצידענטן און אינצידענטן פון לעבן, זען אַ פּסיכאָאַנאַליטישע דערשיינונג. אויב מ׳וועט זיי נאָר לאָזן, וועט ווייסט וואָהין זיי וועלן דערגרייכן...

אָבער אייגנטלעך האָבן די פּסיכאָאַנאַליסטן נישט אַזוי פיל מחדש געווען. ביי יידן ווייסט מען שוין זינט אפשר יאָרהונדערטער, אַז ווען מען רעדט זיך גוט אַראָפּ פון האַרצן, ווערט גרינגער. אָדער פּשוט, ווען מען וויינט זיך גוט אויס. די צרות און זאָרגן, וואָס דריקן אויף דעם געוויסן און דער נשמה, „גייען אַרויס״ אין ערשטן פאַל דורך אַן אויסגוס פון ווערטער און אין צווייטן דורך אַן אויסגוס פון טרערן. טרערן און ווערטער זענען דאָ עקוויוואַלענטן און זיי פאַרגרינגערן דיליידן, עס ווערט גרינגער אויפן האַרצן. עס איז א י י ן אונטערבאַוווסטזיניקע אָדער אומבאַוווסטזיניקע רפואה צו אַלערליי ליידן און צרות, צו וועלכע מענטשן זענען דערגאַנגען אַן שום אַטעסטאַטן פון מעדיצינישע פאַקולטעטן.

פון אויסרעדן זיך דאָס האַרץ אָפן, פאַר אַ פריינט, איז מ׳ען אַריבערגעגאַנגען צו טאָן דאָס זעלביקע פאַר אַ דאָקטער, נישט קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן אַריין, נאָר ליגנדיק אויף אַ סאָפאַ מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער וואַנט, בשעת דער דאָקטער זיצט הינטן און זעט נאָר אייער פּלייצע.

די דאָזיקע פּראָצעדור איז אוודאי מאָדערניזירט געוואָרן דורך די פּסיכאָאַנאַליטיקער. בשעת דער פריינד, פאַר וועמען מען רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, נעמט נישט קיין האָנאָראַר, נעמען די דאָקטוירים אַ גאַנץ פיינעם האָנאָראַר. זיי פאַרזיכערן גאַנץ ערנסט, אַז דער האָנאָראַר איז אַן אומבאַדינגטער עלעמענט. אָן וועלכן זייער קוראַציע ווירקט נישט. איך וויל האָפן, אַז זיי זענען אויפריכטיק. זיי האַלטן, צום ביישפּיל, אַז ווען דעם דאָקטערס אייגענער ברודער וויל זיך ביי אים פּסיכאָאַנאַליזירן, מוז ער באַצאָלן פאַרויס דעם האָנאָראַר.

און אונדזערע באָבעס איז דען נישט גרינגער געוואָרן, ווען זיי זענען געפאָרן צום רבין און האָבן אויסגעגאָסן פאַר אים זייער ביטער האַרץ? זענען זיי דען נישט אַהיימגעפאָרן מיט אַ גרינג האַרץ? (תמיד דאָס האַרץ!) און, להבדיל אלף הבדלות, דאָס מתוודה זיין זיך פאַרן גלח איז דען נישט אַן ענלעכע זאַך? גלחים זענען נענטער צו די פּסיכאָאַנאַליטיקער, ווייל זיי קוקן אויך נישט דעם פּאַציענט אין די אויגן אַריין. די השגות פון די גלחים זענען אַ סך ברייטער ווי-

די השגות פון דאָקטוירים. זיי זאָגן אויך צו אַ פאַרגעבונג פאַר באַגאַנגענע זינד. זיי אַרבעטן דאָך בשותפות מיט זייער גאָט...

דער עיקר און דער סוד פון דעם אַלעם איז גלויבן אין דער פּראָצעדור. סיי דאָקטוירים, סיי רביים רעדן אויס דאָס האַרץ פון זייערע „קליענטן". און די טעראַפּעווטיק ווירקט מער ביי די, וואָס גלויבן מער אין דאָקטער אָדער אין רבין.

אַזוי אַרום, אַז פרויד האָט געהאַט זיינע פאַרגייער אין די רביים און ווער ווייס צי ער האָט זיך טאַקע נישט אינספּירירט אין זיי. פרויד דערציילט עס נישט אין זיינע ווערק, אָבער ווער ווייס!...

ס'איז אַן אנערקענטער פאַקט, אַז פּסיכאָאַנאַליטיקער היילן מענטשן. זיי באַהאַנדלען דאָס קאָלאָסאַלע קאַפּיטל פון קראַנקייטן פון דער נשמה, פון גייסט און דאָס איז פרוידס גרויסער־גרויסער אויפטו. וויפל מען זאָל זיין ווערק נישט קריטיקירן, וועט ער בלייבן אויף אייביק אַ צענטראַלע פיגור אין דער מעדיצין.

ער האָט, ווי קיינער נישט פאַר אים, געוואָגט אַריינצודרינגען טיף אינעם מענטשלעכן גייסט, אין דער מענטשלעכער נשמה און האָט דאָרטן געפונען, מעג־לעך צו זיין גרויסער איבעראַשונג, אַ נייע וועלט, אַ גאַנצע וועלט מיט אַ קאָ־לאָסאַלער גאַמע פון מענטשלעכע ליידן, צו וועלכע ער האָט אויך געשאַפן די רפואה, אַ רפואה וואָס באַשטייט פון ווערטער, פון עצות, פון לאָזן „אויסריידן זיך" דעם מענטשן און אים העלפן זיך באַפרייען פון באַהאַלטענע ליידן, וואָס קיינער דערציילט נישט קיינעם און דערפאַר גראָבן זיי אונטער דאָס געזונט.

די קליענטור פון די פּסיכאָאַנאַליטיקער איז זייער גרויס אין צאָל. דאָס זע־נען די נישט־צוגעפּאַסטע. די, וואָס זענען אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט די טויזנט און איינס פּראָבלעמען און שוועריקייטן פון דער געזעלשאַפט. די סיבה פון די אַלע קאָנפליקטן איז גאַנץ אָפט דאָס אַפעקטיווע לעבן — די ליבע און די גרויסע צאָל מענטשלעכע פּראָבלעמען.

דערפאַר האָט פרויד אַזוי גרינטלעך געפאָרשט דאָס געשלעכט און זיינע פּראָבלעמען. ער האָט אַוועקגעשטעלט אָן אַ שיעור דערשיינונגען אין מענטשלעכן לעבן אונטער דער ספערע פון געשלעכט.

סעקסועלע דערציאונג וואָלט געווען אַ פּרעווענטיווע באַהאַנדלונג, וואָס וואָלט אויסגעמיטן שפּעטערדיקע פּראָבלעמען און שוועריקייטן ביים מענטשן.

הגם קיינער פאַר פרוידן האָט נישט געלייקנט די וויכטיקייט פון געשלעכט אין לעבן פון מענטשן, איז עס נאָך אים דערהויבן געוואָרן צו אַן ענין פון דער ערשטער וויכטיקייט. דאָס געשלעכט, קומט־אויס, איז דער מאָטאָר, וואָס „באַ־וועגט די וועלט".

הינטער דעם געשלעכט שטייט דער מעכטיקער אינסטינקט צו פאַראייביקן דעם מין. דאָס געשלעכט ווערט געטריבן פון דעם דאָזיקן אינסטינקט, וועלכער גיט אים נישט קיין מנוחה.

ביי די חיות איז דער זעלביקער אינסטינקט נישט ווייניקער מעכטיק און די ליבע נישט ווייניקער ליבע. אָבער ביי זיי איז דער דאָזיקער אינסטינקט רעגולירט פון עפּעס אַ געהיימען כוח, וואָס האָט פאַרלוירן זיין השפעה אויף דעם ציוויליזירטן מענטשן. דער זעלביקער כוח האָט יאָ אַ השפעה אויף דעם פּרימי־טיוון, נישט ציוויליזירטן מענטשן. דערפאַר איז נישט נייטיק, נישט ביי דעם לעצטן און נישט ביי די חיות, קיין סעקסועלע דערציאונג...

אָבער אונדזער ציוויליזירטער מענטש האָט אין דער הינזיכט פאַרלוירן אָדער באַוווסטזיניק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָנטראָל, די רעגולאַציע פון דעם דאָ־זיקן אינסטינקט.

אָבער וואָס איז דער אינסטינקט? פון וואַנען קומט ער, וואָס איז ער אייגנט־לעך? דאָ זענען מיר צוגעקומען צו אַ מאָמענט אין דער וויסנשאַפט, וואָס מיר קענען נישט פאַרשטיין און דערקלערן. דאָ ענדיקט זיך דער מענטשלעכער פאַר־שטאַנד און עס דאַרף זיך אָנהייבן דער גלויבן אין אַ העכערער מאַכט, צו וואָס מיר וועלן קיינמאָל נישט דערגיין!

די, וואָס גלייבן, די רעליגיעזע מענטשן, די רעליגיעזע פאָרשער, שטעלן זיך דאָ אָפּ און גייען נישט ווייטער. אָבער די אפּיקורסים, די כופרים, גריבלען און נישטערן ווייטער... און — הלוואַי זאָל זיי גאָט העלפן!...

## קאַפּיטל XXIX

# געבורט־קאָנטראָל

## 1

אויב היינט איז באַך נישט די צייט, וועט זיכער קומען אַ צייט — און אפשר נישט שפּעטער ווי מיט אַ פּאָר דורות — אין וועלכער דאָס באַגרענעצן די געבורטן וועט ווערן אַ מוז. ווייל אויב נישט, קאָן קומען אַזאַ איבערבאַפעל־קערונג, אַז אונדזער ערדקויגל וועט בלי גוזמא ווערן צו־קליין פאַר אַזוי פיל מענטשן.

דאָס באַגרענעצן די צאָל קינדער איז שוין סיי ווי אין פולן גאַנג אין אונ־דזער תקופה, אָבער דאָך מערקט זיך אַ פאַרמערונג פון דער באַפעלקערונג אין

פאַרשידענע לענדער. גלייך עס וואָלט נישט האָבן געווען קיין צווייטע וועלט־מלחמה מיט אַזוי פיל הריגות.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מלחמות זענען נישט קיין נויטווענדיקייט פאַר דער „היגיענע און דעפוראַציע פון די פעלקער", ווי עס האָט זיך אין זיין צייט אויסגעדריקט אַ פאַשיסטישער איטאַליענישער פּאָעט, וואָס האָט אונדז באַזוכט בשעת דעם וועלט־קאָנגרעס פון די פּען־קלובן.

מלחמות פאַרמינערן נישט גענוג די באַפעלקערונג. זיי טוען עס יאָ, אָבער עס זעט זיך נישט אָן, אַזוי גרויס איז דער צווווקס נאָך יעדער מלחמה.

אָבער די היינטצייטיקע סיבות פון דער איבערבאַפעלקערונג זענען די אַלטע לייט, וואָס שטאַרבן נישט... די פלעמינגס און די וואַקסמאַנס זענען עס די, וואָס האָבן גורם געווען, אַז אַלטע לייט זאָלן נישט שטאַרבן; אָדער אַנדערש געזאָגט: אַז מענטשן זאָלן נישט שטאַרבן פאַר דער צייט.

ווען־זשע איז יאָ די צייט פון שטאַרבן? ענטפערן מיר: דעמאָלט, ווען מען שטאַרבט מיט אַ נאַטירלעכן טויט. דאָס לעצטע מיינט ביי די ניינציק יאָר, אומגעפער, און נישט ביי די 120, וואָס האָט זיך פאַרוואָלט אונדזערע עלטער־באָבעס... ווען מען וועט נאָך אויסגעפינען די רפואה צו עטלעכע אָפטע קראַנקייטן (קאַנסער און האַרץ־קראַנקייטן) וועט די געוויינלעכע עלטער פון שטאַרבן מיט אַ „נאַטירלעכן" טויט זיין ביי די 90 יאָר. עס וועלן נישט בלייבן קיין קראַנקייטן, פון וועלכע צו שטאַרבן...

די ציפער 90 יאָר האָב איך נישט גענומען ביי קיין שום מחבר. דאָס איז דער רעזולטאַט פון מיין אַנאַליז פון דעם מענטשנס לעבן און ליידן אין אונדזער תקופה. מיינע לייענער, וואָס זענען היינט אַלט ביי די 20 יאָר, וועלן שפּעטער מיט אַ 70 יאָר קאָנען זאָגן, צי איך בין געווען גערעכט...

כדי צו פאַרשפּרייטן צווישן מיינע לייענער די תורה נישט נאָר צו באַגרעצן די צאָל קינדער, נאָר אויך אין אַ געוויסער מאָס, אַז ס׳זאָלן האָבן קינדער די, וואָס האָבן נישט, וועלן מיר זיי היינט אַריינפירן אין אַ וועלט, פון וועלכער די געוויינלעכע מענטשן האָבן אַ קליינע אַנונג, ווייל עס זענען די סודות, וואָס די מאַמע נאַטור האָט זייער טיף באַהאַלטן פון אַ מענטשלעך אויג און פון מענטשלעכער חכמה.

אָבער זיין מאַיעסטעט דער מענטש, אין זיין אומדערמידלעכער און אומבאַגרענעצטער בייגערקייט — לאָמיר זאָגן וויסנשאַפטלעכער בייגעריקייט — וויל אַריינדרינגען אין דעם סאַמע טיפסטן שויס פון דער נאַטור. און ער טוט עס טאַקע און אָפטמאָל מיט דערפאָלג.

מיר וועלן היינט זיך באַקענען מיטן סוד פון באַהעפטונג, געבורט, באַפרוכ־פערונג און פון מענטשלעכן מין וכדומה נאָך אַזעלכע קלייניקייטן...

ווען אַ פּאָרל האָט חתונה, געשעען צוויי זאַכן: אָדער עס קומען צופיל קינ־דער און זיי זוכן מיטלען דאָס אויסצומיידן, אָדער עס קומען אינגאַנצן נישט קיין קינדער און זיי זוכן מיטלען, אַז זיי זאָלן יאָ קומען. איןביידע פאַלן איז די סיטואַציע זייער אַ פּיינלעכע און ביידע זאַכן פאַרביטערן און באַשווערן דאָס לעבן.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער, לאָמיר פאַרשרייבן כאָטש איין מעשהלע פון יענעם פּאָרפּאָלק, וואָס איז געגאַנגען צום דאָקטאָר בעטן אַ מיטל קעגן פאַר־שוואַנגערן.

אַזאַ פּאָרל האָט דער דאָקטאָר פאַרשריבן, ווען זיי האָבן זיך וועגן דעם צו־אים געווענדט — אַ גלאָז וואַסער מיט אייז.

— ווען דאַרף איך דאָס איינגעמען? — פרעגט די דאַמע מיט זייער אַן ערנסטער מינע אויפן פּנים — פאַר צי נאָך דעם?...

— נישט פאַר און נישט נאָך, נאָר אַנשטאָט — האָט דער דאָק־טאָר געענטפערט מיט אַ ליבלעכן שמייכל...

***

דער זייער וויכטיקער און זיכערער פאַקט, אַז די פרוי קאָן נישט באַפרוכ־פערט ווערן אַלע טעג פון חודש, איז באַקאַנט געוואָרן פאַר דער מעדיצין צוריק מיט געציילטע יאָרן. צו דעם איז מען דערגאַנגען נאָך אַ שווערער און מיזאַמער־רייע פאָרשונגען און אַנקעטעס ביי פרויען.

פאַר די דאָזיקע פאָרשונגען האָט מען געמיינט, אַז די פרוי קאָן באַפרוכ־פערט ווערן אַלע טעג פון חודש. עס איז נישט באַקאַנט געווען דער זייער קאָמ־פּליצירטער מעכאַניזם, ווי אַזוי דער אייערשטאָק (אָוואַריאָ) ביי דער פרוי „לייגט״ דאָס אייעלע (אָוווּלאָ) און אויך נישט דער ריטם פון דעם געבוירן ווערן פון די אייעלעך אין אייערשטאָק און די קאָמפּליצירטע און אַזוי אינטערעסאַנטע וויר־קונג פון די פרויאישע האָרמאָנען אויף דעם פּראָצעס.

די חכמים־היגיעניסטן פון אונדזער תלמוד האָבן לכל הדעות אָדער יאָ עפּעס געוווּסט פון די דאָזיקע טיפע געהיימענישן פון אונדזער נאַטור אָדער האָבן עס חושד געווען. דערפאַר האָבן זיי פאַרבאָטן די געשלעכטלעכע באַציאונגען אין די ימי־נידה, ווייל די קינדער פון אַזעלכע באַציאונגען וועלן זיין בני־נידה — אָן דעם מיר זאָלן וויסן געווי, וואָס פאַראַ קינדער עס וואָלטן געווען די דאָזיקע. די ימי־נידה זענען די טעג, וואָס קומען באַלד נאָך דער מענסטרואַציע און לויט

די מאָדערנע פאָרשונגען זענען דאָס גראָד די טעג, אין וועלכע די פרוי קאָן נישט מעוברת ווערן. דאַרפן מיר טראַכטן, אַז דער פאַרבאָט פון די באַציאונגען אין די דאָזיקע טעג איז געקומען טאַקע דערפאַר, ווייל עס וועט פון דעם קיין פּרוכט (קינד) נישט אַרויסקומען, הייסט עס שוין נישט מקיים זיין די מצווה פון פּרו ורבו...

דער דורכפאַל פון אַלע פאָרשער און אַלע פּרוּוון צו פאַרמיידן דאָס שוואַנגערן אין פאַבריקן יאַרהונדערט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס מען האָט געמיינט, אַז די אייעלעך ווערן „געלייגט” פון אייערשטאָק בשעת די רעגלען.

היינט איז גענוי באַשטעטיקט געוואָרן, אַז די אייעלעך ווערן געלייגט פּונקט אין דער מיט צווישן איין רעגל און דער צווייטער. פּונקט אין מיטן זמן.

די פאָרשונגען, וואָס זענען אָנגעפירט געוואָרן פאַר און בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן דערפירט צו גענויע דערקענטענישן אויף דעם געביט. עס זענען אויסגעפרעגט געוואָרן אַ סך יונגע פרויען, וועמענס מענער זענען געווען מאָביליזירט און וואָס זענען אַהיימגעקומען מיט אורלויב אויף נאָר געציילטע טעג.

ווען דער מאַן איז אַהיימגעקומען די לעצטע וואָך פון זמן — מיר וועלן אָנרופן זמן דעם פּעריאָד צווישן צוויי מענסטרואַציעס — איז די פרוי קיינמאָל נישט פאַרגאַנגען אין טראָגן. ווייסן מיר שוין, הייסט עס, לכל הפחות גאַנץ גענוי, אַז די טעג פאַר דער מענסטרואַציע זענען אומפּרוכטבאַרע.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער, לאָמיר זיך באַקענען אַביסל מיט דער וווּנדערלעכער מיסטעריע, מיט דעם ווונדערלעכן מעכאַניזם וואָס שאַפט דאָס לעבן פון אַ מענטש.

דאָס לעבן קומט אַרויס פון דער באַהעפטונג פון דער מענלעכער זריעה מיט דעם ווייבלעכן אייעלע, וואָס ווערט „געלייגט” פון דעם אייערשטאָק.

דאָס קאָן נאָר פאָרקומען פון דעם געשלעכטלעכן צוזאַמענלעבן פון מאַן און ווייב. וועלן מיר זאָגן, אַז דער מאַן באַפּרוכפּערט די פרוי און די זרע באַהעפט זיך מיט דעם אייעלע.

דאָס וואָרט „באַהעפטן” איז ביבליש. דאָס וואָרט געהערט אויך מער צו דער פּאָעזיע ווי צו דער פּראָזע. עס איז נישט קלאָר זיין גענויע באַדייטונג. עס וואָלט געמיינט דעם צוזאַמענקום פון צוויי עלעמענטן למען זייער אַ געהויבענעם און העכערן צוועק, אַ נאָבעלן צוועק אויסגעטאָן פון אַלע ערדישע מחשבות און אינטערעסן. לויטער לשם שמים — וואָלט עס געהייסן. און ווירקלעך, פון דעם וועט דאָך אַרויסקומען אַ ניי לעבן, אַ נייער בעל־חי, גאָטס אַ באַשאַף!

אין נאָרמאַלע באַדינגונגען ווערט צייטיק און אימשטאַנד זיך צו באַהעפטן

מיט דער מענלעכער זרע נאָר איין פרויאיש אייעלע יעדן זמן, בעת יעדע פּאָלוציע פון מענלעכער זרע פון איין מאָל אַנטהאַלט פון 300 ביז 400 מיליאָן זריעה (ספּערמאַטאָזאָידן).

אַ טראָפּן זרע געזען דורכן פאַרגרעסערגלאָז פון מיקראָסקאָפּ ווייזט אַ ווונ־דערלעכן ספּעקטאַקל: אין אַ טראָפּן קלעפּיקער פליסיקייט שווימען אַרום מיליאָ־נען קעמערלעך זריעה (סעלולאַ כערמינאַטיוואַ), זייער עלעגאַנטע, באמת עלע־גאַנטע באַשעפעניש, וואָס באַשטייען פון דעם קאָפּ, אַ שיין אָוואַלמעסיק קעמערל מיט אַ לאַנגן און זייער דינעם עק. דער קאָפּ באַוועגט זיך און דער עק פּאָלגט אים נאָך ספּיראַלנמעסיק אָדער אין געבויגענע קיילעכדיקע פיגורן, קיינמאָל נישט אין אַ גלייכער ליניע. די עלעגאַנץ — איך דענק, אַז דאָס איז דאָס צוגעפּאַסטע וואָרט — פאַרכאַפּט דאָס אויג, אַזוי שיין איז דער ספּעקטאַקל פון אומצייליקע זריעהס מיט זייערע עקן וואָס מאַכן אַזעלכע באַוועגונגען, וועלכע מער, וועלכע ווייניקער. מען האָט דעם איינדרוק, אַז מען געפינט זיך שוין נאָענט צום לע־בעדיקן וועזן. אָבער באמת וועט דאָס דאָזיקע וועזן ערשט אַרויסקומען פון דער באַהעפטונג פון דעם עלעגאַנטן און באַוועגלעכן חתן — לאָמיר אים אַזוי אָנ־רופן — מיט דער כלה־אייעלע.

ווו קומט פאָר דער צוזאַמענטרעף פון דעם דאָזיקן פרימיטיוון ערשטן פּאָרל? דאָס קומט פאָר אין טראַכט פון דער פרוי־מוטער. דאָס איז די געבערמוטער, וואָס דיכטער רופן „דער מוטערס טראַכט״. עס איז אָבער אויך אַ טראַקט, דאָס הייסט, אַ וועג, אין וועלכן דער חתן, אָדער בעסער געזאָגט, די מיליאָנען חתנים, פאַרפאָלגן די צניעותדיקע בתולה־כלה און זי וועט זיך באַהעפטן מן הסתם מיטן שענסטן, עלעגאַנטסטן פון אַלע חתנים־זריעות, וואָס יאָגן זיך אַרום אויף דעם טראַקט אין דער געבערמוטער.

אַלע איבעריקע מיליאָנען זריעות ווערן פאַרפאַלן. דאָס איז לעבעדיקע זריעה, וואָס גייט לאיבוד, וואָס וועט מיט קיין אייעלעך זיך נישט באַהעפטן און קיין ניי לעבן וועט פון איר נישט אַרויסקומען. דאָס דאָזיקע געשעעניש האָט געמאַכט זאָגן דעם באַרימטן שפּאַנישן געלערנטן מאַראַניאָן — אין אַ פּובליקאַציע, אין וועלכער ער האָט פאַרטיידיקט דעם אַבאָרט, — אַז די נאַטור זעלבסט איז די ערשטע, וואָס טויט מיליאָנען וועזנס. פון יעדן איינעם פון די מיליאָנען ספּער־מאַטאָזאָידן וואָלט געקאָנט אַרויסקומען אַ לעבן און די מוטער־נאַטור דערלויבט עס נישט. זיי גייען פאַרלוירן.

עס איז נאָך אַ טיפער סוד דאָס געזעץ וואָס אָריענטירט דאָס אייעלע ביים אויסקלייבן דעם חתן. מען ווייסט אפילו נישט, צי דאָס אייעלע קלייבט בכלל. אפשר איז דאָס נאָר אַ קאַמף צווישן די חתנים. אין דער מענלעכער זריעה גע־

פינט זיך דאָך דער סוד פון דעם געשלעכט פון נייעם וועזן און די ירושה־שטריכן פון פאָטער. און ווער ווייס וויפל נאָך זאַכן און סודות עס געפינען זיך אין דעם עלעגאַנטן בחורל מיט זיין פיין געטאָקטן אָוואַלאידאַלן קעפּל און מיט זיין פיינעם דינינקען און זייער לאַנגן עק.

יעדער סוד, וואָס די וויסנשאַפט רייסט אַרויס ביי דער נאַטור, אַנטפּלעקט אַ גאַנצע ריי נייע סודות, וואָס דאַרפן ווייטער אויפגעקלערט ווערן. און ווען די לעצטע וועלן אַנטפּלעקט ווערן, וועלן דערשיינען נייע און אַזוי מן הסתם אָן אַ סוף. דאָ גרענעצט זיך דאָך, לויט דער מסורה, די מענטשלעכע פאַרשטענדעניש מיט דער חכמה פון דער נאַטור, אפשר די גאָטהייט אַליין, וואָס וועט קיינמאָל נישט דערלויבן דערגיין איר סוד אין זיין גאַנצן מהות, ווייל דאָס וואָלט דאָך געהייסן אַנטפּלעקן דעם בורא עולם אַליין...

אָבער לאָמיר צוריק אַראָפּנידערן צו אונדזער ראָמאַן צווישן חתן־כלה...

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז מיר ווייסן נישט די געזעצן ווי אַזוי און פאַר־וואָס און ווער עס ווענדט דאָס אייעלע, ווען עס באַהעפט זיך מיט זיין זיווג, די זריעה. עס קאָן זיין, אַז די באַהעפטונג קומט פאָר מיט דער זריעה, וואָס איז מער רירעוודיק, מער באַוועגלעך און דערגרייכט גיכער די העכערע טייל פון דעם טראַקט אין דעם טראַכט פון דער הייבמוטער. ווייל נישט אַלע זרעס האָבן די זעלביקע באַוועגלעכקייט. אונטערן מיקראָסקאָפּישן גלעזל זעט מען דאָס גאַנץ קלאָר.

אין דעם צוזאַמענטרעף פון אייעלע מיט דעם אָדער יענעם זרע־ספּערמאַ־טאָזאָיד ווערט באַשטימט דאָס געשלעכט פון דעם נייעם וועזן.

די זריעה, די מענלעכע, ברענגט אין זיך, אַנטהאַלט אין זיך דעם געשלעכט פון צוקונפטיקן וועזן, ווייל עס פליסן דאָרטן אַרום צווייערליי זריעות: די, וואָס וועלן ברענגען אויף דער וועלט אַ וועזן פון ווייבלעכן געשלעכט, טראָגן אין זיך אַזאַ מין קליינעם מיקראָסקאָפּישן קערפּערל, וואָס האָט דעם אויסזען פון אַ שטע־קעלע און וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קראָמאָסאָם איקס". די זריעות, וואָס האָבן נישט דעם קראָמאָסאָם איקס, וועלן ברענגען אויף דער וועלט אַ וועזן פון מענלעכן געשלעכט.

אויב דאָס אייעלע באַהעפט זיך מיטן ערשטן און בעסטן זאָמענדל, וואָס עס טרעפט אָן אויף זיין וועג, איז דאָס באַשטימען פון די געשלעכטער בלויז אַ צופאַל. אַזוי דענקט ה. ר. ב יי ק ע ר, דער גרויסער ענגלישער ביאָלאָג. און ער דערקלערט עס בזה הלשון:

„ביי די 500 מיליאָנען זריעה־קערנדלעך אָדער קערפּערלעך קעמפן צווישן

זיך צו דערגרייכן און זיך באַהעפטן מיט א יי ן אייעלע (אָװולאָ). זיי אַלע שווי־מען אַרום דעם אייעלע, ביז איינער פון זיי דערגרייכט עס.

אַז איר װעט אַריינטרייבן אין איין אָפּגעצוימטן שטח אַ טשערעדע, װו עס זענען אויסגעמישט הונדערט שוואַרצע און הונדערט ווייסע שאָף, זענען פאַראַן די זעלביקע פּראָפּאָרץ־מעגלעכקייטן, אַז עס זאָל פריער אַרויס אַ ווייסע אָדער אַ שוואַרצע שאָף. אָבער אויב עס זאָל געשען, אַז די ווייסע שאָף זענען לערך עט־וואָס מער באַוועגלעכער ווי די שוואַרצע, באַקומען זיי עטוואָס אַ גרעסערן שאַנס, אַז איינע פון זיי זאָל זיין די ערשטע אַרויסצוגיין. איז, לאָמיר זיך טאָקע פאָר־שטעלן, אַז די ווייסע שאָף זענען מער באַוועגלעך און לאָמיר איבערחזרן דעם עקספּערימענט עטלעכע הונדערט מאָל, וועלן מיר אויסגעפינען, אַז פאַר 110 מאָל, וואָס ס׳גייט אַרויס די ערשטע אַ ווייסע שאָף, וועט אַ שוואַרצע אַרויסגיין אַ הונדערט מאָל.״

עפּעס ענלעכס קומט פאָר מיט דער זריעה אין דער שויס פון דער הייבמו־טער אין איר דראַנג צו דערגרייכן דאָס אייעלע. מיר ווייסן גאַנץ באַשטימט, אַז די זריעה מיט קראָמאָסאָם איקס איז אַבסאָלוט אין דער זעלביקער פּראָפּאָרץ ווי די זריעה אָן קראָמאָסאָם איקס, און דאָך איז באַוווסט, אַז עס ווערט געבוירן אַ פּראָפּאָרץ יינגלעך לערך גרעסער ווי מיידלעך.

נאָך אַ געשלעכטלעכן פאַרקער בלייבט די מענלעכע זרע אין דער נידעריקער טייל פון פרויאישן געשלעכט־אָרגאַן (וואַכינאַ). פון דאַנען דאַרף די זריעה אַריינ־דרינגען אין דער הייבמוטער, ווייל די באַהעפטונג קומט געוויינלעך פאָר אין איר אייבערשטער אָדער מיטעלער טייל. די זרע דרינגט אַריין דורך דער נידע־ריקער עפענונג פון דער הייבמוטער (האָסיקאָ דע טענקא) אָדער פּשוט דעם האַלדז (קועזשאָ) פון דער הייבמוטער. ווען די זרע איז שוין אינעווייניק, דאַרף זי ווייי־טער קלעטערן אַרויף און זיך מאַכן אַ וועג אינמיטן דער פליסיקייט, וואָס פולט אויס דעם האַלדז פון דער הייבמוטער.

דאָס אייעלע מאַכט דורך אַ פאַרקערטן וועג — פון אויבן אַראָפּ. עס ווערט געבוירן פון אייערשטאָק, וואָס געפינט זיך אויבן, און ביי יעדער זייט פון דער הייבמוטער. פון אייערשטאָק דרינגט אַריין דאָס אייעלע (אָוולאָ) אין דער רער, וואָס פאַרבינדט דעם אייערשטאָק מיט דער הייבמוטער (טראָמפּאַ), און פון דער דאָזיקער רער פאַלט עס אַריין אין דעם חלל פון דער געבערמוטער, ווו עס פליסן אַרום די ספּערמאַטאָזאָאידן־זריעות און עס קומט פאָר די באַהעפטונג.

באַלד נאָך דער באַהעפטונג בלייבט דאָס באַפרוכפּערטע אייעלע צוגעקלעפּט צו דער וואַנט פון דער הייבמוטער און עס הייבט זיך אָן די אַנטוויקלונג און דאָס וואַקסן פון עמבריאָן.

באַלד נאָך דער באַהעפטונג קומען פאָר, אין אייעלע אַזעלכע ענדערונגען, אַז אַ צווייטע זרע קאָן שוין אויף דעם נישט האָבן קיין שליטה און קאָן עס שוין נישט באַפרוכפערן. די זעלטענע פאַלן פון צווילינגן און די נאָך זעלטענערע פאַלן פון דרייילינגן, פירלינגן און פינפטלינגן זענען די, אין וועלכע עס ווערן געבוירן עטלעכע אייעלעך מיט איין מאָל און יעדע איינע באַהעפט זיך מיט אַן אַנדער זרע. זייער־זייער זעלטן ווערט איין אייעלע באַפרוכפערט פון צוויי זרעס. דאָס זענען די מאָנאָוואָלאַרע צווילינגן.

## 2

ווען די זרע באַזיצט אַ גרויסע באַוועגלעכקייט, גייט דורך דעם גאַנצן טראַכט פון דער הייבמוטער און טרעפט זיך און באַהעפט זיך מיטן אייעלע, ווען עס געפינט זיך נאָך אין דער רער און האָט נאָך נישט באַוויזן דערגרייכן די הייבמוטער, קומט פאָר די פאַרבינדונג אויסער דער הייבמוטער, אין דער טראָמפּאָ (רער). דאָס זענען די באַקאַנטע פאַלשע פאַרבינדונגען (עמבאַראַסאָ עקסטראַאוטערינאָ), וואָס קאָן נישט דערגרייכן זיין פולע אַנטוויקלונג און שטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון דער מוטער, אויב מען אָפּעררירט נישט באַצייטנס. דער וויכטיקסטער סימפּטאָם פון אַזאַ פאַלשער פאַרבינדונג איז אַ בלוטונג פון דער הייבמוטער בשעת די פרוי שוואַנגערט (עס איז דאָך באַוווּסט, אַז בשעת דעם שוואַנגערן קומען נישט די רעגלען). אַזעלכע פאַלן ענדיקן זיך מיט אַן אָפּעראַציע, ביי וועלכער עס ווערט אַרויסגענומען די פאַרבינדונג אינאיינעם מיט דער רער (טראָמפּאָ).

די אַסטראָנאָמישע צאָל מענלעכע זרע איז אַ רעטעניש: מיליאָנען ספּערמאַטאָזאָידן צו באַפרוכפערן איין אייעלע! אַז דאָס איז אַ נויטווענדיקייט, באַווייזן די פאָרשונגען וועגן קינדערלאָזיקייט וועמעס סיבה געפינט זיך ביים מאַן. עס איז אָנגענומען, אַז אַ מאַן, וועמענס זרע אַנטהאַלט נאָר 20 מיליאָן קערפּערלעך (זריעה), — אַנדערע מחברים גיבן אָן די ציפער 40 מיליאָן — איז געוויינלעך פרוכטלאָז, דאָס הייסט, אַז ער קאָן קיין פרוי נישט באַפרוכפערן.

אייניקע פאָרשער באַהויפּטן, אַז דאָס אייעלע מאַכט אַן אמתע סעלעקציע, ביז עס באַהעפט זיך מיט איין זרע. די סיבות דערפון זענען אומבאַוווּסט. ווי אַזוי די סעלעקציע ווערט דורכגעפירט. נ י ע נ ד אָ ר פ ס טעאָריע שיינט צו זיין מער לאָגיש: ער זאָל האָבן פעסטגעשטעלט, אַז אַלע זרע־קערפּערלעך, וואָס בלייבן אַזוי צו זאָגן אָן אַ תיקון און דערגרייכן נישט זייער באַשערטע, זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזאַ מין פליסיקייט פון דער משפחה פון דער גלוקאָסע (צוקער), וואָס איז אַ נויטווענדיקייט, כדי דאָס באַפרוכפערטע אייעלע זאָל קאָנען לעבן און זיך אַנטוויקלען.

דאָך זענען פאַראַן אויסנאַמען, ווייל פון צייט צו צייט טרעפט מען אַ מאַן, וועמענס זרע אַנטהאַלט אַפילו ווייניקער פון 20 מיליאָן זריעות און דאָך האָט ער קינדער (אייגענע!).

ווען דער געשלעכטלעכער פאַרקער קומט פאָר אין די טעג פון זמן, אין וועלכן דאָס אייעלע געפינט זיך נישט אין וועג צו דער הייבמוטער, איז אַ סברה, אַז די זרע קאָן אַפילו נישט אַריינדרינגען אין דער הייבמוטער, בלייבט אונטן אין דער שייד און גייט, נאַטירלעך, לאיבוד.

עס איז אויך באַוויזן געוואָרן, אַז די זרע, וואָס באַזיצט נישט דעם „קראָמאָסאָם איקס״, איז מער באַוועגלעך, דאָס גיט איר די מעגלעכקייט צו דער־גרייכן דאָס אייעלע אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרץ ווי די אַנדערע. דערפאַר ווערן געבוירן עטוואָס מער ייִנגלעך ווי מיידלעך.

אין דער מערהייט אייראָפּעישע לענדער ווערן געבוירן אַרום 105 ייִנגלעך אויף יעדע הונדערט מיידלעך.

ביי די מענער, וואָס האָבן נישט רעגולערע און נישט אָפּטע געשלעכטלעכע באַציאונגען, פאַרמינערט זיך די צאָל ספּערמאַטאָזאָידן־קעמערלעך און זייער זרע און זייער פּרוכטבאַרקייט פאַלט. דאָס ווייבלעכע אייעלע איז אויך זייער קליין, אָבער עס איז גרעסער ווי דער מענלעכער קערפּער־זרע. אין אים קומען אַלע ירושה־שטריכן פון דער מוטער.

אַזוי אַרום, אַז מיר זענען אימשטאַנד צו זאָגן, אַז היינט־צו־טאָג עקזיסטירט נישט קיין מיטל צו ווירקן אויף דער געבורט פון מיידלעך אָדער ייִנגלעך. עס איז נאָך אַ זאַך, ביי וועלכער די נאַטור מיט אירע סודות געוועלטיקט פריי און אומגעשטערט פון מענטשן. עס קאָן אויך זיין, אַז ס׳איז גאָר קיין סוד נישטאָ דערביי; אַז עס איז בלויז אַזאַרד, צופאַל.

איך דערמאָן זיך דאָ, אַז איך האָב ערגעץ געלייענט וועגן אַ טעאָריע, וואָס זאָל געהערן צום באַרימטן מענדעל, דעם טשעכישן באָטאַניקער. די דאָזיקע טעאָריע וואָלט געזאָגט, אַז דאָס געשלעכט פון קינד איז דאָס זעלביקע ווי דאָס געשלעכט פון דעם מיטגליד פון פּאָרפּאָלק, וואָס האָט ווייניקער וויטאַליטעט, ווייניקער לעבנס־שאַנסן, איז ווייניקער געזונט. אויבנאויפיק שיינט עס צו זיין אַ לאָגישע טעאָריע, אָבער עס האָט נישט קיין ווּסנשאַפטלעכן גרונט אין היינטיקן צושטאַנד פון די גענעטישע קענטענישן.

מען וועט קאָנען קאָנטראָלירן דאָס געשלעכט פון די קינדער דעמאָלט, ווען מען וועט קאָנען אָפּטיילן די זרע מיט קראָמאָסאָמען פון דער זרע, וואָס האָט זיי נישט. אַ מין פילטער, וואָס זאָל לאָזן אַריינדרינגען אין דער הייבמוטער די זרע מיט קראָמאָסאָמען, ווען מ׳וויל אַ מיידל, און די זרע אָן קראָמאָסאָמען, ווען

מ׳וויל אַ יינגל. בייקער דענקט, אַז מיר וועלן דאָס אַמאָל דערגרייכן, ווייל עס איז אַ סברה, אַז די זרע, וואָס ברענגט מיידלעך אויף דער וועלט, איז עטוואָס גרעסער ווי די זרע, וואָס ברענגט יינגלעך (*).

פאַרשידענע פאָרשער, צווישן זיי בייקער, זענען זייער אַריינגעטאָן אין דעם דאָזיקן פּראָבלעם. עס איז נאָך אַ פראַגע, צי דער טאָג, ווען דאָס וועט אויפגעקלערט ווערן, וועט נישט זיין קיין גרויסער אומגליק פאַר דער מ׳ענטשהייט. איך דענק, אַז עס איז אַ גליק, וואָס אַזאַ דעליקאַטער ענין ווי באַשטימען דאָס געשלעכט פון בעל־חי געפינט זיך נאָך נישט אין מענטשלעכע הענט. מען וויל כלומרשט מיט דעם לייזן די נישט באַזונדערע וויכטיקע פּראָבלעמען פון איינצלנע פאַרפעלקער, וואָס האָבן נאָר יינגלעך און וואָלטן געוואָלט האָבן אַ טאָכטער, אָדער פאַרקערט, אַזעלכע עלטערן וואָס ווילן זיך באַזאָרגן כאָטש מיט איין קדיש... איך דענק, אַז דערווייל וועט זיין געזינטער, אַז דאָס וועט בלייבן ביי דעם בורא עולם אין די הענט אָדער גאָר ביים צופאַל.

ח. ר. בייקער, וועלכער האָט געווידמעט די דאָזיקע נאַטור־סודות אַ סך יאָרן אַרבעט, זאָגט: „עס איז פאַר אונדז אַנגעטלעך דער געדאַנק, אַז אין דער מוטערס טראַכט זאָלן אַרומוואַנדלען 250 מיליאָנען זרע־פעדעם, וואָס קאָנען ברענגען יינגלעך אויף דער וועלט, און נאָך אַזאַ צאָל, וואָס שאַפט מיידלעך, און מיר זאָלן נישט קאָנען ווירקן אויף דעם אויסקלייב, און דאָס דאַרפן אינגאַנצן איבערלאָזן פאַרן צופאַל, פאַרן אַזאַרד. און עס איז פאַר אונדז נאָך פּיינלעכער דער פאַקט, וואָס עס זענען פאַראַן אַ סך עלטערן, וואָס זענען פאַרצווייפלט, ווייל זיי ווילן האָבן אַ קינד פון אַ באַשטימטן סעקס, און עס זענען פאַראַן דאַרטן מיליאָנען זריעות, וואָס געהערן צו דעם געגאַרטן געשלעכט, און מיר זאָלן די דאָזיקע עלטערן נישט קאָנען באַפרידיקן״.

בייקער האָט נישט מורא, אַז דאָס דאָזיקע זאָל אריינפאַלן אין מענטשלעכע הענט. פאַרקערט, ער זעט אין דעם נאָר גוטע שאַנסן פאַר דער מענטשהייט. ראשית כל, זאָגט ער, וואָלט עס געווען אַ ברכה פאַר די עלטערן, וואָס האָבן נאָר יינגלעך אָדער מיידלעך און זיי ווילן שטאַרק אַ קינד פון אַנדערן געשלעכט. אָבער די נאַציע וואָלט אויך מיט דעם געווונען: ווייל אין אַלגעמיין איז ווינטשנסווערט, עס זאָל זיין די זעלביקע צאָל מענער ווי פרויען. אין לעבן איז דאָס אָבער נישט אַזוי: הגם די צאָל יינגלעך איז געוויינלעך גרעסער ווי די צאָל מיידלעך,

(*) בנוגע מסכתה נידה (ל״א ־ ע״א): „אמר ר׳ יצחק אמר רבי אמי אשה מזרעת תחילה יולדת זכר איש מזריע תחילה יולדת נקבה״ וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פאַנטאַסטישע נאַרישקייט און איז נאָך אַ באַווייז, ווי אָרעם די מעדיצינישע קענטעניש זענען געווען אין יענער צייט.

זענען אָבער די ערשטע שוואַכערע און קינדווייז ווייניקער לעבנספעאיק. חוץ דעם זענען די יונגע לייט מער אויסגעשטעלט צו אַקצידענטן און מלחמות און באַוו ייזן סיי ווי אַ נייגונג צו שטאַרבן יונג אַפילו אָן אַקצידענטן. אַזוי אַרום, אַז תמיד קומט אויס, אַז עס זענען פאַראַן מער יונגע פרויען ווי מענער און אַ סך פרויען בלייבן דערפאַר נישט חתונה־געהאַטע זייער גאַנץ לעבן. ביי די 19 יאָר איז די צאָל מיידלעך תמיד העכער ווי די צאָל מענער. אין 1921 — זאָגט ווייטער בייקער — זענען געווען 118 פרויען צווישן די 20 און 24 יאָריקן עלטער קעגן 100 מענער פון דער זעלביקער עלטער, און 120 פרויען צווישן 25 און 29 יאָר קעגן 100 מענער אין די זעלביקע יאָרן.

ווען מען אַנאַליזירט דעם מענטשלעכן מין אין די עלטערע יאָרן, באַמערקט מען וואָס אַמאָל אַ גרעסערע פּראָפּאָרץ פרויען. ביי די 85 יאָר זענען פאַראַן 205 פרויען אויף יעדע 100 מענער (פון קארסאנדערס און קאראדאָג זשאָנעס: „די סאָציאַלע סטרוקטור פון ענגלאַנד און וועלס״, אָקספאָרד, 1927).

נישטאָ דערווייל קיין האָפענונג צו באַשטימען דעם סעקס פון דעם קינד, וואָס מיר ווילן האָבן.

***

ווען מיר איצט פרווון דערקלערן, ווי אַזוי נישט צו האָבן קינדער, ווען מיר ווילן נישט, און ווי אַזוי יאָ צו האָבן, ווען מיר ווילן זיי און האָבן זיי נישט.

ווי באַוווסט, איז ביים מענטשלעכן מין דער זכר תמיד גרייט בייצוטראָגן זיין חלק צום געבאָט פון פרו ורבו. ער, דער גליקלעכער זכר, איז תמיד ווילִיק, תמיד גרייט, בייטאָג און ביינאַכט, יעדן טאָג און יעדע נאַכט פון גאַנצן חודש און פון אַ גאַנץ יאָר.

מסתמא איז עס ביים פרימיטיוון מענטש אַמאָל געווען ווי ביי די חיות, וואָס זענען נאָר גרייט צו דעם דאָזיקן געבאָט פון דער נאַטור אין געוויסע פעריאָדן פון חודש אָדער פון יאָר. דאָס זענען ביי זיי די אַזוי גערופענע פעריאָדן פון גלוסטעניש אָדער, איבערזעצנדיק דאָס געהעריקע שפּאַנישע וואָרט — פעריאָדן פון רייצונג אָדער אייפער. אָבער אונדזער ציוויליזירטער היינטצייטיקער מענטש האָט אויסגעפונען, אַז דער דאָזיקער געבאָט איז נישט נאָר אַ געבאָט, צו וועלכן מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן — און ער טוט עס מיט פאַרגעניגן — נאָר עס איז אויך אַ באַשטימטע אייגנאַרטיקע הנאה, די הנאה פון פלייש, דער יום־טוב פון די געפילן.

און וואָס אָפטער דער מענטש פראַקטיצירט און פאַרווירקלעכט דעם דאָזיקן געבאָט, וואָס איז, חוץ אַלעם, ביי אונדז יידן, איינער פון די תרי״ג מצוות, ווערט ער פרוכטבאַרער און זיין זרע איז רייכער אין זריעה.

אין אַנדערע ווערטער: דער זכר איז צו יעדער מינוט אימשטאַנד און וויליק צו זיין פּרוכטבאַר און באַפּרוכפּערן די פרוי. מיט דער לעצטער איז אָבער נישט אַזוי. די פרוי „לייגט" נאָר איין מאָל אין חודש דאָס אייעלע און נאָר דאַן קאַן זי זיין פּרוכטבאַר און בייטראָגן איר חלק פאַר אַ נייַ לעבן. נאָר איין מאָל אין זמן לייגט זי איין אייעלע און דאָס דאָזיקע מוז זיך אין געציילטע שעהן אָנ־טרעפן מיט זיין זיווג, דער מענלעכער זרע, און זיך מיט אים באַהעפטן, אויב נישט ווערט עס „קאַליע" — לאָמיר זאָגן — און איז שוין נישט אימשטאַנד זיך צו באַהעפטן. עפּעס ענלעכס פּאַסירט מיט דער מענלעכער זרע: אויב זי באַקומט נישט איר תיקון אין אַ לערך 2 ביז 3 טעג, פאַרלירט זי איר פעאיקייט צו באַ־פּרוכפּערן דאָס אייעלע.

דאַרף אַזוי אַרום יעדע פרוי קענען אויסרעכענען, וועלכן טאָג אין זמן זי וועט לייגן איר אייעלע און אין די דאָזיקע טעג זיך נישט קריגן מיט איר מאַן און פאַרמערן די געשלעכטלעכע באַציאונגען. דאָס ווערט געזאָגט פאַר די פרויען, וואָס האָבן נישט קיין קינדער און ווילן האָבן. די אַנדערע, די, וואָס האָבן שוין קינדער און ווילן אויסמיידן נייע קימפּעטן, דאַרפן אין די טעג אויסמיידן דעם מאַן, ווי אַ שטייגער פייער מיידט אויס וואַסער...

ווען דער מאָנאַטלעכער ריטם פון די רעגלען איז אַבסאָלוט נאָרמאַל במשך אַ לאַנגער צייט, דאָס הייסט, אַז די צאָל טעג, וואָס ציילן זיך פון דעם אָנהייב פון איין מענסטרואַציע ביז דעם אָנהייב פון דער צווייטער, איז אַבסאָלוט די זעלביקע במשך אַ לענגערער צייט, דערשיינט דאָס אייעלע אין איר טראַכט אומ־געפער אָדער כמעט דעם זעלביקן טאָג פון יעדן זמן. דאָס דאָזיקע קומט פאַר ביי איר יעדן זמן צווישן צוועלפטן און זעכצנטן טאָג פאַר דעם דאַטום פון דער רעגל, וואָס דאַרף קומען ביי איר ענדע דעם זמן.

אין איינעם פון די דאָזיקע פינף טעג וועט זיכער דערשיינען דאָס אייעלע, וואָס מוז שנעל זיך באַהעפטן מיט דער פרישער זריעה.

דאָס אַלעס איז געזאָגט פאַר פרויען מיט אַבסאָלוט נאָרמאַלע זמנים. דאָס איז נישט אַזוי אָפט און ווייזט אויס נישט אַזוי פּשוט. איז דער ריטם פון די רעגלען נישט נאָרמאַל, איז שוין שווערער אויסצורעכענען וועלכע עס זענען די פּרוכטבאַרע טעג.

די פרוי דאַרף במשך אַ גאַנץ יאָר שטודירן דעם ריטם פון אירע רעגלען, פאַרשרייבן יעדן חודש דעם דאַטום פון דעם ערשטן טאָג פון יעדער מענס־טרואַציע.

קרעמפּעלס סכעמע איז גאַנץ צוגענגלעך און פּראַקטיש: אַ באַשטימטע פרוי האָט געענוי פאַרשריבן, במשך אַ יאָר אָדער ווייניקער, וויפל טעג עס האָבן געדויערט אַ צענדליק זמנים, ד"ה פון דעם ערשטן טאָג פון איין מענסטרואַ־

ציע ביז דעם ערשטן טאָג פון דער צווייטער. זי וועט אויסגעפינען, למשל, אַז די קירצסטע זמנים האָבן געדויערט 26 טעג. 7 = 19 — 26. זיבן דאָס איז די צאָל טעג, וואָס די דאָזיקע פרוי וועט זיכער זיין אומפּרוכטבאַר נאָך דעם אָנהייב פון דער רעגל. ווען דער זמן איז נאָך קירצער, 23 טעג, צום ביישפּיל, וועט זי זיין אומפּרוכטבאַר 4 = 19 — 23, ד״ה 4 טעג נאָך דעם אָנהייב פון יעדן זמן.

ווען דער זמן איז לענגער, צום ביישפּיל, 30, דאַרף מען אַראָפּרעכענען 10. 20 = 10 — 30, ד״ה 20 אומפּרוכטבאַרע טעג זינט דעם ערשטן טאָג פון דער לעצטער מענסטרואַציע. אַ צווייטער ביישפּאַל: אויב דער לענגסטער זמן איז פון 33 טעג, וועט דאָס פאַרשוואַנגערן נישט מעגלעך זיין ביז 33 ווייניקער 10 טעג זינט דעם ערשטן טאָג פון דער לעצטער רעגל.

דער פּרוכטבאַרער פּעריאָד איז יענער, אין וועלכן דאָס אייעלע ווערט גע־לייגט און נידערט אַראָפּ אין דער הייבמוטער, וו עס וועט זיך אָנטרעפן מיט דער מענלעכער זרע. אין אונדזער לעצטע ביישפּיל הייבט ער זיך אָן 23 טעג נאָך דעם ערשטן טאָג פון דער לעצטער מענסטרואַציע. פון די 23 דאַרף מען אַראָפּרעכע־נען 3 און עס בלייבן אַזוי נאָר 20 אומפּרוכטבאַרע טעג, ווייל ווען דאָס אייעלע דערשיינט אין דער הייבמוטער, דאַרף זיך עס שוין אָנטרעפן מיט דער זרע, וועל־כע דאַרף אויף אים „וואַרטן״, אַזוי צו זאָגן. דער געשלעכטלעכער פאַרקער דאַרף זיך אַזוי אַרום אָנהייבן דריי טעג פאַר דעם, וואָס דאָס אייעלע וועט דערשיינען. עס איז אָנגענומען, אַז עס קאָן געדויערן 3 טעג ביז די זרע עמיגרירט פון דער שייד אַרויף צו דער הייבמוטער. די דאָזיקע 3 טעג האַלט אָן די זרע איר פעאי־קייט צו באַפּרוכפּערן.

עס איז פאַראַן נאָך אַ וויכטיקער סימן, דורך וועלכן מען קאָן דערקענען דעם טאָג ווען די פרוי „לייגט זיך״ (ווען אַ הון לייגט אַן איי, זאָגט מען, אַז זי האָט זיך געלייגט, טאָ פאַרוואָס זאָל מען עס נישט קאָנען זאָגן פון אַן אַנדער בעל־חי, די פרוי, למשל?) — דעם טאָג, ווען די פרוי לייגט דאָס אייעלע, הע־כערט זיך ביי איר די טעמפּעראַטור: מען דאַרף מעסטן די טעמפּעראַטור יעדן פרימאָרגן אויפן ניכטערן מאָגן, איידער מען גייט אַראָפּ פון בעט. געוויינלעך ווייזט דער טערמאָמעטער 36,5 עטוואָס מער אָדער ווייניקער. אין אַ געווויסן טאָג, אומגעפער אין מיטן זמן, וועט מען אויסגעפינען, תמיד אויפן ניכטערן מאָגן, נאָך אין בעט, אַז דער טערמאָמעטער ווייזט 37,1 אָדער 37,2. דאָס איז אָן צווייפל דער טאָג, ווען דאָס אייעלע הייבט זיך אָן באַוועגן אין דער ריכטונג צו דער הייבמוטער און עס הייבן זיך אָן די געציילטע פּרוכטבאַרע טעג פון זמן.

די דאָזיקע זאַכן זענען גרינגער אויסצורעכענען וואָס נאָרמאַלער די רעגלען דערשיינען. דאָס הייסט אויך נאָרמאַלע ציקלען אָדער זמנים, ווי מיר רופן זיי. ביי אַזעלכע פרויען דערשיינט דאָס אייעלע אומגעפער אין די זעלביקע טעג יעדן

חודש, ד״ה צווישן 12טן און 16טן טאָג פאַר דעם ערשטן טאָג פון דער קומענדיקער מענסטרואַציע. מיר חזרן איבער, אַז ביי די קירצערע זמנים דאַרף מען אַראָפּרעכענען 19 און ביי די לענגערע 10 און מען באַקומט אַזוי די צאָל אומפּרוכטבאַרע טעג, ציילנדיק פון דעם ערשטן טאָג פון דער לעצטער מענסטרואַציע.

אַזוי אַרום איז אין יעדן זמן פאַראַן צוויי פּעריאָדן, וואָס זענען זיכער אומפּרוכטבאַר. דאָס זענען די ערשטע און די לעצטע טעג פון זמן. צווישן זיי ביידע געפינט זיך דער קורצער פּעריאָד, וואָס איז זיכער פרוכטבאַר און וואָס איז אויסגערעכנט אין 5 טעג פּלוס 3, וואָס לויפן פּאַר די 5, קומט אויס 8 פרוכטבאַרע טעג. די 3 זענען די, אין וועלכע די באַציאונגען דאַרפן זיך אָנהייבן, כדי דאָס אייעלע זאָל זיך אָנטרעפן מיט דער זרע, ווען עס דערגרייכט די הייבמוטער. עס קומט אויס, אַז די זרע „וואַרט״ אויף דעם אייערע אין דעם חלל פון דער הייבמוטער.

די פאָרמולע „1910״, אָדער 19־ און 10־ אַראָפּצורעכענען פון די קירצערע אָדער לענגערע זמנים. און וועלכע עס וועלן זיין די קירצערע אָדער לענגערע, וועט די פרוי זיך דערוויסן נאָכדעם ווי זי וועט אַ גאַנץ יאָר צייט פאַרשרייבן פּינקטלעך דעם דאַטום פון דעם ערשטן טאָג פון יעדער מענסטרואַציע. אין דעם פאַל האָט נישט קיין וויכטיקייט, צי די מענסטרואַציע געדויערט מער אָדער ווייניקער טעג.

דער דאַטום, ווען די פרוי „לייגט זיך״, קאָן באַאיינפלוסט ווערן דורך אַ סך פאַרשידענע געשעענישן. דאָס איז אויך איינע פון די פיל סיבות, וואָס באַשווערן דאָס אויסרעכענען וועלכע ס׳זענען די פרוכטבאַרע טעג: די קראַנקייטן, שאַרפע אָדער כראָנישע, די איבעראַרבעט, וואָס ברענגט פאַרמאַטערונג, שטאַרקע עמאָציעס, דאָס בייטן זיך פון קלימאַט וכדומה, דאָס זענען אַלץ סיבות, וואָס שטערן די רעגולערע און ריטמישע דערשיינונג פון אייעלע אין דער הייבמוטער. דאָס זענען איבערהויפּט די נערוועזע פרויען, די, וואָס זענען מער אויסגעשטעלט פאַר די דאָזיקע שטערונגען און אומרעגלמעסיקייטן.

ווען די עמאָציע אָדער אַן אַנדער געשעעניש פון די אויסגערעכנטע קומט פאַר פאַר דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד, קאָן ער קומען פריער מיט אַ צוויי־דריי טעג; ווען דאָס קומט פאַר פונקט בשעת דעם זעלביקן פּעריאָד, קאָן ער זיך פאַרלענגערן אויף צוויי אָדער דריי טעג; ווען עס געשעט נאָך דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד, האָט ער נישט קיין איינפלוס אויף דעם זמן. אָבער ווען איינע פון די דאָזיקע געשעענישן קומט פאַר ערב דער מענסטרואַציע, קאָן עס באַאיינפלוסן דעם קומענדיקן זמן.

די פרויען וואָס זענען געלעגן אין קימפּעט און באַקומען מיט חדשים שפּעטער באַנייס זייערע רעגלען, דאַרפן זיין פאָרזיכטיק ביי זייערע אויסרעכענונגען.

עס זענען פאַראַן פאַרשער, וואָס דענקען, אַז ביי די דאָזיקע פרויען זענען אומ־פּרוכטבאַר נאָר די ערשטע 4 אָדער 8 טעג פון זמן.

פרויען, וואָס באַקומען זייערע רעגלען אַ לענגערע צייט נישט רעגלמעסיק, דאַרפן באַהאַנדלט ווערן פון אַ דאָקטאָר.

די געוויינלעכע מיטלען, וואָס ווערן באַנוצט צו פאַרמיידן דאָס פאַרשוואַנגערן, זענען אַלע מער־ווייניקער שעדלעך פאַרביידע מיטגלידער פון פאָרפאָלק. סוף־כל־סוף וועט מען זיי מוזן אויפהערן נוצן. זייערע קאָנסעקווענצן רופן זיך אָפּ זייער שעדלעך אויף דעם געזונט. זיי פאַרביטערן דאָס לעבן פון יונגע מענטשן און פיל פון זיי ווילן ליבער זיך אָפּהאַלטן פון געשלעכטלעכן פאַרקער, וואָס איז אויך נישט געזונט, און דאָס איז אויך נישט קיין לעבן. די אַבאָרטן זענען אַ שוידערלעכע זאַך, וואָס פּלאָגן דאָס געוויסן און שטעלן אין געפאַר דאָס גע־זונט און צומאָל דאָס לעבן פון דער פרוי. עס דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז דער אַבאָרט ווערט קיינמאָל נישט פּראַקטיצירט פון רעליגיעזע מענטשן פון אַלע רעליגיעס.

דאָס אויסרעכענען די פרוכטבאַרע און אומפרוכטבאַרע פעריאָדן פון זמן איז שווער און קאָמפּליצירט, אָבער עס איז מעגלעך, ווען מען איז פאָרזיכטיק און עס ווערט געמאַכט אויף דער באַזע פון אַ גאַנץ יאָר זעלבסטקאָנטראָל פון דער פרוי.

## 3

די תקופה, אין וועלכער מיר לעבן, כאַראַקטעריזירט זיך — און די שפּעטער־דיקע סאָציאָלאָגן וועלן דערפאַר פון אונדז נישט האָבן קיין זייער געהויבענע מיינונג — מיטן אַרטיפיציעלן, נישט־נאַטירלעכן, בעסער געזאָגט, אַנטינאַטיר־לעכן געבורט־קאָנטראָל.

אין אונדזער תקופה וויל מען נישט האָבן קיין קינדער און מ׳ען פּרוווט עס צו דערגרייכן מיט די שענדלעכסטע, אָפּשיילעכסטע און שעדלעכסטע מיטלען.

דערפאַר ווערן היינטיקע צייטן די פרויען אַלט, געקנייטשט, נערוועז און גרוי פאַר דער צייט און די מענער פאַרלירן די מענלעכע פּאָטענץ אויף פאַר דער צייט.

דער שלאָפצימער איז מער נישט דאָס מקום־קדוש, ווו מאַן און פרוי וועלן פאַרברענגען די ליבלעכסטע און הערלעכסטע מאָמענטן פון זייער לעבן, וועלן זיך באַהעפטן מקיים צו זיין דעם געבאָט פון פרו ורבו און וועלן ברענגען קינ־דער אויף דער וועלט, וועלכע וועלן אויספולן זייער לעבן.

היינטיקע מענער פירן אַ נישט רעגלמעסיק געשלעכטלעך לעבן און ווען זיי

האָבן שוין יאָ זייער געשלעכטלעכן קאָנטאַקט, פּראַקטיצירן זיי אים נישט נאַ־טירלעך, כדי אויסצומיידן קינדער. אַזעלכע מענער וועלן נישט קאָנען באַווייזן דאָס, וואָס עס האָט יאָ באַוויזן יענער ייד פון 83 יאָר, וואָס י. י. טרונק ציטירט אין זיין „פּוילן“, וואָס איז געשטאָרבן, דערהרגעט פון אַ דונער, און האָט געלאָזט אַ יונגע פרוי — די פערטע! — מיט אַ זייגנדיק קינד אויף די הענט.

נאָר אַזעלכע מענער קענען אָנהאַלטן זייער פּאָטענץ ביז די עלטערע יאָרן. זיי האָבן געפירט אַ לאַנג לעבן אַ נאָרמאַלן געשלעכטלעכן פּאַרקער און האָבן תמיד געהאַט קינדער.

אַ נאָרמאַלער געשלעכטלעכער פּאַרקער הייסט יענער, ביי וועלכן ביידע — מאַן און ווייב — באַפרידיקן זיך. אַנדערש איז דער פּאַרקער נישט נאָרמאַל.

אין דער נייסטער שפּאַנישער אויסגאַבע פון פרוידס אַלע ווערק ווערן איבערזעצט די ווערטער געשלעכטלעכע באַציאונגען מיט „קאָמערסיאָ סעקסואַל“. דאָס איז עכט שפּאַניאָליש. איך האַלט אָבער, אַז עס האָט אַ סוגעסטיווע באַדייטונג: וויבאַלד „קאָמערסיאָ“, דאָס הייסט מסחר, מוז עס מיינען אַ קעגנזייטיקע באַציאונג, ביי וועלכער ביידע מענטשן האָבן פּראָפיט. דער געשלעכטלעכער מסחר איז נאָר דאַן אַזעלכעס, ווען ביידע צדדים — מאַן און פרוי — געניסן פון פּאַרקער.

אויף דער מערהייט היינטיקע געשלעכטלעכע באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב וואָלט מען נישט געקענט זאָגן, אַז זיי זענען אַן אמתער אומבייט פון עפּעס, ווייל אין די מערהייט פאַלן געניסט פון דעם נישט די פרוי. דערפאַר איז עס נישט קיין אומבייט, נישט קיין פּאַרקער, נישט קיין מסחר, נאָר עפּעס אַ פּייניקונג, וואָס באַפרידיקט נישט קיינעם, הכלל, עס איז אַן אַנטינאַטירלעכער אַקט, עס איז אַן איבערגעפּירטער אַקט, וואָס האָט געזאָלט זיין דאָס, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, דאָס הייסט, אַ הערלעכער צוזאַמענקום פון מאַן און ווייב, וואָס וועט זיי דערנענטערן יעדן טאָג מער און וועט געבן זייער צוזאַמענלעבן אַ זין און אַ באַרעכטיקונג און וועט פאַרוואַנדלען זייער לעבן אין אַ ליכטיקן שפּאַציר איבער אונדזער טרערנטאָל.

ווען דער פּאַרקער איז נישט קיין נאָרמאַלער, באַפרידיקט זיך געוויינלעך נאָר דער מאַן און נישט די פרוי. אמת, אַז דאָס קומט אָפּטמאָל פאָר אויך ביי אַ נאָרמאַלן פּאַרקער, ווען מען וויל זיך נישט אויסהיטן פון קינדער האָבן. מיר וועלן אָבער היינט די דאָזיקע טעמע נישט באַהאַנדלען. עס איז אוודאי פאַראַן וואָס צו זאָגן, אָבער איך וועל זיך אַמאָל אָנטאָן ווייסע הענטשקעס, זיך אָנגורטן די לענדן און וועל פּרווון שרייבן וועגן דעם. עס בעט זיך ממש.

***

מיר גייען אַריין אין אַ תקופה, אין וועלכער דער געבורט־קאָנטראָל, דאָס הייסט דאָס אויסהיטן זיך פון האָבן קינדער, וועט ווייטער אָנהאַלטן, אָבער עס וועט געטאָן ווערן מער מענטשלעך, בעסער געזאָגט: ווי עס פּאַסט פאַר דעם מענטשן אָדער זיין מאַיעסטעט דעם מענטשן, ווי מיינע חשובע לייענער האָבן מסתמא באַמערקט, אַז איך האָב אים ליב אָנצורופן.

עס ווילט זיך זייער נישט, אָבער איך מוז עס זאָגן: אונדזער גרויסער חכם דער מענטש וועט זיך דאַרפן לערנען ביי די חיות. אַנדערש געזאָגט: אין הלכות געשלעכטלעך לעבן וועט ער דאַרפן גיין צו די חיות אין חדר אַריין...

די חיות האָבן נאָר באַציאונגען אין פרוכטבאַרן פּעריאָד פון זמן. זייער אינסטינקט זאָגט זיי שוין, ווען דער דאָזיקער פּעריאָד קומט־אויס.

קיינער צווייפלט נישט, אַז איבערהויפּט אין די שטעט איז דער געבורט־קאָנטראָל, אָדער אַנדערש געזאָגט, דאָס באַגרענעצן די צאָל קינדער, אַ נויטווענדיקייט פאַר דער פאַמיליע. די וויכטיקסטע סיבות זענען די עקאָנאָמישע. סאָציאָלאָגן און דעמאָגראַפן זענען אין דעם איינשטימיק. אַפילו דאָס הייליקע פאַטערל אַליין, דער פּויפּסט פּיוס דער 12טער, האָט אין דעם זין גערעדט אויפן קאָנגרעס פון די איטאַליענישע קאַטוילישע אַקושאָרקעס, דעם 30טן אָקטאָבער 1951.

קאָנטראָל פון די געבורטן, זיך אָפּהאַלטנדיק פון געשלעכטלעכן פאַרקער אין געוויסע טעג פון זמן ביי דער פרוי. אויסער די טעג קאָנען די באַציאונגען זיין אַבסאָלוט נאָרמאַלע אָן דעם עס זאָל זיין אַ „געפאַר״ צו פאַרשוואַנגערן.

מיר האָבן אין אונדזער פריערדיקן קאַפּיטל געשריבן וועגן דעם ווי אַזוי מען געפינט אויס דעם דאָזיקן אַזויגערופענעם פרוכטבאַרן פּעריאָד און וועלכע עס זענען די אומפרוכטבאַרע טעג.

נאַטירלעך איז דער דאָזיקער חשבון אַ גאַנץ שווערער, ווייל אַ גרויסע צאָל פאַרשידענע געשעענישן ענדערן דעם דאַטום, ווען דער דאָזיקער פּעריאָד פאַלט אויס.

מיר וועלן פריער רעדן פון די געשעענישן, וואָס ענדערן די דאַטומס, און דערנאָך וועלן מיר נאָכאַמאָל רעדן פון די פּעריאָדן גופא.

די פיזישע שטערונגען זענען: וואַשן וועש אויף אַן אופן וואָס זאָל פיזיש דערשעפּן; אָפּהיטן אַ קראַנקן; שווערע שטובאַרבעט, רייזעס, קלימאַט־אומבייט. שווערער ספּאָרט, איבערהויפּט ביי אַ פרוי וואָס איז דערצו נישט געוווינט; שווימען; קלעטערן אויף בערג; סקי; קוראַציעס צו פאַרלירן וואָג; דאָס איבערגיין פלוצלינג פון אַ דיעטע מיט פלייש צו אַ דיעטע אָן פלייש; זיך איבערעסן אָדער עסן אונטער דער נאָרמע; אַלע קראַנקייטן, איבערהויפּט די, וואָס זענען באַגלייט

מיט פיבער; געוויסע מעדיקאַמענטן ווי יאָד־פּרעפּאַראַטן, האָרמאָנען און כי־רורגישע אָפּעראַציעס אין אַלגעמיין.

פּסיכישע שטערונגען: אַ גרויסע איבערלעבונג (אומגליק אָדער פרייד), זאָרג (צום ביישפּיל די מורא צו פאַרשוואַנגערן), אַן אַטאַקע פון רוגזה אָדער אַ פּלוצ־לינגע גרויסע ליבע, חרטה, גייסטיקע איבעראַרבעט, נעווראָז אָדער אַ קריזיס פון מעלאַנכאָליע.

אַלע אויסגערעכנטע פּאַסירונגען און איבערלעבענישן קאָנען ענדערן דעם דאַטום, ווען די פרוי „לייגט״ דאָס אייעלע ד״ה דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד פון זמן. און מסתמא זענען נאָך פאַראַן אַנדערע דערווייל אומבאַקאַנטע סיבות.

איצט איז שוין גרינגער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ס׳איז אַזוי שווער צו פירן די בוכהאַלטעריע פון די 3 פּעריאָדן פון זמן. דאָס וואָלט אויך געמיינט, אַז די אָנגעגעבענע פאָרמע פון רעכענען איז געמאָלט נאָר ביי פרויען, וואָס האָבן אַ נאָרמאַל לעבן, מיט נישט צופיל איבערלעבונגען — אין ביידע הינזיכטן — צרות אָדער פרייד.

מען דאַרף דערפאַר האָבן אין זינען: ווען איינע פון די אויסגערעכנטע שטע־רונגען אָדער איבערלעבונגען געשעען אין דעם ערשטן פּריאָד פון זמן, איז דעם אומפרוכטבאַרן זמן, קאָן פאָרקומען, אַז דער פרוכטבאַרער פּעריאָד זאָל זיך פאַר־שפּעטיקן אויף געציילטע טעג אָדער ער קאָן זיך פעדערן מיט עטלעכע טעג.

ווען די געשעעניש קומט פאַר נאָך דעם פרוכטבאַרן זמן, ד״ה אין צווייטן אומפרוכטבאַרן פּעריאָד, קאָן ער באַאיינפלוסן דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד פון קו־מענדיקן זמן.

ווי אַזוי דאַרף מען זיך אין אַזעלכע פאַלן אויפפירן?

אין ערשטן פאַל, ווען איינע פון די אויסגערעכנטע געשעענישן פּאַסירן ביים אָנהייב פון זמן, דאַרף מען זיך אָפּהאַלטן פון באַציאונגען אַ ביסל פריער (אַ 2 אָדער 3 טעג) פאַר דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד און אויך אַ פּאָר טעג נאָך דעם דאַטום פון דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד.

ווען די געשעעניש קומט פאַר נאָך דעם פרוכטבאַרן פּעריאָד, ד״ה אין צווייטן אומפרוכטבאַרן פּעריאָד פון זמן, קאָנען די באַציאונגען אָנגיין נאָרמאַל. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז ווען די געשעעניש מאַכט זיך ערב דער רעגל, וועט זי באַאיינפלוסן דעם קומענדיקן פרוכטבאַרן פּעריאָד און ס׳איז ראַטזאַם איבערצו־רייסן די באַציאונגען עטלעכע טעג פריער און זיי אָנהייבן עטלעכע טעג שפּעטער.

אַן ערנסטע קראַנקייט שטערט דעם נאָרמאַלן ריטם פון די פּעריאָדן פון זמן. די באַציאונגען דאַרפן יעדנפאַלס אָפּגעשטעלט ווערן. אָבער ווען די שלאַפ־קייט איז אַ מילדע און די פרוי פאַרלירט נישט אירע כוחות, זענען די וואַריאַ־

ציעס פון די פעריאָדן זייער קליין און עס איז גענוג אָפּצושטעלן די באַציאונגען אַ פּאָר טעג פריער פון דעם דאַטום און זיי צו באַנייען אַ פּאָר טעג שפּעטער.

בשעת אַ קימפּעט אָדער אַן אַבאָרט: ביידע געשעענישן פאַרשפּעטיקן די רעגלען ביי דער פרוי.

די קימפּעט אַליין איז שוין אַ גרויסע געשעעניש אין פיזיאָלאָגישן און האָר־מאָנאַלן לעבן פון דער פרוי און די זעלביקע האָרמאָנען, וואָס רייצן די ברוסט, אַז זי זאָל געבן מילך, באַגרענעצן אָדער שוואַכן אָפּ די טעטיקייט פון די אייער־שטאָקן און ווירקן, אַז די רעגלען זאָלן צייטווייליק פאַרשווינדן און די פרוי זאָל — אויך צייטווייליק — ווערן אומפּרוכטבאַר.

ווען די רעגלען קומען נישט, נאָך אַ קימפּעט אָדער נאָך אַן אַבאָרט, איז נישט שייך אויסצורעכענען די פּרוכטבאַרע און די אומ׳פּרוכטבאַרע פעריאָדן. דער גאַנצער פעריאָד, אין וועלכן עס פעלן די רעגלען, איז אומפּרוכטבאַר. דאַרף מען זיין פּאָרזיכטיק. סיי ווי איז ראַטזאַם אויסצומיידן די באַציאונגען אַ חודש פּ אָ ר און אַ חודש נ אָ ך דער קימפּעט, כדי אויסצומיידן אינפעקציעס ביי דער פרוי, איבערהויפּט די אַזוי גערופענע „פּוערפּעראַלע״. זיי האָבן אומגעבראַכט אַ סך קימפּעטאָרנס פאַר דער תקופה פון פּעניסילין און פאַר די שפּעטערדיקע אַנטי־אינפעקציעזע נייע מעדיקאַמענטן.

ביי דער מערהייט פרויען קומען נישט די רעגלען כל־זמן זיי זייגן זייערע קינדער. מיר האָבן פריער געזאָגט, דורך וועלכן מעכאַניזם דאָס געשעט. ווייסן מיר פון פרויען, וואָס זייגן זייערע קינדער אַ זייער לאַנגע צייט, מער ווי צוויי יאָר, ווייל זיי מיינען אַז אַזוי וועלן זיי אויסמיידן דאָס פאַרשוואַנגערן.

דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז מען קאָן זיך אויף דעם נישט פאַרלאָזן. פיזיאָ־לאָגיש קאָן די פרוי נישט זייגן דאָס קינד מער ווי אַ יאָר. נאָך דעם יאָר איז שוין איר מילך נישט קיין שפּייז פאַרן קינד און ס׳איז אומזיסט דאָס צו פאַרלענגערן.

ווען עס קומט, אין דער געהעריקער צייט, נאָך אַ קימפּעט אָדער נאָך אַן אַבאָרט, אַן אמתע מענסטרואַציע, איז דאָס אַ באַוויז, אַז אַזעלכע 15 טעג פריער איז צייטיק געוואָרן אַן אייעלע (אָוולאָ) און די פרוי האָט געקאָנט פאַרשוואַנ־גערן. דער ערשטער פּרוכטבאַרער דאַטום נאָך אַ קימפּעט איז נישט אויסצורע־כענען. דערפּאַר דאַרף מען זיין זייער פּאָרזיכטיק. ווען אַ פרוי פאַרשוואַנגערט אין אַזאַ פּאָרעם, דערשיינען ווייטער נישט די מענסטרואַציעס און די ערשטע חדשים מיינט מען, אַז דאָס איז דאָס פעלן פון די רעגלען פון נאָך דער קימפּעט, ווען אינדערעמתן איז עס גאָר אַ נייע שוואַנגערשאַפט.

ווען די פרוי הייבט נאָר אָן צו האָבן ווייניקער מילך, קאָן זי שוין פאַר־שוואַנגערן. עס איז אַ סברה, אַז אַזוי לאַנג עס קומט אַ סך מילך, איז די שוואַנ־גערשאַפט אוממעגלעך.

די ערשטע מענסטרואַציעס נאָך דער קימפעט זענען געוויינלעך דערוויטערט צווישן זיך. די זמנים דויערן פון 40 ביז 50 טעג. דאָס קומט פאָר נישט מער ווי אַ 3 זמנים, דערנאָך הייבט זיך אָן דער געוויינלעכער נאָרמאַלער ריטם. נאָך די דאָזיקע רעגלען דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז די אומפּרוכטבאַרקייט דויערט נישט מער ווי 4 ביז 8 טעג.

ווען די רעגל ווייזט נאָר אַ טענדענץ זיך צו נאָרמאַליזירן, קאָן מען שוין אָנווענדן די פאָרמולע פון די לענגערע זמנים, צ״ב, 10 — 38, 10 — 35, דאָס הייסט 28 אָדער 25 אומפּרוכטבאַרע טעג נאָך דער רעגל, אָבער די 4 ביז 8 טעג זיכערע אומפּרוכטבאַרקייט קאָן מען נעמען אין אַכט פון דער סאַמע ערשטער מענסטרואַציע אָן.

נאָך אַן אַבאָרט דאַרף מען זיך אויפפירן אומגעפער אויפן זעלביקן אופן ווי נאָך אַ קימפעט.

ווען די פרוי דערגרייכט די קריטישע עלטער, פאַרשווינדט דער געוויינלעכער ריטם פון די מענסטרואַציעס און יעדע רעכענונג לויט דער אָנגעוויזענער פאָרמולע ווערט אוממעגלעך. די זמנים ווערן אויסערגעוויינלעך לאַנג, 2, 3 און מער חדשים, און פלוצלינג קאָנען קומען אַ פּאָר קורצע זמנים. די פאַרשוואַנגערונג איז אין אַזאַ צייט זייער זעלטן, אָבער זי איז נישט אויסגעשלאָסן. געזונטע, נאָרמאַלע פרויען דאַרפן אין אַזאַ צייט נישט באַזונדערס גיין צום דאָקטאָר, נאָר די נערוועזע און קרענקלעכע דאַרפן עס טאָן.

הגם די מעגלעכקייטן זענען מינימאַלע, קאָן דאָך אַזאַ פרוי פאַרגיין אין טראָגן. אין די דאָזיקע פאַלן מעג מען האַלטן פאַר גילטיק פאָלגנדיקע פאָרמולע: די ערשטע 5 טעג נאָך דער מענסטרואַציע זענען זיכער אומפּרוכטבאַרע און אויך די, וואָס קומען נאָך דעם 35סטן טאָג פון זמן, ביז דער קומענדיקער רעגל, וואָס קאָן אין דער דאָזיקער עלטער פאַרשפּעטיקן אַ חודש אָדער אַ סך מער.

רעזומירנדיק: ווען מיר נעמען אַ זמן, וואָס הייבט זיך אָן, צום ביישפּיל דעם ערשטן טאָג פון חודש אויגוסט, צעטיילן מיר אים אומגעפער אַזוי: פון דעם ערשטן ביז דעם ניינטן לויפט דער ערשטער אומפּרוכטבאַרער פּעריאָד; דער צווייטער אומפּרוכטבאַרער פּעריאָד לויפט פון 18טן ביז דעם 28טן און צווישן 9טן און 18טן לויפט דער פּרוכטבאַרער פּעריאָד. 28 טעג — 4 וואָכן — איז אַ נאָרמאַלער זמן ביי די מערסטע געזונטע פרויען.

## 4

דאָס פאַרשרייבן גענוי דעם דאַטום, ווען עס פאַלט אויס דער ערשטער טאָג פון יעדער מענסטרואַציע ביי דער פרוי, איז אומבאַדינגט נייטיק, כדי צו קענען שפּעטער אויסרעכענען מיט פּינקטלעכקייט די אומפּרוכטבאַרע פּעריאָדן פון יעדן זמן.

עס זענען פאַראַן מחברים, וואָס פאָדערן, אַז יעדע פרוי זאָל דאָס טאָן. אַפילו בתולות פ אַ ר דער חתונה. מ׳דאַרף נאָר דורכלאָזן די ערשטע 5 יאָר פון דער מיידלס אַנטוויקלונג, ווייל אין די דאָזיקע יאָרן זענען די רעגלען אַזוי צו זאָגן וואַקלדיק און נישט געזונט פּעריאָדיש און האַלטן געוויינלעך נישט אָן דעם זעל־ביקן ריטם פון דערשיינונג.

אָבער נאָך דעם פינפטן יאָר דאַרף די פרוי — פאַרהייראַט אָדער נישט — זיך געניי באַקענען מיטן ריטם און דער כאַראַקטעריסטיק פון אירע מענסטרואַ־ציעס און זיך פאַמיליאַריזירן מיט זייערע וואַריאַציעס לויט די חדשים פון יאָר. ווייל אַזעלכע קומען פאָר ביי אַ סך פרויען. אָבער איך וועל פּרוּוון גיין מיט אַ סדר.

די אינפאָרמאַציע פאַר דעם קאַפּיטל נעם איך פון אַ בוך, וואָס איז דער־שינען אין דער דייטשישער שפּראַך אין דער שווייץ, אין 1937. זיין מחבר הייסט דר. א. ק ר ע מ פ פ ע ל. די פראַנצויזישע איבערזעצונג, וואָס איך באַנוץ, איז געמאַכט געוואָרן פון דער אַכצנטער דייטשישער אויפלאַגע. עס זענען פאַראַן אי־בערזעצונגען אין ענגליש, איטאַליעניש, פּאָרטוגעזיש און האָלענדיש.

דער נאָמען פון דעם בוך װערטערלעך איבערגעזעצט וואָלט געווען: „דאָס פּעריאָדישע אָפּהאַלטן זיך״. אין פראַנצויזיש איז עס אַ סך פּשוטער „לאַ קאָנטי־נאַנס פּעריאָדיק״. די „לעמאַ״ פאַרן ערשטן קאַפּיטל לייענט זיך: „אַ דערפינדונג, וואָס זאָל ביישטייערן צו סאַנירן דאָס לעבן פון פאָרפּאָלק איז וויכטיקער פאַר דער מענטשהייט פון אַלע אַנדערע דערפינדונגען אינאיינעם״.

אין 1930 איז פאָרגעקומען די סענסאַציאָנעלע מעלדונג אין דער מעדיצי־נישער און נישט־מעדיצינישער פּרעסע: צוויי באַרימטע דאָקטוירים, נישט וויסנ־דיק איינער פון דעם אַנדערן, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די פרוי קאָן נאָר פאַר־שוואַנגערן, ווען זי ווערט באַפרוכפּערט לערך 15 טעג פאַר דער קומענדיקער מענסטרואַציע, און די געשלעכטלעכע באַציאונגען פ אַ ר און נ אָ ך דעם דאָ־זיקן דאַטום בלייבן אָן פאָלגן.

דער ערשטער פאָרשער איז געווען דער יאַפּאַנעזישער פּראָפעסאָר אָגינאָ און דער צווייטער, אַן עסטרייכישער דאָקטאָר — קנאַוס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך דאָקטוירים האָבן זיך גענומען די טרחה אויס־צופאָרשן די דאָזיקע באַשטעטיקונג און זינט דעם יאָר 1930 איז אָנגעשריבן געוואָרן אַ גאַנצער באַרג מיט ביכער און אַרטיקלען. אַ גאַנצע ליטעראַטור. עס האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן אויף דעם געביט, ווייל ס׳איז נאַטירלעך, אַז אַ גרעסערע צאָל פאָרפּאָלקן, וואָס ווילן אָנווענדן דעם דאָ־זיקן מעטאָד, באַראַטן זיך פריער מיט אַ דאָקטאָר, אַ טייל פון וועלכע האָט אַזוי־אַרום באַקומען אַ קאָלאָסאַלע דערפאַרונג.

דר. ה אָ ל ט, למשל, שרייבט: ביי אַ גרויסער צאָל פּאַרפאָלקן מיט קינ־דער, דאָס הייסט פרוכטבאַרע, זענען מיר געגוי באַקאַנט די דאַטומס פון די רעגלען ביי דער פרוי און פון זייערע צאָלרייכע געשלעכטלעכע באַציאונגען. האָב איך גענוי פעסטגעשטעלט, אַז 5327 געשלעכטלעכע באַציאונגען, אַבסאָלוט נאַ־טירלעכע, וואָס זענען פאָרגעקומען די לעצטע 11 טעג פ אַ ר דער קומענדיקער מענסטרואַציע, זענען געבליבן אָן פאָלגן. אַנדערע 2271 גשלעכטלעכע באַצי־אונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען די ערשטע טעג נאָך דעם אָנהייב פון דער מענס־טרואַציע, זענען אויך פאַרבליבן אומפרוכטבאַר.

אַזעלכע סטאַטיסטיקעס און באַשטעטיקונגען געפינט מען צעשפּרייט אין דער גאַנצער מעדיצינישער ליטעראַטור פון דער ספּעציאַליטעט. אויך אין נאָרד אַמעריקע ווערט די דאָזיקע טעמע גענוי שטודירט: 3 דאָקטוירים פון שיקאַגאָ האָבן אויסגעפאָרשט 134 פּאָרפאָלקן, וואָס האָבן זיך אויפגעפירט לויט דעם מעטאָד אָגינאָ־קנאַוס. זיי האָבן אויך באַשטעטיקט 2.200 פאַלן פון געשלעכטלעכן פאַרקער ביי אַ סך פּאַרפאָלקן אין די אומפּרוכטבאַרע פעריאָדן פון זמן, וואָס זענען פאַרבליבן אָן פאָלגן. די פרויען, וועלכע פיגורירן אין דעם דאָזיקן באַריכט, געהערן צו 8 פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין דער דאָזיקער פּובליקאַציע קומען די מחברים צום שלוס, אַז „עס שיינט צו זיין אַ דעפיניטיוו באַשטעטיקט ביאָ־לאָגיש געזעץ, אַז אין דעם מענסטרואַלן זמן אָדער ציקל פון דער פרוי זענען פאַראַן צוויי אומפרוכטבאַרע און איין פרוכטבאַרער פעריאָד".

אַ צווייטער געלערנטער פון שיקאַגאָ, פּראָפעסאָר ל א ק, האָט אונטערגע־נומען אַ פאָרשונג אין אַ זייער גרויסן פאַרנעם, טאַקע ווי עס פירט זיך אין נאָרד אַמעריקע. מיט דער הילף פון ד"ר ר ע י נ ע ר האָט ער קאָנטראָלירט אין האַרבסט 1932, 15.900 געשלעכטלעכע באַציאונגען מיט נאָר 59 פאַלן, אין וועלכע די פרויען האָבן פאַרשוואַנגערט. ביי ווייניקסטנס 57 פון די 59 פאַלן האָט לאַק באַ־שטעטיקט, אַז ס'איז געווען אַ טעות אין דער אויסרעכענונג פון די פאַרשידענע פעריאָדן פון זמן. „דערפאַר פילן מיר זיך באַרעכטיקט צו זאָגן — ענדיקן זייער באַריכט לאַק און רעינער — אַז ביי אַ נאָרמאַלער פרוי, אין אַ גוטן געזונטצוי־שטאַנד און וואָס האָט אירע רעגלען אין אַ רעגולערער פאָרמע, קאָן דאָס ביאָ־לאָגישע געזעץ אָגינאָ־קנאַוס באַטראַכט ווערן ווי אַ זיכערס".

פּראָפעסאָר לאַק פאַרזיכערט, אַז ער האָט צווישן זיין קליענטור פון פּאָר־פאָלקן באַשטעטיקט נאָר 2 פּראָצענט דורכפאַלן.

אַ בעלגישער פאָרשער, ג י ט ש ט ע נ ד ע, האָט במשך 9 יאָר אויסגע־רעכנט 5 פּראָצענט דורכפאַלן ביי זיין קליענטור.

פּראָפעסאָר אַ ס ע וו ע ד אָ פון בראַזיל איז נאָך אַ וויכטיקער אָנהענגער פון דעם מעטאָד אָגינאָ־קנאַוס. ער שרייבט, אַז ביי 50 פּאָרפאָלקן, וואָס ער האָט

שטרענג קאָנטראָלירט במשך 3 מיט אַ האַלבן יאָר, האָט ער באַשטעטיקט נאָר דריי דורכפאַלן, ווייל, זאָגט ער, די אויסרעכענונגען האָבן זיך דאָרטן נישט געשטיצט אויף ווינציקסטנס 8 חדשים אויפפאַסונג פון דעם ריטם פון די רעגלען ביי דער פרוי.

קרעמפעל ברענגט „מאָראַלישע באַגרינדונגען פון דעם מעטאָד״: עס גייט נישט אַזוי — זאָגט ער — אין ברענגען אַ סך אָדער ווייניק קינדער אויף דער וועלט; עס גייט אַ סך מער אין דעם, אַז מאַן און ווייב זאָלן אויסדריקן זייער קעגנזייטיקע אָנגעהעריקייט לויט דעם געבאָט פון דער נאַטור אָדער קעגן דעם געבאָט״.

דאָס אויסהיטן זיך פון צו האָבן קינדער איז פולקאָם באַרעכטיקט איבער טויזנט און איינס פאַרשידענע לאָגישע און אַפילו מאָראַלישע סיבות: דאָס שוואַכע געזונט פון דער פרוי, די קליינע פאַרדינסטן פון דעם מאַן, די שוועריקייטן מיט אַ צוגעפּאַסטער דירה, די מורא פאַר קראַנקייטן און אומגעווינטשטע אייגנשאַפטן, וואָס גייען־איבער בירושה צו די קינדער וכדומה. חוץ דעם פאַסירט, אַז די אָנווענדונג פון דעם מעטאָד היט־אויס פון פאַרשידענע קראַנקייטן ביי מאַן און ווייב, נערוועאישע און אַפילו אָרגאַנישע, וועלכע פאַסירן אָן אויסנאַם מיט די אַלטע אַנטיקאָנצעפּציאָנעלע מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדט נאָך היינט און פון וועלכע מיר האָבן שוין גערעדט אין אונדזער פאַריקן קאַפּיטל.

די באַזע פון מעטאָד אָגינאָ־קנאַוס באַשטייט אין אָפּהאַלטן זיך פון געשלעכטלעכע באַציאונגען אין געוויסע טעג פון זמן. די אַנדערע מעטאָדן פאָדערן נישט קיין הפסקות אין די באַציאונגען, אָבער זיי ווערן פּראַקטיצירט קעגן דער נאַטור און זענען שעדלעך פאַרן געזונט.

ווען מיר רעדן דאָ פון געשלעכטלעכן פאַרקער ווי גאָט האָט געבאָטן און וועגן אויסהיטן זיך פון האָבן קינדער, איז כדאַי צו דערמאָנען — און מיר וועלן עס נאָר דערמאָנען, ווייל מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן — אַז דער דאָזיקער פאַרקער איז געבאָטן און געוווּנטשן נישט נאָר כדי צו האָבן קינדער, נאָר אויך פאַר דער גרינטלעכער קערפּערלעכער און נשמהדיקער פאַראייניקונג פון מאַן און ווייב. מיר האָבן גערעדט (דאָרטן) פון פיזיאָלאָגישע ווירקונגען פון מאַן אויף דער פרוי, פון ווערן בשר אחד וכדומה. דאָס אַלעס איז נישט מעגלעך, ווען דער פאַרקער איז נישט נאָרמאַל; דאָס איז נישט מעגלעך, ווען מען באַנוצט דעם פּרעסערוואַטיוו און איז אויך נישט, ווען דער פאַרקער בלייבט איבערגעריסן, כדי די זרע זאָל אַרויספליסן אין דרויסן. די דאָזיקע פאַרפאַלקן ווערן נישט בשר אחד. זיי בלייבן זיך פרעמד.

די נאָרמאַלע געשלעכטלעכע באַציאונגען — זאָגט קרעמפעל — זענען די באַשטעטיקונגען פון דער חתונה, מער ווי ווערטער, מער ווי קושן. מ י ר ג ע־

הערן זיך — זאָגן זיי — דו ביסט מיינער, איך בין דיינע.

דאָס אַלעס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט האָבן קינדער. מען האָט דאָך נישט קיין קינדער לאַנגע יאָרן נאָכדעם ווי די פרוי פאַרלירט די מענסטרואַציע און אין אַ סך אַנדערע פעריאָדן פון חתונה געהאַטן לעבן. „אינגאַנצן אָדער גאָר־נישט" — פאָדערט די נאַטור. ווען דאָס פּאָרפּאָלק באַנוצט דעם פּרעסערוואַטיוו, איז עס נאָר אַ סימולאַציע פון אָנגעהעריקייט. דער נישט נאַטירלעכער געשלעכט־לעכער פאַרקער „איז נישט אמת".

דער נאַטירלעכער פאַרקער ברענגט אַ גאָר באַזונדערע פיזישע און פסיכישע סאַטיספאַקציע.

די דאָזיקע אייגנאַרטיקע באַפרידיקונג איז עפּעס אַזוי ווי די — נוצנדיק אַ געוויינלעכן אויסדרוק — אַ שטיין וואָלט אַראָפּ פון האַרצן. מען באַפרייט זיך פון עפּעס אַזוינס ווי אַ פיזישע און פסיכישע זייער פיינלעכע פּרעסונג אויף דער נשמה.

דאָס איז דער געשלעכטלעכער אַקט אַן און פאַר זיך, סיי ווען ער ווערט פּראַקטיצירט מיט דעם געדאַנק צו האָבן קינדער אָדער נישט.

מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז די באַזע פון דעם מעטאָד אָגינאָ־קנאַוס באַשטייט אין מאַכן אַ הפסקה אין דעם געשלעכטלעכן פאַרקער אַזעלכע צען טעג אין חודש. דאָס איז ווייט פון זיין אַן אויסערגעוויינלעכער קרבן. ביי יעדן פּאָרפאָלק געשעען אָפט אַזעלכע הפסקות איבער גאַנץ פאַרשידענע סיבות: איינער פון פּאָרפּאָלק ווערט קראַנק, קימפּעט, רייזעס אא"וו. סיי ווי זענען די צו־אָפטע באַציאונגען נישט אינגאַנצן געוווּנטשן, איבערהויפּט פאַר דעם מאַן, וועלכער קאָן אַריינפאַלן אין אַ גייסטיקער אָדער פיזישער דערשעפּונג.

דער מעטאָד פון די פעריאָדישע הפסקות אין די באַציאונגען מאַכט מעגלעך דאָס רעגולירן דעם ריטם פון האָבן קינדער ביי די פּאָרפּאָלקן, וואָס ווילן זיי האָבן. ווייל יעדעס יאָר אַ קינד דערשעפּט די כוחות פון דער מוטער. אַ קינד יעדע 2 אָדער 3 יאָר וועט פולקאָם אָפּהיטן דאָס געזונט פון דער מוטער, איבער־הויפּט ווען זי איז יונג. אָפטע קינדער ביי יונגע פרויען זענען דאָך איינע פון די קלאַסישע גורמים פאַר דער אַנטשטייאונג פון טובערקולאָז.

עס זענען נישט זעלטן די פאַלן, אין וועלכע די פרוי פאַרשוואַנגערט באַלד נאָך דער חתונה. די פרוי איז זייער יונג אָדער דאָס פּאָרל וויל פשוט נישט האָבן קיין קינד אַזוי פרי. דאָס יונגע פּאָרל וויל אַ געוויסע צייט „פאַרברענגען", איי־דער זיי ברענגען קינדער אויף דער וועלט. עס ווערט באַשלאָסן צו מאַכן אַן אַבאָרט. דאָס איז דער גרויזאַמסטער פון אַלע אַקטן — כמעט אַ מאָרד: אומ־ברענגען דאָס קינד פון דער ערשטער ליבע, פון די ערשטע באַציאונגען צווישן

צוויי יונגע מענשטן. דער אַבאָרט ווערט באַגאַנגען און ס׳איז נישט זעלטן, אַז די יונגע פרוי זאָל בלייבן אַזוי צעשעדיקט אין אירע געבורט־אָרגאַנען, אַז עס קומען מער נישט קיין קינדער.

דער גוט אָנגעווענדטער מעטאָד אָגינאָ־קנאָוס איז דער איינציקער, וואָס קאָן אויסהיטן פון אַזעלכע שווידערלעכע געשעענישן באַלד ביים אָנהייב פון פאַמיליע־לעבן.

## 5

נאָך עפּעס וועגן די אַנטיקאָנצעפּציאָנעלע מיטלען, וואָס ווערן היינט־צו־טאָג באַנוצט אין אַ גרויסער מאָס.

אַ צווייטע „מאַטאַ״ פון דר. קרעמפּעל אין באַצוג צו די נישט־נאַטירלעכע געשלעכטלעכע באַציאונגען: „דאָס, וואָס איז טעאָרעטיש פאַלש, קאָן נישט זיין אמת אין דער פּראַקטיק״.

פּראָפעסאָר קנאָוס שרייבט וועגן די דאָזיקע באַציאונגען: „זיי זענען קעגן דער נאַטור, ווייל זיי סאַבאָטירן דעם געשלעכטלעכן פאַרקער און שעדיקן סיי דעם מאַן, סיי דער פרוי אין מאָראַלישער, עסטעטישער און היגיענישער הינזיכט״. („די פּעריאָדישע פרוכטבאַרקייט, ווין, 1935, ז׳ 100).

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם איבערגעריסענעם פאַרקער, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער פאַרקריפּלט דעם עצם תוך פון געשלעכטלעכן אַקט און מאַכט אויך אַ תל פון די נערוון. מער אפשר פון דעם מאַן ליידט דערפון די פרוי, וועמענס צערייצטער אָרגאַניזם געפינט נישט קיין באַפרידיקונג און קיין רו. די רעזולטאַטן זענען קאָפּ־ווייטיקן, קאָפּ־שווינדל ביז נעוראַסטעניע און עקל צום געשלעכטלעכן פאַרקער. גינעקאָלאָגן זאָגן, אַז פרויען, וואָס — לאָמיר זאָגן — פירן אַזאַ געשלעכטלעך לעבן, באַקומען אַ פאַרהאַרטעוועטע הייבמוטער. אַזאַ פאַרקער ווערט פאַרגליכן פשוט מיט אָנאַניזם. נישט בעסער זענען די אַזוי גערופענע כעמישע מיטלען קעגן פאַרשוואַנגערן, וואָס קאָנען פאַראורזאַכן אינפעקציעס ביי דער פרוי און זענען חוץ דעם אַבסאָלוט אומזיכערע.

לויט דעם פראַנצויזישן פאָרשער דר. ס ע ד ו ל אָ ווערט סוף־כל־סוף פיזיאָלאָגיש אַנאָרמאַל יעדע פרוי, וואָס באַנוצט איינע פון די אַנטינאַטירלעכע מיטלען.

עפּעס דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דעם ראַדיקאַלסטן פון אַלע מיטלען קעגן פאַרשוואַנגערן: דער אָפּעראַציע, ביי וועלכער דער כירורג פאַרמאַכט די רערן („טראָמפּאַס״), דורך וועלכע דאָס אייעלע, וואָס קומט פון אייערשטאָק, דערגרייכט די הייבמוטער, ווו עס ווערט באַפרוכפּערט ווערן. די דאָזיקע אָפּעראַציע

פארמאכט אויף אייביק דעם טראַכט פון דער פרוי. דאָס האָט געוויינלעך אַ שוידערלעכן מאָראַלישן עפעקט אויף דער פרוי. דאָס מיינט פאַר איר אַ קלאַפּ פאַר דעם מוטער־אינסטינקט. איך קאָן אַזעלכע פרויען; זיי זענען דערדריקט און ווי צוריקגעשטאַנען, אָן לעבן, אָן אַ שמייכל... מיר מיינען דאָ נאָרמאַלע פרויען, וואָס מאַכן זיך די אָפּעראַציע, און נישט קיין פּראָסטיטוטקעס.

מען געפינט אין דער מעדיצינישער ליטעראַטור בריוו פון אַזעלכע פרויען, וואָס האָבן זיך געלאָזט אָפּערירן: „אַ שווערער געפיל פון חרטה באַלאַסט מיין נשמה, איך פיל, אַז איך האָב נישט מיט וואָס צו קומען צו מיין מאַן און איך באַזוך אים מיט ווידערווילן און מיט עקל...‟ אַן אַנדער פרוי, וועלכע האָט אויך חרטה אויף דער אָפּעראַציע, שרייבט, אַז „אַלעס איז טויט ביי מיר‟. זי ליידט פון נערוון־דעפּרעסיע און וואָלט קיין אַנדער פרוי נישט געעצהט, אַז זי זאָל זיך אָפּערירן. די דאָקטאָרשע ה. ט אָ ב ל ע ר שרייבט: „אַ סטעריליזירטע פרוי איז אַ פאַרקריפּלטע פרוי‟.

דר. ס ט ע מ ע ר שרייבט, אין פאַרבינדונג מיט דעם געשלעכטלעכן לעבן מיט הפסקות, וואָס ער באַרעכטיקט זייער: „איך וואָלט געוואָלט ציען די אויפ־מערקזאַמקייט אויף דעם פאַלשן באַגריף, אַז יעדע פרוי מוז אומבאַדינגט האָבן געשלעכטלעכע באַציאונגען. דאָס איז נישט מיין מיינונג. עס זענען פאַראַן אַ סך יינגערע און עלטערע בתולות, וואָס זענען פולקאָם געזונט אין יעדער הינזיכט. אומגליקלעך זענען נאָר די האַלבע בתולות, וואָס זוכן די געשלעכטלעכע ריי־צונג, וואָס ווערט דערנאָך נישט באַפרידיקט. ווער עס וויל זיך אָפּהאַלטן פון געשלעכטלעכער באַפרידיקונג, דאַרף זיך נישט אויסשטעלן אויף קיין אומזיסטע רייצונגען. אויב אַ פאַרפאַלק וויל זיך אָפּהאַלטן פון געשלעכטלעכן פאַרקער איבער פאַרשידענע סיבות איז גענוג, אַז זיי זאָלן שלאָפן אין באַזונדערע צימערן.

סיי די מעדיצין, סיי די מאָראַל פאָדערן אין דער הינזיכט: אָדער אַ נאָר־מאַלן פאַרקער אָדער גאָרנישט.

***

אַגינאָ און קנאַוס זענען נישט געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך געווידמעט צו די דאָזיקע פאָרשונגען. אין אַלע צייטן האָט מען עס געטאָן, אַפילו אין די גאָר אַלטע צייטן. מען האָט אַ סך געבלאָנדזשעט, ביז מען איז דערגאַנגען צום היינטיקן וואַרשיינלעך אומאָפּפרעגבאַרן באַגריף, אַז דער פרוכטבאַרער פעריאָד ציט זיך פון דעם 16טן ביז דעם 12טן טאָג פ אַ ר דער קומענדיקער מענסטרואַציע.

ג ו ט ש ט ע ב ד ע דערציילט פון זיינער אַ פּאַציענטקע, וואָס האָט דער־ווייטערט אירע קימפּעטן לויט איר אייגענעם ווילן און אָן צו באַראַטן זיך מיט אַ דאָקטאָר. זי פלעגט האָבן באַציאונגען מיט איר מאַן נאָר די לעצטע 11 טעג פון

זמן. זי האָט דאָס געהאַלטן ווי אַ סוד און האָט פאַרזיכערט אַז די אינפאָרמאַציע האָט זי באַקומען פון איר מוטער, וואָס האָט דאָס אויסגעפונען צופעליק. זי האָט געהאַט פינף קינדער. ווען זי האָט געוואָלט פאַרשוואַנגערן, האָט זי זיך באַהעפט מיט איר מאַן פאַר די 11 לעצטע טעג פון זמן.

וואָהלערס האָט נאָך פאַר אַגינאָן באַשטעטיקט אַ טייל פון דער טעאָריע. ער האָט אויסגעפרעגט אַ גרעסערע צאָל יונגע נישט לאַנג חתונה געהאַטע פרויען און האָט פעסטגעשטעלט גאַנץ גענוי, אַז אַלע די, וואָס האָבן חתונה געהאַט די לעצטע וואָך פון זייער זמן, האָבן דערנאָך באַקומען די מענסטרואַציע, דאָס הייסט ,זיי האָבן נישט פאַרשוואַנגערט.

די רעלאַטיווע שווערקייט ביי דעם אויסרעכענען, ווען עס פאַלט־אויס דער פרוכטבאַרער פעריאָד, באַשטייט אין דעם, וואָס עס איז פאַרבונדן מיט דעם מער־ווייניקער עקזאַקטן דאַטום פון דעם ערשטן טאָג פון דער קומענדיקער מענסטרואַציע. דער דאָזיקער דאַטום איז עטוואָס באַוועגלעך, אָבער ווען מען פאַרשרייבט אים במשך אַ לענגערער צייט און ביי נאָרמאַלע אומשטענדן אין לעבן פון דער פרוי, איז גאָרנישט אַזוי שווער צו וויסן, ווען ער וועט אויספאַלן. דערפאַר דאַרף מען נישט פאַרגעסן, און גוט אין זינען האָבן, אַז יעדע פרוי האָט קורצע זמנים דער ציקלען, וואָס דויערן פון 13 ביז 26 טעג, און לענגערע פעריאָדן, וואָס דויערן 27 אָדער מער טעג.

„אין די קורצע זמנים — שרייבט האָלאַ, — ווערט געלייגט דאָס אייעלע אַרום דעם 14טן טאָג און אין די לענגערע זמנים אַרום 15טן טאָג פאַר דער קומענדיקער מענסטרואַציע.

מיר האָבן שוין געשריבן, אַז דעם טאָג, ווען דאָס אייעלע ווערט געלייגט („אָוולאַסיאָן״), האָט די פרוי אַן עטוואָס געהעכערטע טעמפּעראַטור. אָבער אין דעם דאָזיקן טאָג פילט זי זיך אויך נישט גוט. עס איז נישט קיין באַשטימטער צושטאַנד מיט באַזונדערע סימפּטאָמען, — אָבער זי פילט זיך באמת נישט גוט דעם דאָזיקן טאָג.

סמולדערס דערציילט דעם פאַל פון אַ פּאַציענטן זיינער, וואָס ער האָט שטרענג אויפגעפאַסט במשך צוויי יאָר. דער דאָזיקער טאָג, אין וועלכן זי האָט זיך נישט געפילט גוט, איז אויסגעפאַלן 11 מאָל דעם 15טן טאָג, 5 מאָל דעם 14טן טאָג און 1 מאָל דעם 16טן טאָג פאַר דעם ערשטן טאָג פון דער קומענדיקער מענסטרואַציע. דער מאָנאַטלעכער ציקל אָדער זמן פון דער דאָזיקער פרוי איז באַשטאַנען פון 26 ביז 29 טעג.

**
*

ווען דער דאַטום פון יעדער מענסטרואַציע וואָלט געווען אומבאַוועגלעך און תמיד דערזעלביקער, וואָלטן די רעכענונגען פון די פרוכטבאַרע פעריאָדן געווען — ווי זאָגט קרעמפּעל — אַ קינדערשפּיל. אין לעבן איז עס ליידער נישט אַזוי. די מענסטרואַלע ציקלען ביי יעדער פרוי האָבן אַ באַשטימטע פאָרמע פון זיך ענדערן. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל אַ יונגע געזונטע פרוי, וואָס פירט אַ רואיק לעבן. (לאָמיר האָפן, אַז אַזעלכע זענען נאָך פאַראַן אין היינטיקע צייטן). אין אַ יאָר צייט זענען אירע רעגלען דערשינען מיט פאָלגנדיקן ריטם: 30, 26, 27, 29, 26, 30, 26, 31, 30, 27 און 26 טעג. דאָ האָבן מיר, אין אַ יאָר צייט, אַ וואַריאַציע פון 5 טעג. דערפאַר דאַרף יעדע פרוי אויסגעפינען ביי זיך אַליין די פאָרמע, אין וועלכער אירע רעגלען ענדערן זיך, און דאָס קאָן מען געוויר ווערן, פאַרשרייבנדיק תמיד, יעדן מאָנאַט, דעם טאָג, ווען די מענסטרואַציע דערשיינט. די רעגלען ביי אַזאַ פרוי, וועלכע מיר האָבן פריער פאַרשריבן, דאַרף מען האַלטן פאַר אומנאָרמאַל, פאַר אַ צעשטערטן זמן, ווען ער דויערט ווייניקער פון 26 טעג אָדער מער פון 30 אָדער 31 טעג. אַ זאַ ציקל, אויב ער דערשיינט ביי איר, איז עס, ווייל עפּעס האָט זי דעם חודש באַומרואיקט, פון עפּעס האָט זי געליטן. דער איין־און־איינציקער ציקל פון 31 טעג, וואָס האָט זיך געטראָפן ביי דער פרוי, איז מסתמא ווייל אין דעם מאָנאַט איז געווען עפּעס אַ שטאַרקערע עמאָציע אָדער אַ שרעק.

וואָס מער דער זמן דערנענטערט זיך צו די 28 טעג, אַלץ מער נאָרמאַל איז ער. אַ נאָרמאַלער ציקל איז קיינמאָל נישט דער, וואָס דויערט ווייניקער פון 21 טעג, אָדער מער פון 35. דאָס זענען די פּאַטאָלאָגישע פאָרמען. ביי די דאָזיקע איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען די פאַרשידענע פעריאָדן. צום גליק זענען זיי זייער זעלטן און דאַרפן באַהאַנדלט ווערן פון אַ דאָקטאָר.

איצטער וועלן מיר געבוי און קאָנקרעט צוטרעטן צו דער רעכענונג, נאָך וועלכער עס וועט ביי קיינער פון אונדזערע לייענערס נישט בלייבן דער מינדסטער צווייפל ווי אַזוי דאָס צו טאָן.

לאָמיר זאָגן נאָך איין מאָל: כדי צו קענען מאַכן אַ קאָנקרעטן חשבון, דאַרף די פרוי געבוי פאַרשרייבן (פאַרשרייבן און נישט געדענקען) אין משך פון אַ יאָר צייט (ווינציקסטנס 8 מאָנאַטן) וויפל טעג עס פאַרלויפן פון דעם ערשטן טאָג פון איין רעגל ביז דעם טאָג ערב דער צווייטער מענסטרואַציע. די דאָזיקע פרוי וועט באַשטעטיקן — און עס וועט אפשר ביי איר זיין אַ סורפּריז — אַז נישט אַלע זמנים צווישן איין רעגל און דער צווייטער האָבן די זעלביקע צאָל טעג. זי דאַרף נאָכקוקן, וועלכער ס'איז געווען דער קירצסטער זמן אין יאָר, צום ביישפּיל 26 טעג אָדער מער (אָדער ווייניקער) און וועלכער ס'איז געווען דער לענגסטער זמן

פון יאָר, צום ביישפּיל 30 אָדער מער — אָדער ווייניקער. מיר האָבן דאָ גענומען אַלס מוסטער דעם אָפּטסטן טיפּ זמן.

אַראָפּנעמענדיק פון דער ציפער 26 (קירצסטער זמן)

$$26 — 19 = 7$$

דאָס הייסט, אַז דער 7טער טאָג נאָך דעם אָנהייב (ערשטער טאָג) פון אירע רעגלען איז נאָך זיכער אַן אומפּרוכטבאַרער און די געשלעכטלעכע באַציאונגען פון ערשטן טאָג פון דער רעגל ביז דעם 7טן טאָג ווען בלייבן אָן פאָלגן. דער 7טער טאָג איז ביי דער פרוי דער טאָג ערב דעם פּרוכטבאַרן פּעריאָד, דאָס הייסט דער 8טער טאָג, ביי וועלכן דער געשלעכטלעכער פאַרקער וועט זיכער יאָ האָבן פאָלגן (שוואַנגערן).

דערנאָך דאַרף מען פון דער ציפער, וואָס עס האָט דערגרייכט דער לענגסטער זמן אין יאָר, ציים ביישפּיל 30, אַראָפּרעכענען

$$30 — 10 = 20$$

דאָס מיינט אַז דעם צוואַנציקסטן טאָג פון זמן האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער צווייטער אומפּרוכטבאַרער פּעריאָד און דער געשלעכטלעכער פאַרקער וועט ווייטער בלייבן אָן פאָלגן.

דער פּרוכטבאַרער פּעריאָד האָט זיך אַזוי אַרום ביי דער דאָזיקער פרוי געצויגן פון 8טן ביז דעם 19טן טאָג פון איר זמן.

אַ צווייטער ביישפּיל: אין אַ יאָר צייט האָט אַ באַשטימטע פרוי געהאַט דעם קירצסטן זמן פון 24 טעג און דעם לענגסטן פון 29. רעכענונג 24 — 19 = 5; 29 — 10 = 19. די פּרוכטבאַרע טעג האָבן זיך דאָ געצויגן פון דעם 6טן ביז דעם 18טן טאָג — אַריינגערעכנט, פון איר זמן. עס איז אַליינפאַרשטענדלעך, אַז וואָס ווייניקער מ׳ען דערנענטערט זיך מיט די באַציאונגען צו די פּרוכטבאַרע טעג, איז קלענער די מעגלעכקייט, אַז די פרוי זאָל פאַרשוואַנגערן, און וואָס מער מ׳דרינגט אַריין אין דעם פּעריאָד, איז די פאַרשוואַנגערונג זיכערער.

די טעג פון דער מענסטרואַציע גופא ווערן אַריינגערעכנט — וויפל זיי זאָלן נישט דויערן — אין דעם ערשטן אומפּרוכטבאַרן פּעריאָד. אַ סך פאַרפאָלקן ווילן נישט האָבן קיין באַציאונגען אין די דאָזיקע טעג, אַזוי אַרום, אַז דער ערשטער אומפּרוכטבאַרער פּעריאָד בלייבט פאַר זיי געוויינלעך זייער קורץ און נאָך קירצער אין די פאַלן פון די פרויען, וואָס האָבן פאַרלענגערטע מענסטרואַציעס, צומאָל 8 טעג. ווען זי געדויערט מער פון 8 טעג, איז עס שוין ניט קיין נאָרמאַלע מענסטרואַציע און מען דאַרף זיך באַראַטן מיט אַ דאָקטאָר. אַ ביישפּיל פון אַ פרוי, ביי וועלכער די ענדערונג פון די זמנים זענען זייער קורצע: 23 טעג די קירצערע זמנים און 25 די לענגערע. האָבן מיר: 23 — 19 = 4 און 25 — 10 = 15. ביי

דער פרוי זענען אַזוי אַרום אומפּרוכטבאַר די ערשטע טעג פון זמן, פּונקט אומגעפער די טעג, וואָס עס דויערט איר מענסטרואַציע.

דער צווייטער אומפּרוכטבאַרער פּעריאָד הייבט זיך אָן דעם 15טן טאָג פון זמן.

אין אַזעלכע פאַלן פון קליינע וואַריאַציעס פון די ציקלען איז ראַטזאַם צו רעכענען אַנשטאָט 10 — 25, 10 — 27, ד״ה מען קאָן אַביסל אויסציען דעם זמן פון 25 ביז 27.

פּונקט דער היפּוך דער ווערט געראָטן צו טאָן ביי פאַרלענגערטע ציקלען — זיך דערנענטערן צו די 28 טעג. אין דעם פאַל: דער קירצסטער זמן האָט געדויערט 30 טעג און דער לענגסטער 33, קאָן מען רעכענען 29 און 33 און די רעכענונג וועט אויסזען אַזוי: 10 = 19 — 29 און 23 = 10 — 33. דאָ ציט זיך דער פּרוכטבאַרער פּעריאָד גאַנצן 12 טעג.

אין די פאַלן פון זייער נישט רעגלמעסיקע וואַריאַציעס, צום ביישפּיל, ביי אַ פרוי, וואָס ליידט עפּעס פון אַ כראָנישער קראַנקייט, (אַסטמאַ) און זי האָט זמנים פון 32 טעג און זמנים פון 40 טעג אין איין יאָר, דאָ בלייבט נישט קיין אַנדער אויסוועג ווי ציען צו די 28 טעג. און עס קומט אויס: 9 = 19 — 28 און 30 = 10 — 40; פּורכטבאַרער פּעריאָד: פון 10טן ביז דעם 29סטן טאָג.

ביי די פרויען, וואָס גייען אַריין אין דער קריטישער עלטער און די מענסטרואַציעס פאַרלירן זייער רעגלמעסיקייט און קומען פון צייט צו צייט, אָבער קומען דאָך, ווערט געראָטן צו באַטראַכטן פאַר אומפּרוכטבאַר די ערשטע 5 טעג פון זמן און די וואָס קומען נאָך די 35 טעג.

## קאַפּיטל XXX

# מען וואָלט געקענט אויסמיידן דיאַבעטיס

אַלע נייע פאָרשונגען, סיי סטאַטיסטישע, סיי קלינישע, סיי עקספּערימענטאַלע, באַווייזן, אַז דיאַבעטיס איז ענג פאַרבונדן מיט פעטקייט. דאָס מיינט (נישט — עס וואָלט געמיינט), אַז אויסמיידנדיק פעטקייט קען מען אין דער זעלביקער צייט אויסמיידן דיאַבעטיס.

ציפערן זענען זייער אָן ערנסטע און קאָנקרעטע זאַך. אויף ציפערן, סטאַטיסטיקעס און פאַרשידענע חשבונות שטיצן זיך און האָבן זיך געשטיצט פאַרשידענע טעאָריעס און אונטערנעמונגען. ציפערן רעדן קלאָר, זאַכלעך און איבערהויפּט אָביעקטיוו. נישט אומזיסט זאָגט מען: „טרוקענע״ ציפערן. זיי זענען טרוקן, מען קען מיט זיי נישט מאַכן קיין מאַכערייקעס, זיי רעדן קלאָר, צו דער זאַך און אומווידעררופלעך וואָלט איך געזאָגט.

ציפערן דינען אומפּאַרטייאיש — אַזוי צו זאָגן — סיי דעם מסחר, דער אינדוסטריע, דעם באַנקוועזן און דער וויסנשאַפט; ציפערן און חשבונות זענען גורם דעם פּראָגרעס אָדער רעגרעס פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען — וויסנ־שאַפטלעכע אַריינגערעכנט.

די אַמעריקאַנער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, ריזיקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס מוזן באַצאָלן אַ געוויסע סומע געלט — דאָלאַרן — פאַר יעדן קליענט זייערן, וואָס שטאַרבט, האָבן שוין לאַנג אָנגעשטעלט וויסנשאַפטלער — מאַטעמאַטי־קער, מעדיקער, סאָציאָלאָגן — כדי זיי זאָלן שטודירן די פאָרם ווי אַזוי צו מאַכן, אַז זייערע קליענטן זאָלן שטאַרבן וואָס שפּעטער, און בדרך אגב אויך געבן אַ פּאָרש, אפשר איז מעגלעך, זיי זאָלן גאָר אינגאַנצן נישט שטאַרבן... אַט־דאָס זענען די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן דערוויל נישט מודה — ווייל, עס פאַר־שטייט זיך — זיי וועלן פאַרלירן די גאַנצע קליענטור. אָבער ביז וואָס־ווען, ביז דער עולם וועט זיך געבן חשבון, וועלן זיי בלייבן מיט פיינע עטלעכע מיליאַנען דאָלאַרן.

אין דער באַרימטער „מעטראָפּאָליטאַן לייף אינשורענס״ פון ניו־יאָרק, (בעסער געזאָגט, פון ניו־יאָרק און פון דער גאַנצער וועלט, און ווען די גאַנצע וועלט וואָלט געהאַט אַן אומגעגנט, וואָלט עס זיכער געווען: „ניו־יאָרק, די גאַנצע וועלט און אומגעגנט״, אַזוי פאַרלייגן זיך אַמעריקאַנער קאָמפּאַניעס, די וועלט איז זיי ווייניק...) האָט אַ וויסנשאַפטלעכער דעפּאַרטאַמענט גאַנץ גענוי פעסטגעשטעלט: (מען מעג זיך מיט זיי „רעכענען״, ווייל זיי קענען „רעכענען״), אַז 78.5 פּראָ־צענט פון די מענער און 83.3 פּראָצענט פון די פרויען, וואָס האָבן באַקומען דיאַ־בעטיס, האָבן פאַרן באַוויזן זיך פון דער קראַנקייט געליטן אויף פעטקייט. יעדנ־פאַלס האָבן אַלע די מענער און פרויען געהאַט אַ אַ סך העכערע וואָג ווי די, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיי לויט זייער וווקס.

מיט דער אומווידערורופלעכער באַשטעטיקונג ווערט באַוויזן אַן אַבסאָלוטע פאַרבינדונג פון איבעריקער וואָג אָדער פעטקייט מיט דיאַבעטיס. די ציפערן זע־נען זייער קלאָר און עלאָקווענט. אויף אונדזער קאָנקרעטן מעדיציניש לשון וואָלטן מיר געקענט — זיך שטיצנדיק אויף די דאָזיקע ציפערן — פאָרמולירן אַ געזעץ: פעטקייט פירט כמעט תמיד צו דיאַבעטיס (83 פּראָצענט ביי פרויען און 78 פּראָצענט ביי מענער). איך וויל דאָ זיין אויספירלעכער, ווייל די זאַך איז לעבנסוויכטיק.

די סטאַטיסטיק רעדט נישט פון פעטקייט, נאָר פון אַ וואָג העכער ווי די וואָס די טאַבעלע ווייזט אָן פאַר יעדער עלטער — אַט די טאַבעלע, וואָס שטייט ביי די פרויען ווי אַ דאָרן אין אויג. די מענער קוקן אינגאַנצן נישט אויף איר, האָבן זי אין דער אדמה און פרעסן...

אָבער די פרויען! — זיי מוזן אויסמיידן פעטקייט נישט נאָר כדי צו זיין געזונט, נאָר אויך צו זיין שלאַנק, עלעגאַנט, און, אויב מעגלעך, שיין...

מענער דאַרפן דאָך נישט זיין שיין. ביי אונדז אין קאַלאַניע פלעגט מען זאָגן, אַז ווען אַ מאַן איז שענער פון דעם רוח (טייוול בלע"ז), איז ער שוין שיין.

אָבער די דערמאָנטע סטאַטיסטיק ברענגט פאַר אונדז יידן אַ האַלבן סור־פריז (נאָר אַ האַלבן, ווייל מיר האָבן וועגן דעם עפעס געוווסט). עס זאָגט זיך דאָרטן אַזוי: „ביי די עטנישע גרופן (יידן), ביי וועלכע דיאַבעטיס איז באַזונדער אָפט, איז אויך אָפט די פעטקייט. ביי די יידישע פרויען, וואָס האָבן געליטן דיאַבעטיס און וואָס זענען אַריין אין יענער סטאַטיסטיק, איז די וואָג געווען העכער פון נאָרמאַל אין 94.3 פראָצענט פון די פאַלן. דאָס הייסט, אַז פאַקטיש זענען אַלע יידישע פרויען דיאַבעטיקער געווען פעטע.

עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז פעטקייט אונטערן 30־יעריקן על־טער שפּילט נישט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנשטייאונג פון צוקער־קראַנק־הייט.

אַלע פאַקטאָרן און סיבות, וואָס זענען גורם פעטקייט, זענען אויך גורם דיאַבעטיס.

די וויכטיקסטע פון אַלע סיבות איז דאָס איבערעסן זיך.

עס קלינגט אַביסל קאָמיש, ווייל איך האָב שוין אַזויפיל מאָל געשריבן וועגן פעטקייט און עסן מיט אַ מאָס, און איבערעסן זיך און ענלעכע צרות, און דאָ בין איך נאָכאַמאָל געקומען מיט מיין לידל: נישט עסן קיין סך. עס וועט נאָך איינפאַלן מיינעם אַ לייענער צו מאַכן אַ „פלאַט" (דיסקאָ) אויסגעפולט מיט דער פראַזע און זי לאָזן גיין אויפן גראַמאָפאָן ביי מיטיק און וועטשערע יעדן טאָג. מען וואָלט געגעסן ווייניקער און דאָס ביסל, וואָס מען וואָלט יאָ געגעסן, וואָלט נישט באַקומען... מען וואָלט געגעסן מיט דעם געשפּענסט פון דיאַבעטיס פאַר די אויגן...

אָבער עס בלייבט אַ היגיענישער געזעץ: אויסמיידן דאָס איבערעסן איז די באַזע פאַר פּראָפילאַקטיק (פאַרהיטונג) פון דיאַבעטיס.

דאָס דאָזיקע היגיענישע געזעץ דאַרף יעדער מענטש געדענקען, אָבער אי־בערהויפּט דאַרפן עס האָבן אין זינען די פאַמיליעס, ביי וועלכע עס געפינט זיך איינער אָדער מער דיאַבעטיקער.

מען האַלט פאַר נאָך אַ באַווייז, אַז דיאַבעטיס אין פאַרבונדן מיט עסן מער ווי די מאָס, דעם פאַקט — אַ גענוי פעסטגעשטעלטער — אַז אין אַלע שטעט איז אין די רייכע געגנטן די צאָל דיאַבעטיקער אַ דאָפּלטע ווי אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

סעדענטאַריזם, אַ זאַך וועגן וועלכער מיר האָבן שוין געשריבן, דער זיצנדי־

קער לעבנסשטייגער, איז די צווייטע וויכטיקע סיבה פון דיאַבעטיס. די פאַרמי־נערונג פון דער פיזישער אַרבעט, אַ זאַך וואָס איז שוין אַריינגעדרונגען אין די אַרבעטער־מאַסן, ווייל עס אַרבעטן די מאַשינען און דער אַרבעטער גיט נאָר אַכ־טונג. די דאָזיקע פיזישע באַדינגונגען פון אַרבעט דאַרפן באַקעמפט ווערן דורך ספאָרט און פאַרשידענע איבונגען. ספאָרט נישט נאָר פאַר יונגע לייט, נאָר אויך פאַר עלטערע מענטשן.

פונקט ביי די פופציק יאָר, ווען עס פירט זיך, אַז דער מענטש פאַרלאָזט די פיזישע איבונגען, מערקט זיך די גרעסטע צאָל פאַלן פון צוקער־קראַנקייט. דער דאָזיקער פאַקט דאַרף דינען ווי אַן אַליאַרם קעגן די ספאָרטלער, וואָס פאַרלאָזן ביי אָט־די יאָרן די פיזישע איבונגען און ווערן געוויינלעך פעט. אָבער נישט נאָר ספאָרטלער דאַרפן דאָס נעמען אין אַכט.

עס איז אַ סברה, אַז די גייסטיקע איבעראַרבעט (סורמענאַזש) און די שווע־רע איבערלעבענישן, שרעק וכדומה זענען אַ דריטער פאַקטאָר פאַר דיאַבעטיס. מען האָט באַמערקט, אַז אין צייטן פון מלחמה דערשיינען אַ סך דיאַבעטיקער. דאָס איז דער „עמאָציאָנעלער שאָק״ (קלאַפּ).

ביי 25 ביז 50 פראָצענט פון די פאַלן פון דיאַבעטיס געפינט מען, אַז עס איז אַ ירושה־זאַך. איבערהויפּט ביי די יונגע מענטשן און קינדער, וואָס באַקו־מען די קראַנקייט, איז עס כמעט תמיד אַ געירשנטע קראַנקייט. דערפאַר דאַרף מען זוכן די דיאַבעטיס צווישן די מיטגלידער פון די פאַמיליעס, ווו עס געפינט זיך איין קראַנקער. ביי די דאָזיקע פאַמיליעס איז דער קאַמף קעגן פעטקייט אימ־פּעראַטיוו, נאָר דאָס קען אויסמיידן נאָך פאַלן פון דער קראַנקייט אין דער זעל־ביקער פאַמיליע.

קינדער פון דיאַבעטיקער מוזן נישט זיין קיין צוקער־קראַנקע, אָבער זיי קומען אויף דער וועלט מיט אַ נייגונג דערצו. דערפאַר דאַרף מען ביי זיי, מער ווי ביי אַנדערע, קעמפן קעגן פעטקייט. ביי מיטגלידער פון אַזעלכע משפחות דאַרף מען סיסטעמאַטיש זוכן דעם צוקער אין דער השתנה און בלוט. אָבער דאָס אַליין איז נישט גענוג. מען דאַרף פון צייט צו צייט ביי זיי מאַכן אַ געוויסע פאָרשונג צו באַשטעטיקן, ווי אַזוי זיי אַסימילירן דעם צוקער. אין מעדיצין רופט מען די פּראָבע „די פּראָוואָצירטע היפּערגלוסעמיע״: מען גיט דעם מענטשן אויף דעם ניכטערן מאָגן אַ געוויסע דאָזע צוקער, דערנאָך זוכט מען דעם צוקער אין דער השתנה און אין בלוט יעדע פאַר שעה. ביי די, וואָס האָבן אַ נייגונג צו דיאַבע־טיס, געפינט מען צוקער אין דער השתנה אָדער געהעכערט אין בלוט (אין נאָר־מאַלן צושטאַנד דאַרף אין דער השתנה נישט זיין קיין צוקער און אין בלוט דאַרף זיין פון אַ האַלבן ביז אַ גאַנץ גראַם אויף אַ ליטער בלוט).

ביי 25 פּראָצענט פון די מיטגלידער פון די דיאַבעטיקער־משפחות קומט

אַרויס דער רעזולטאַט פון דער פאַרשונג אַ שלעכטער. דאָס הייסט, אַז עס דער־שיינט צייטווייליק צוקער אין דער השתנה און אין בלוט גייט עס אַריבער דעם גראַם. דאָס מיינט, אַז דער אָרגאַניזם באַזיצט נישט קיין גענוגנדע קאַפּאַציטעט זיך צו „איספּראַוועןי" מיט אַ גרעסערער דאָזע צוקער, וואָס קומט אין אים פּלוצ־לינג אַריין.

די זעלביקע פּראָבע גיט אַ שלעכטן רעזולטאַט נאָר ביי 2 פּראָצענט פון די מענטשן, וואָס געהערן נישט צו משפחות מיט דיאַבעטיקער.

25 קעגן 2, דאָס איז אַ שווערע פּראָפּאָרץ. די נייגונג, אָן איינגעבוירענע, איז דאָ גאַנץ בולט. נאָר אַ „קאָרעקטע" מאָגערקייט, אַזוי צו זאָגן, קען ראַטעווען די דאָזיקע מענטשן פון אַ זיכערער דיאַבעטיס.

ביי די דאָזיקע משפחות דאַרף אַזאַ פאַרשונג געמאַכט ווערן פּעריאָדיש, צ״ב יעדע 6 חדשים, ווייל עס איז זייער וויכטיק צו וויסן, צי מען ליידט אָדער נישט אויף צוקער־קראַנקייט. אַז מען האָט דיאַבעטיס און מען ווייסט עס נישט, איז מען אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע געפאַרן.

הגם עס איז זייער שווער צו קאָנטראָלירן די ליבע, איז זייער ווינטשנס־ווערט, אַז אַ דיאַבעטיקער זאָל נישט חתונה האָבן מיט אַ פרוי, וואָס האָט די זעלביקע קראַנקייט. אויב מעגלעך זאָל די דאָזיקע פרוי אויך נישט געהערן צו אַ פאַמיליע, וווּ עס געפינען זיך דיאַבעטיקער.

אַ פרוי מיט אַ צוקער־קראַנקייט מעג חתונה האָבן און האָבן קינדער. הייַנ־טיקע צייטן איז עס אַבסאָלוט נישט געפערלעך.

אַ מאַן אַ דיאַבעטיקער, אָדער אַ פרוי, וואָס האָט חתונה מיט אַ פּערזאָן פון אַ פאַמיליע, אין וועלכער עס געפינען זיך נישט קיין צוקער־קראַנקע, איז נאָך מיט דעם נישט זיכער, אַז עס זאָל ביי אים נישט זיין אַ קינד, וואָס זאָל שפּע־טער ווערן אַ קראַנקער, אָבער דאָך זענען די שאַנסן מינימאַלע.

עס איז כדאַי מיר זאָלן צום סוף רעזומירן: די פּראָפילאַקטיק, וואָס באַ־שטייט אין:

א) קאַמף קעגן פעטקייט און אירע סיבות: איבערעסן זיך און סעדענטאַ־רישן לעבן.

ב) שטרענגע און פּערמאַנענטע אויפפּאַסונג צווישן דער משפחה פון די דיאַבעטיקער.

ג) פאַרשן און זוכן די אַזוי גערופענע פּרע־דיאַבעטיקער מיט דער פּראָבע, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעוויזן.

ד) זוכן סיסטעמאַטיש דעם צוקער אין דער השתנה פון דער גאַנצער באַ־פעלקערונג פון די שטעט, ווי מען טוט עס מיט די אַברעאוגראַפיעס, כדי צו זוכן טובערקולאָזיס. אַזאַ זאַך איז דורכגעפירט געוואָרן ביי אַ 146 טויזנט אַמעריקאַ־

נער סאָלדאַטן, געזונטע מענטשן, אַלע יינגער פון 25 יאָר. מען האָט געפונען צוקער אין דער השתנה ביי 0.8 ביז 0.12 פּראָצענט.

דאָס זענען געווען אומבאַוווסטע דיאַבעטיקער. מיר האָבן שוין געזאָגט פריער: עס איז וויכטיק צו וויסן ווען מען האָט אפילו אַ מילדע צוקער־קראַנקייט.

צום סוף נאָך אַ רעקאָמענדאַציע: יעדער דיאַבעטיקער וואָס האָט אַן עט־וואָס פאַרלענגערטן הוסט, דאַרף אַן אָפּלייג זיך לאָזן מאַכן אַ ברוסט־ראַדיאָ־גראַפיע.

## קאַפּיטל XXXI

# גאַלשטיינער

דאָס בילד איז תמיד דאָס זעלביקע. עס איז מ׳ער־ווייניקער האַלבע נאַכט. אַ שאַרפער קלונג פון טעלעפאָן וועקט אויף דעם דאָקטאָר, זיין פרוי און צומאָל די קינדער. האַלב־פאַרשלאָפן און ווי אויטאָמאַטיש הייבט־אויף דער דאָקטאָר דאָס טעלעפאָן־טרייבל, לייגט עס צו צו זיין אויער און הערט ווי דורך אַ חלום אַ באַקאַנטן נוסח: „איך בעט אייך, דאָקטאָר, קומט באַלד, מיין פרוי האָט אַ שטאַרקע אַטאַקע אויף דער לעבער״. נישט תמיד איז דעם מאַנס דיאַגנאָז דער זעלביקער, ווייל צומאָל איז עס בלויז אַ ווייטיק אונטערן האַרץ, אָדער גאָר ביים האַרץ...

נו, דאַרף מען דערציילן מיט וואָס פאַר אַ חשק און מיט וואָס פאַר אַ האַרץ און געמיט דער דאָקטאָר פאַרלאָזט דאָס וואַרעמע בעט, טוט זיך אָן, פאַרקעמט זיך (אַ דאָקטאָר, אָרעם אָדער רייך, מוז תמיד גיין זייער קאָרעקט אָנגעטאָן) און לויפט צו זיין פּאַציענט באַוואָפנט מיט אַ פּאָר אינזשעקציעס.

כמעט תמיד האַנדלט זיך עס פון אַ פּאַציענטקע און נישט פון קיין פּאַ־ציענט. גאַלשטיינער איז זייער אָפט ביי פרויען און זייער זעלטן ביי מ׳ענער, אָבער דער, וואָס זיצט אויבן, האָט זיך זיינע קונדעסערייען. דערפאַר האָט ער גע־זאָרגט, אַז די וווּנד אין מאָגן (אולסעראַ) זאָל זיין זייער אָפט ביי מענער און זייער זעלטן ביי פרויען.

די פרוי ליגט אין בעט און קרעכצט אויפן קול, ווייל די ווייטיקן פון אַ לעבער־אַטאַקע זענען איינע פון די שטאַרקסטע, וואָס מאַכן זיך ביים מענטשן.

דער דאָקטאָר מאַכט זיין איינשפּריצונג פון מאָרפיום אָדער אַן ענלעכע און גייט אַהיים. ער האָט באַרואיקט זיין קראַנקע און זיין געוויסן און אין צוויי שטיבער, אויב מען איז רואיקע מענטשן, וועט מען שוין שלאָפן די פּאָר שעה, וואָס זענען געבליבן פון דער נאַכט.

אין צוויי שטיבער: ביים דאָקטאָר, אויב ער האָט אַן אייזערנעם נערוון־סיסטעם, און ביי זיין פּאַציענטקע, אויב זי איז אַ רואיקע און וועט נישט אָנ־הייבן ברעכן פון דעם מאָרפיום, וואָס זי האָט באַקומען.

די לעבער־אַטאַקע, וואָס האָט געשטערט דעם שלאָף ביי צוויי משפחות, איז נישט מער ווי אַ קליינער און קורצער עפּיזאָד פון אַ לאַנגער קראַנקייט, וואָס הייסט גאַלשטיינער.

אונטער אונדזער לעבער הענגט אַ זעקעלע, זייער אַ פיין געטאָקטס, אַ לענג־לעכס, וואָס איז תמיד פול מיט גאַל, אַ גרינע פליסיקייט, וואָס די לעבערצעלן שאַפן נאָכאַנאַנד, און זי פליסט אין גאַל־פוזיר. פונדאַנעט גייט זי דורך אַ באַ־זונדער רער אין דער קישקע. די גאַל שפּילט אין דער קישקע אַ קאָמפּליצירטע ראָל, נאָר באַזונדערס איז זי גורם, אַז דער שטולגאַנג זאָל זיין אַ רעגולערער און טעגלעכער.

די ווייטיק־אַטאַקע נעמט זיך פון דעם ספּאַזם, וואָס עס קומט פאָר ביי דעם פוזיר, פול מיט שטיינער. די שטיינער גייען אַרויס פון דעם פוזיר (אויב זיי זענען נישט זייער גרויס) און פאַרשטאָפּן די רער, וואָס גייט צו דער קישקע. אין אַזאַ פאַל, ווען די גאַל קען נישט פליסן מיט אירע נאַטירלעכע וועגן, צעגייט זי זיך אין בלוט. דער גאַנצער אָרגאַניזם, אויך די הויט, ווערט אָנגעזאַפּט, און דער קראַנקער ווערט געל.

צוויי גרויסע פּראָבלעמען זענען פאַראַן ביי דער דאָזיקער קראַנקייט.

ראשית: די קראַנקייט איז אויסערגעוויינלעך אָפט ביי די פרויען, באַזונ־דערס ביי די פאַרהייראַטע, און אויך ביי מיידלעך.

שנית: דער איינציקער וועג זיך צו באַפרייען פון די שטיינער, איז דער כירורגישער.

איז אָבער די צרה, וואָס געוויינלעך ווילן זיך די פרויען נישט אָפּערירן.

ליידט מען צומאָל דאָס גאַנצע לעבן. און מען ליידט נישט נאָר פון די אַטאַ־קעס. די לעצטע זענען נאָר עפּיזאָדן, וואָס קאָנען זיך צומאָל באַווייזן, זייער זעלטן, אַ לענגערע צייט איינע פון דער אַנדערער — פון אַ וואָך ביז 5 און מער יאָרן. אָבער אַ מענטש, וואָס האָט זיין גאַל מיט שטיינער, איז אַ פּערמאַנענטער קראַנ־קער, אַפילו אָן די אַטאַקעס.

עס איז פאַראַן אַ פּרעכטיקע האַרמאָניע אין די פונקציעס פון די פאַרשי־דענע אברים פון בויך. ווען עפּעס קומט פאָר מיט דער לעבער — און ווען דאָס גאַל־זעקעלע איז פול מיט שטיינער, ליידט די לעבער, פונקציאָנירט נישט גוט דער מאָגן און די קישקעס, און די מילץ. מיר וועלן זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער ווירקונג פון דער קראַנקער לעבער אויף דעם געמיט: מרה־שחורה, כעס, פּע־סימיזם... הכלל, אַ ביטערער כאַראַקטער (ביטער ווי די גאַל!).

דער, וואָס טראָגט גאַלשטיינער, איז אַן אָרגאַנישער קראַנקער און, אין אַ געוויסן זין, אויך אַ גייסטיקער, אַ פּסיכישער קראַנקער. דערפאַר קומט פאָר. אַז נישט ער קאָן שלאָפן, נישט ער קאָן עסן. זיין געמיט לאָזט אים נישט שלאָפן און זיין מאָגן, וואָס איז סאָלידאַריש מיט דער לעבער, לאָזט אים נישט עסן. און ווען ער עסט שוין יאָ, פאַרדייעט ער שווער און פיינלעך.

און דער עולם וויל זיך נישט אָפּערירן. די סיבות זענען גאַנץ פאַרשטענד־לעך, אָבער נישט לאָגיש.

איך הער גאַנץ אָפט פון מיינע אַלטע פּאַציענטקעס אַ פראַזע, זייער אַ קורצע, אָבער וואָס איז מער עלאָקווענט ווי אַ גאַנצער טראַקטאַט וועגן גאַלשטיינער:

—אַך, דאָקטאָר, ווען איך וואָלט אייך געווען געפאָלגט צוריק מיט 20 יאָר און וואָלט זיך דעמאָלט געווען אָפּערירט!

די דאָזיקע פּאַציענטקעס האָבן נישט געפאָלגט זייער דאָקטאָר, האָבן זיך נישט אָפּערירט, ווען זיי זענען געווען יונג, האָבן געליטן אַ לעבן לאַנג, די שענסטע יאָרן פון זייער לעבן, — נישט געהאַט איין היי־שעה, געמוזט תמיד צוקוקן, ווי אַנדערע און די בני־בית עסן די געשמאַקע „זשאַרקאָיען״ (ראָסעלעך), וואָס זיי האָבן אַליין געקאָכט, און היינט, אויף דער עלטער, איז מען געבליבן מיט די שטיינער וואָס דערגייען די יאָרן און לאָזן ווייטער נישט הנאה האָבן פון דעם לעבן.

# אינהאַלט

